דר. ב. דובאווסקי

# דאקטאר בוך

ערשטער טייל:

## קראנקהייטען און ווי זיך פון זיי אויסצוהיטען

די אורזאכען, סמנים און רעזולטאטען פון די מעהרסטע קראנקהייטען
צו וועלכע א מענש איז אונטערוואָרפען. ווי אזוי ער קען
זיך אויסהיטען פון זיי און וואָס צו טאָהן ווען ער
האָט זיך ניט אויסגעהיט.



ניו-יאָרק
היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני
52-50 עלדרידזש סטריט
1921

# אינהאַלט־פערצייכניס

## פון ערשטען באַנד.

# קינדער קראַנקהייטען.

# קראַנקהייטען פון וועלכע ערוואַקסענע מענשען ליידען.

# פאָרוואָרט.

פון אַלע לעבעדיגע ברואים, וואָס בעוואוינען אונזער ערד, איז דער מענש דער איינציגער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט צו ענדערען די אומשטענדען, אונטער וועלכע ער געפינט זיך. דער מענש איז כמעט פאָלשטענדיגער בעל הבית איבער זיך. ער האָט ערָאָבערט די גאַנצע וועלט און אַלע חיות, וואָס געפינען זיך אין איהר און זיך געמאַכט צום הערשער פון א גרויסע טהייל פון דיזער וועלט.

אָבער פאַר דיזע ערָאָבערונג האָט ער בעצאָהלט מיט א טייערען פּרייז. זוכענדיג קענטניסע, וויסענשאַפט, זיך גריבלענדיג און פאָרשענדיג די סודות פון דער נאַטור האָט דער מענש פערנאַכלעסיגט זיינע אינסטינקטען, און מיט דער צייט האָט ער זיי בּיסלעכווייז פערלאָרען.

יעדע חיה, יעדע שטומע בעשעפעניש ווייס אינסטינקטיוו ווער עס זיינען איהרע שונאים, ווי זיך פון זיי אויסצוהיטען און ווי זיי צו בעקעמפען. זי ווייס אויך ווי צו קריגען איהר שפּייז, וועלכע שפּייז עס איז פאַר איהר נוצליך און וועלכע שעדליך.

די עלטער, עלטער זיידעס פון דיזע חיות האָבען דאָס אויסגעפונען אין דער קאָסטבּאַרער שוהלע פון לעבען און האָבען פאַר דיזע ערפאַהרונג טייער בעצאָהלט. יעצט קריגען עס די חיות בירושה, אינסטינקטיוו. פון געבורט אָן בעזיצען זיי דיזע ערפאַהרונג אָבוואָל זיי קענען זיך אַליין קיין רעכנונג ניט אָפּגעבען וועגען דעם „וואָרום” און „ווי אזוי” פון יעדע זאַך וואָס זיי טוען.

גאַנץ אַנדערש האָט געהאַנדעלט דער מענש. אויב א געוויסע חיה האָט איהם פערורזאַכט שאַדען, האָט ער זיך ניט אויסגעלערנט זי אויסצומיידען נאָר זי צו בעקעמפען. אויב א געוויסע שפּייז האָט איהם פערור-

זאכט בויך־קרעמפפען, האָט ער דערפון ניט געדרונגען דאָס מען דאַרף זי ניט עסען, נאָר ער האָט זיך אויסגעלערנט אזוי צו צוגרייטען די שפייז, זי זאָל מעהר קיין קרעמפפען ניט פעראורזאכען. צו בעשיצען זיך געגען קעלט האָט ער אויסגעבויט הייזער, צו קעמפפען געגען שונאים האָט ער געשאַפפען וואַפפען און האָט ניט געדאַרפט ענטוויקלען זיינע צייהן און נעגעל. זיין ערפאהרונג האָט ער אויסגעקריצט אויף שטיינער און נאכהער פערשריבען אין ביכער. ער האָט זיך דארום ניט גענויטיגט אין איבערגעבען דיזע ערפאהרונג בירושה צו זיינע קינדער. אָנשטאָט צו וויסען אינסטינקטיוו די ערפאהרונג פון די פערגאַנגענע דורות האָט דער מענש געפונען פאַר לייכטער צו שטודירען די געשיכטע, וואָס יענע דורות האָבען פערשריבען.

און אזוי האָט דער מענש ביסלעכוויז אָנגעוואָרען אַלע אינסטינקטען, וואָס בעשיצען אַלע אנדערע נידעריגערע חיות. דער היינטיגער מענש ווערט געבוירען נאַקעט, ניט נאָר אָהן קליידער נאָר אויך אָהן שום ערפאהרונג פון דעם, וואָס די מענשען, וואָס האָבען געלעבט פאַר איהם, האָבען דורכגעמאכט.

די איינציגע פעהיגקייט, וואָס מיר בעזיצען ווען מיר ווערען געבוירען, איז צו זויגען דער מוטער'ס ברוסט. אָבער אויך אין דיזען פאַל זיינען מיר וויט הינטערשטעליג אפילו פון דעם ערשט־געבוירענעם קעצעלע. דאָס קעצעלע איז בלינד און דאָך געפינט עס דער מוטער'ס ברוסט און ווייס ווי אזוי צו קריגען די מילך. דער מענש ווערט געבוירען זעהענדיג, און דאָך וואָלט ער פון הונגער געשטאָרבען ליגענדיג נעבען דער מוטער'ס ברוסט, אויב מען וואָלט איהם ניט אריינגעלעגט די פּיפּקע אין מויל אריין.

אַלעס, אַלעם וואָס דער מענש ווייס מוז ער לערנען, אינסטינקטיוו ווייס ער קיין זאַך ניט. עס איז דארום קיין וואונדער ניט, וואָס דער מענש ווייס ניט ווי אַכטונג צו געבען אויף זיין געזונד סיידען ער לערנט זיך דאָס אויס אין זיינע שפּעטערע יאהרען.

שטעלט זיך פאָר, דאָס מען זאָל ערלויבען יעדען איינעם, אָהן שום פריהערדיגע פאָרבערייטונג, צו טרייבען אָטאָמאָבילס, קארס, אייזענבאהנען, און פערד און וועגענער. קענט איהר זיך פאָרשטעלען וויפיעל צוזאַמענשטויסע, וויפיעל אונגליקען עס וואָלטען פּאַסירט? און איז דען אַ וואונדער, וואָס אזוי פיל קראַנקהייטען עקזיסטירען און אזוי פיל מענשען געהען יונג פון דער וועלט אוועק, ווען מענשען, וואָס האָבען ניט דעם מינדעסטען בעגריף וועגען זייער קערפּער מאַשינערי און ווי אויף איהר אכטונג צו געבען, זיינען פאָלשטענדיגע בעלי בתים איבער דיזע מאַשינען?

יעדע זאַך, וואָס דער מענש ווייס, מוז ער פריהער לערנען. דאָס זעל־בע גילט אויך וועגען די אויפפּאַסונג אויף זיין אייגענעם קערפּער און האַל־טען זיין קערפּער־מאַשינערי אין אָרדנונג.

אונזער קערפּער־מאַשינערי איז אַ זעהר איידעלע, העכסט דעליקאַטע, אָבער פון דער נאַטור גוט איינרעגולירטע, וואָס קען טאָן איהר אַרבייט ווי געהעריג איז, ווען זי זאָל נאָר ניט געשטערט ווערען. די אומשטענדען, אונ־טער וועלכע מיר לעבען, זיינען אָבער ניט קיין נאַטירליכע. אַלעס, אַלעס, וואָס האָט אַ שייכות מיט אונזער לעבען, האָבען מיר קינסטליך בעשאַפען. מיר וואוינען אין הייזער, אין וועלכע די לופט האָט ניט קיין פרייען צוטריט, מיר דעקען צו דעם קערפּער מיט קליידער, וואָס דינען אויך אַלס אינקוויזי־ציאָנס־אינסטרומענטען (קאָרסעטען, ענגע שיך, א. ז. וו.). די שפּייז, וואָס מיר עסען, פּראַווען מיר צו און ענדערען איהר נאַטירליכע פאָרמע, מיר עסען ניט ווען מיר זיינען הונגעריג נאָר אין בעשטימטע שטונדען פון טאָג אָדער ווען מיר האָבען אַפּעטיט, אַלעס, אַלעס, וואָס האָט אַ שייכות מיט אונ־זער קערפּער, האָבען מיר געענדערט אויף אַ קינסטליכען אופן.

אונזער קערפּער קען זיך צוגעוועהנען צו די אַלע זאַכען, אויב מיר זאָ־לען נאָר וויסען ווי ווייט מיר מעגען געהן אין יעדען פאַל בעזונדער, אויב מיר זאָלען נאָר קענען איבערקוקען פון צייט צו צייט די מאַשינערי פון אונ־זער קערפּער, און אויסגעפינען צו אַלעס איז אין אָרדנונג, אויב עטוואָס איז ניט קאַליע געוואָרען.

ליידער פערשטעהען עס נאָך ניט די מעהרסטע מענשען.

פערשיידענע סאָרטען מאַשינען ווערען יעצט געברויכט כמעט אין אַלע אינדוסטריען. אין יעדען פאַל לאָזט מען ניט צו אַ מענשען צו אַרבייטען אויף אַ מאַשין ביז מען האָט איהם פריהער געוויזען ווי אומצוגעהן מיט דער מאַ־שין און ווי אויף איהר אַכטונג צו געבען. די איינציגע אויסנאַהמע איז די טייערסטע און איידעלסטע מאַשין אויף דער וועלט — דער מענשליכער קערפּער.

שטעלט זיך פאָר דאָס איהר וואָלט געהאַט ביי זיך אין הויז אַ רעכע־נונגס־מאַשין, פאַר וועלכע איהר האָט בעצאָהלט, לאָ'מיר זאָגען, צוויי אָדער דריי טויזענד דאָלאַר, וואָלט איהר צוגעלאָזען יעדען איינעם, וואָס וואָלט נאָר וועלען, צו אַרבייטען אויף דיזער מאַשין? וואָלט איהר צוגעלאָזען, צום ביי־שפּיל, אייער יונגע טאָכטער צו אַרבייטען אויף דיזער מאַשין, ווען זי האָט ניט דעם מינדעסטען בעגריף ווי אַזוי די מאַשין אַרבייט? געוויס ניט.

און דאָך ערלויבט איהר אייער טאָכטער צו הייראַטען און ברייננען קינדער אויף דער וועלט ווען זי האָט ניט דעם מינדעסטען בעגריף וועגען דעם ווי אויפצופּאַסען אויף זיך זעלבסט אָדער אויף קינדער, און איהר וואָלט זיכער געקוקט ווי משוגע אויף א מענשען, וואָס וואָלט אייך געראַטען צו לאָזען אייער טאָכטער אָדער זוהן פריהער וויסען עטוואָס פון דער גרויסער פעראַנט-וואָרטליכקייט, וואָס זיי נעהמען אויף זיך.

יעדער ביזנעסמאַן, ווען ער שטעלט איין זיין געלט אין א געוויסער אונ-טערנעהמונג, זוכט ער זיך פריהער צו בעקענען מיט דער אונטערנעהמונג, אויסגעפינען אַלע איינצעלהייטען פון דעם געשעפט, אין וועלכען ער שטעלט איין זיין פערמעגען און ערשט ווען ער איז גענוי בעקאַנט מיט דיזען גע-שעפט, נעהמט ער זיך אונטער צו זיין אליין דער גאַנצער בעל הבית איבער זיין געשעפט.

אין דער „ביזנעס" פון אונזער קערפּער האָבען מיר איינגעשטעלט אונ-זער גאַנצעס פערמעגען, אונזער האָב און גוטס, אונזער לעבען. איז דען דאָס ניט די וויכטיגסטע אונטערנעהמונג אונזערע? און דאַרפען מיר זיך דען ניט בעקענען מיט דיזער אונטערנעהמונג אַם ווענינסטען אַזוי פיעל, וויפיעל מיר בעקענען זיך מיט דעם געשעפט, פון וועלכען מיר פערדינען איי-ניגע דאָלאַר?

עס, נאַרישקייטען, וועט איהר זאָגען. אַזוי פיעל מענשען פאַנגען ניט אָן צו וויסען וועגען געזונדהייטס-פראַגען און לעבען דאָך אוים זייערע יאָה-רען, מסתמא איז עס ניט אַזוי וויכטיג צו וויסען. אין א געשעפט, ווען מען איז ניט בעקאַנט מיט דער סחורה, באַנקראָטירט דאָס געשעפט, אָבער ווען מען ,ווייסט ניט אפילו דעם אלף-בית פון מענשליכען קערפּער בלייבט מען דאָך לעבען.

אמת, אָבער די רעקאָרדס פון די טויטען-פעלע אין אונזער לאַנד ציי-גען, דאָס העכער ניינציג פון יעדע הונדערט מענשען שטאַרבען ניט פון אַלטקייט נור פון קראַנקהייט, זיבען פון יעדע הונדערט מענשען שטאַרבען פון עקסידענטס און בלויז צוויי פון יעדע הונדערט מענשען שטאַרבען מיט א נאַטירליכען טויט — פון אַלטקייט.

אויך אין די „ביזנעס" פון קערפּער באַנקראָטירען די געשעפטען, וואָס ווערען געפיהרט אָהן א טאָלק און אָהן א רעכענונג. און אין דיזען פאַל קען מען מיט די קרעדיטאָרען ניט צורעכט קומען. מען קען ניט איבער-שרייבען דאָס געשעפט אויפ'ן ווייבס נאָמען. מען מוז בעצאָהלען, און טייער

בעצאָהלען פאַר יעדען פעהלער, וואָס מען איז בעגאַנגען. די טענה „איך האָב ניט געוואוסט, אַז עס איז אַ פעהלער" ווערט דאָ ניט אָנגענומען.

דענקט איהר ניט, דאָס עס לוינט זיך כאָטש עטוואָס געוואויר צו ווערען וועגען דער „ביזנעס" פון אונזער קערפּער, ווי אַזוי די קערפּער־מאַשינערי, ארבייט, ווי אַזוי אויך איהר אכטונג צו געבען און ווי אַזוי צו פערהיטען, אַז דיזע מאַשינערי זאָל ניט צוזאַמענברעכען? דענקט איהר ניט, דאָס עס לוינט זיך אָוועקצוגעבען פאַר די אויפהאַלטונג פון אונזער געזונד כאָטש אַ טייל פון די אויפמערקזאַמקייט, וואָס מיר גיבען אוועק אויף צו זוכען לעבענס־מיטעל?

פאַר די אַלע, וואָס דענקען אַז עס לוינט זיך יע, נאָר זיי האָבען ניט די צייט צו לערנען און קענען זיך ניט בענוצען מיט קיין אַנדער שפּראַך אויסער אידיש, ווערען דיזע ביכער געשריבען.

דער צוועק פון דיזע ביכער איז ניט צו מאַכען די לעזער פאַר דאָקטוירים, אויך ניט זיי צו לערנען ווי אַזוי זיך אַליין צו קורירען און אויסצוקומען אָהן דאָקטוירים. אונזער אויפגאַבע איז בלויז עטוואָס צו בעקענען דעם לעזער מיט דער וואונדערבאַרער מאַשינערי פון אונזער קערפּער. איהם צייגען ווי אַזוי דיזע מאַשינערי ארבייט און וואָס עס פּאַסירט ווען מיר ווערען קראַנק, און מיר האָפען, אַז דאָס וועט ערוועקען ביים לעזער אַ געפיהל פון רעספּעקט פאַר זיין אייגענעם קערפּער, אַ חשק בעסער אכטונג צו געבען אויף זיין געזונד און אַ בעשלוס ניט צו פערנאַכלעסיגען די לייכטסטע קראַנקהייט, נאָר גלייך זיך בעראַטען מיט אַ דאָקטאָר און פעררוכטען דעם לייכטסטען שאָדען, וואָס דער קערפּער ליידעט.



# וואס הייסט קראנק זיין.

דער מענש, וואָס איז אזוי קראַנק, דאָס ער איז געצוואונגען אויפצו-געבען זיין געוועהנליכע בעשעפטיגונג און ליגען צו בעט, נויטיגט זיך ניט אין קיין ערקלערונג, וואָס אזוינס קראנקהייט איז. ער פיהלט דאָס, ער ווייס דאָס ער איז קראַנק.

פאַראַן אָבער מענשען, וואָס זיינען ערנסט קראַנק, אָבוואָל אויסערליך שיינען זיי צו זיין גאַנץ געזונד. ניט נאָר זייטיגע מענשען, נאָר אויך זיי אליין גלויבען ניט, דאָס זיי זיינען קראַנק און אָנשטאָט זיך צו לאָזען בע-האנדלען פון א דאָקטאָר און טאָן וואָס ער ראט זיי, זעצען דיזע מענשען פאָרט זייער געוועהנליכע טעטיגקייט, ביז זייער געזונד ברעכט צוזאמען און זייער קערפער האָט שוין געליטען אזוי פיל שאַדען, דאָס עס איז אונ-מעגליך אין גאַנצען צו פערריכטען.

עס איז דארום זעהר וויכטיג פיר יעדען מענשען צו וויסען ווען ער דאַרף זיך בעטראַכטען אלס חולה אום ער זאָל בעצייטענס קענען פערריכטען יעדען פעהלער אין דער מאַשינערי פון קערפער און פערכאַפּען יעדע קראַנק-הייט, איידער זי ענטוויקעלט זיך צו ווייט. אָבער אום דאָס צו וויסען דאַר-פען מיר פריהער פערשטעהן וואָס מיר מיינען מיט'ן וואָרט קראַנקהייט.

אין א געזונטען צושטאַנד ארבייט יעדע טייל פון קערפער אין האר-מאָני מיט אלע אנדערע קערפער-טיילען. די פערשיידענע טיילען פון אונזער קערפער-מאַשין ארבייטען אזוי גלאַט און געמיינשאַפטליך, דאָס מיר פיהלען גאָרניט די ארבייט, מיר פיהלען ניט, דאָס מיר האָבען פערשיידענע אברים. דער גאַנצער קערפער ארבייט ווי איין גאַנצע גוט-רעגולירטע מאַשין. קוים אָבער ווערט איין שרייפעלע פון דיזער מאַשין קאַליע, פערשווינדעט די האַרמאָני און מיר דערפיהלען, דאָס עטוואָס איז ניט אין אָרדענונג.

צייטענווייז איז דיזע אונאָרדענונג אזוי דייטליך, אויבען אויף, דאָס יעדער איינער קען עס בעמערקען, מאַנכעס מאָל איז די אונאָרדנונג אין אָנ-

פאַנג אַזוי לייכט, אָדער אַזוי פערשטעלט, דאָס נאָר אַ דאָקטאָר קען עס אויס-געפינען.

נעהמט אַלס ביישפּיל אַן אָרקעסטער, אין וועלכען פופציג אָדער זעכ־ציג מוזיקאַנטען שפּילען. אַזוי לאַנג ווי זיי שפּילען האַרמאָניש, הערט זיך זייער שפּילען ווי פון איין אינסטרומענט. איהר פערגעסט גאָר דערביי, דאָס עס שפּילען אַזוי פיעל בעזונדערע מענשען. אָבער זאָל נאָר איין מוזי-קער אַרונטער פון טאָן און די האַרמאָני וועט גלייך פערשווינדען. איהר וועט גלייך דערקענען, דאָס עטוואָס איז אויסער אָרדענונג, עטוואָס איז ניט ווי עס דאַרף זיין. אַמאָל איז די דיסהאַרמאָני אַזוי גרילצענד, דאָס יעדער צוהערער קען זי גלייך בעמערקען, מאַנכעס מאָל איז זי אָבער אַזוי לייכט, דאָס נאָר דער געניטער מוזיקער דערקענט זי.

די דיסהאַרמאָני אין דער אַרבייט פון די פערשיידענע טיילען פון אונ־זער קערפּער רופען מיר קראַנקהייט. מאַנכעס מאָל איז די דיסהאַרמאָני אַזוי אויגענשיינליך, דאָס יעדער, בעזונדערס דער קראַנקער זעלבסט, קען זי לייכט בעמערקען. אָפטמאָל, ספּעציעל ווען אינערליכע קראַנקהייטען פאַנ-גען זיך נאָר וואָס אָן צו ענטוויקלען, איז די דיסהאַרמאָני אַזוי לייכט, דאָס נאָר דער דאָקטאָר קען עס אויסגעפינען.

אין אַזאַ פאַל איז עס געוועהנליך מעגליך צו פערריכטען דעם לייכטען פעהלער און פערהיטען דאָס קראַנקהייט זאָל זיך ניט מעהר ענטוויקלען, אויב מען פערכאַפּט דאָס בעצייטענס.

ליידער גלויבען זיך ניט די מעהרסטע מענשען, דאָס זיי זיינען קראַנק ביז זיי דערפיהלען די קראַנקהייט, און ביז דאָס פּאַסירט האָט די קראַנק-הייט שוין צייט געהאַט זיך צו ענטוויקלען און פעראורזאַכען פיעל שאַדען.

## אַנשטעקענדע און ניט אַנשטעקענדע קראַנקהייטען.

די צאָהל קראַנקהייטען, פון וועלכע דער מענש קען ליידען, זיינען גאָר ניט איבערצוציהלען. ווי די זאַמד אין ים אַזוי פיל זיינען זיי. אָבער אַזוי ווי פיעלע קראַנקהייטען זיינען עהנליך איינע צו די אַנדערע ווערען זיי גרופּירט אין בעשטימטע קלאַסען, לויט דער אַרט און וואייזע ווי זיי פאַנ-גען זיך אָן, לויט דעם טייל קערפּער וואָס זיי אַטאַקירען, לויט די סימנים, וואָס דיזע קראַנקהייטען צייגען און ז. וו.

פאַר אונזער צוועק וועט אָבער זיין גענוג צו צוטיילען אַלע קראַנקהייטען אין צוויי הויפּט־קלאַסען.

אין ערשטען קלאַס קענען מיר פעררעכענען אַלע קראַנקהייטען, וואָס ווערען פעראורזאַכט דערפון, וואָס אונזער קערפּער־מעכאַניזם ווערט קאַליע אָדער בעשעדיגט. אין צווייטען קלאַס בעלאַנגען די קראַנקהייטען, וואָס ווערען פעראורזאַכט פון מיקראָבען, אַזעלכע פּיצענקע בעשעפּעניסען, וואָס כאַפּען זיך אַריין אין אונזער קערפּער, פרעסען אונז לעבעדיגערהייד און פער'סם'ען אונז מיט די גיפטען, וואָס זיי פּראָדוצירען.

קראַנקהייטען פון ערשטען קלאַס גרייפען אָן בלויז איינצעלנע פּערזאָנען. עס ליידעט פון זיי בלויז דער, וואָס ווערט אָנגעגריפען פון דער קראַנקהייט און די, וואָס קומען אין נאָהענטער בעריהרונג מיט די קראַנקע, זיינען אין קיין געפאַהר זיך אָנצושטעקען מיט דער זעלבער קראַנקהייט.

גאַנץ אַנדערש איז דער פאַל מיט די קראַנקהייטען, וואָס בעלאַנגען צום צווייטען קלאַס. דיזע בעצייכענען מיר מיט'ן נאָמען אַנשטעקענדע קראַנקהייטען, ווייל געזונטע מענשען קענען זיך אָנשטעקען מיט דיזער קראַנקהייט פון די מענשען, וואָס זיינען שוין קראַנק. די זעלבע מיקראָבען, וואָס פעראורזאַכען די קראַנקהייט אין איין מענשען, קענען אויך פעראורזאַכען די זעלבע קראַנקהייט אין אַנדערע מענשען, ספּעציעל אין די, וואָס קומען אין נאָהענטער בעריהרונג מיט'ן קראַנקען.

אין דיזען בוך וועלען מיר בעטראַכטען פערשיידענע קראַנקהייטען און ווי אַזוי זיך פון זיי אויסצוהיטען. אָבער איידער מיר וועלען אָנפאַנגען בעטראַכטען יעדע קראַנקהייט בעזונדער איז ווערט זיך אָפּצושטעלען אויף אַ ווײַלע אויף דער פראַגע פון אַנשטעקענדע קראַנקהייטען, אין אַלגעמיין זעהן, ווי אַזוי מיקראָבען פעראורזאַכען קראַנקהייטען, און ווי אַזוי אונזער קערפּער בעקעמפּט דיזע קראַנקהייטען.

## ווי אַזוי מיקראָבען פעראורזאַכען קראַנקהייטען.

יעדעס לעבעדיגעס בעשעפעניש, וואָס עקזיסטירט אויף אונזער ערד, מוז, אום צו קענען עקזיסטירען, פערברויכען געוויסע שפּייז, און מעהרסטענטיילס מוז איין לעבעדיגעס בעשעפעניש פרעסען אַ צווייטעס, אויך לעבעדיגעס בעשעפענים (פלאַנצען לעבען אויך) אום צו קענען אויפהאַלטען דאָס אייגענע לעבען.

מיקראָבען זיינען אויך לעבעדיגע בעשעפעניסע, און אויך זיי זוכען אויפצוהאַלטען זייער לעבען. אום צו קענען לעבען מוזען זיי האָבען שפּייז, און אויב די שפּייז, אין וועלכע זיי נויטיגען זיך, געפינט זיך אין אונזער קערפּער, פרעסען זיי אונז, פּונקט ווי מיר שטעלען זיך ניט אָפּ צו עסען אַנדערע חיות, ווען מיר נויטיגען זיך אין געוויסע שפּייז־מאַטעריאַלען, וואָס געפינען זיך אין די קערפּערס פון יענע חיות.

ניט אַלע מיקראָבען לעבען אין די קערפּערס פון לעבעדיגע חיות. צווישען די מיליאָנען פערשיידענאַרטיגע מיקראָבען געפינען זיך בלויז געצעהלטע קלאַסען, וואָס קענען אַנדערש ניט לעבען סיידען זיי פרעסען דעם קערפּער פון אַ געוויסע לעבעדיגע בעשעפענים. דיזע סאָרט מיקראָבען רופען מיר פּאַראַזיטען. (דערפון נעהמט זיך דער נאָמען פּאַראַזיט. מיט וועלכען מיר בעצייכענען אַ מענשען, וואָס לעבט פון יענעמ׳ס פּראַצע).

עס איז וויכטיג דאָ גלייך אין אָנפאַנג צו פערשטעהן, דאָס דיזע פּאַראַזיטען זוכען ניט צו טויטען די בעשעפענים, אין וועמען׳ס קערפּער זיי לעבען. אַלעס וואָס זיי טוען איז פרעסען און פאַרמעהרען זיך אום אויפצוהאַלטען זייער אייגענע עקזיסטענץ און זייער מין. פּונקט ווי די מענשען, וואָס עסען דאָס פלייש פון אַנדערע חיות טוען עס ניט מיט דעם צוועק צו פערניכטען יענע חיות, נאָר בלויז אויפצוהאַלטען זייער אייגען לעבען.

דיזע פּאַראַזיטען זיינען זעהר קליין. אַזוי קליין, דאָס ווען מען קוקט אויף זיי דורך אַ מיקראָסקאָפּ, וואָס פערגרעסערט זיי העכער טויזענד מאָל, זעהען זיי ערשט דאַן אויס ווי דער שפּיץ פון אַ נאָדעל. אָט דערפאַר האָט מען אַ לאַנגע צייט ניט געוואוסט פון זייער עקזיסטענץ, דערפאַר איז נאָך ביז היינטיגען טאָג אַזוי שווער זיך אויסצוהיטען פון זיי, און דערפאַר איז כמעט אונמעגליך צו זאָגען גענוי ווען און ווי אַזוי איינער האָט זיך אָנגעשטעקט מיט דער קראַנקהייט.

ווען איינער ליידעט פון אַן אַנשטעקענדע קראַנקהייט, לאָ׳מיר זאָגען, דיפטעריע אָדער טובערקולאָזיס, ענטהאַלטען געוויסע טיילען פון זיין קערפּער מיליאָנען פו דיזע פּאַראַזיטען. זיי געפינען זיך, צום ביישפּיל, אין די שפּייעכץ פון קראַנקען, און ווען יענער רעדט און שפּריצט פון מויל קליינינקע טראָפּעלאַך שפּייעכץ, אָדער ער הוסט. אָדער ניסט און פארשטעלט זיך ניט דאָס מויל, שיקט ער אַרויס אַרום זיך צוזאַמען מיט די פייכטקייט פון זיין מויל און נאָז אויך מיליאָנען פון דיזע פּאַראַזיטען, וואָס פעראורזאַכען זיין קראַנקהייט. די מענשען, וואָס געפינען זיך נאָהענט צום קראַנקען, אָדער

געהען אַרום איהם זיינען דאָן אין געפאַהר אַריינצואַטעמען די פּאַראַזיטען, אָדער אויפנעהמען די מיקראָבען אויף די הענט, אויף'ן געזיכט, אויף די קליי-דער, און פון דאָרטען געפינען זיך שוין די מיקראָבען אַ וועג אין'ם קערפּער. דער קראַנקער איז די קוועלע, פון וואַנען די מיקראָבען, וואָס פעראורזאַכען די קראַנקהייט, פערשפּרייטען זיך.

דאָס זיין אין דער אַנוועזענהייט פון די פּאַראַזיטישע מיקראָבען דורך קומען אין בעריהרונג מיט'ן קראַנקען זעלבסט אָדער מיט עטוואָס וואָס ער האָט אָנגעשטעקט, איז דאַרום די ערשטע שטופע פון אָנשטעקען זיך מיט דער קראַנקהייט. דיזע שטופע רופט מען „זיך אויסזעצען צו דער געפאַהר" פון דער קראַנקהייט.

אָבער ניט אַלע, וואָס געהען אַרום אַנשטעקענדע קראַנקע, שטעקען זיך אָן מיט דער קראַנקהייט. אויב עס וואָלט געווען אַזוי וואָלטען דאָך אַלע דאָקטוירים און נוירסעס קראַנק געוואָרען. אום די פּאַראַזיטען זאָלען קענען אָנפאַנגען זייער צושטערונגס-אַרבייט אין אונזער קערפּער מוזען זיי פריה-ער קריגען אַ פּאַסענדען טהויער, דורך וועלכען אַריינצוגעהן אין אונזער קער-פּער. פאַראַן מיקראָבען, וואָס ווערען שעדליך בלויז דאַן, ווען זיי כאַפּען זיך אַריין אין אונזער קערפּער דורך'ן מויל, מאַגען און קישקעס. די זעלבע מיקראָבען, ווען מען זאָל זיי איינשפּריצען דירעקט אין קערפּער, וועלען זיי שטאַרבען און אונז קיין שום שאַדען ניט פעראורזאַכען. פאַראַן ווידער אַזעלכע מיקראָבען, וואָס מיר קענען דרייסט איינשלינגען און זיי וועלען אונז קיין שום שאַדען ניט פעראורזאַכען און געפעהרליך ווערען זיי ערשט דאַן, ווען זיי כאַפּען זיך אַריין אין אונזער בלוט. פאַראַן ווידער אַנדערע, וואָס מוזען פריהער דורכגעהן דעם קערפּער פון אַן אַנדער חיה איידער זיי ווערען שעדליך פאַר'ן מענשען, ווי צום ביישפּיל די מאַלעריע מיקראָבען, וואָס מו-זען פריהער דורכגעהן דעם קערפּער פון אַ מאָסקיטאָ.

יעדער סאָרט פּאַראַזיט מוז דאַרום אַריינגעהן אין אונזער קערפּער דורך אַ געוויסען וועג און אויב מיר ווייסען נאָר דיזען וועג און פאַרשטעלען איהם זיינען מיר אין קיין געפאַהר, אָבוואָל מיר געפינען זיך אין דער אַנווע-זענהייט פון מיקראָבען. אָט דערפאַר קענען דאָקטוירים געהן אַרום פיעלע מענשען, וואָס ליידען פון אַנשטעקענדע קראַנקהייטען און אַליין בלייבען געזונד, וועהרענד דער געוועהנליכער מענש שטעקט זיך אין פיעלע פעלע אָן מיט דער קראַנקהייט.

ווען די מיקראָבען כאַפּען זיך שוין יע אריין אין מענשליכען קערפּער ווערט דער מענש ניט באַלד קראַנק. עס דויערט געוועהנליך א שטיקעל צייט איידער די ערשטע סמנים פון דער קראַנקהייט בעווייזען זיך. דאָס איז דערפאַר, וואָס די קליינע צאָהל מיקראָבען, וואָס האָבען זיך די ערשטע אריינגעכאַפּט אין'ם קערפּער, זיינען ניט שטאַרק גענוג אָנצוטאָן פיעל שאַדען. זיי דאַרפען זיך פריהער פאַרמעהרען, אָנזאַמלען א גרויסע ארמעע און צוגרייטען גענוג אמוניציע — גיפט — איידער זיי קענען אטאַקירען דעם קערפּער, און די צייט, וואָס דיזע צוגרייטונגס=ארבייט דויערט איז פערשידען אין די פערשיידענע קראַנקהייטען.

אין צייט, ווען די מיקראָבען מאָביליזירען זייערע ארמעען, גרייטען זיך אויך די קערפּער=צעלען צום קאַמף. אויב דער מענש איז געזונט און שטאַרק און יעדע צעלע פון זיין קערפּער איז פיקס און פערטיג אָנצופיהרען דעם קאַמף, ווערען די מיקראָבען דערשטיקט איידער זיי דערלעבען זיך צו פערמעהרען און דיזער מענש ליידעט ניט פון דער קראַנקהייט. מיר זאָגען געוועהנליך, דאָס אזא מענש איז בעשיצט און קען זיך ניט אָנשטעקען.

אין פאַל אָבער די קערפּער=צעלען קענען ניט אָפּהאַלטען די מאָביליזאציע פון שונא, זאַמלען די מיקראָבען אָן גענוג כוחות צו אטאַקירען דעם קערפּער. זיי פרעסען, זויפען, פאַרמעהרען זיך און פּראָדוצירען א גיפט, וואָס פערשפּרייט זיך דורכ'ן קערפּער און פעראורזאַכט אונז פיעל שאַדען. אָבער וועהרענד די מיקראָבען לאָזען זיך וואויל געהן רופט דער קערפּער ארויס זיין רעזערוו=ארמעע, און צוזאַמען מיט די ביסעלע שטיצע, וואָס דער קערפּער קריגט דורך די הילפע פון דאָקטאָר, פיהרט ער אָן די מלחמה געגען די מיקראָבען אזוי לאַנג ביז זיי ווערען פערניכטעט, אָדער דער קערפּער זעלבסט פאַלט אין שלאַכט. אין ערשטען פאַל ווערט דער מענש געזונט, אין צווייטען פאַל שטאַרבט ער.

מיר זעהען אָפט ווי צוויי מענשען זיינען אויסגעזעצט דער זעלבער געפאַהר, איינער שטעקט זיך אָן מיט דער קראַנקהייט דער צווייטער ניט. מיר זעהען אויך אָפט ווי צוויי מענשען ליידען פון דער זעלבער קראַנקהייט און איינער ווערט געזונט ווערענד דער צווייטער שטאַרבט. דער געוועהנליכער תירוץ איז, דאָס וועמען עס איז בעשערט קראַנק צו ווערען ווערט קראַנק און וועמען עס איז בעשערט צו שטאַרבען דער שטאַרבט.

די צרה איז אָבער, דאָס די מיקראָבען וויסען ניט וועמען עס איז בעשערט קראַנק צו ווערען און וועמען ניט. זיי אטאַקירען אַלעמען גלייך און

קראַנק ווערט דער, וועמעס קערפּער עס איז צו שוואַך זיך צו וועהרען געגען דעם גיפט פון די מיקראָבען.

וואָס מעהר איינער קומט אין אינטימער בעריהרונג מיט מענשען, וואָס ליידען פון אַנשטעקענדע קראַנקהייטען, וואָס ווענינער ער ווייס ווי אַזוי זיך צו היטען געגען די מיקראָבען, וואָס שוואַכער זיין קערפּער איז אויסצוהאַלטען דעם קאַמף מיט די מיקראָבען, אַלץ גרעסער איז די געפאַהר פאַר איהם זיך אָנצושטעקען מיט אַ קראַנקהייט און אַלץ ווענינער אויסזיכטען האָט ער אויף געזונט צו ווערען.

עס עקזיסטירען אויף דער וועלט אַזוי פיעל אַנשטעקענדע קראַנקהייטען, מיר קומען יעדען טאָג אין בעריהרונג מיט אַזוי פיעל מיקראָבען, מיר אָטעמען איין אין די גרויסע שטעדט אַזוי פיל פּאַראַזיטען, דאָס יעדער פון אונז האָט געדאַרפט קראַנק זיין. וואָרום מיר זיינען דאָס ניט האָבען מיר צו פערדאַנקען דער שטענדיגער רעזערוו-אַרמעע, מיט וועלכער אונזער קערפּער בענוצט זיך צו בעקעמפען זיינע שונאים.

דער קערפּער זעלבסט פיהרט אָן אַ שטענדיגען, אונערמידליכען קאַמף אויפצוהאַלטען אונזער געזונד און אויסצומיידען קראַנקהייטען, און אונזער גאַנצע מעדיצינישע קונסט בעשטעהט אין העלפען דעם קערפּער אָנצופיהרען דיזען קאַמף, אָפּשוואַכען די מאַכט פון דעם שונא, ווען דאָס איז נאָר מעגליך, און פערשטאַרקען די קרעפטען, מיט וועלכע דער קערפּער בענוצט זיך אין זיין קריג געגען קראַנקהייטען.

די אַרט און וויייזע ווי אַזוי דער קערפּער בעשיצט זיך געגען מיקראָבען און ווי אַזוי ער בעקעמפט זיי, ווען זיי געלינגט זיך אריינצורייסען אין אונזער קערפּער, איז אַ זעהר אינטערעסאַנטע און עס לוינט זיך מיט איהר צו בעקענען.

## ווי אַזוי אונזער קערפּער בעשיצט זיך געגען אַנשטעקענדע קראַנקהייטען.

אום זיך נעהענטער צו בעקענען מיט דער אַרט און וויייזע ווי אַזוי אונזער קערפּער פיהרט אָן זיין קאַמף געגען אַנשטעקענדע קראַנקהייטען, לאָ'מיר זיך פריהער צוקוקען צו דעם, ווי אַזוי דער קערפּער בעשיצט זיך, דאָס די מיקראָבען פון אַנשטעקענדע קראַנקהייטען זאָלען צו איהם ניט קענען צוקומען.

אמאָליגע יאָהרען, ווען די איינוואוינער פון א שטאָדט האָבען זיך גע־וואָלט בעוואָרענען געגען אַן איבערפאַל פון אַ שונא, האָבען זיי אויסגעבויט אַ שטארקע וואנד ארום דער שטאָדט. (גאַנץ כינא איז אַמאָל געווען ארומ־גערינגעלט מיט א וואנד). בלויז אין איינינע פלעצער פון דיזער שטארקער וואנד זיינען געווען טויערען, דורך וועלכע מען האָט געקענט אריינקומען אין שטאָדט, און דיזע טויערען פלעגען שטארק בעוואכט ווערען. אונזער קערפּער האָט אויך אזא וואנד, וואָס בעשיצט איהם געגען אַן איבערפאַל פון זיינע שונאים, די מיקראָבען. דיזע וואנט איז אונזער הויט.

דורך דער הויט קענען די מיקראָבען ניט דורכגעהן. ווי אַ שטארקער פאנצער רינגעלט די הויט אַרום אונזער קערפּער און האַלט צוריק די מי־קראָבען. קוים אָבער ווערט די הויט צוקראצט אָדער אויף אירגענד וועלכען אנדער אופן צושטערט קריגען די באצילען אַ פרייען וועג. ווי דעם שונא'ס סאָלדאטען דורך אַ לאָך אין דער פעסטונג אזוי כאַפּען די באצילען זיך אריין דורך דער ברוך אין אונזער הויט און פאנגען אָן זייער צושטערונגס=ארבייט.

יעדע אָפענע וואונד איז דארום אַ געפאהר פאר'ן קערפּער, ווייל עס עפענט אַ פרייען וועג פאר מיקראָבען, און דארום הערען מיר אָפט ווי פון אַן איינפאכען קראַץ האָט איינער בעקומען בלוט=פערגיפטונג און איז גע־שטאָרבען.

עס געפינען זיך אָבער אויך אין אונזער הויט נאטירליכע עפענונגען, דורך וועלכע מען קען גרייכען די אינערליכע טיילען פון אונזער קערפּער. דיזע עפענונגען קענען פערגליכען ווערען צו די טויערען אין דער פעסטונג, וואָס רינגעלט אַרום די שטאָדט. און פונקט ווי ביי יענע טויערן פלעגען שטעהן שומרים, אַזוי שטעהען אויך וועכטער ביי די טויערען פון קערפּער.

די טויערען וואָס עפענען זיך דורך דער הויט צו די אינערליכע טיי־לען פון אונזער קערפּער, זיינען די נאָז, דאָס מויל, די הינטערשטע טייל פון שפּייז=קאַנאַל און די עפענונגען אין אונזערע געשלעכטס=אָרגאַנען.

דורך דער נאָז, און אויך טיילווייז דורך'ן מויל קענען די באצילען זיך אריינכאַפּען אין אונזערע לונגען, אָדער אין די אַנדערע טיילען פון אונזערע אָטהעמונגס=מעכאַניזם. דורך'ן מויל און האַלז קענען די באצילען זיך אריינ־כאַפּען אין אונזער פערדייאונגס=מעכאַניזם, און דורך די געשלעכטס=אָרגאַ־נען קענען באצילען זיך אריינכאַפּען אין אונזער בלוט און צופיהרט ווערען איבער'ן גאַנצען קערפּער, אָדער בלייבען אין די אינערליכע טיילען פון אונ־זער רעפּראָדוקציאָנס=מעכאַניזם.

דיזע אלע טויערען, וואס פיהרען צו אונזער קערפער ווערען אבער בע־וואכט. די אינערליכע הויט פון דער נאז און האלז איז בעדעקט מיט די־נענקע הערעלאך, וואס דינען צו פערהאלטען די אונגעוואונשטע געסט. וואס מיר אטהעמען איין. די שליים־הויט פון אונזער נאז פראדוצירט א דיקע פליסיגקייט, אין וועלכע דער שטויב און מיקראבען ווערען פערהאלטען, בלייבען שטעקען און ווערען נאכהער ארויסגעשליידערט. די מיקראבען, וועלכע עס געלינגט פערבייצו׳גנב׳ענען זיך דיזע וועכטער, ווערען געטויטעט אין מאגען פון די זויערע שטאפען (עסידס), וואס געפינען זיך דארטען.

אונזערע געשלעכטס־ארגאנען זיינען ניט אזוי פיעל אויסגעזעצט דער געפאהר פון אלערליי מיקראבען און דערפאר זיינען זיי ווייניגער בעוואכט. צווישען ציוויליזירטע מענשען זיינען דיזע ארגאנען אויסגעזעצט דעם גע־פאהר פון בלויז איינינע סארטען מיקראבען, וועלכע האבען געבראכט דערצו, אז דאס ווארט „סיפיליזאציע" זאל ווערען א ביי־נאמען צום ווארט צי־ויליזאציע.

וואס פאסירט מיט די מיקראבען נאך דעם, ווי זיי געלינגט זיך אריינ־צורייסען אין׳ם קערפער?

אום צו האבען א קלארען בעגריף וועגען דעם וואס עס קומט דאן פאר אין קערפער, לא׳מיר זיך נאך א מאל ווענדען צו אונזער ביישפיל פון א שטאדט, וואס איז ארומגערינגעלט מיט א שטארקען מויער און איז בע־לאגערט פון א שונא.

אזוי לאנג ווי דער שונא איז אויסערן מויער פיהרען דעם קאמף אן די סאלדאטען, וואס שטעהען ביי די טויערען. אויף זיי ליגט די פליכט ניט דורכצולאזען דעם שונא אין שטאדט אריין. קוים אבער געלינגט עס דעם שונא זיך דורכצורייסען דורך די טויערען נעהמט די אינערליכע ארמעע אויף דעם קאמף.

דאס זעלבע איז דער פאל מיט אונזער קערפער. אזוי שנעל ווי די מיקראבען רייסען זיך אריין אין׳ם קערפער פאנגען די אינערליכע צעלען פון קערפער אן דעם קאמף. צוערשט קומען די צעלען אין דער נאכבאר־שאפט, וואו די מיקראבען זיינען. די צעלען פאנגען פשוט אן אויפצופרעסען די אונגעבעטענע שעדליכע געסט. אויב די מיקראבען זיינען ווייניג אין צאהל ווערען זיי טאקע פערניכטעט. געוועהנליך קומען אבער די מיקראבען אין אזא גרויסער צאהל, און זיי פארמעהרען זיך אזוי שנעל, דאס די ערשטע

קערפּער־צעלען ליידען, זיי קענען זיך ניט ספּראוועץ מיט׳ן שונא און זיי שיקען נאָך די רעזערוו־אַרמעע.

די רעזערוו־אַרמעע בעשטעהט פון די ווייסע קייקעלאַך, וואָס געפינען זיך אין אונזער בלוט. אין געוועהנליכע צייטען שווימען ארום א פינף־זעקס טויזענד פון זיי אין יעדען טראָפּען בלוט. ווען עס קומט אָבער אזא נויט־רוף פאַרמעהרען זיי זיך. וואָס גרעסער דער נויט אַלץ מעהר סאָלדאטען יאַווען זיך. אייגציגווייז רוקען זיי זיך ארוים דורך די ווענט פון די בלוט־רעהרען און פערזאמלען זיך ארום דעם פּלאַץ, וואו די מיקראָבען געפינען זיך. מיט זייערע קערפּערס פאַרמירען דיזע ווייסע סאָלדאטען א סאָרט פעסטונג ארום דעם פּלאַץ צו זיין זיכער, אז דער שונא וועט ניט קענען געהן ווייטער, דאַן פאַנגען זיי אָן צו אַטאַקירען די מיקראָבען.

און דער קאמף איז א העכסט אינטערעסאַנטער. צוערשט באַמבאַר־דירען דעם קערפּער׳ס ווייסע סאָלדאטען דעם שונא מיט אַזעלכע גיפטיגע באָמבעס („אָפּסאָנימס”), וואָס בעטויבען די מיקראָבען, דאַן שטורמען זיי דעם שונא׳ס פּאָזיציעס און פרעסען אויף די מיקראָבען.

אויב דיזע רעזערוו־אַרמעע איז א שטאַרקע, דאָס הייסט אויב דער מענש איז קערפּערליך שטאַרק און גוט גענעהרט דאַן ווערען די מיקראָבען פערניכטעט, דער קערפּער ווערט ניט קראַנק און דער מענש וויים גאָר ניט, דאָס ער איז געוועטעט געוואָרען פון א געפאַהר. אויב דער מענש איז אָבער אָפּגעשוואַכט זיינע זיינען ווייסע סאָלדאטען מאַכטלאָז. אַנשטאַט צו בע־קעמפען דעם שונא ווערען זיי אַליין בעקעמפט. דער רעזולטאַט איז, דאָס די מיקראָבען פערשפּרייטען זיך און דער מענש ווערט ערנסט קראַנק.

אין׳ם קאמף געגען די מיקראָבען האָט דער קערפּער אויך א צווייטע רעזערוו־אַרמעע. ווערענד די ווייסע סאָלדאטען רינגלען ארום דעם שונא און זוכען איהם צו דערשטיקען אָדער אויפצופרעסען ארבייטען די אַנדערע צעלען פון קערפּער אוים א געגען־גיפט צו בעקעמפען דעם גיפט, וואָס די מיקראָבען שאַפען. דיזער געגען־גיפט שווימט ארום אין בלוט און בעזוכט יעדע צעלע, און וואו ער טרעפט אויף׳ן וועג דעם גיפט פון די מיקראָבען פערניכטעט ער איהם.

אין די מעהרסטע פעלע געלינגט עס דעם קערפּער, נאָך א קורצען אָדער לאַנגען קאמף — נאָך א קורצער אָדער לאַנגער קראַנקהייט — צו בעזיגען די מיקראָבען און זייער גיפט. די קראַנקהייט געהט דאַן פאַראיבער און

דער מענש פאנגט זיך אָן צו ערהאָלען. אין׳ם בלוט פון אזא קראַנקען בלייבען די רעזערוו־אַרמעען מאָביליזירט און ווען די מיקראָבען פון דער זעלבער קראַנקהייט כאַפּען זיך נאָך אמאָל אריין אין דיזען קערפּער, טרעפען זיי אזא ווידערשטאַנד, דאָס זיי קענען זיך לאַנג ניט האַלטען. דאָס פּאַסירט אין פאַל פון פּאָקען, סקאַרלעט פיבער, שאַרלאַך, געלען פיבער, מאָזלען, טייפויד, און אַנדערע קראַנקהייטען, דערפאַר טאַקע קען אַ מענש מעהר ווי איין מאָל ניט ליידען פון דיזע קראַנקהייטען.

עס זיינען דאָ אָבער אזעלכע קראַנקהייטען, וואָס אפילו ווען דער קערפּער געווינט די מלחמה ווערט אויך די אַרמעע אזוי אָפּגעשוואַכט, דאָס עס איז זעהר לייכט פאַר די זעלבע באַצילען צו אַטאַקירען דעם זעלבען פּערזאָן נאָך אַ מאָל. אזעלכע קראַנקהייטען זיינען אינפלוענזא און לונגען־ענטצינדונג.

פאַראַנען געוויסע ראַסען, חיות און מענשען, אויף וועמען געוויסע מיקראָבען האָבען קיין איינפלוס ניט. די ניגערס, צום ביישפּיל, ליידען ניט פון געלען פיבער און ניט פון מאַלעריע. יאַפּאַנעזער און כינעזער ליידען ניט פון סקאַרלעט פיבער. ווייסע ראַטען ליידען ניט פון דיפטעריע. דאָס איז דערפאַר, וואָס די צעלען אין די קערפּערס פון דיזע מענשען און חיות פערניכטען די מיקראָבען פון די אויבען־דערמאָהנטע קראַנקהייטען און לאָזען זיי זיך ניט ענטוויקלען.

אין אַלגעמיין אָבער וואָס שטאַרקער און געזונטער עס איז דער קערפּער אַלץ קרעפטיגער איז זיין פערטיידיגונגס־אַרמעע און אַלץ לייכטער איז איהם צו בעקעמפען יעדען סאָרט שונא. דער זעלבער שונא, וואָס קען ניט בייקומען אַ געזונטען מענשען וועט אָבער לייכט בייקומען אַ שוואַכען, אָדער דעם זעלבען מענשען, ווען ער איז אָפּגעשוואַכט.

דיזע אַלגעמיינע בעטראַכטונג וועגען אַנשטעקענדע קראַנקהייטען איז געשריבען געוואָרען מיט דעם צוועק צו ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון לעזער צום שטענדיגען קאַמף, וואָס אונזער קערפּער האָט אָנצופיהרען אום צו פערהיטען אונז פון קראַנקהייטען און ווי וויכטיג עס איז דאַרום אויפצוהאַלטען דאָס געזונד פון׳ם קערפּער אום ער זאָל קענען ערפאָלגרייך אָנפיהרען דיזען קאַמף.

נאָך אַלעמען איז די נאַטור זעלבסט דער בעסטער רופא. די זעלבע אַרמעע פון קערפּער, וואָס זוכט צו בעקעמפען די מיקראָבען איידער זיי

פעראורזאכען אונז קראַנקהייטען, פערניכטען אויך די קראַנקהייט זעלבסט און זוכען צוריק אויפבויען דאָס געזונט פון'ם קערפער. אַלעס וואָס מיר דארפען איז העלפען אונזער קערפער אין'ם קאמף געגען זיינע שונאים, איהם געבען אַלעס אין וואָס ער נויטיגט זיך און דאָס איבריגע וועט ער שוין אַליין בעזאָרגען.



# מאזלען.

וואָס די קראַנקהייט איז — ווי אַזוי זי ווערט פערארורזאַכט — די סמנים פון מאָזלען — די געפאַהר פון מאָזלען פאַר'ן קראַנקען — ווי אויסצוהיטען קינדער פון קריגען די קראַנקהייט — וואָס צו טאָן ווען אַ קינד מאָזעלט.

צווישען די פיעלע אַנשטעקענדע קראַנקהייטען, וואָס פּלאָגען אונזערע קינדער־יאָהרען, פאַרנעהמט מאָזלען דעם אויבען אָן.

מאָזלען איז אַן עפּידעמישע זעהר אַנשטעקענדע קראַנקהייט, וואָס זעהר ווענינ קינדער מיידען אויס. אזוי ווייט פערשפּרייט איז דיזע קראַנקהייט, דאָס דער גרויסער עולם, ספּעציעל די פרויען, האָבען זיך איינגערעדט, דאָס עס איז אַן אונפּערמיידליכע קריינק און עס איז אונמעגליך איינצוהיטען אַ קינד פון מאָזלען. וואָס שנעלער אַ קינד „קומט איבער די מאָזלען" אַלץ בעסער איז פאַר'ן קינד, גלויבען אונזערע מאַמעס און באָבעס, און ווען איין קינד אין אַ פאַמיליע מאָזעלט זאָרגט שוין די טרייע מאַמע דאַפיר, דאָס אויך די אַנדערע קינדער זאָלען זיך אָננעהמען און וואָס שנעלער אָפּפּטר'ן דיזע „אונפּאַרמיידליכע" חולאת.

דיזע איינרעדעניש איז אַ זעהר געפעהרליכע. עס איז פּונקט אזוי נאַריש צו גלויבען, דאָס אַ קינד מוז מאָזלען, ווי עס איז נאַריש צו בעהויפּטען, דאָס יעדער מענש, וואָס געהט אויף אַ גליטשיגען פּלאַץ, מוז פאַלען און זיך בעשעדיגען, און דארום וואָס שנעלער מען פאַלט אויף אַ גליטשיגען וועג איז אַלץ בעסער.

אזוי פיעל קינדער ליידען פון מאָזלען פּשוט דערפאַר, וואָס עס איז כמעט אונמעגליך צו דערקענען די קראַנקהייט פריה גענוג צו פערהיטען, אַז דאָס קראַנקע קינד זאָל ניט אָנשטעקען אַנדערע קינדער מיט דיזער קראַנקהייט. די איינרעדעניש, דאָס מאָזלען איז אַ לייכטע קראַנקהייט, העלפט

אויך א סך אין פערשפרייטען מאָזלען עפּידעמיעס, ווייל די מוטערס האַל-טען ניט פאַר ראַטזאַם שטרענג אָפּצוהיטען זייערע קינדער און אכטונג גע-בען זיי זאָלען ניט קומען אין נאָהענטער בעריהרונג מיט קינדער, וואָס מאָזלען.

אין דער אמת'ן איז מאָזלען א זעהר ערנסטע קראַנקהייט. אין דער צאָהל קראַנקע איז זי די ווייט פערשפּרייטסטע פון אַלע קינדער=קראַנקהיי-טען. העכער דרייצעהן טויזענד קינדער שטאַרבען אין אמעריקא יעדען יאָהר פון מאָזלען און א גרויכע צאָהל פון די, וואָס בלייבען לעבען, קריגען אַלס אָנדענקונג פון דיזער לייכטער קינדער=קראַנקהייט ערנסטע קראַנקהייטען, וואָס רופען זיך אָפּ אין די שפּעטערע יאָהרען, ווי האַרץ=קראַנקהייט, לונגען=קראַנקהייט, נירען=קראַנקהייט א. ז. וו.

אויך ערוואַקסענע מענשען ליידען פון מאָזלען, און ביי ערוואַקסענע מענשען איז די קראַנקהייט פיעל ערנסטער, און פיעל אָפטער לעבענס=גע-פעהרליך ווי ביי קינדער.

## די אורזאַכע פון מאַזלען.

די דירעקטע אורזאַכע פון מאָזלען איז נאָך אַלץ ניט בעשטימט, אָב-וואָהל אַזוי פיעל קינדער ליידען פון דיזער קראַנקהייט, און אונצעהליגע פערזוכען זיינען שוין געמאַכט געוואָרען צו ענטדעקען דעם הויפּט=שולדיגען אין דיזער קינדער=קראַנקהייט. עס איז שוין אָבער כמעט ווי זיכער, דאָס מאָזלען ווערט פאַראורזאַכט פון געוויסע מיקראָבען, וואָס זיינען אַזוי קליין, דאָס מיט די שטאַרקסטע מיקראָסקאָפּען איז נאָך ניט געלונגען זיי צו זעהן.

## ווי אַזוי די קראַנקהייט פערשפּרייט זיך.

די מיקראָבען, וואָס פעראורזאַכען מאָזלען, פערשפּרייטען זיך, ווי עס שיינט דורך דער לופט. עס איז גענוג פאַר א קינד, וואָס האָט נאָך ניט געמאָזעלט צו זיין אין איין צימער מיט א קינד, וואָס מאָזעלט, און זיך אָנ-שטעקען מיט דער קראַנקהייט. אין א צייט פון א מאָזלען=עפּידעמיע איז גענוג אריינצוברייננען א קינד, וואָס מאָזעלט, אין א האָספּיטאַל אויף בלויז איינינע שטונדען, און די מעהרסטע קינדער, וואָס געפינען זיך אין דעם זעלבען צימער מיט'ן קראַנקען קינד. אפילו די, וואָס זיינען ניט צוגעקומען נאָהענט צום קראַנקען קינד, ווערען אויך קראַנק אויף מאָזלען.

עס איז אויך מעגליך, דאָס די מאַזלען־מיקראָבען, וואָס דער קראַנקער קינד הוסט אָדער ניסט ארויס, פאַלען אויף די אַרומיגע זאַכען, וואָס געפינען זיך אין קראַנקען צימער און די קינדער, וואָס קומען אין בעריהרונג מיט דיזע זאַכען, שטעקען זיך פון זיי אָן מיט דער קראַנקהייט.

## די סימָנים פון דער קראַנקהייט.

ווען דאָס קינד שטעקט זיך אָן מיט די מיקראָבען פון מאַזלען דויערט עס געוועהנליך צוויי וואָכען צייט איידער די ערשטע סימנים פון דער קראַנקהייט בעווייזען זיך. אין פערלויף פון דיזער צייט פערמעהרען זיך די באַצילען און פּראָדוצירען זייערע גיפטען. ווען זיי האָבען שוין אָנגעקליבען א גענוגענדע אַרמעע אָדער האָבען שוין פּראָדוצירט גענוג גיפט, פאַנגט דאָס קינד אָן צו ליידען.

אין מאַנכע פעלע פיהלען זיך די קינדער ניט קראַנק אין דיזע צוויי וואָכען. זיי פיהלען בלויז עטוואָס אונוואויל, אָבער זיי זעצען פאָרט זיך צו שפּילען מיט די אַנדערע קינדער, געהען אין סקול (שוהלע) און פערברייגען זייער צייט פונקט ווי פריהער, ביז די מאַזלען בעווייזען זיך.

אין פערלויף פון דיזער צייט איז דאָס קינד געווען א געהענדער קוואַל פון מאַזלען און האָט אָנגעשטעקט יעדעס קינד, מיט וועלכעם עס איז געקומען אין בעריהרונג. דערמיט ערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס אַזוי פיעל קינדער ליידען פון מאַזלען. עס איז כמעט אונמעגליך פאַר א קינד, וואָס קומט אין בעריהרונג מיט הונדערטע אַנדערע קינדער אין סקול (שוהלע) און אין גאַס, צו זיין זיכער פון בעגעגענען זיך מיט א קינד אין די ערשטע שטופען פון מאַזלען.

ניט אין אַלע פעלע קומט די קראַנקהייט אַזוי שטיל און אונבעמערקט. אין די מעהרסטע פעהלע ליידעט דאָס קינד פריהער פון א „שטאַרקע פערקיהלונג", דער קאָפּ טוט וועה, פון די אויגען און פון נאָז רינט. אין האַלז טוט וועה און א שטאַרקער הוסט מאַטערט דאָס קינד אַזוי, דאָס עס פיהרט אָפט צו ברעכען.

א פאָרזיכטיגע אונטערזוכונג פון קינד'ס מויל וועט ציינען, דאָס אויף דער אינערליכער הויט פון די באַקען געגען איבער די באַק־צייהן געפינען זיך קליינינקע בלויליך־ווייסע פּריסטשיקלאַך.

דיזע בלויליך־ווייסע פּריסטשיקלאַך בעווייזען זיך געוועהנליך אייניגע טעג פאַר דעם אויסשיט פון די מאַזלען אויף'ן קינד'ס קערפּער. דר. קאָפּליק

האָט דער ערשטער געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון די דאָקטוירים אויף דיזען, כמעט זיכערען סמן פון מאָזלען און דערפאר טאקע רופט מען דיזע פריסטשיקלאך אויף דר. קאפליק'ס נאָמען.

דאָס קינד איז דיזער צייט פערלירט דעם אפעטיט. עס בעקלאָגט זיך אויף שמערצען אין רוקען, די אויגען שמארצען און אין פיעלע פעלע קען דאָס קינד ניט פערליידען די שיין און עס זוכט א דונקעלען פלאץ.

אונגעפעהר אויף'ן צוועלפטען אָדער דרייצעהנטען טאָג נאָך דעם, ווי דאָס קינד האָט זיך אָנגעשטעקט מיט דער קראנקהייט, פאנגט עס אָן צו האָבען פיבער. די ערשטע דריי טעג איז דער פיבער ניט זעהר גרויס, אָבער אויף'ן דריטען טאָג, ווען די מאָזלען פאנגען זיך אָן צו בעווייזען שטייגט דער פיבער זעהר שנעל.

אזוי לאנג ווי מאָזלען האלטען זיך אין בעוויזען, איידער זיי האָבען זיך „אויסגעשיט" איבער'ן גאנצען קערפער, האלט די טעמפעראטור פון קינד אין איין שטייגען. דאָס דויערט געוועהנליך דריי טעג צייט. אויף'ן דריטען טאָג נאָך דעם, ווי די מאָזלען האָבען זיך אָנגעפאנגען צו בעווייזען, איז שוין דער גאנצער קערפער בעדעקט מיט זיי און די היץ פאלט דאן זעהר שנעל.

## די מאזלען.

די מאָזלען בעווייזען זיך צוערשט אויף'ן פנים, אויף דער ליניע, וואו די האָר פאנגען זיך אָן, אויף'ן שטערען, נאכהער הינטער די אויערען און אויף'ן נאקען. ווי קליינע פינטעלאך זעהען די מאָזלען דאן אויס, יעדעס פון זיי עהנליך צו א פליגען-בים.

אין איינינע שטונדען ארום איז דאָס גאנצע געזיכט און דער האלז בעדעקט מיט דיזע רויטע פינטעלאך. אין פערלויף פון די נעקסטע צוויי טעג צייט שפּרײטען די מאָזלען ארוים אויף דער ברוסט, פלייצע, די הענט, בויך, פיס און דאן בעדעקען זיי דעם גאנצען קערפער.

די רויטע פינטעלאך, וואָס זיינען אין אנפאנג עהנליך צו פליגען-ביסע, ווערען פערוואנדעלט אין קליינע פריסטשיקלאך. מאנכע פלעצער פון דער הויט זיינען פריי פון זיי. אויף אנדערע טיילען פון דער הויט גיכען זיך די פריסטשיקלאך צוזאמען אין האלב-רונדע געשוואָלענע פלעצער. אויף מאנכע שטעלען פון קערפער איז די געשווילאכץ גאנץ היבש. אונטער די אויגען ווערט ווי אָנגעשוואָלען, און ווען די מאָזלען זיינען זעהר שטארק קען דאָס

קינד אין גאנצען ניט זעהען און דאס פנים איז אזוי געשוואָלען, דאָס אלע געזיכטסציגע ווערען ווי אָפּגעווישט.

די אונבעקוועמליכקייט פון קינד איז דאן זעהר גרויס. די הויט ברענט און בייסט, פון נאָז און פון די אויערען רינט, א שטארקער הוסט מוטשעט דאָס קינד און לאָזט עס ניט רוהען. די אויגען זיינען רויט, א געדיכטע מא-טעריעדיגע פליסיגקייט פילט אָן די אויגען און קלעפּט צו די וויעס אזוי, אז דאָס קינד קען די אויגען ניט עפענען.

אין א מילדען פאל פאנגען אָן די מאָזלען צו פערשווינדען דעם דריי-טען אָדער דעם פערטען טאָג נאָך דעם, ווי זיי האָבען זיך בעוויזען. זיי פער־שווינדען אין דער זעלבער אָרדנונג, אין וועלכער זיי האָבען זיך בעוויזען. דאָס הייסט, צוערשט פון שטערען, נאכהער פון נאקען, געזיכט, ברוסט, פליי-צע, הענט, בויך און פיס.

די הויט פאנגט זיך אָן צו שיילען אין פיינע קליינע שטיקעלאך, ענה־ליך צו קלייען און מיט דעם שיילען פון דער הויט פאנגען ביסלעכווייז אָן צו פערשווינדען די סמנים פון דער קראנקהייט.

אויב אלעס געהט אָן אין אָרדנונג, ענדיגט זיך דאָס שיילען פון דער הויט אין דריי וואָכען צייט און דאָס קינד ווערט ווידער געזונט.

די מעהרסטע פעלע פון מאָזלען פאסירען אויף דיזען אופן און אין מעהרסטע פעלע ענדיגט זיך די קראנקהייט אָהן ערנסטע פאָלגען. פאראן אָבער אויך אויסנאהמען.

## פערשיידענע פארמען פון מאזלען.

עס זיינען פאראן פעלע, וואו די מאָזלען קומען פלוצלינג מיט א שטאר-קען פיבער און אין פערלויף פון איינינע שטונדען צייט צייגט דאָס קינד אלע סמנים פון אן ערנסטע קראנקהייט. אין אזעלכע פעלע קריגט דאָס קינד גלייך א שטארקען פיבער און צוזאמען מיט דער היץ ערשיינען אויף די מאָזלען אויף'ן גאנצען קערפּער.

עס זיינען אויך דאָ פעלע פון מאָזלען, וואו די פריסטשיקלאך זיינען ווי מיט בלוט אָנגעגאָסען. אין אזא פאל איז דאָס קינד'ס לעבען אין גרויס געפאהר.

אין מאנכע זעהר ערנסטע פעלע ערשיינען די מאָזלען זעהר שפּעט און זיינען ניט פיעל. אלע אנדערע סמנים פון דער קראנקהייט זיינען אָבער

פיעל שטארקער ווי אין א געוועהנליכען פאַל פון מאָזלען. צייטענווייז זיינען די מאָזלען און אַלע אנדערע סמנים פון דער קראַנקהייט גאַנץ שוואַך, נאָר, אויב מען ערלויבט דאָס קינד פריי ארומצולויפען, ענטוויקעלט זיך אַן ערנסטע קראַנקהייט.

אין אויסנאַהמס פעלע, ווען די מאָזלען פון א לייכטען פאַל פון דער קראַנקהייט פערשווינדען, פיהלט זיך דאָס קינד שטאַרק ערשעפּט, און די מאָזלען קומען צוריק אין א פיעל ערנסטערע פאָרמע.

## דער רעזולטאט פון דער קראנקהייט.

אין געוועהנליכע פעלע איז דער רעזולטאַט פון די מאָזלען א גאַנץ גוטער. דאָס קינד ווערט פאָלשטענדיג געזונד און עס בלייבען איהם קיינע נאָכוועהענישע. אָפטמאָל אָבער, ספּעציעל ווען מען גיט ניט גענוג אכטונג אויף'ן קינד, וואַרפען זיך צו פיעלע ערנסטע קראַנקהייטען, וואָס קענען קאָסטען דעם קינד'ס לעבען אָדער אָפּשוואַכען זיין געזונד אויף שטענדיג.

א שטיקעל גליק איז נאָך, וואָס מאָזלען האָט מען נאָר איין מאָל. אין פערלויף פון דער קראַנקהייט ארבייט דער קערפּער אויס א געוויסען געגען=גיפט, וואָס פערניכטעט דעם גיפט פון די מאָזלען=מיקראָבען. דיזער גע-גען=גיפט פערבלייבט אין קערפּער אויף'ן גאַנצען לעבען.

די וואָס האָבען אין פערלויף פון זייערע קינדער=יאָהרען געליטען פון מאָזלען, זיינען דארום באוואָרענט ניט צו מאָזלען נאָך אמאָל, ווערענד די, וואָס האָבען אין זייערע קינדער=יאָהרען ניט געמאָזעלט, פּאַסירט מאַנכעס מאָל, דאָס זיי מאָזלען, ווען זיי זיינען שוין ערוואַקסענע מענשען.

## ווי אויסצוהיטען קינדער פון מאזלען.

מאָזלען איז איינע פון די שווערסטע קראַנקהייטען צו פערהיטען. דאָס איז ערשטענס דערפאַר, וואָס דאָס איז די אַנשטעקענדסטע פון אַלע קראַנקהייטען, צווייטענס איז קיין מענש ניט בעוואָרענט פון דער נאַטור גע-גען דיזער קראַנקהייט, דריטענס היט מען זיך ניט געגען מאָזלען ווי געגען אנדערע אַנשטעקענדע קראַנקהייטען, ווייל, ווי מיר האָבען שוין ערקלערט, דענקען די מעהרסטע מענשען, דאָס מאָזלען איז אונפערמיידליך און זיי פּרובירען גאָר ניט איינצוהיטען זייערע קינדער.

אָבער אפילו די, וואָס װעלען איבערלעזענדיג דיזע בעשרייבונג וועגען מאָזלען, איינזעהען ווי ערנסט דיזע קראַנקהייט איז און וועלען בעשליסען, דאָס עס לוינט זיך איינצוהיטען די קינדער פון מאָזלען, וועלען אויך האָבען א שווערע אויפגאַבע, ווייל אונטער די יעצטיגע אומשטענדען איז עס זעהר שווער איינצוהיטען א קינד פון אָנשטעקען זיך מיט מאָזלען פון אַנדערע קינדער.

די אַנשטעקענדסטע פעריאָדע פון מאָזלען איז איידער די מאָזלען „שיטען זיך אויס" אויף'ן קערפער. אין דיזער צייט, ווי שוין געזאָגט, ליידעט דאָס קינד בלויז פון א „פערקעלטונג", און מען היט זיך ניט געגען דעם. אָבער וויסענדיג, אַז די „פערקעלטונג" קען זיין די אָנפאַנגס־שטופע פון מאָזלען, דאַרף יעדע מוטער אויסהיטען איהרע קינדער פון קומען אין נאָהענטע בעריהרונג מיט קינדער, וואָס ליידען פון פערקעלטונג.

ביי ערוואַקסענע קינדער איז מאָזלען געוועהנליך א לייכטע קראַנקהייט, אָבער ביי די יונגע קינדער ביז צוויי דריי יאָהר אַלט איז מאָזלען א זעהר געפעהרליכע קראַנקהייט. די מעהרסטע קרבנות פון מאָזלען זיינען קינדער אינגער פון צוויי יאָהר.

אויב איהר ווערט געוואָהר, דאָס אין א געוויסען הויז מאָזעלט א קינד, מיידעט אוים יענער הויז. איהר טאָרט ניט לאָזען אייערע קינדער זיך געהן שפּילען אין יענער הויז און אַליין מעגט איהר אויך געהן אַהין וואָס ווענינער. אויב די מוטער פון דעם קראַנקען קינד האָט אַזוי ווענינ שכל, דאָס זי וועט ברוגז ווערען אויף אייך פאַר ווייכען איהר הויז, מעגט איהר פערגינען איהר דעם רוגז. אייער קינד'ס געזונד דאַרף זיין ביי אייך טייערער ווי דער שכנה'ס פריינדשאַפט.

## וואס צו טאָן ווען א קינד מאזעלט.

ווען א קינד קריגט א „קאָלד" (פערקעלטונג), הוסט און ניסט און פיהלט זיך עטוואָס ניט מיט אַלעמען, דאַרף מען עס גלייך לעגען צו בעט אין א לופטיגען צימער. גיט דעם קינד א דאָזע קאַסטאָר־אויל, קיינע פּילען, טשאָקאָלאַדקעס אָדער לאַקסעס, וואָס ווערען אַזוי פיל געלויבט דורך רעקלאַמעס און אַדווערטייזמענטס.

אויב דאָס קינד בעסערט זיך ניט אין גיכען אָדער אַנשטאָט צו פיהלען בעסער פיהלט עס דעם צווייטען טאָג נאָך ערגער, שיקט גלייך רופען א דאָקטאָר.

דאָס קינד דארף געהאַלטען ווערען אין אַ ריינעם לופטיגען צימער. אויב עס קען ניט פערטראָגען די שיין דארף דאָס צימער זיין האַלב-דונקעל, אָדער, אויב עס איז אַן ערוואַקסען קינד, וואָס קען טראָגען דונקעלע ברילען, איז גלייכער, דאָס אין צימער זאָל זיין ליכטיג און דאָס קינד זאָל טראָגען דונקעלע ברילען. דאָס קינד דארף זיין אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע קינדער און אויך פון ערוואַקסענע מענשען אַזוי פיעל ווי מעגליך. דיזע אָפּגעזונדערטקייט דארף דויערען אַ דריי וואָכען צייט. אונטער דער צייט דארף דאָס קראַנקע קינד געהאַלטען ווערען זעהר ריין. ווען עס ניסט אָדער הוסט דארף מען אויפנעהמען אויף אַ שטיקעל מערליע די פייכטקייט, וואָס קומט ארויס פון קינד'ס נאָז אָדער מויל און עס גלייך פערברענען. דאָס זעלבע דארף געטאָן ווערען מיט די שטיקלאַך וואַטע, מיט וועלכע מען רייניגט דער קינד'ס נאָז אָדער מויל.

ליידער איז נאָך ניטאָ קיין בעשטימטעס מיטעל געגען די מאָזלען-קראַנקהייט. די קראַנקהייט דויערט געוועהנליך איהר בעשטימטע צייט. אַ געניטער דאָקטאָר קען אָבער פערלייכטערן די אונאַנגענעהמליכקייטען, וואָס דאָס קינד ליידעט און קען אין פיעלע פעלע פערהיטען עס זאָלען זיך ניט ענטוויקלען ערנסטע פאָלגען.

לונגען-ענטצינדונג, אַן ערנסטע ענטצינדונג פון די קישקעס, אַן אויער-ענטצינדונג, אויגען-ענטצינדונג און האַלז-קראַנקהייטען „ווארפען זיך אָפט צו" אין פערלויף פון מאָזלען. הארץ'קראַנקהייט איז ניט קיין זעלטענער גאַסט און אין פיעלע, גאָר פיעלע פעלע בלייבט דאָס קינד מיט שוואַכע לונגען און אַ שוואַך הארץ אויף זיין גאַנצען לעבען.

האַלט דאָס קינד אין בעט די גאַנצע צייט פון דער קראַנקהייט אונגעאַכטעט אויף דעם ווי לייכט די קראַנקהייט זאָל ניט זיין, ווייל נאָר ווען דאָס קינד ליגט צו בעט די גאַנצע צייט פון דער קראַנקהייט און איז אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר, קען מען פערמיידען די ערנסטע פאָלגען פון מאָזלען.

אַכטעט ניט אויף די פריינדליכע עצות פון גוטע שכנות, וואָס וועלען אייך פאָרשלאָגען באַבקע רפואות. די באָבסקע רפואות פלעגען טאַקע געברויכט ווערען אַמאָליגע יאָהרען און טויזענדע קינדער זיינען טאַקע לעבען געבליבען . . . טראָץ דיזע רפואות. אין יענער צייט פלעגען טויזענדע קינדער שטאַרבען אין מאָזלען-עפּידעמיעס און צעהנדליגע טויזענדע פעלע-גען בלייבען קאַליקעס מיט שוואַכע הערצער און שוואַכע לונגען. איהר

האָט קיין רעכט ניט צו שטעלען דאָס לעבען פון אייער קינד און פון די שכנישע קינדער אין אַזאַ געפאַהר, ווען איהר קענט די געפאַהר לייכט פערמיידען.

פיעלע עלטערן ווילען ניט ליידען, ווען די „באָארד אָוו העלטה" (געזונדהייט פערוואַלטונג) קלעפּט ארויף אויף זייער טיר אַ צעטעל, דאָס אין הויז געפינט זיך אַ פאַל פון מאָזלען און זוכען דאָס אויסצומיידען ווי לאַנג נאָר זיי קענען. פיעלע ווילען זאָגאַר ניט רופען קיין דאָקטאָר צום קראַנקען קינד אויס מורא דער דאָקטאָר זאָל ניט מעלדען וועגען דעם דער „באָארד אָוו העלטה".

דיזע עלטערן שטעלען אין געפאַהר ניט נאָר דאָס געזונד פון זייער אייגען קינד, נאָר אויך דאָס געזונד פון פיעלע אַנדערע קינדער, ווייל זיי ערלויבען אַנדערע קינדער זיך אָנשטעקען מיט די מאָזלען פון זייער אייגען קינד.

מאָזלען איז אַ לייכטע קינדער־קראַנקהייט, וואָס קען אין געוויסע פעלע ווערען אַ גאַנץ ערנסטע קראַנקהייט. איבערהויפּט איז עס אַ קראַנקהייט, וואָס מאַכט דעם קינד עמפּפינדליך צו אַנדערע, פיעלע ערנסטערע קראַנקהייטען. עס איז דאַרום אַ הימעלשרייענדער פערברעכען אויסצוזעצען אייגענע אָדער פרעמדע קינדער צו אַזאַ געפאַהר.



# דייטשע מאזלען.

**דער אונטערשייד צווישען דייטשע מאָזלען און אמת'ע מאָזלען — די סמנים פון דיזער קראַנקהייט — ווי זיך אויסצוהיטען פון דייטשע מאָזלען.**

דייטשע מאָזלען זיינען ניט די מאָזלען, וואָס הערשען אין דייטשלאַנד, אָדער מאָזלען, פון וועלכע דייטשע קינדער ליידען. עס איז אַ בעזונדערע קראַנקהייט, וואָס הייסט אויף ענגליש „רובעלא".

דייטשע מאָזלען הערשען מעהרסטענס אין קליינע אָדער גרויסע עפּי־דעמיעס. איינצעלנע פעלע פון דיזער קראַנקהייט זיינען אַן אויסנאַהמע.

פון וואָס די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט איז נאָך ניט גענוי בע־וואוסט פונקט ווי אין'ם פאַל פון געוועהנליכע מאָזלען, אַזוי אויך אין דייטשע מאָזלען, דענקט מען, דאָס די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט פון אַ בע־שטימטען סאָרט מיקראָבען. אָבער ביז יעצט איז נאָך ניט געלונגען דיזע מיקראָבען אויסצוגעפינען.

אויך אין דער אַרט און וויזע ווי אַזוי דיזע קראַנקהייט פערשפּרייט זיך איז זי עהנליך צו מאָזלען. דירעקטע בעריהרונג מיט'ן קראַנקען, אָדער מיט די זאַכען, קליידער, וועש א. ז. וו., וואָס דער קראַנקער בעריהרט, העלפט צו פערשפּרייטען דייטשע מאָזלען פון איין פּערזאָן צום אַנדערען.

פון דייטשע מאָזלען ליידען מעהרסטענס קליינע קינדער (גאָר יונגע בייבים זיינען, ווי עס שיינט, בעשיצט געגען דיזער קראַנקהייט), אָבער אויך גרעסערע קינדער און ערוואַקסענע מענשען זיינען ניט בעוואָרענט געגען דער קראַנקהייט.

די קרבנות פון דיזער קראַנקהייט זיינען מעהרסטענס אָרימע לייט און דאָס קען ערקלערט ווערען דערמיט, וואָס די ווידערשטאַנדס־קראַפט ביי דיזע מענשען איז פיעל קלענער ווי ביי די רייכערע גוט־גענעהרטע פּערזאָנען.

איין אטאַקע פון דייטשע מאָזלען בעשיצט געוועהנליך מענשען געגען א צווייטע אטאַקע פון דער זעלבער קראַנקהייט, אָבער ניט געגען מאָזלען, פונקט ווי אַן אטאַקע פון מאָזלען בעשיצט געגען א צווייטע אטאַקע פון מאָזלען אָבער ניט געגען דייטשע מאָזלען.

ווען דאָס קינד שטעקט זיך אָן מיט דייטשע מאָזלען דויערט עס געוועהנליך פון צוויי ביז דריי וואָכען צייט איידער עס ווערט קראַנק. מאַנכעס מאָל קען עס געדויערען בלויז איין טאָג און מאַנכעס מאָל גאַנצע פיער וואָכען. אָבער דאָס זיינען עקסטרעמען. אין די מעהרסטע פעלע דויערט עס פון צוויי ביז דריי וואָכען.

אין פערלויף פון דיזער צייט זיינען מאַנכע קינדער אין גאַנצען פריי פון אירגענד וועלכע סמנים און מען ווייס גאָר ניט, אַז דאָס קינד איז קראַנק ביז עס בעווייזט זיך דער „אויסשיט" אויף'ן לייב. אין אַנדערע פעלע פיהלט זיך דאָס קינד ניט מיט אַלעמען איינינע טעג איידער דער „אויסשיט" אויף'ן לייב בעווייזט זיך. מעהרסטענס ליידעט דער קינד אין דיזער צייט פון קאָפּ־וועה און שמערצען אין רוקען. ער פערלירט דעם אַפּעטיט, פיהלט איבעלדיג און אין מאַנכע פעלע פיהרט דיזע איבעלקייט צו ברעכען. פיעלע קינדער, אין דיזער צייט, פאַר דעם אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט, פיהלען זיך פיבעריש, די אויגען זיינען ביי זיי עטוואָס רויט, שלינגען קומט אָן שווערלאַך און איז פערבונדען מיט שמערצען.

אין ארום 24 שטונדען נאָך דעם, ווי דאָס קינד ווערט קראַנק, בעווייזט זיך דער „אויסשיט" פון דייטשע מאָזלען. צוערשט בעווייזט זיך עס אויף'ן געזיכט, נאָכהער אויף'ן האַלז, נאָכהער אויף'ן קערפּער און ערשט נאָכהער אויף די הענט און פיס.

אין איין טאָג צייט ווערט דער גאַנצער קערפּער בעדעקט מיט די דייטשע מאָזלען. דעם צווייטען טאָג זעהען זיך די „מאָזלען" אָן נאָך שטאַרקער ווי אין דעם ערשטען. דריי אָדער פיער טעג פערבלייבען די „מאָזלען" אויף'ן קערפּער און דאַן פאַנגען זיי אָן צו פערשווינדען. די הויט שיילט זיך געוועהנליך אָפּ נאָך דער קראַנקהייט אין לייכטע ברוינע שופּען עהנליך צו קלייען.

דער „אויסשיט" אין דייטשע מאָזלען איז אין מאַנכע פעלע עהנליך צו געוועהנליכע מאָזלען, אין אַנדערע פעלע איז עס עהנליך צו סקאַרלעט פיבער (שאַרלאַך). ביי מאַנכע פּאַציענטען זיינען די דייטשע מאָזלען אויף איין טייל פון קערפּער עהנליך צו רעגולער מאָזלען, די פּריסטשיקלאַך זיינען

גרויסע, פּאַרמירען גרויסע אָדער קליינע אונרעגעלמעסיגע, ראָזעווע פלעקען, וואָס פערשווינדען אויף א ווײלע ווען מען דריקט מיט'ן פינגער אויף דער הויט איבער דיזע פלעקען. אויף אַן אנדער טייל פון קערפּער איז דער אויס־שיט עהנליך צו שאַרלאַך, העל=רויט און די פּריסטשיקלאַך זיינען קליין ווי מאָן.

די פּאַרשיידענאַרטיגקייט אין די דייטשע מאָזלען איז זעהר כאַראַק־טעריסטיש פאַר דיזער קראַנקהייט. דער אויכשיט פון די דייטשע מאָזלען איז אָפּטמאָל אויף איין טייל פון קערפּער שטאַרקער ווי אויף'ן צווייטען טייל. פּריסטשיקלאַך זיינען אויך דאָ אין מויל פון קראַנקען קינד. נאָר אין אָנפאַנג, ווען די דייטשע מאָזלען פאַנגען זיך נאָר אָן צו בעווייזען, זיינען זיי עהנליך צו פליגען=ביסע.

אין אַלגעמיין איז דאָס קינד, וואָס ליידעט פון דייטשע מאָזלען ניט ערנסט קראַנק. דיזע קראַנקהייט איז פיעל מילדער ווי געוועהנליכע מאָז־לען. די טעמפּעראַטור איז ניט שטאַרק הויך, אין האַלז טוט דעם קינד עט־וואָס וועה, די גלענדס (דריזען) אין די נידריגע טייל פון האַלז זיינען אָפּט־מאָל געשוואָלען, און דאָס קינד ליידעט דאַרום פון א שטייפען נאַקען.

דייטשע מאָזלען זיינען זעלטען לעבענס=געפעהרליך און אויך ערנסטע נאָכוועהענישען זיינען זעהר זעלטען. אָבער צייטענווייז קען זיך יע צוא־ווארפען אַן ערנסטע קראַנקהייט ווי לונגען=ענטצינדונג, „פּלורעסי“ (וואַ־כער אויף די לונגען), בראָנקיטיס, אַן ענטצינדונג פון אינערליכען אויער, אַן ענטצינדונג אין די געלענקע און ז. וו.

די בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט איז א זעהר איינפאַכע. אויב דאָס קינד האָט פיבער, דאַרף עס בלייבען אין בעט, אויב ניט מעג עס ארומגעהן. אַזוי לאַנג ווי דער אויסשיט אויף'ן קערפּער פערבלייבט דאַרף עס זיין אָפּ־געזונדערט פון אַנדערע קינדער.

די קראַנקהייט איז א לייכטע, א ווענינ געפעהרליכע און דאָס קינד נויטיגט זיך ניט אין קיינע אויסערגעוועהנליכע אויפּפּאַסונג. עס איז אָבער נויטיג, דאָס פון צייט צו צייט זאָל א דאָקטאָר בעזוכען דאָס קראַנקע קינד און אויפּפּאַסען, דאָס אין דיזען פאַל זאָל ניט זיין די אויסנאַהמע, אין וועל־כע עס ווארפען זיך צו אַנדערע קראַנקהייטען און אויך צו פערלייכטערען דעם קינד אויב עס ליידעט.

וועגען דעם ווי זיך אויסצוהיטען פון דייטשע מאָזלען קען מען זאָגען נאָך וועניגער ווי אין'ם פאַל פון מאָזלען. זעהר וועניג איז בעקאַנט וועגען

דער אָרט און ווייזע ווי די קראַנקהייט פערשפּרייט זיך און עס איז דאַרום אונמעגליך צו געבען אַ גענויען אויפּטראַג, וואָס צו טאָן אום זיך אויסצו־היטען פון דער קראַנקהייט.

דייטשע מאָזלען קומען געוועהנליך אין עפּידעמיעס און דער זיכער־סטער כלל איז, דאָס אין אַזאַ צייט איז גלייכער צו האַלטען די געזונטע קינ־דער ווייט פון די, וואָס ליידען שוין פון דער קראַנקהייט. געבען די קינדער גענוג פרישע לופט, גוטע שפּייז און אויפּפּאַסען אויף זייער ריינליכקייט, וועט העלפען זיי פערהיטען פון פיעלע קראַנקהייטען.



# סקארלעט פיבער (שארלאך) סקארלאטין.

דער אונטערשייד צווישען שארלאך און מאזלען — ווי ערנסט די שארלאך קראנק-
הייט איז — ווער עס ליידעט אם מעהרסטען פון דיזער קראנקהייט — די
סמנים פון דער קראנקהייט — פערשיידענע פארמען פון שארלאך —
נאכוועהעניש׳ען פון שארלאך — ווי זיך אויסצוהיטען פון
דער קראנקהייט — וואס צו טאן ווען א קינד
ווערט שוין קראנק.

איינע פון די קינדער־קראנקהייטען, פאר וועלכע מיר שרעקען זיך אם מעהרכטען, און מיט רעכט, איז סקארלעט פיבער, אדער שארלאך. עס איז זעהר אן ערנסטע און אן אנשטעקענדע קראנקהייט, וואס אטאקירט מעהר־סטענס קינדער. העכער א העלפט פון אלע פעלע פון סקארלעט פיבער פא־סירען ביי קינדער צווישען פיער און זיבען יאהר אלט. עלטערע קינדער און ערוואקסענע מענשען זיינען אבער אויך ניט בעווארענט געגען דיזער קראנקהייט.

סקארלעט פיבער עקזיסטירט אין די מעהרסטע לענדער. אין די פער־איינינגטע שטאטען, ספעציעל אין די נארדליכע טייל פון לאנד, איז סקאר־לעט פיבער א שטענדיגער גאסט און יעדע פינף אדער זעקס יאהר ברעכט אויס אן עפידעמיע פון שארלאך פאדערנדיג א פיעל גרעסערע צאהל קרבנות ווי אין א געוועהנליכע צייט. דיזע עפידעמיעס קומען מעהרסטענס נאך עפידעמיעס פון מאזלען.

סקארלעט פיבער איז אן ערנסטע קראנקהייט. צווישען קינדער אונ־טער איין יאהר אלט, וואס קריגען די קראנקהייט שטארבען ארום 21 פרא־צענט. פון קינדער אונטער צוויי יאהר — 16 פראצענט, און פון פינף יאה־ריגע קינדער שטארבען ארום פינף פראצענט.

אם ווענינסטען געפעהרליך איז די קראנקהייט פאר קינדער צווישען צעהן און פופצעהן יאהר. געפעהרליך איז די קראנקהייט ניט נאר מיט דער

צאָהל קינדער, וואָס זי טויטעט, נאָר אויך מיט דעם, וואָס פיעלע פון איהרע קרבנות, וואָס בלייבען לעבען, ליידען אָפט פון ערנסטע קראַנקהייטען. די קראַנקהייט סקארלעט פיבער האָט איהרע קרבנות אַזוי שטאַרק אין די הענט, דאָס פיעלע פון די, וועמען עס געלינגט זיך אַרויסצורייסען, לאָזען איבער אַ טייל פון זייער געזונד און זייער לעבען אין איהרע הענט.

דעם ספּעציעלען כאַרט מיקראָבען, וואָס פעראורזאַכען סקארלעט פי־בער, האָט מען נאָך ביז יעצט ניט ענטדעקט. עס איז אָבער קיין צווייפעל ניט, דאָס די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט פון געוויסע מיקראָבען, ווייל זי איז אַ זעהר אַנשטעקענדע און ווערט פערשפּרייט פון איין מענשען צום אַנדערען.

די קראַנקהייט קען זיך פערשפּרייטען דירעקט פון איין מענשען צום אַנדערען, אָדער אויך אַן אינדירעקטען אופן דורך געוויסע אַרטיקלען. די סקארלעט פיבער מיקראָבען קענען לעבען אַ לאַנגע צייט אויסער דעם מענ־שליכען קערפּער, און קליידער אָדער בעטגעוואַנט פון אַזאַ קראַנקען קענען אַנשטעקען אַנדערע מענשען אין מאָנאַטען אָדער זאָגאַר יאָהרען אַרום.

מילך איז אָפטמאָל אַ וועג, דורך וועלכען די סקארלעט פיבער מיקראָבען פערשפּרייטען זיך. דורך דער לופט פערשפּרייטען זיך די שאַר־לאַך־באַצילען זעהר ווייניג.

די מעהרסטע קרבנות פון שאַרלאַך זיינען קינדער פון צוויי ביז צעהן יאָהר אַלט. איין אַטאַקע בעשיצט געוועהנליך, אָבער ניט אַלע מאָל, געגען אַ צווייטע אַטאַקע.

ווען אַ קינד שטעקט זיך אָן מיט דער קראַנקהייט דויערט עס פון איינס ביז זיבען טעג איידער די ערשטע סמנים בעווייזען זיך, און די מעהרסטע פעלע ווערט דאָס קינד קראַנק אין ניט מעהר ווי פיער טעג אַרום. זעהר זעלטען דויערט דיזע פעריאָדע מעהר ווי זיבען טעג. דאָס איז וויכטיג צו געדיינקען אין פאַל מען דיינקט, דאָס אַ קינד האָט זיך אָנגעשטעקט מיט שאַרלאַך פון אַן אַנדער קינד, וואָס האָט שוין די קראַנקהייט. אויב עס געהט אַוועק אַ וואָך צייט און דאָס קינד ווערט ניט קראַנק איז כמעט זיכער, אַז דאָס קינד איז אויסער געפאַהר.

אין מאַנכע פעלע קען דאָס קינד קראַנק ווערען אין איינינע שטונדען אַרום נאָך דעם, ווי עס האָט זיך אָנגעשטעקט מיט דער קראַנקהייט. אין די מעהרסטע פעלע אָבער ווערט דאָס קינד קראַנק אין פערלויף פון אַכט

און פערציג שטונדען, זעהר, זעהר זעלטען ווערט דאָס קינד קראַנק אין א וואָך ארום.

צו ענדע פון דיזער פּאָרבערייטונגס-פּעריאָדע ליידעט דאָס קינד פון קאָפּ-וועהטאָג, עס פערלירט דעם אַפּעטיט און מען זעהט, אז דאָס קינד איז עפּעס ניט מיט אַלעמען.

די קראַנקהייט זעלבסט קומט געוועהנליך אָן פּלוצלינג מיט קאָפּ-וועה און האַלז-וועהטאָג, און אָפטמאָל פאַנגט די קראַנקהייט זיך אָן מיט קאָנ-וואולסיעס. דאָס קינד איז שטאַרק דורשטיג, די צונג איז טרוקען און בע-דעקט ווי מיט „פּילץ" און דער פּולס איז זעהר שנעל. די טעמפּעראַטור שטייגט, די הויט איז טרוקען און הייס און דאָס קינד פיהלט קאַלט.

די אינערליכע הויט פון מויל, ספּעציעל פון וייכען גומען און פון די טאָנסילס איז רויט, „אָנגעגאָסען מיט בלוט" און זעהט אויס ווי א רויטער סאַמעט. די גלענדס (דריזען) אין האַלז, אין די פּאַכוועס און די דיכען זיינען אָנגעשוואָלען, הארט און שמערצליך. די מילץ ווערט כמעט צוויי מאָל אזוי גרויס ווי אין א נאָרמאַלען צושטאַנד.

די נאָז און די אויגען זיינען אָבער דערפאַר ריין. דאָס קינד האָט ניט קיין „קאָלד" (פערקעלטונג), עס ניסט ניט, עס רינט איהם ניט פון די אויגען און נאָז ווי אין פאַל פון מאָזלען, און דערמיט קען מען טאַקע באַלד אין אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט אונטערשיידען מאָזלען פון שאַרלאַך.

אין צוועלף אָדער אין פיער און צוואַנציג שטונדען ארום נאָך דעם, ווי די קראַנקהייט פאַנגט זיך אָן, בעווייזט זיך דער אויסשיט פון שאַרלאַך. אין מאַנכע פעלע בעווייזט זיך דיזער אויסשיט אין זעקס און דרייסיג שטונ-דען ארום, און אין זעלטענע פעלע ערשט אין אכט און פערציג שטונדען נאָך דעם, ווי די קראַנקהייט האָט זיך אָנגעפאַנגען.

עס בעווייזט זיך צוערשט אויף'ן נאַקען, ברוסט. אַקסלען, שטערען און האַנט-געלענקע. נאָכהער פערשפּרייט זיך עס איבער'ן גאַנצען קערפּער.

דער אויסשיט זעהט אויס ווי קליינינקע רויטע פּינטעלאַך, וואָס גע-פינען זיך אין דער הויט, ניט העכער פון דער הויט. דיזע פּינטעלאַך זיינען געדיכט געזעצט איינע נעבען די אַנדערע, דער צענטער פון יעדען פּינטעלע איז שטאַרק רויט און ארום די ברעגען איז עס עטוואָס בלייכער. ווען דער שאַרלאַך אויסשיט איז פאָלקאָם ענטוויקעלט זעהט עס אויס ווי העהל-רויטע פּינטעלאַך וואָלטען זיין אָנגעשטאָפּט אויף א ראָזעווע הינטערגרונד.

ווען מען געהט איבער מיט א פינגער־נאָגעל אָדער מיט א בליישטיפט איבער דער הויט ווערט א ווייסער שטריך, וואָס בלייבט פיר איניגע סע־קונדען צייט.

ניט לאנג צוריק האָט מען אויך בעמערקט, דאָס ווען מען דריקט צו אָדער מען קנייפט די הויט פון א שארלאך־קראנקען קינד פעראורזאכט מען קליינע בלוט־שטירצע אין דער הויט. דאָס זעלבע איז ניט דער פאל אין די אנדערע קראנקהייטען, וואָס זיינען ענליך צו שארלאך.

די רויטע פינטלאך פון שארלאך אויסשיט פערשווינדען, ווען מען דריקט זיי צו מיט'ן פינגער, זיי ערשיינען אָבער באלד ווידער אזוי שנעל ווי דער דרוק הערט אויף. אָפטמאָל זיינען די רויטע פינטעלאך עטוואָס הע־כער פון דער הויט, און גיסען זיך צוזאמען אין רויטע פלעקען, ספעציעל אויף די הענט און פיס.

געוועהנליך געפינט זיך דער אויסשיט אויף'ן גאנצען קערפער, ספע־ציעל אויף'ן בויך, אויף די אינערליכע זייט פון די פאָלקעס און אויף די אינערליכע זייט פון די געלענקע. דאָס פנים איז געוועהנליך פריי פון שאר־לאך־אויסשיט, נאָר עס האָט א כאראקטעריסטישען אויסזעהן: די באקען זיינען פערפלאמט און ארום מויל און ביידע ליפען איז א מערקווירדיגע בלייכקייט.

א גוטער ביישפיל פון א שארלאך־פנים איז דאָס געפארבטע פנים פון א „סטיילישע” (מאָדישע) מיידעל, וואָס פאָלגט די געזעצע פון מאדאם מאָדע. לויט דער יעצטיגער מאָדע פארבען זיך די מיידלאך די באקען רויט און די ליפען און ארום מויל ווייס. די, וואָס האָט די ערשטע איינגע־פיהרט דיזע מאָדע, האָט וואהרשיינליך געזעהן די געזיכט פון א שארלאך קראנקען און עס איז איהר שטארק געפעלען געוואָרען. אין פערלויף פון דריי טעג צייט איז דער שארלאך אויסשיט אויף'ן קערפער פאָלקאָם ענט־וויקעלט. (אין דיזער צייט איז די הויט עטוואָס געשוואָלען) דאן פאנגען די רויטע פינטלאך אָן לאנגזאם צו פערשווינדען.

אין דער צייט, ווען דער אויסשיט איז אויף'ן קערפער, איז דער האלז פון קינד שטארק אָנגעגריפען און טוט וועה. די טאנסילס זיינען געשוואָ־לען. וואָס שטארקער עס איז דער אויסשיט אלץ שטארקער זיינען די האלז־סמנים. א שארלאך־אויסשיט אָהן האלז־סמנים איז איז מעהרסטע פעלע ניט סקארלעט פיבער.

געוועהנליך איז אין האלז רויט און אָנגעשוואָלען און די גלענדס (דריזען) אין האלז זיינען אָנגעשוואָלען און שמערצליך. ווען דער אויסשיט פערגעהט ווערט אויך אין האלז לייכטער און מיט דעם פערשווינדען פון די רויטע פינטעלאך פערשווינדען אויך די האלז-סמנים.

די צונג איז זעהר כאראקטעריסטיש אין שארלאך. אין ערשטען טאָג פון דער קראנקהייט ווערט דער צונג בעדעקט ווי מיט א דיקע ווייסע פילץ. דעם צווייטען טאָג צייגען זיך רויטע אָנגעשוואָלענע פינטעלאך (פאפילי) אויף דער צונג און זיי שיינען דורך דעם קריעם-קאָלירטען שטאף, מיט וועלכען די צונג איז פערוואקסען. מען רופט די צונג דאן די „ווייסע סטראָובערי צונג". אַ עהנליכע צונג קען מען זעהן ביי א קינד, וואָס לייד פון מאָזלען אָדער דיפטעריא. דעם דריטען טאָג פאנגט אָן די ווייסע דעק פון צונג צו פערשווינדען. צוערשט פערשווינדט זיך פון שפּיץ-צונג און פון ארום די זייטען. די צונג זעהט דאן אויס ווי דעם צווייטען טאָג פון דער קראנקהייט. נאָר דער שפּיץ צונג און די זייטען זיינען רויט, ניט ווייס. דער פיערטען טאָג פערשווינדט דער ווייסער אָנגעוואָקסענער שטאף פון די גרעסטע טייל פון צונג, וועלכע זעהט יעצט אויס טיף רויט מיט זעהר פראָמינענטע רויטע „פּיפּקעלאך" אָדער „פאפילי". אין דיזען צושטאנד איז די צונג זעהר עהנליך צו א סטראָובערי, א פּיליניצע, ערדבעערע און מען רופט זי טאקע: די „רויטע סטראָובערי צונג" אָדער די „שארלאך צונג".

שפּעטער ווערען די רויטע „פּיפּקעלאך" עטוואָס קלענער און די צונג זעהט אויס ווי א שטיק רויהע פלייש. דיזעס אויסזעהן פון צונג דויערט אמאָל פון פערטען ביז'ן זיבענטען אָדער ביז'ן ניינטען טאָג פון דער קראנקהייט.

עס זיינען דאָ אנדערע סמנים, וואָס מען געפינט אין די אורין און אין בלוט פון'ם קראנקען קינד אָבער דיזע זיינען וויכטיג בלויז פאר'ן דאָקטאָר.

אין פערלויף פון די ערשטע צוויי, דריי טעג, וועהרענד דער אויסשיט האלט זיך אין ענטוויקלען, שטייגט די טעמפּעראַטור ביז 104 אָדער אפילו ביז 105 און דאָס קינד, ספּעציעל ביינאכט, ליגט ווי „פערטראָגען". ווען דער אויסשיט פאנגט אָן פערשווינדען, פאלט די טעמפּעראטור לאנגזאם, ערען טאָג א ביסעל ביז די גאנצע היץ פערשווינדעט און די טעמפּעראטור ווערט ווידער נאָרמאל.

ווען דער אויסשיט אויף׳ן קערפער פאנגט אן צו פערגעהן פאנגט די הויט אן זיך אפצושיילען. צוערשט פאנגט זיך דאס אן אויף׳ן פנים, דאן אויף די אנדערע טיילען פון קערפער אין דער זעלבער ארדנונג ווי דער שארלאך־אויסשיט האט זיך בעוויזען. אויף׳ן פנים קומט די הויט ארונטער אין קליי־נע שטיקעלאך ווי פיינע קלייען, פון די פינגער קומט די הויט ארונטער שטי־קערווייז, און מאנכע מאל געהט ארונטער די הויט מיט איין מאל פון גאנצע פינגער פונקט ווי גלאווס (הענטשקע). דאס שעהלען פון די הויט דויערט פון צעהן טעג ביז איינינע וואכען צייט.

די פארמע פון סקארלאטינא, וואס מיר האבען דא בעשריבען, איז די געוועהנליכע לייכטע פארמע פון דער קראנקהייט. עס זיינען דא פעלע ווען די קראנקהייט איז פיעל ערנסטער און געפעהרליכער.

אין מאנכע פעלע זיינען די סמנים פון דער קראנקהייט ביים אנפאנג פיעל ערנסטער. דער האלז טוט וועה גלייך פון אנפאנג, דאס שלינגען איז שווער און שמערצליך, די טאנסילס (מאנדלען) זיינען געשוואלען און טיף רויט אדער ווייאלעט און קליינע ווייסע פינטעלאך ווערען נאכהער פערוואנ־דעלט אין וואונדען. די דריזען אין דער נאכבארשאפט זיינען געשוואלען, הארט און שמערצליך. דאס געזיכט איז דונקעל רויט, דער פולס איז קליין און שנעל און די טעמפעראטור איז הויך.

דאס קינד זעהט אויס זעהר קראנק. און אין אזעלכע פעלע איז דאס קינד אין א פיעל גרעסערע געפאהר פאר נאכוועהענישען און אויך צו פער־לירען זיין לעבען.

אין מאנכע פעלע פאנגט שארלאך זיך אן מיט קאנוואולכיעס און א שטארקעס ברעכען, די טעמפעראטור שטייגט ביז 106 אדער 108 גראד און אין די מעהרסטע פעלע שטארבט דאס קינד. אין אנדערע פעלע, אויסער די אויבען־דערמאהנטע סמנים בלוטעט אויך דאס קינד פון מויל, נאז, קיש־קעס און אנדערע פלעצער. דאס לעבען פון קינד, וואס ליידעט פון דיזער פארמע פון שארלאך, איז אין גרויס געפאהר.

## נאכוועהענישען פון שארלאך.

די נאכוועהענישען פון שארלאך זיינען גאנץ ערנסטע. „נעפריטיס", אדער נירען־ענטציגדונג איז א זעהר אפטע נאכוועהעניש פון דיזער קראנק־הייט און אין פיעלע פעלע איז די נירען־קראנקהייט, וואס ווערט פעראור־

זאַכט פון שאַרלאַך גיפט, וואָס געפינט זיך אין קינד'ס קערפּער, די אורזאַכע פון קינד'ס טויט.

פערשיידענע פאָרמען פון האַרץ־קראַנקהייט קענען קומען אַלס דירעקטע אורזאַכע פון שאַרלאַך. אין דער צייט, ווען דאָס קינד איז זעהר אָפּגעשוואַכט פון דער שאַרלאַך־קראַנקהייט, קען עס לייכט קריגען אויך אַנדערע קראַנקהייטען ווי דיפטעריאַ, בראָנקיטיס, לונגען־ענטצינדונג און אַנדערע קראַנקהייטען. אין אַזאַ פאַל, ווען דאָס קינד איז אָפּגעשוואַכט פון איין קראַנקהייט, איז זעהר שווער פאַר דעם קינד אויסצוהאַלטען צוויי קראַנקהייטען מיט איין מאָל.

איין אַטאַקע פון שאַרלאַך בעשיצט געוועהנליך געגען אַ צווייטע אַטאַקע. אין מאַנכע פעלע קען אַ מענש ליידען פון אַ צווייטע אַטאַקע אָבער ערשט אין פיעלע יאָהרען אַרום נאָך דעם, ווי ער האָט זיך ערהאָלט פון דער ערשטער שאַרלאַך־קראַנקהייט.

אין אַרום איינס פּראָצענט פון אַלע שאַרלאַך־פעלע, דאָס הייסט אין איין פאַל פון הונדערט קינדער, וואָס ליידען פון דיזע קראַנקהייט, קומט אַ צווייטע אַטאַקע אין פיער אָדער פינף וואָכען אַרום, נאָך איידער דער קראַנקער האָט זיך פאָלקאָמען ערהאָלט פון דער ערשטער קראַנקהייט. אין דיזען פאַל איז די צווייטע קראַנקהייט פיעל מילדער פון דער ערשטער.

## ווי זיך אויסצוהיטען פון שאַרלאַך.

דער איינציגער וועג ווי אויסצוהיטען אַ קינד פון קריגען סקאַרלעט איז עס אָפּצוהיטען עס זאָל ניט קומען אין בעריהרונג מיט אַ קינד, וואָס ליידעט שוין פון דער קראַנקהייט.

גליקליכערווייזע איז דיזע קראַנקהייט ניט אַנשטעקענד איידער זי איז פאָלקאָם ענטוויקעלט. אין דיזער הינזיכט אונטערשיידעט זיך שאַרלאַך פון מאָזלען, ווייל אין מאָזלען איז די קראַנקהייט זעהר אַנשטעקענד נאָך איידער זי איז פאָלקאָם ענטוויקעלט. אָבער אַזוי שנעל ווי דאָס קינד, וואָס האָט שאַרלאַך, ווערט קראַנק איז יעדעס קינד, וואָס קומט אין נאָהענטער בעריהרונג מיט'ן קראַנקען קינד, אין געפאַהר זיך אָנצושטעקען מיט דער קראַנקהייט.

אויכהיטען די קינדער פון געהן אין הייזער, וואו עס געפינט זיך אַ פאַל פון שאַרלאַך און זיך ניט שפּילען מיט די קראַנקע קינדער פיר אַכט אָדער צעהן וואָכען נאָך דעם, ווי זיי ערהאָלען זיך פון דער קראַנקהייט, איז

דאס בעסטע מיטעל, וואס מיר ווייסען יעצט ווי זיך אויסצוהיטען פון קריגען שארלאך.

## וואס צו טאן ווען א קינד קריגט שארלאך.

ווען א קינד ווערט שוין קראנק אויף שארלאך דארף מען עס האלטען אין א בעזונדערען צימער אפגעזונדערט ניט נאר פון אנדערע קינדער נאר אויך פון ערוואקסענע מענשען, אויסער פון דאקטאר און די נוירס, וואס דארף זיך שטענדיג געפינען נעבען קינד. די וואס זיינען צו ארים אדער קענען ניט צוליב אנדערע אומשטענדען געבען דעם קינד די נויטיגע אויפפאסונג דארפען אוועקגעבען דאס קינד אין א האספיטאל פיר אנשטעקענדע קראנקהייטען, דאס איז בעסער ניט נאר פאר'ן קינד זעלבסט, נאר אויך פאר אלע ארומיגע קינדער.

די מעהרסטע מוטערס ווילען ניט געבען זייערע קינדער אין א האספיטאל און זיי זיינען שטארק אין כעס אויף'ן דאקטאר, וואס האט געמעלדעט זייער פאל אין „באארד אוו העלטה" און מען האט אויפגעקלעפט א רויטען צעטעל אויף דער טיר.

די מעהרסטע מוטערס זיינען זעהר אונצופרידען פון דיזען רויטען צעטעל, ווייל מען מיידעט אויס זייער שוועל און זיי פיהלען זיך ווי אויסגעשטויסענע פון דער געזעלשאפט. אבער די זעלבע מוטער וואלט געוואָרען וויטהענד, ווען זי וואלט זיך דערוואוסט, דאס איהר קינד איז קראנק געווארען און וועט פילייכט שטארבען בלויז דערפאר, וואס א צווייטע נארישע מוטער האט זיך געשעהמט צו האבען א רויטען צעטעל אויף'ן טיר. דער איינציגער אויסוועג ניט צו האבען א רויטען צעטעל אויף דער טיר איז צו שיקען דאס קראנקע קינד אין האספיטאל פאר אנשטעקענדע קראנקהייטען.

סקארלעט פיבער איז אן ערנסטע קראנקהייט און א זעהר געפעהרליכע קראנקהייט. אפטמאל, אפילו ווען דאס קינד ווערט געזונד איז עס אויך ניט פריי פון די ערנסטע פאלגען פון שארלאך. פערשיידענע צופעלע קענען זיך מאכען. די גאנצע צייט פון דער קראנקהייט מוז מען שטרייגג אכטונג געבען אויף'ן קינד'ס האלז, אויף'ן הארץ, אויף די אויערען און אויף די ניערען. דאס קינד מוז געהאלטען ווערען אזוי בעקוועם ווי מעגליך און ווי ווייט נאר מעגליך מוז מען עס בעשיצען געגען קאמפליקאציעס. דאס קען

געטאָן ווערען נאָר ווען דאָס קינד איז די גאַנצע צייט פון דער קראַנקהייט אונטער דער אויפזיכט פון א דאָקטאָר.

דאָס קינד מוז בלייבען אָפּגעזונדערט פאַר זעקס אָדער אכט וואָכען, און יעדע זאַך, וואָס קומט אין צימער פון קראַנקען מוז דיסאינפּעקטירט ווערען איידער מען געברויכט עס נאָך אמאָל. דאָס איז נויטיג כדי צו פער־ניכטען די מיקראָבען פון שאַרלאַך, וואָס האָבען זיך פיליכט אָנגעזאַמעלט אויף דיזען געגענשטאַנד. די גאַנצע צייט פון דער קראַנקהייט מוז דאָס קינד זיין אונטער דער אויפזיכט פון א נוירס, וואָס קען דורכפיהרען אַלע פאַרשריפטען פון דאָקטאָר.

שאַרלאַך איז א זעהר ערנסטע און געפעהרליכע קראַנקהייט און אין די מעהרסטע פעלע איז עס אויך א קאָסטבאַרע קראַנקהייט.

זיך צו פערלאָזען אויף באַבסקע רפואות אין דיזען פאַל מיינט ניט נאָר צו שטעלען אין געפאַהר דאָס לעבען פון קראַנקען קינד, נאָר צו שטעלען אין געפאַהר אויך דאָס געזונד און לעבען פון אנדערע קינדער. און קיינער האָט קיין רעכט צו שטעלען אין געפאַהר פרעמדע קינדער אפילו ווען מיר זאָלען שוין צוגעבען, דאָס איבער זייערע אייגענע קינדער האָבען די עלטערען א רעכט צו ענטשיידען וואָס איז בעסער פאַר זיי. ווען מען קען ניט אויס־פיהרען צו געבען א קראַנקען קינד די בעסטע פּפלעגע אין הויז דאַרף מען דאָס קינד שיקען אין א האָספּיטאָל. נאָר אויף אזא אופן איז מעגליך אויס-צוהיטען אנדערע קינדער פון קריגען שאַרלאַך.



# דיפטעריא.

וואס די קראנקהייט איז — די באצילען, וואס פעראורזאכען די קראנקהייט — ווי אזוי די קראנקהייט פערשפרייט זיך — מענשען, אויף וועמען דיפטעריא האט קיין שליטה ניט — די רפואה צו דיפטעריא — אנטי-טאקסין — וואס דיזער געגען-גיפט איז — ווי אזוי ער ווערט געשאפען — די בעסטע צייט, ווען צו בענוצען דיזען זיכערסטען מיטעל געגען דער קראנקהייט.

דיפטעריא איז שוין זעהר אן אלטע קראנקהייט, וואס אטאקירט מעהר-סטענס יונגע קינדער. עפידעמיעס פון דיפטעריא האבען פאסירט נאך אין אלטערטום און אין מיטעלאלטער, און ביז היינטיגען טאג צעהלען זיך די קרבנות פון דיפטעריא אין די הונדערטע טויזענדע.

אפילו ביי היינטיגען טאג, טראץ אונזער גענויע בעקאנטשאפט מיט דיזער קראנקהייט און די זיכערע מיטלען, וואס מיר האבען געגען דיפטעריא, איז די צאהל קרבנות פון דיזער קראנקהייט, בלויז אין ניו יארק סטייט, צוואנציג טויזענד יעדען יאהר און ארום צוויי טויזענד פון זיי שטארבען.

ביז מיט עטליכע און דרייסיג יאהר צוריק האט מען ניט געוואוסט גענוי די אמת'ע אורזאכע פון דיפטעריא. קעלט, נעץ, שלעכטע גערוכען, אונריינליכקייט און פיעלע אנדערע אורזאכען זיינען אנגעגעבען געווארען פאר דיזער קראנקהייט, אבער טראץ אלע אנשטרענגונגען דיזע אורזאכען צו בעזייטיגען, איז די צאהל דיפטעריא קרבנות ניט קלענער געווארען.

אין די הונדערטע טויזענדע האבען זיך דיזע קרבנות געצעהלט אין יעדען לאנד. אין די מילדע עפידעמיעס זיינען ארום צוואנציג פראצענט (אדער איינער פון יעדע פינף) פון די קראנקע געשטארבען, אין שטארקערע עפידעמיעס זיינען בלויז צוואנציג אדער זאגאר פופצעהן פראצענט פון די

קראנקע לעבען געבליבען. דורכשניטליך זיינען העכער א העלפט פון אלע קראנקע געשטארבען.

און דער טויט פון דיפטעריא איז א שרעקליכער. דאס קינד ווערט לאנגזאם דערשטיקט דערפון, וואס די לופט-רעהרען, דורך וועלכע עס אטהעמט, ווערען פערלעגט. ווער עס האט ווען עס איז געזעהען די שוידער-ליכע סצענע ווי א קינד שטארבט פון דיפטעריא, ווער עס קען זיך בלויז פארשטעלען די ליידען פון א מוטער אדער פאטער, ווען זיי זעהען ווי זייער קינד מוטשעט זיך און ווערט לאנגזאם דערשטיקט פאר זייערע אויגען און קיין מאכט אין דער וועלט קען עס ניט רעטען, און ווער עס האט נאך דאבײ אין זינען, דאס אזעלכע סצענעס פאסירען אין די טויזענדע אויף יעדען ווינקעלע פון ערד-קוגעל, דער וועט וויסען ווי ריכטיג אפצושאצען די אײ-דעלע געפיהלען פון די „אנטיוויוויסעקשאניסט" (צער בעלי חיים'ניקעס). די איידעלע דאמען און הערען, וואס פיהרען אן א שטארקען קאמף צו פער-ווערען וויסענשאפטלייטע צו מאכען עקספערימענטען אויף חיות און זיי אנשטעקען מיט פערשיידענע קראנקהייטען. א דאנק אזעלכע עקספערימענ-טען איז געלונגען אויסצוגעפינען ניט נאר די אמת'ע אורזאכע פון דיפטעריא, נאר אויך א זיכערען מיטעל ווי די קראנקהייט צו בעקעמפען.

ביי היינטיגען טאג קען כמעט יעדעס קינד, וואס קריגט דיפטעריא, גערעטעט ווערען אויב מען פערכאפט עס נאר באלד, ווי דאס קינד ווערט קראנק. כמעט יעדעס קינד, וואס שטארבט יעצט פון דיפטעריא איז א קרבן פון אימיצענ'ס נאכלעסיגקייט.

## די אמת'ע אורזאכע פון דיפטעריא.

די אמת'ע אורזאכע פון דיפטעריא איז ניט געווען בעקאנט ביז'ן יאהר 1883. אין יענעם יאהר האט דער באקטעריאלאגיסט (איינער וואס גיט זיך אפ מיט שטודירען דעם לעבען פון באצילען) קלעבס, ענטדעקט א בעשטימטען סארט באצילען, וואס איז אנוועזענד אין יעדען פאל פון דיפ-טעריא. מיט אייניגע מאנאטען שפעטער, האט א צווייטער באקטעריאלא-גיסט, לעפלער, געמאכט די זעלבע ענטדעקונג און האט דערצו אויסגעפונען נאך איניגע פאקטען וועגען דיזע באצילען. פון דאן אן רופט מען דיפ-טעריא באצילען נאך'ן נאמען פון די צוויי וויסענשאפטס-לייטע קלעבס-לעפלער.

אונצעהליגע עקספערימענטען זיינען שוין זייט דאן געמאכט געווארען און ביי היינטיגען טאג איז שוין ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט, דאס דיזע באצילען זיינען די אמת'ע אורזאכע פון דיפטעריא.

דורך א גענויע שטודיום וועגען ארט לעבען און געוואוינהייטען פון דיזע באצילען און ווי אזוי זיי אטאקירען דעם קראנקען איז מעגליך געוועזן נאכהער צו ענטדעקען איינע פון די ווירקזאמסטע וואפען, וואס די דאק-טוירים פערמאגען יעצט אין'ם קאמף געגען דיזער קראנקהייט — די אנטי טאקסין אדער געגען-גיפט צו דיפטעריא.

## ווי אזוי די קראנקהייט פערשפרייט זיך.

דורך די ענטדעקונג פון די קלעבס-לעפלער אדער דיפטעריא באצילען איז מעגליך געוועזן זיך נעהענטער צו בעקענען מיט דער ארט און ווייזע ווי אזוי דיזע באצילען פערשפרייטען זיך פון איין מענשען צום אנדערען. דורך עקספערימענטען מיט די באצילען אין דער לאבאראטאריע האט מען אויסגעפונען, דאס דיזע מיקראבען גלייבען פייכטקייט און פינסטערניש. אין א טרוקענער לופט און אונטער זונען-שטראלען שטארבען די מיקראבען אין א צוויי-דריי טעג צייט. אין א פייכטער פינסטערער אומגעבונג קענען זיי לעבען איניגע וואכען צייט.

דאס צייגט, אז הויז-ארטיקלען אדער ביכער, וואס ווערען געהאלטען טרוקען און אין דער ליכטיגקייט קענען בלויז זעלטען זיין אנגעגטען, וואס זאלען פערשפרייטען די באצילען פון'ם קראנקען צו געזונדע מענשען. די מעהרסטע באצילען געפינען זיך אין מויל, האלז און נאז פון קראנקען. ווען ער הוסט, ניסט אדער רעדט, פערשפרייט דער קראנקער ארום זיך אונצעה-ליגע קליינע טראפעלאך שפייעכץ אדער שליים און אין יעדען פון דיזע פייכטע טראפעלאך געפינען זיך גאנצע מחנות באצילען.

די מענשען, וואס שטעהען נאהענט צום קראנקען, ווי די מיטגלידער פון זיין פאמיליע, דער דאקטאר, די נוירס, אדער די ארטיקלען, וואס דער קראנקער געברויכט, ווי לעפעל, גלעזער, אדער שפיל-צייג, וואס ער נעהמט אין מויל, ווערען מעהרסטענס אנגעשטעקט מיט די דיפטעריא באצילען. די מענשען, וואס ווערען אויף אזא ארט אנגעשטעקט מיט די דיפטעריא באצילען ווערען אליין קראנק אדער שטעקען אן אנדערע מיט דער קראנקהייט און פון די געשיר אדער שפיל-צייג, וואס איז פערפעסטעט מיט די באצילען, שטעקען זיך אן מיט דער קראנקהייט די, וואס געברויכען זיי נאך'ן קראנקען.

ווען די באצילען קומען אריין אין האלז פון קינד דויערט געוועהנליך איינינע טעג צייט ביז זיי שאַפען גענוג גיפט אין קערפער צו פעראורזאכען די קראנקהייט. אונטער דיזער צייט איז דאָס קינד „פאָלקאָם” געזונד. עס געהט אין סקול (שוהלע) אָדער אין גאַס צווישען אנדערע קינדער און ווי אַלע קינדער נעהמט עס יעדע זאַך אין מויל אריין. עס פאסירען אויך מילדע דיפטעריא פעלע, ווען דאָס קינד איז ניט שטארק קראנק און עס ליגט ניט צו בעט אפילו ווען די קראנקהייט איז פאָלשטענדיג ענטוויקעלט. יעדע זאַך, וואָס אזא קינד נעהמט אין מויל אריין ווערט אנגעשטעקט מיט דיפ־טעריא באצילען און אויב א צווייטעס קינד קריגט א לעק טאָן דאָס שטיקעל קענדי (צוקערקע), וואָס דאָס אנגעגריפענע קינד האלט אין מויל, אָדער עס נעהמט אין מויל אריין אַ בליישטיפט אָדער אירגענד וועלכע שפיל=צייג, וואָס דאָס אנגעגריפענע קינד האָט פריהער געהאַלטען אין מויל, ווערט דיזעס צווייטע קינד אנגעשטעקט מיט דיפטעריא.

יעדעס מאָל וואָס דאָס קראנקע קינד הוסט אָדער ניסט פערשפרייט עס ארום זיך מיליאָנען באצילען און די אנדערע קינדער פערשטעהען ניט גענוג זיך צו היטען אום ניט בעשפריצט צו ווערען מיט די שפייעכץ אָדער שליים פון'ם קינד.

די גרעסטע צאָהל דיפטעריא קראנקע זיינען קינדער פון 2 ביז 5 יאָהר אַלט און דאָס איז די צייט, ווען קינדער זיינען אַם מעהרסטען גענייגט צו נעהמען יעדע זאַך אין מויל. מעגליך אַז דערפאַר טאַקע ליידען ערוואקסע־נע מענשען ווייניגער פון דיפטעריא, ווייל זיי קומען ניט אין אזא אינטימער בעריהרונג איינער מיט'ן אנדערען ווי קליינע קינדער. א מוטער קען אָפט מאָל פערשפרייטען די קראנקהייט פון איין קינד צום אנדערען דורך קושען א קראנקעס קינד, וואָס ליידעט פון דיפטעריא און נאכהער קושען א גע־זונדעס קינד.

פיעלע עלטערן זיינען שטארק דאגעגען, ווען א דאָקטאָר מעלדעט דער באָארד אָוו העלטה וועגען א דיפטעריא פאַל אין זייער פאמיליע. אַן אינ־ספעקטאָר פון די באָארד אָוו העלטה קומט גלייך און קלעפּט אָן א דיפטע־ריא=צעטעל אויף'ן טיר און אַלע אנדערע איינוואוינער היטען זיך פון אריינ־געהן אין הויז פון קראנקען. די עלטערען זיינען שטארק דאגעגען דיזע האנדלונג פון דאָקטאָר, דערפאַר וואָס פאַר א קורצע צייט מיידעט מען אויס זייער וואוינונג. אָבער א דאנק דיזען דיפטעריא=צעטעל אויף'ן טיר, ווערען צעהנדליגע און פיליכט הונדערטע אנדערע קינדער פערהיט פון קריגען דיפ־

טעריא אויף א דירעקטען אָדער אינדירעקטען אופן. וועלכע מוטער וואָלט עס וועלען, דאָס איהר קינד זאָל זיך אָנשטעקען מיט דיפטעריא באַצילען בלויז דערפאר, וואָס אן אנדער פרוי וויל ניט האָבען די לייכטע אונאנגענעמ־ליכקייט פון האָבען א דיפטעריא־צעטעל אויף איהר טיר?

## ווען די דיפטעריא באַצילען קומען אריין אין קערפּער.

ווען די באַצילען כאַפּען זיך אריין אין דעם קינד'ס קערפּער, געוועהנ־ליך דורך'ן מויל, זיינען זיי צו קליין אין צאָהל זיי זאָלען קענען פעראורזא־כען פיעל שאדען. די באַצילען בעזעצען זיך דאן געוועהנליך אין האלז, אויף די טאָנסילס אָדער אין מאַנכע פעלע אין דער נאָז.

איינעגע טעג צייט פערברייגנען דיזע באַצילען אין פערמעהרען זיך און אין אויסארבייטען גיפטען. דיזע גיפטען ווערען איינגעזאַפּט אין'ם בלוט און צופיהרט איבער'ן גאנצען קערפּער. די באַצילען זעלבסט פערבלייבען אויף איין פּלאַץ, זייער גיפט פערשפּרייט זיך אָבער איבער'ן גאנצען קערפּער.

ווען עס זאַמעלט זיך אָן אין קערפּער גענוג גיפט פאנגט דעם קינד אָן וועה צו טאָן אין האלז, שלינגען ווערט שמערצליך, עס קריגט היץ, דאָס קינד ווערט בלייך און שוואך. ווען מען קוקט אריין אין האלז פון קינד זעהט מען ווי די אינערליכע הויט פון האלז איז רויט און אָנגעשוואָלען און די טאָנסילס אָדער פיליכט אויך די אַרומיגע פּלעצער פון האלז און אין מאַנכע פעלע די הינטערשטע טייל פון גומען איז בעדעקט מיט גרויע פאַלשע הויט. דיזע פאַלשע הויט שוויבעלט און גריבעלט מיט דיפטעריא־באַצילען.

אין א זעהר לייכטען פאַל געדויערט די קראנקהייט א דריי אָדער פיר טעג און די היץ פערשווינדעט, דאָס קינד קריגט צוריק אַפּעטיט צו עסען, די פאַלשע הויט פון האלז פערשווינדעט און דאָס קינד פאנגט אָן זיך צו ערהאָ־לען פון דער קראנקהייט.

אין אנדערע פעלע זיינען אַלע סמנים פיעל ערגער, ווי אין אויבען־דערמאָהנטען פאַל. די דיפטעריא־הייטעל אין האלז פערשפּרייט זיך אויף א גרויסע שטרעקע און דרינגט אריין אויך אין דער נאָז, דאָס קינד איז זעהר שוואך און קראנק און ליידעט שרעקליכע קאָפּ־שמערצען. שלינגען איז כמעט אונמעגליך און עס פעראורזאכט ברעכען. פון קינד'ס מויל הערט זיך א שלעכטער גערוך און עס געהט ביי איהם אָפּט בלוט פון מויל אָדער נאָז. דיזע פאָרמע פון דער קראנקהייט איז א זעהר ערנסטע און פיעלע קינדער, וואָס קריגען עס שטארבען.

עס איז דאָ א דריטע פאָרמע פון דער קראַנקהייט, אין וועלכע דאָס קינד איז אין א בעוואוסטלאָזען צושטאַנד און די מעהרסטע פון דיזע קראַנקע שטאַרבען.

די פאָרמע פון דער קראַנקהייט ווענדעט זיך אָן דער גיפטיגקייט פון די באַצילען, אָן דער מאָס גיפט, וואָס זיי ארבייטען אויס און אָן דער ווידערשטאַנדס=קראַפט פון'ם קינד'ס קערפער צום גיפט פון די באַצילען.

פאַראַן קינדער, וואָס בעזיצען אין זייער בלוט א גענוגענדע דאָזע געגען=גיפט געגען דעם גיפט פון די דיפטעריא=באַצילען. אויף אזא אופן האָבען די באַצילען אויף זיי קיין שום ווירקונג ניט. פאַראַן אזעלכע שוואַכע קינדער, וואָס קענען ניט אויסהאַלטען די גיפט, וועלכע די באַצילען פּראָדוצירען און דיזע קינדער שטאַרבען פון דער קראַנקהייט.

ניט אַלע דיפטעריא=קראַנקע, וואָס בלייבען לעבען, ווערען פאָלקאָם געזונד. מאַנכע פון זיי ליידען פון פאַראַליזים, אנדערע פון בלוט=ארמוט, ביי מאַנכע ווערען די לונגען אָנגעגריפען און זיי ליידען פון לונגען=ענטצינדונג, ביי אנדערע ווערען די נירען אָדער דאָס הארץ אָנגעגריפען. אין בעסטען פאַל איז דיפטעריא א זעהר ערנסטע און געפעהרליכע קראַנקהייט.

## אנטיטאָקסין.

אזוי שנעל ווי מען האָט אויסגעפונען, אז די קלעבס=לעפלער באַצילען זיינען די אורזאַכען פון דיפטעריא און דאָס די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט ניט פון די באַצילען זעלבסט נאָר פון'ם גיפט, וואָס זיי פּראָדוצירען, האָט מען אָנגעפאַנגען זוכען מיטלען ווי אזוי די קראַנקהייט צו בעקעמפפען דורך אונשעדליך מאַכען זייער גיפט.

עקספּערימענטירענדיג אין די לאַבאָראַטאָריעס מיט פערשיידענע חיות, הויפּטזעכליך מיט „גיני=פּיגס" (א זיד=אַמעריקאַנער קראָליקעל) האָט מען בעמערקט, דאָס ווען מען שפּריצט איין אין אזא חיה'לע א קליינע דאָזע דיפטעריא=באַצילען, וואָס זיינען ניט לעבענס=געפעהרליך, וועט די גיני פּיג נאָך'ן ערהאָלען זיך פון דער קראַנקהייט קענען אויסהאַלטען א גרעסערע דאָזע באַצילען און ניט קראַנק ווערען. אויף אזא ארט קען מען ביסלעכווייז פערגרעסערען די דאָזע באַצילען ביז ענדליך קען מען איינשפּריצען אין דיזען גיני פּיג אזא גרויסע דאָזע באַצילען, וואָס וואָלטען זיכער געטויטעט די זעלבע חיה'לע, אויב זי וואָלט ניט געווען געקראָגען פריהער די קלענערע דאָזעס באַצילען.

**ווי אזוי קען מען ערקלערען דיזע ערשיינונג?**

די טעאָריע, וואָס זוכט צו ערקלערען ווי אזוי די קליינע דאָזעס באַ־צילען קענען רעטען דאָס לעבען פון דער חיה און זי בעשיצען געגען גרעסערע דאָזעס באצילען איז ווי פאָלגט:

ווען די באצילען שיקען ארויס זייער גיפט אָדער „טאָקסין", ווערט דער גיפט איינגעזאפט אין'ם בלוט פון דער חיה אָדער פון מענשען, אין וועלכע די באצילען געפינען זיך, און דאָס בלוט צופיהרט דעם גיפט איבער אַלע טיילען פון קערפער. די צעלען פון קערפער, ווערענדיג גערייצט פון דיזען גיפט, פּראָדוצירען א געגען־גיפט, אָדער „אנטי טאָקסין". דיזער גע־גען־גיפט ווערט אויך איינגעזאפט אין'ם בלוט און צופיהרט איבער'ן גאנ־צען קערפער. ווי נאָר דער געגען־גיפט באגעגענט דעם גיפט פון די דיפ־טעריא באצילען ווערט דער גיפט אונשעדליך, דער געגען־גיפט פערניכטעט איהם.

דיזער געגען־גיפט אָדער אנטיטאָקסין, שווימט ארום פריי אין בלוט אויף א קורצע צייט נאָך דעם, ווי דער גאנצער גיפט פון די דיפטעריא־בא־צילען איז שוין ניטאָ און דארום, ווען פרישע באצילען קומען אריין אין קער־פער און פאנגען אָן צו פּראָדוצירען זייער גיפט, האָט דער גיפט קיין ווירקונג ניט, ווייל ער ווערט פערניכטעט פון'ם געגען־גיפט, וואָס געפינט זיך אין'ם בלוט.

עקזאמענירענדיג דאָס בלוט פון מענשען און חיות, וואָס ערהאָלען זיך פון דיפטעריא־קראנקהייט, האָט מען אויסגעפונען, אז דאָס בלוט פון אזעל־כע פּערזאָנען אָדער חיות איז ווירקליך אימשטאנדע צו פערניכטען די טאָק־סינס אָדער גיפטען פון די דיפטעריא־באצילען.

די פּראָבלעמע צו בעקעמפען די דיפטעריא־באצילען איז דערמיט געלעזט געוואָרען. די בעסטע, שטארקסטע און ווירקזאמסטע וואפע געגען דיפטעריא איז דאָס אריינשפּריצען אין'ם קראנקען דעם בלוט סערום, פון א חיה, וואָס האָט זיך נאָר וואָס ערהאָלט פון דיפטעריא־קראנקהייט.

אנטיטאָקסין איז ענטדעקט געוואָרען פון א געלערנטען מיט'ן נאָמען בעהרינג אין יאָהר 1890. און זייט מען האָט אָנגעפאנגען צו געברויכען אנטיטאָקסין איז די צאָהל שטערבע־פעלע צווישען דיפטעריא־קראנקע ארונ־טערגעפאלען פון פינף און פופציג פּראָצענט אויף זעכצעהן און אין מאנכע פעלע אויף צעהן פּראָצענט.

דער גאַנג פון דער קראַנקהייט און די געפאַהר פאַר'ן דיפטעריא־קראַנ־קען ווענדעט זיך אָן דעם ווי שנעל ער קריגט די אנטיטאָקסין. וואָס פריהער ער קריגט די איינשפּריצונג פון אנטיטאָקסין אַלץ בעסער. ווי נויטיג עס צו געברויכען אנטי טאָקסין גלייך אין אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט קען מען זעהן פון פאָלגענדען בעריכט פון איין האָספּיטאַל:

פון 187 קראַנקע פעלע, וואו קינדער האָבען געקראָגען אנטי טאָקסין דעם ערשטען טאָג פון דער קראַנקהייט, איז קיין איין קינד ניט געשטאָרבען.

פון 1186 קראַנקען־פעלע, וואו די קינדער האָבען געקראָגען אנטי טאָקסין דעם צווייטען טאָג פון דער קראַנקהייט, זיינען פיער און א האַלב פּראָצענט פון די קינדער געשטאָרבען.

פון 1233 קינדער, וואָס האָבען געקראָגען אנטי טאָקסין דעם דריטען טאָג פון דער קראַנקהייט, זיינען עלף פּראָצענט געשטאָרבען.

פון 963 קינדער, וואָס האָבען ניט געקראָגען קיין אנטי טאָקסין ביז'ן פערטען טאָג פון דער קראַנקהייט, זיינען זיבעצעהן פּראָצענט געשטאָרבען.

און פון 1260 קינדער, וואָס האָבען ניט געקראָגען קיין אנטי טאָקסין ביז'ן פינפטען טאָג פון דער קראַנקהייט, זיינען צוואַנציג פּראָצענט גע־שטאָרבען.

דיזער רעקאָרד, וואָס איז בלויז איינער פון פיעלע, צייגט אַז וואָס פריהער מען געברויכט די אַנטיטאָקסין אַלץ זיכערער איז דאָס קינד צו בליי־בען לעבען. און דערפאַר טאָקע רעקאָמענדירט דר. וויליאַם ה. פּאַרק, הויפּט־באַקטעריאָלאָג פון ניו יאָרק העלטה דעפּאַרטמענט, צו געבען דעם קינד אנטי־טאָקסין אַזוי שנעל ווי דער דאָקטאָר פערדעכטיגט נאָר, אַז דאָס קינד ליידעט פון דיפטעריא, נאָך איידער מען האָט געפונען די דיפטעריא באַצילען אין קינד'ס האַלז.

מיר ווייסען, דאָס פיעלע דאָקטוירים, ספּעציעל צווישען אידען האָ־בען גרויסע צרות איידער זיי געלינגט איינצורעדען די עלטערן פון קינד, זיי זאָלען לאָזען איינשפּריצען דעם קינד אנטיטאָקסין, און אויב דער בע־ריכט פון די באָארד אוו העלטה, וואָס זיי ערהאַלטען, לויטעט, דאָס מען האָט ניט געפונען קיינע דיפטעריא באַצילען אין'ם סעמפּעל, וואָס דער דאָקטאָר האָט צוגעשיקט, האַלטען זיי דיזען דאָקטאָר פאַר א פּאַרטאַטש, וואָס האָט זיי פעראורזאַכט אומזיסטע טראָבעל און אויסגאַבען. דער אמת איז, דאָס באַלד אין אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט איז זעהר שווער צו קריגען דיפטעריא

באצילען אין קינד'ס האלז און אויב דער דאָקטאָר זאָל וואַרטען ביז ער וועט זיכער קענען געפינען דיפטעריא באצילען איידער ער וועט געבען די אנטי-טאָקסין, שטעלט ער דאָס לעבען פון קינד אין געפאהר.

עלטערן דארפען דארום דאנקבאר זיין דעם דאָקטאָר, וואָס גיט זייער קינד בעצייטענס די אנטיטאָקסין און ווארט ניט צו לאנג, ניט נאָר ניט זיין כעס אויף איהם.

# די געפאהר פון אנטיטאקסין.

ייגען דאָ געוויסע פערזאָנען, וואָס קעמפען געגען אנטיטאָקסין און ראטען עלטערן זיי זאָלען אויף קיין פאַל ניט לאָזען, מען זאָל זייערע קינדער איינשפריצען אנטיטאָקסין, ווייל דאָס קינד קען נאָך שטאַרבען דערפון.

דער אמת איז, דאָס אין איין פאַל פון יעדע צעהן טויזענד פעראור-זאכט די אנטיטאָקסין א לייכטע ענטצינדונג און איין קינד פון יעדע פופציג טויזענד, וואָס קריגען די איינשפריצונג שטאַרבט. דאָס איז דערפאַר, וואָס דיזע קינדער קענען ניט פערליידען אין זייער בלוט קיין בלוט-סערום פון א פערד, און ווען מען זאָל זיי איינשפריצען ריינעם סערום וואָלטען זיי אויך געשטאָרבען.

פערגלייכט דיזע געפאהר מיט דער ריזיגער צאָהל לעבענס, וואָס די אנטיטאָקסין האָט שוין געראַטעוועט און ראטעוועט יעדען טאָג און אורטיילט אליין צו די געגנערס פון אנטיטאָקסין זיינען גערעכט.

איידער מען האָט געברויכט אנטיטאָקסין פלעגען שטאַרבען העכער א העלפט פון אלע, וואָס זיינען קראַנק געוואָרען אויף דיפטעריא. זייט מען האָט אָנגעפאנגען געברויכען אנטיטאָקסין שטאַרבען בלויז איינער פון צעהן קראַנקע, און די גרעסטע צאָהל פון דיזע טויטען-פעלע פאַסירען דערפאַר, וואָס מען האָט בעצייטענס ניט איינגעשפריצט די אנטיטאָקסין.

א דאנק די אנטיטאָקסין איז אויך מעגליך יעצט צו פערזיכערען קראַנ-קע געגען קריגען דיפטעריא ניט נאָר צו קורירען די קראַנקהייט. אנטי-טאָקסין אַן און פאַר זיך איז אבסאָלוט אונשעדליך. אויב אייער קינד האָט דיפטעריא און איהר לאָזט איהם גלייך אין אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט איינ-שפריצען אנטיטאָקסין, האָט עס העכער ניינציג פּראָצענט אויסזיכטען צו בלייבען לעבען און זיין געזונד. עס האָט אויך איינעם פון פופציג טויזענד

אויסזיכטעןָ צו שטארבען פון דער איינשפּריצונג. אויב איהר לאָזט ניט דעם קינד איינשפּריצען אַנטיטאָקסין, אָדער איהר ווארט ביז עס איז צו שפּעט, האָט אייער קינד וועניגער ווי פופציג פּראָצענט אויסזיכטען צו בלייבען לעבען און אויך דאן קען עס ליידען פון גאנץ ערנסטע נאָכוועהעןישען.

יעדער מענש מיט אַ געזונדען פערשטאנד מוז דארום אויסקלייבען די אַנטיטאָקסין איידער צו שטעלען דאָס לעבען פון זיין קינד אין אַזאַ געפאהר.

## מענשען, וואס זיינען בעווארענט געגען דיפטעריא.

דיפטעריא אַנטיטאָקסין איז ניט נאָר די בעסטע רפואה געגען דער קראַנקהייט ווען זי עקזיסטירט שוין, נאָר עס איז אויך דאָס בעסטע מיטעל צו פערהיטען, אַז די קראַנקהייט זאָל זיך ניט ענטוויקלען. אויב איינער, וואָס איז אויסגעזעצט דער געפאהר זיך אָנצושטעקען מיט די דיפטעריא באַצילען, קריגט אַן איינשפּריצונג פון אַנטיטאָקסין, איז ער בעוואָרענט ניט צו קריגען די קראַנקהייט אפילו ווען אַ געוויסע צאָהל פון די דיפטעריא באַצילען כאַפּען זיך אריין אין האלז פון אַזאַ מענשען און פאַנגען אָן צו פּראָדוצירען זייער טאָקכין אָדער גיפט. דיזער גיפט ווערט גלייך געמאַכט אונשעדליך פון'ם אַנטיטאָקסין, וואָס געפינט זיך אין דיזען פּערזאָן'ס קערפּער.

מאַנכע מענשען ווערען ניט קראַנק אָבוואָל זיי האָבען דיפטעריא באַ־צילען אין זייער האלז און האָבען ניט געקראָגען קיין אַנטיטאָקסין. אונ־טערזוכונגען האָבען שוין פיעלע מאָל בעוויזען, דאָס מאַנכע געזונטע מענשען האָבען דיפטעריא באַצילען און ווייסען גאָר ניט דערפון. ווען מען עקזאַ־מענירט די בלוט פון דיזע מענשען געפינט מען אויס דאָס זיי בעזיצען אַ געניגענדע מאָס אייגענעם אַנטיטאָקסין און דערפאר קענען זיי ביישטעהן דעם אָנגריף פון די דיפטעריא־באַצילען.

די מעהרסטע ערוואַקסענע מענשען און אַ גרויסע צאָהל קינדער בע־זיצען דיזע נאַטירליכען אַנטיטאָקסין און זיי דארפען זיך ניט שרעקען פאַר דער קראַנקהייט, ווייל די דיפטעריא באַצילען האָבען אויף אַזעלכע מענשען קיין שליטה ניט.

עס אויך דאָ אַ זעהר לייכטער וועג ווי אַזוי אויסצוגעפינען אויב איי־נער בעזיצט אַזאַ נאַטירליכען אַנטיטאָקסין אין זיין בלוט אָדער ניט. די

מעטאָדע, דורך וועלכע מען געפינט עס אויס, רופט מען „שיק פּראָבע”. ריזע פּראָבע בעשטעהט אין אריינשפּריצען אין דער הויט (ניט הינטער דער הויט) א זעהר קליינע דאָזע דיפטעריא טאָקסין. אין פערלויף פון אכט און פערציג שטונדען צייט, אויב דער פּערזאָן בעזיצט ניט קיין נאַטירליכען אַנ־טיטאָקסין, ווערט א לייכטע ענטצינדונג אויף דעם פּלאַץ פון דער איינ־שפּריצונג. די ענטצינדונג איז ניט קיין ערנסטע, זי פערנעהמט בלויז א פּלאַץ, וואָס איז גרויס ווי א פינף סענט שטיק (א גראָשען) און פערשווינ-דעט אין איניגע טעג ארום. אויב דער פּערזאָן בעזיצט יע א נאַטירליכען אנטיטאָקסין האָט די איינשפּריצונג קיין ווירקונג ניט.

א דאַנק דיזער פּראָבע קען מען גאַנץ לייכט און שנעל אויסגעפינען אויב די פּערזאָנען, וואָס זיינען אויסגעזעצט דער געפאַהר פון אָנשטעקען זיך מיט דיפטעריא באַצילען זיינען פערזיכערט געגען דער קראַנקהייט אָדער ניט.

ווען עס ברעכט אויס צום ביישפּיל א דיפטעריא־עפּידעמיע אין א האָס־פּיטאַל, וואו עס געפינען זיך פיעלע קינדער, מאַכט מען אויף אַלע קינדער די „שיק פּראָבע”. די קינדער, וואָס צייגען, דאָס זיי בעזיצען א געניגענדע מאָס נאַטירליכען אנטיטאָקסין, לאָזט מען אין די זעלבע וואָרדס מיט די קראַנקע, ווייל מען ווייס, אז זיי זיינען אויסער געפאַהר. די וואָס צייגען, דאָס זיי האָבען ניט קיין נאַטירליכען אנטיטאָקסין, קריגען גלייך אַן איינ־שפּריצונג פון אנטיטאָקסין.

דאָס זעלבע ווערט געטאָן אין יעדען פאַל פון דיפטעריא אין א פּרי-וואַט הויז. אויב די, וואָס געהען ארום קראַנקען אָדער קומען מיט איהם אין נאָהענטע בעריהרונג, ווילען זיין זיכער געגען דיפטעריא, דאַרפען זיי גלייך אויסגעפינען אויב זיי בעזיצען אַנטיטאָקסין אין זייער בלוט אָדער ניט. דאָס קען מען אויסגעפינען דורך דער „שיק פּראָבע”. אויב זיי בע־זיצען ניט קיין אנטיטאָקסין אין זייער בלוט, דאַרפען זיי זיך לאָזען איינ-שפּריצען א דאָזע אַנטיטאָקסין און דאָס וועט זיי פערזיכערען געגען דער קראַנקהייט אפילו ווען זיי זאָלען זיך אָנשטעקען מיט די דיפטעריא באַצילען.

## ווי צו פערהיטען א קינד פון דיפטעריא.

די הויפּט־פערשפּרייטער פון דער קראַנקהייט זיינען די קינדער, וואָס האָבען דיפטעריא אין אזא לייכטע פאָרמע, דאָס זיי זיינען ניט ערנסט קראַנק און ליגען ניט צו בעט. אזעלכע קינדער פערשפּרייטען די דיפטעריא באַ־

צילען צווישען די קינדער, מיט וועלכע זיי שפּילען זיך. ווען אַ קינד קומט איבער בשלום אַ דיפטעריא אַטאַקע האָט עס נאָך אין האַלז און אין נאָז דיפטעריא באַצילען אָפּטמאָל פאַר מאָנאַטען נאָכאַנאַנד און אַלע, וואָס קו־מען אין נאָהענטע בעריהרונג מיט'ן קינד, קענען זיך אָננעהמען מיט דער קראַנקהייט אָדער זי פערשפּרייטען צווישען אַנדערע.

ערוואַקסענע מענשען ליידען פיעל וועניגער פון דיפטעריא, ווי קינדער, אָבער ניט יעדער ערוואַקסענער מענש איז בעוואָרענט געגען דיזער קראַנקהייט.

יונגע קינדער נעהמען יעדע זאַך אין מויל אַריין, און עס איז כמעט אונמעגליך זיי אָפּצוגעוועהנען דערפון. דאָס נעהמען יעדע זאַך אין מויל אַריין איז אַ ירושה פון'ם ווילדען מענשען, וועלכער האָט פּרובירט יעדע זאַך, אויב עס קען ניט דינען אַלס שפּייז. עס איז דאַרום כמעט אונמעגליך איינצוהיטען קליינע קינדער פון קריגען דיפטעריא, אויב זיי חבר'ן זיך מיט קינדער, וואָס האָבען שוין די קראַנקהייט.

די סקולס, וואו אַזוי פיעל קינדער קומען זיך צוזאַמען און האָבען אַ געלעגענהייט צו לעקען איינער דעם אַנדערען'ס קענדי (צוקערקעס) אָדער זיך בייטען מיט בליישטיפטען, וואָס זיי האַלטען אין מויל, א. ז. וו., זיינען די בעסטע אַגענטען פון די דיפטעריא באַצילען, און דאַרום טאַקע איז אַזוי וויכטיג צו האָבען מעדיצינישע אונטערזוכונגען פון די קינדער אין די סקולס (שוהלעס), ווי עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אין ניו יאָרק און אין די אַנ־דערע שטעדט און שטעדטלאַך.

אויב מעגליך האַלט אייער קינד פון ווייטען פון יעדען פערדעכטיגען פאַל פון דיפטעריא. און אויב עס מאַכט זיך אַ דיפטעריא פאַל אין אייער הויז, מוזט איהר גלייך זעהן אויסגעפינען דורך דער „שיק פּראָבע" אויב אייערע קינדער זיינען בעוואָרענט געגען דער קראַנקהייט, אויב ניט מוזען אַלע קינדער, ווי אויך די ערוואַקסענע, וואָס זיינען אויסגעזעצט דער גע־פאַהר פון קריגען די קראַנקהייט, גלייך קריגען די נויטיגע דאָזע אַנטיטאָקסין.

און אויב אייער קינד פיהלט זיך עטוואָס ניט מיט אַלעמען רופט גלייך אַ דאָקטאָר. און אין פאַל דער דאָקטאָר פערדעכטיגט נאָר, אַז דאָס קען זיין אַ פאַל פון דיפטעריא, ערלויבט איהם גלייך איינשפּריצען דעם קינד אַנטי־טאָקסין. אויב עס ציינט זיך נאָכהער אַרויס, אַז דאָס קינד ליידעט פון דיפ־

טעריא, האט איהר עס געדעטעט פון אן ערנסטע קראנקהייט, אויב ניט, האט איהר דעם קינד קיין שאדען ניט געטאן און האט עס אויף א קורצע צייט פערזיכערט געגען קריגען די קראנקהייט.

לאזט ניט אייער קינד זיך שפּילען מיט קעצעלאך אדער הינטעלאך. ערשטענס זיינען דיזע חיות ניט ריין און צווייטענס העלפען זיי פערשפּרייטען די דיפטעריא באצילען פון איין קינד צום אנדערען.



# פּאקען.

עס זיינען דאָ צוויי סאָרטען פּאָקען-קראַנקהייטען און איינע אונטער-שיידעט זיך פון דער אַנדערער ווי טאָג פון נאַכט. איינע איז אַ מילדע קראַנק-הייט, ניט קיין ערנסטע און ווערט אָנגערופען „טשיקען פּאָקען" (היהנער פּאָ-קען), די צווייטע איז זעהר אַ געפעהרליכע קראַנקהייט, וואָס הייסט „סמאָל פּאָקס". וועגען דיזער קראַנקהייט וועלען מיר דאָ רעדען און ווען מיר רעדען דאָ וועגען פּאָקען מיינען מיר די ערנסטע קראַנקהייט סמאָל פּאָקס.

## די ביאָגראַפיע פון דער פּאקען-קראנקהייט.

די פּאָקען-קראַנקהייט איז שוין אַזוי אַלט ווי מענשען קענען געדענ-קען. נאָך אין אַלטערטום האָבען געהערשט עפּידעמיעס פון פּאָקען, וואָס פּלעגען פערוויסטען גאַנצע שטעדט. די געשיכטע דערצעהלט אויך פון פילע עפּידעמיעס אין מיטעלאַלטער, וואָס פּלעגען אָפט פערניכטען שטעדט און דערפער אין אַזיען און אין אייראָפּאָ.

אין יאָהר 1774 איז די ענגלישע שטאָדט טשעסטער אַטאַקירט געוואָ-רען פון אַ פּאָקען-עפּידעמיע און 93 פון יעדע הונדערט איינוואוינער זיינען געוועזן אָנגעגריפען. עהנליכע עפּידעמיעס האָבען געהערשט אין גלאַזגאָו, לאָנדאָן און אין בערלין.

דאָס זעלבע איז אויך געוועזן דער פּאַל אין אַמעריקאַ. איידער די ווייסע מענשען האָבען זיך בעוויזען אויף דיזען וועלט-טייל זיינען די אינ-דיאַנער געוועזן פריי פון דער פּאָקען-קראַנקהייט, אָבער די ערשטע ווייסע איינוואוינער האָבען צוזאַמען מיט אַנדערע זאַכען אויך געבראַכט די פּאָ-קען-קראַנקהייט קיין אַמעריקאַ און גאַנצע שטאַמען אינדיאַנער זיינען פער-ניכטעט געוואָרען פון די עפּידעמיעס.

אויך די ווייסע קאָלאָניסטען האָבען פיעל געליטען פון דער קראַנק-הייט. די רעוואָלוציאָנערע אַרמעע ביי קעמברידזש און וועלי פאָרדזש האָ-

בען געליטען שרעקליכע פערלוסטען אויף די פּאָקען־שלאַכטפעלדער און די ציוויל בעפעלקערונג האָט געליטען ניט וועניגער ווי די אַרמעע.

זעהר וועניג מענשען פלעגען אויסלעבען זייערע יאָהרען און זיך אויס־היטען פון דער פּאָקען־קראַנקהייט. די ליידען פון די אונגליקליכע קרבנות פון פּאָקען זיינען געווען שרעקליכע און כמעט יעדער, וואָס האָט געליטען פון דער קראַנקהייט, איז געבליבען אויף אייביג געשטעמפּעלט מיט פּאָקען־גריבער אויף׳ן געזיכט.

יאָהרהונדערטע זיינען מענשען געווען הילפלאָז געגען דיזער שרעק־ליכער מגפה, וואָס פלעגט פערניכטען אַזוי פיעל לעבענס. ניט נאָר האָט מען די קראַנקהייט ניט געקענט בעקעמפען, נאָר אפילו זי פערלייכטערען האָט מען ניט געוואוסט ווי אַזוי.

די ערשטע צו געפינען אַ מיטעל, ווי צו פערלייכטערען די קראַנקהייט, זיינען געווען די טערקען. שטודירענדיג די פעלע פון פּאָקען־קראַנקהייט, האָבען זיי בעמערקט, דאָס דער, וואָס ליידעט איין מאָל פון דער קראַנק־הייט, איז בעשיצט געגען אַ צווייטער אַטאַקע. זיי פלעגען דאַרום אָנשטע־קען געזונדע מענשען מיט אַ קליינער דאָזע פון די פּאָקען־מאַטעריע. די־זער פערזאָן פלעגט קריגען די פּאָקען־קראַנקהייט און דערמיט זיין בעשיצט געגען וויי‏טערע פּאָקען־קראַנקהייטען.

אין יאָהר 1720 האָט ליידי מאָנטאַגיו, די פרוי פון ענגלישען אַמ־באַסאַדאָר אין קאָנסטאַנטינאָפּעל דאָס בעמערקט און מיט איין יאָהר שפּע־טער האָט מען פּרובירט דאָס זעלבע אין ענגלאַנד און קירצליך אויך אין אַמעריקאַ.

דיזער שוץ געגען פּאָקען איז געווען ערפאָלגרייך אין פיעלע פעלע. די יעניגע, וועמען מען האָט אויף אַזאַ אַרט בעשיצט געגען דער קראַנקהייט, זיינען ווירקליך געווען בעשיצט. זיי פלעגען אָבער דינען אַלס קוואַל פון פּאָקען פאַר אָנשטעקען אַנדערע מיט דער קראַנקהייט.

מיט יאָהרען שפּעטער האָט אַן ענגלישער דאָקטאָר, עדוואַרד דזשענער, אויפפּאַסענדיג אויף׳ן געזונד פון אַ דעירי דיסטריקט (אַ געגענד, וואו מען מעלקט בהמות) אין ענגלאַנד בעמערקט, אַז די מיידלאַך, וואָס זיינען בע־שעפטיג ביים מעלקען די בהמות, האָבען שעהנע גלאַטע געזיכטער, ווערענד אַלע אַנדערע איינוואוינער פון שטאָדט האָבען פּאָקען־גריבלאַך אויף׳ן פּנים. וואָרום דיזע קלאַס מיידלאַך זאָלען האָבען דאָס גליק צו זיין פריי פון פּאָקען

האָט ער אין אָנפאַנג ניט פערשטאַנען און ער האָט בעשלאָסען די זאַך גע-נויער צו אונטערזוכען.

נאָך א קורצע אונטערזוכונג האָט ער אויסגעפונען א צווייטען זעהר אינטערעסאַנטען פאַקט, אַלע מיידלאַך, וואָס זיינען געווען פריי פון פּאָקען, האָבען פריהער געליטען פון קוה־פּאָקען. דאָס האָט איהם געמאַכט צו דענ-קען, דאָס א פּערזאָן, וואָס האָט געליטען פון קוה־פּאָקען, איז בעוואָרענט געגען די אמת'ע פּאָקען, די סמאָל פּאָקס. פון דעם איז ער געקומען צום שלוס, דאָס אויב מען זאָל אָנשטעקען געזונדע מענשען מיט קוה־פּאָקען, וואָלטען זיי געווען בעשיצט געגען סמאָל פּאָקס.

דעם 14טען מאי פון יאָהר 1796 האָט דר. דזשענער וועקסענירט אַן אכט יאָהריגען אינגעל, דזשעימס פּיפּס. דיזען אינגעל האָט מען אָנגע־שטעקט מיט די מאַטעריע פון קוה־פּאָקען, און ווען די לייכטע וואונד אויף זיין האנד האָט זיך פערהיילט, האָט מען איהם געהאַלטען צוזאַמען מיט מענ־שען, וואָס האָבען געליטען פון סמאָל פּאָקס. דאָס קינד האָט זיך ניט אָנ-געשטעקט מיט דער קראַנקהייט. מען האָט איהם דאַן איינינע מאָל איינגע־שפּריצט די מאַטעריע פון סמאָל פּאָקס, אָבער דאָס קינד איז געווען בעשיצט געגען דיזער קראַנקהייט.

אין פערלויף פון די נעקסטע צוויי יאָהר האָט דר. דזשענער פּרובירט זיין עקספּערימענט אויף פיעלע פּערזאָנען און אין יעדען פאַל האָט זיך ארויסגעצייגט, דאָס דער פּערזאָן, וואָס איז געווען אָנגעשטעקט מיט דער מאַטעריע פון קוה־פּאָקען, איז געווען בעשיצט געגען סמאָל פּאָקס.

דיזע בעשיצונג געגען פּאָקען האָט דר. דזשענער א נאָמען געגעבען „וועקסי-ניישאָן" פון לאַטיינישען וואָרט וואַקסי, א קוה.

מיט צוויי יאָהר שפּעטער, אין יאָהר 1798, האָט דר. דזשענער געצוי־גען די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער מעדיצינישער פּראָפעסיאָן צו זיין נייער ענטדעקונג. אין אָנפאַנג זיינען די דאָקטוירים געווען סקעפּטיש, אָבער ווען מען האָט פּרובירט אָנווענדען וועקסינייישאָן אין פערשיידענע שטעדט און אויף פיעלע מענשען, האָט מען זיך איבערצייגט, דאָס דר. דזשע־נער האָט ווירקליך ענטדעקט א זיכערען שוץ־מיטעל געגען דער געפעהר-ליכער פּאָקען־מגפה.

אין יאָהר 1796 זיינען פון יעדע הונדערט טויטען־פעלע געווען 18 פון פּאָקען. דאָס הייסט, אז די פּאָקען־מגפה פלעגט טויטען כמעט א פינפ־טעל פון אַלע מענשען. מיט צעהן יאָהר שפּעטער, אַכט יאָהר נאָך דעם,

ווי מען האָט שוין געוואוסט פון וועקסינעישאָן, זיינען בלויז זעקס פון יעדע הונדערט טויטען־פעלע געווען פון פּאָקען און אין יאָהר 1816 זיינען בלויז דריי פון יעדע הונדערט טויטען־פעלע געווען פון פּאָקען.

וואָס פיר א ווירקונג וועקסינעישאָן האָט אויף דער פּאָקען־קראַנקהייט קען מען זעהן פון פאָלגענדע ציפערען: אין ענגלאַנד האָט מען איינגע-פיהרט געצוואונגענע וועקסינעישאָן אין יאָהר 1853, אָבער ביז 1871 האָט מען דיזען געזעץ ניט אזוי שטרענג דורכגעפיהרט. צו יענער צייט זיינען 32 פון יעדע הונדערט טויזענד איינוואוינער געשטאָרבען פון פּאָקען. אין יאָהר 1871 האָט מען אָנגעפאַנגען שטרענג דורכצופיהרען דעם געזעץ וועגען וועקסינעישאָן און די צאָהל טויטען־פעלע איז גלייך געפאַלען אויף 9 פון יעדע הונדערט טויזענד און זייט 1890 איז די צאָהל געווען ווייניגער ווי איין טויטען־פאַל פון יעדע הונדערט טויזענד איינוואוינער.

דאָס זעלבע האָט פּאַסירט אין דייטשלאַנד. אין פּרייסען איז די צאָהל טויטען־פעלע פון פּאָקען געווען די זעלבע ווי אין ענגלאַנד ביז 1874. דאַן האָט מען אָנגעפאַנגען שטרענג דורכצופיהרען די וועקסינעישאָן געזעצע און פון 32 איז די צאָהל געפאַלען אויף 5 טויטען־פעלע פון פּאָקען פון יעדע הונדערט טויזענד איינוואוינער אין יאָהר 1881, און אויף איין טויטען־פאַל פון יעדען הונדערט טויזענד איינוואוינער זייט 1886.

אין דער צייט ווען אין דייטשלאַנד איז די צאָהל פּאָקען־קרבנות שוין געווען גאַנץ קליין האָט אין עסטרייך געבושעוועט די פּאָקען־קראַנקהייט גאַנץ שטאַרק, ווייל דאָרטען איז וועקסינעישאָן נאָך ניט געווען איינגעפיהרט. ערשט אין 1891 האָט מען דיזע געזעצע אָנגעפאַנגען דורכפיהרען אין עסט־רייך און זייט דאַן איז די צאָהל פּאָקען־קרבנות טאַקע שטאַרק פערקלענערט געוואָרען.

## וואס איז וועקסינעישאָן?

וועקסינעישאָן מיינט אָנשטעקען א מענשען מיט דער מאַטעריע און מיקראָבען פון קוה־פּאָקען. היינטיגע צייטען ווערען קעלבער אָנגעשטעקט מיט קוה־פּאָקען. זיי ווערען געהאַלטען אין א שטרענג סאַניטאַרישע אומ־געבונג און ווען די קראַנקהייט האָט זיך ביי זיי ענטוויקעלט ביז צו א גע-וויסען גראַד ווערען די בלאָטערען, וואָס ענטהאַלטען מאַטעריע ארונטערגע־נומען און די מאַטעריע ווערט נאָכהער געברויכט אויף אָנצושטעקען מענשען.

דאָס שטעלען פּאָקען קומט פאָר אויף פאָלגענדער ארט און ווייזע: דער אָרעם פון קינד אָדער ערוואקסענעם מענשען, וועמען מען „שטעלט" פּאָקען, ווערט אָפּגעוואַשען מיט וואסער און זייף, נאכהער מיט אַלקאָהאָל און נאכהער מיט ריינע וואסער. מיט א זעהר ריינע נאָדעל צוקראצט מען דאַן די הויט אויף א טייל פון אָרעם און מען רייבט איין די מאטעריע פון קוה=פּאָקען. די מאטעריע ווערט דאַן איינגעזאפּט אין'ם קערפּער דורך די אָפענע וואונד.

אין א דריי פיער טעג ארום נאָך דיזער אָפּעראַציאָן בעוויזט זיך אויף'ן פערוואונדעטען פּלאַץ פון אָרעם א קליין פּריסטשיקעל ארומגערינגעלט מיט א רויטען פּאס. ארום פינפטען טאָג ווערט פון דעם פּריסטשיקעל א בלאָטער. ארום אכטען טאָג איז דער בלאָטער פאָלקאָם ענטוויקעלט און די הויט ארום דעם איז רויט און עטוואָס געשוואָלען. ארום צעהנטען טאָג פאנגט אָן די רויטקייט ארום בלאָטער צו פערשווינדען און דער בלאָטער פאנגט אָן צו טריקענען. די הויט איבער דעם בלאָטער ווערט טרוקען און פערדאַרט און אין דער פערטער וואָך זייט די פּאָקען זיינען געשטעלט גע-וואָרען פאלט דיזע פערדארטע הויט ארונטער איבערלאָזענדיג א רויטען צייכען ווי פון א פערהיילטע וואונד. מיט דער צייט פערשווינדעט די רויט-קייט און דער גוט בעקאנטער בלייבער פּאָקען=צייכען פערבלייבט.

וואָס עס פּאסירט אין פערלויף פון דער צייט, ווען די פּאָקען ענט-וויקלען זיך איז פאָלגענדעס:

ווען די מאטעריע פון קוה=פּאָקען ווערט איינגעזאפּט אין קערפּער דורך דער וואונד אין אָרעם פאנגט דער קערפּער אָן א קאמף צו פערניכטען דעם אונגעבעטענעם גאסט. ווי מיר האָבען שוין ביי א פריהערדיגער געלעגענ-הייט ערקלערט, ארבייט דער קערפּער אויס א געגען=גיפט געגען די מעהר-סטע גיפטען, וואָס כאפּען זיך אריין אין איהם. אויב עס געלינגט איהם ניט אויסצוארבייטען אזא געגען=גיפט, ווערט ער פער'סם'ט און דער מענש שטארבט.

די מיקראָבען פון קוה=פּאָקען פערארזאכען ניט קיין זעהר ערנסטע קראנקהייט אין מענשען. דער, וועמען מען שטעלט פּאָקען, ליידעט בלויז א לייכטע אונאנגענעמליכקייט און ער האָט פאָר א קורצע צייט א לייכטען פיבער. דאָס צייגט, אַז אין זיין קערפּער קומט פאָר א קאמף צווישען די קוה=פּאָקען מיקראָבען און די קערפּער=צעלען. ווען די מיקראָבען ווערען ענד-

ליך בעזיגט געפינט זיך אין קערפּער אַזוי פיעל געגען־גיפט געגען דיזע מיק־ראָבען, דאָס יאָהרען נאָכאַנאַנד האָבען זיי קיין שליטה ניט איבער דיזען מענשען. דער זעלבער געגען־גיפט ווירקט אויך אויף די מיקראָבען פון סמאָל פּאָקס, די שרעקליכע קראַנקהייט, וואָס פלעגט פאַדערען אַזוי פיעל קרבנות צווישען מענשען. דורך אָנשטעקען אַ מענשען מיט די מיקראָבען פון קוה־פּאָקען בעשיצט מען דארום דיזען מענשען געגען דער פיעל ערנסטע־רער פּאָקען־קראַנקהייט.

אויף ווי לאַנג בעשיצט דאָס „פּאָקען שטעלען" געגען קריגען די פּאָ-קען־קראַנקהייט ?

אין אָנפאַנג האָט מען געמיינט, דאָס איין מאָל פּאָקען שטעלען בע־שיצט שוין אויף'ן גאַנצען לעבען געגען דער קראַנקהייט. אָבער אין יאָהר 1870 האָט אויסגעבראָכען אַ גרויסע עפּידעמיע אין אייראָפּאַ און טויזענדע מענשען זיינען געשטאָרבען פון דער קראַנקהייט. צווישען די קרבנות פון דער פּאָקען־עפּידעמיע האָבען זיך דאַן געפונען פיעלע, וואָס מען האָט אין דער יוגענד געשטעלט פּאָקען. מען האָט אָנגעפאַנגען פערגלייכען די רע-קאָרדס פון פערשיידענע לענדער, זיך נעהענטער צוקוקען צו דיזע קראַנקע און טויטען־פעלע פון דער פּאָקען־עפּידעמיע און מען איז געקומען צום שלוס, דאָס פּאָקען שטעלען בעשיצט געגען דער קראַנקהייט בלויז אויף איינינע יאָהר צייט. נאָך דיזער צייט איז דער מענש אויסגעזעצט דער געפאַהר צו קריגען די קראַנקהייט.

די מעהרסטע דאָקטוירים זיינען דארום געקומען צום שלוס, דאָס אום צו זיין בעוואָרענט געגען קריגען די פּאָקען־קראַנקהייט, דאַרף מען שטע־לען פּאָקען דעם קינד ווען עס איז נאָך זעהר יונג. אַ צווייטען מאָל פּאָקען דאַרף מען דעם קינד שטעלען ווען עס איז אַרום צוועלף יאָהר אַלט. אויסער דעם דאַרף מען זיך שטעלען פּאָקען יעדעס מאָל, ווען עס הערשט אַן עפּי־דעמיע, אָדער יעדעס מאָל, ווען מען דאַרף קומען אין בעריהרונג מיט דער קראַנקהייט.

* * * *

טראָטץ דעם, וואָס מיר ווייסען שוין יעצט, דאָס פּאָקען שטעלען איז אַ זיכערעס פערהיטונגס־מיטעל געגען קריגען סמאָל פּאָקס, איז אונז נאָך ביז יעצט ניט געלונגען אין גאַנצען אויסצוראָטען די קראַנקהייט. אין די פעראייניגטע שטאַאטען האָבען מיר נאָך יעצט אַרום צוואַנציג טויזענד פּאָ-

קען־קראַנקע אַ יאָהר. און אַבוואָהל די קראַנקהייט איז יעצט אין אַ פיעל מילדערע פאָרמע ווי אין אַמאָליגע יאָהרען, שטאַרבען נאָך יעצט אויך גענוג מענשען פון „סמאָל פאָקס".

אין די מעהרסטע פעלע וואָלטען דיזע לעבענס געקענט געראַטעוועט ווע־רען און די קראַנקהייט וואָלט געקענט פערהיט ווערען ווען מען זאָל געווען די קינדער שטעלען פאָקען.

## די סימנים פון דער פאָקען־קראַנקהייט.

פאָקען איז אַ זעהר אַנשטעקענדע קראַנקהייט. די אמת'ע אורזאַכע פון דער קראַנקהייט איז ניט גענוי בעקאַנט און אפילו יעצט, נאָך אַזוי פיעל שטודירען די קראַנקהייט און נאָכדעם, ווי מיר האָבען שוין אַ זיכערען פער־היטונגס־מיטעל געגען איהר, איז נאָך אַלץ ניט קלאָר, וואָס פאַר אַ סאָרט מיקראָבען עס פעראורזאַכען דיזע קראַנקהייט.

די קראַנקהייט איז זעהר אַנשטעקענד. עס איז גאָרניט נויטיג צו־קומען אין דירעקטער בעריהרונג מיט'ן קראַנקען אום זיך אָננעהמען פון איהם. מען קען זיך אויך אָננעהמען פון די זאַכען, וואָס דער קראַנקער גע־ברויכט אָדער פון אַ דריטען פערזאָן, וואָס איז געקומען אין בעריהרונג מיט'ן קראַנקען.

ניט אַלע אַטאַקעס פון דער קראַנקהייט זיינען גלייך. מאַנכע ליידען פון אַ מילדער פאָרמע פון דער קראַנקהייט, אַנדערע האָבען די קראַנקהייט אין אַ פיעל ערנסטערע פאָרמע, אָבער אָפטמאָהל קען איינער קריגען די קראַנק־הייט אין אַ זעהר ערנסטע פאָרמע, ווען ער שטעקט זיך אָן פון איינעם, וואָס ליידעט פון אַ מילדער פאָרמע פון סמאָל פאָקס.

ווען איינער האָט זיך אָנגעשטעקט מיט די מיקראָבען, אָדער מיט דעם „עטוואָס", וואָס פעראורזאַכט די קראַנקהייט, דויערט עס געוועהנליך פון צעהן ביז צוועלף טעג איידער ער ווערט קראַנק. אין פערלויף פון דיזער צייט איז ער כמעט אין גאַנצען פריי פון אירגענד וועלכע סמנים, דאָס ער טראָגט זיך אַרום מיט אַזאַ ערנסטער קראַנקהייט. דאַן ברעכט די קראַנק־הייט פּלוצלינג אויס.

דער קראַנקער דערפיהלט אַ שטאַרקען קאָפּ־וועהטאָג. עס וואַרפט איהם „אַ צאָהן אָן אַ צאָהן" פאַר קעלט, קינדער קריגען אָפט קאָנוואולסיעס, ערוואַקסענע מענשען ברעכען. דער קראַנקער דערפיהלט אויך אַ שטאַרקען

שמערץ אין קרייץ און אין די הענט און פיס. ער קען זיך קוים אויף די פיס האלטען און ברעכט אָפטמאָל צוזאמען. אויב ער געפינט זיך אין גאס זעהט ער דאן אויס ווי א בעטרונקענער און ניט איין מאָל האָט שוין פּאַסירט, אז מען האָט אזא קראנקען אנגענומען פאר שיכור און איינגעשפּארט.

דאָס געזיכט פון קראנקען אין דיזער צייט איז בלייך און איינגעזונקען. זיינע געזיכטס-ציגע האָבען קיין שום אויסדרוק. זיינע הענט און פיס זיינען קאלט, זיין פּולס איז קליין און שנעל. מאנכע קראנקע ליידען פון שרעקליכע חלומות און האָבען מורא איינצושלאָפען, אנדערע זיינען אין א האלב-בעוואוסטען צושטאנד.

די טעמפּעראטור פון קראנקען האלט אין איין שטייגען און גרייכט שנעל 103 אָדער 104 גראד פארענהייט און אויף'ן לייב בעווייזט זיך אַן „אויסשיט", וואָס איז עהנליך צו מאָזלען אָדער שארלאך.

ארום פערטען טאָג בעווייזט זיך דער ערשטער כאראקטעריסטישער אויסשיט פון פּאָקען. אויף'ן שטערען, ארום דער ליניע, וואו די האָר פון קאָפּ פאנגען זיך אָן און אויף די געלענקע פון די הענט בעווייזען זיך קליינע רויטע פריסטשיקלאך. אין פערלויף פון 24 שטונדען פערשפּרייטען זיך דיזע פריסטשיקלאך איבער'ן גאנצען קערפּער און אין דער זעלבער צייט פאלט די היץ און דער קראנקער פיהלט זיך ערלייכטערט. מאנכע קראנקע אין דיזער צייט גלויבען, דאָס זיי זיינען שוין פּטור פון דער קראנקהייט און זיי פרעהען זיך, וואָס זיי זיינען אזוי לייכט אָפּגעקומען. זייער פרייד איז אָבער צו פריה.

ארום פינפטען אָדער זעקסטען טאָג פון דער קראנקהייט ווערען די פריסטשיקלאך פערוואנדעלט אין בלאָטערלאך. צוערשט זיינען דיזע בלאָטערלאך אנגעפיהלט מיט א ריינעם וואסער, אָבער אין צוויי טעג ארום ווערען זיי פול מיט מאטעריע. די הויט ארום יעדען בלאָטערעל איז רויט און געשוואָלען. די היץ שטייגט ווידער, און ארום אכטען טאָג פון דער קראנקהייט, ווען דער קערפּער איז אין גאנצען בעדעקט מיט דיזע בלאָטערלאך פול מיט מאטעריע און די היץ איז הויך, איז דער קראנקער אין א האלב-בעוואוסטלאָזען צושטאנד און ניט איינער וויל זיך פון פּענסטער ארויסוואַרפען, אבי פּטור ווערען פון די ליידען.

ארום צעהנטען אָדער עלפטען טאָג פאנגען אָן די בלאָטערען צו טריקענען. די געשווילעכץ פון דער ארומיגער הויט געהט אָפּ און די היץ פאלט

צו ביסלאַך יעדען טאָג. די הויט איבער די בלאָטערען ווערט פערטריקענט און פאַלט נאָכהער אַרונטער. אויב די בלאָטערען זיינען געווען טיף אין דער הויט, בלייבט אַ פּאָק=צייכען אויף'ן פּלאַץ פון יעדען בלאָטער.

ניט אַלע פעלע פון פּאָקען זיינען גלייך. עס זיינען פאַראַן פעלע, ווען די ערשטע פּריסטשיקלאַך, וואָס בעווייזען זיך אויף'ן געזיכט און אויף די הענט און פיס זיינען אַזוי געדיכט, דאָס זיי גיסען זיך צוזאַמען. ווען דיזע פּריסטשיקלאַך בעווייזען זיך פיהלט זיך דער קראַנקער ניט אַזוי פיעל ערלייכטערט ווי אין ערשטען פאַל.

ווען די בלאָטערען ענטוויקלען זיך און גיסען זיך צוזאַמען ווערט דאָס גאַנצע געזיכט ווי אויך די הענט און די פיס בעדעקט מיט איין גרוי-סען וואונד. אינעווענינ אין מויל און אין האַלז איז רויט און געשוואָלען. די טעמפּעראַטור איז זעהר הויך און דער קראַנקער איז אין אַ האַלב=בע־וואוסטלאָזען צושטאַנד. אַזעלכע פעלע זיינען זעהר געפעהרליך. אַ גרוי־סער פּראָצענט פון אַזעלכע קראַנקע שטאַרבען.

פאַראַן אַ סאָרט פּאָקען, וואו די בלאָטערען ווערען אָנגעגאָסען מיט בלוט. אַזעלכע קראַנקען=פעלע זיינען זעהר געפעהרליכע. די קראַנקע שטאַרבען צווישען דריטען און זעקסטען טאָג פון דער קראַנקהייט.

פאַראַן אויך אַ פאָרמע פון דער פּאָקען=קראַנקהייט אָהן פּאָקען. די-זע פאָרמע פון דער קראַנקהייט הערשט געוועהנליך צווישען מענשען, וואָס געהען אום פיעל אַרום פּאָקען=קראַנקע (דאָקטוירים, נויורסעס) און וועלכע זיינען אַליין זיכער געגען דער קראַנקהייט דורך פּאָקען שטעלען. ווען איי־נער קריגט דיזע פאָרמע פון דער קראַנקהייט, ליידעט ער פון אַ לייכטען פי-בער, שמערצען אין קאָפּ און אין קרייץ, ער ברעכט אויך אָפט. דיזער צו־שטאַנד קען זיין אין אַ מילדער אָדער זעהר ערנסטער פאָרמע און אין צוויי= דריי טעג אַרום פערשווינדען זיי פּונקט אַזוי פּלוצלינג ווי זיי זיינען געקומען.

עס איז אויך דאָ אַ מילדע פאָרמע פון פּאָקען, אַ פאָרמע פון דער קראַנק-הייט, אין וועלכע דער קראַנקער ערהאַלט זיך שוין אויף'ן אַכטען טאָג פון דער קראַנקהייט אָנשטאָט צו ווערען דאַן נאָך ערנסטער קראַנק, ווי אין די געוועהנליכע פעלע. עס איז אויך דאָ אַן אַנדער פאָרמע, וואָס איז טויט־ליך פאַר יעדען איינעם, וואָס קריגט זי. אין דיזען פאַל ווערט דער קערפּער בעדעקט מיט קליינע בלוט=בלאָטערען און נאָך איידער די קראַנקהייט האָט צייט זיך פּאָלקאָם צו ענטוויקלען שטאַרבט דער אונגליקליכער.

עס קען אויך פּאַסירען אַבוואָל זעהר זעלטען, דאָס א קינד זאָל קריי־גען די פּאָקען־קראַנקהייט נאָך איידער עס ווערט געבוירען און עס קומט אויף דער וועלט מיט פּאָקען־גריבלאָך אויף׳ן פּנים. אָדער עס פּאַסירט אמאָל, דאָס א קינד ווערט אָנגעשטעקט מיט דער קראַנקהייט קורץ איידער עס ווערט געבוירען און די פּאָקען ענטוויקלען זיך, ווען עס איז אַלט איניגע טעג.

אין די מעהרסטע פּעלע, ווען די קראַנקהייט געהט פאַראיבער, לאָזט זי ניט נאָך זיך קיינע נאָכוועהענישע. אין מאַנכע פּעלע לאָזט זי נאָך זיך זעהר אונאַנגענעהמע און צייטענווייז אויך גאַנץ ערנסטע נאָכוועהענישע. מאַנכעס מאָל בלייבט דער קראַנקער מיט א געשווילאכץ אין האלז, מיט בראָנקייטיס, „פּליוריסי", לונגען־ענטצינדונג (זעלטען). דאָס הארץ, די נירען און די אויגען קענען אָנגעגריפען ווערען. פּריסטשעס אויף׳ן לייב איז א ניט זעלטענע פּאָלגע פון פּאָקען.

## ווי זיך אויסצוהיטען פון פּאקען.

דער איינציגער וועג ווי זיך אויסצוהיטען פון סמאָל פּאָקס איז זיך „צו שטעלען פּאָקען". די אָנשטעקונג מיט קוה־פּאָקען פעראורזאכט א גאַנץ לייכטע, אין די מעהרסטע פּעלע אונבעמערקבארע קראַנקהייט. און דער געגען־גיפט וואָס דער קערפּער ארבייט אוים געגען די קוה־פּאָקען, איז דער בעסטער שוץ געגען דער פּאָקען־קראַנקהייט.

ווען איינער ווערט שוין קראַנק מוז ער אָפּגעזונדערט ווערען פון אַלע אַנדערע מענשען. קיינער, אויסער דעם דאָקטאָר, די נוירס און די וואָס געהען ארום קראַנקען, זאָל צו איהם ניט צוגעלאָזט ווערען. יעדע זאַך, וואָס דער קראַנקער געברויכט, טאָר ניט געברויכט ווערען פאַר אַנדערע מענשען סיידען מען קאָכט דאָס פריהער צו פערניכטען די מיקראָבען, וואָס געפינען זיך פילייכט אויף זיי.

די בעהאַנדלונג פון קראַנקען איז ווי אין יעדען אַנדערען פּאַל פון אַן ערנסטער אָנשטעקענדער קראַנקהייט. די הויפּטזאַך איז צו מאַכען דעם קראַנקען אַזוי בעקוועם ווי נאָר מעגליך, פערלייכטערען זיינע שמערצען ווען נאָר דאָס קען געטאָן ווערען און פערהיטען דעם קראַנקען פון ערנסטע נאָכפּאָלגען אָדער נאָכוועהעניש.

דאָס קען טאָן נאָר אַ דאָקטאָר, איינער, וואָס איז ספּעציעל געלערנט דערצו. די קראַנקהייט איז אַזאַ ערנסטע, דאָס עס וואָלט געווען אַן אונזין און אַ פערברעכען געגען קראַנקען און געגען אַלע געזונדע מענשען, וואָס געפינען זיך אַרום איהם, ווען מען זאָל פּרובירען אויסקומען אָהן אַ דאָקטאָר אין אַזאַ פאַל. די איינצעלהייטען ווי אַזוי צו בעהאַנדלען דעם קראַנקען ווערען דאַרום דאָ אויסגעלאָזען. דאָס וועט שוין בעזאָרגען דער דאָקטאָר, אונטער וועמען'ס אויפזיכט דער קראַנקער וועט זיך געפינען.



# היהנער־פּאָקען.

היהנער־פּאָקען, אָדער „טשיקען־פּאָקס" איז אויך אַן אַנשטעקענדע קראַנקהייט, אָבער זי איז פיעל מילדער ווי „סמאָל פּאָקס".

דיזע קראַנקהייט איז די מילדעסטע פון אַלע אַנשטעקענדע קראַנקהייטען. זי אַטאַקירט מעהרסטענס קליינע קינדער, אָבער זעהר זעלטען לאָזט זי נאָך זיך ערנסטע נאָכוועהעניסע, סיידען זי גרייפט אַן אַ קינד, וואָס איז אזוי שוואך און אויסגעמאַטערט, דאָס עס קען ניט אויסהאַלטען אירגענד וועלכע קראַנקהייט.

היהנער־פּאָקען קומט אויך אָפט אין עפּידעמיעס. מאַנכעס מאָל ציי־גען זיך איינצעלנע פעלע פון דיזער קראַנקהייט. די קראַנקהייט האָט קיין שום שייכות ניט צו „סמאָל פּאָקס".

די מיקראָבען, וואָס פערורזאַכען דיזע קראַנקהייט האָט מען נאָך ניט ענטדעקט. מען ווייס דערום אויך ניט גענוי, אויף וועלכע אַרט און ווייזע די קראַנקהייט פערשפּרייט זיך. די קראַנקהייט געהט שנעל איבער פון איין קינד צום אַנדערען און אַטאַקירט אויך, אָבוואָל ניט זעהר אָפט, ערוואַקסע־נע מענשען.

ווען איין קינד אין אַ פאַמיליע ווערט קראַנק אויף טשיקען־פּאָקען, נעהמען זיך אויך די אַנדערע קינדער אַן דיזע קראַנקהייט און איין קינד נאָך'ן אַנדערען אָדער אייניגע מיט אַמאָל ווערען קראַנק אויף היהנער־פּאָקען.

ווען אַ קינד שטעקט זיך אַן מיט דער קראַנקהייט דויערט עס פון צעהן ביז פופצעהן טעג איידער די סמנים פון דער קראַנקהייט בעוויי־זען זיך.

דיזע סמנים זיינען אַ לייכטער פיבער, שמערצען אין פּלייצע און אין די הענט און פיס. דאָס קינד ברעכט אויך מאַנכעס מאָל.

אין די מעהרסטע פעלע זיינען דיזע סמנים אזוי לייכט, דאָס מען בעמערקט זיי גאָר ניט. און מען דערוויסט זיך אַז דאָס קינד איז קראַנק ערשט ווען די פּאָקען בעווייזען זיך.

דיזע פּאָקען ערשיינען אין פיער שטונדען נאָך דעם, ווי די קראַנקהייט פאַנגט זיך אָן. זיי בעווייזען זיך צוערשט אויף'ן קערפּער דאַן אויף'ן פּנים און אויף'ן שטערען. אויף די הענט און אויף די פיס זיינען דאָ זעהר ווע-ניג פון דיזע פּאָקען.

באַלד ווי זיי בעווייזען זיך זיינען די „טשיקען-פּאָקען" קליינע אָפּ-געזונדערטע פריסטשיקלאָך, באַלד אָבער ווערען זיי פערוואַנדעלט אין בלאָ-טערלאָך אָנגעפילט מיט מאַטעריע.

אין א דריי-פיער טעג אַרום ווערען די פּאָקען פערטריקענט און פאַלען אַרונטער. אָבער אין דיזער צייט בעווייזען זיך יעדען טאָג נייע פּאָקען און מען קען דאַרום זעהן זייט ביי זייט פּאָקען אין פערשיידענע שטופען פון זייער ענטוויקלונג.

געוועהנליך לאָזען דיזע פּאָקען נאָך זיך קיין סמנים ניט, אָבער ציי-טענווייז בייסען זיי זעהר שטאַרק און דער קראַנקער קראַצט זיך. דורך דיזען קראַצען שטעקט ער אָן די פּאָקען מיט אַנדערע מיקראָבען, וואָס גע-פינען זיך אויף דער הויט, און ווען דיזע וואונדען ווערען פערהיילט, לאָ-זען זיי נאָך זיך פּאָקען-גריבער אויף דער הויט.

די געפאַהר פון דיזער קראַנקהייט פאַר'ן לעבען פון קינד איז א גאַנץ קליינע. ערנסטע נאָכוועהענישע פּאַסירען זעהר זעלטען.

די קראַנקהייט איז אָבער אַן אַנשטעקענדע און דאָס קראַנקע קינד מוז דאַרום געהאַלטען ווערען אָפּגעזונדערט ביז די פּאָקען פאַלען אַרונטער. יעדע זאַך, מיט וואָס דאָס קינד קומט אין בעריהרונג, דאַרף געקאָכט ווערען אָדער דיסאינפעקטירט ווערען איידער אַן אַנדער פּערזאָן געברויכט עס.

מען דאַרף אויך פערהיטען, אז דאָס קינד זאָל ניט קראַצען די פּאָקען. אויב די הויט בייסט שטאַרק קען מען דאָס בייסעניש פערלייכטערען מיט „קאַרבאָלייזד וואַזעלין", וואָס דער דאָקטאָר וועט שוין זיכער פערשרייבען.

ווי לייכט דיזע קראַנקהייט זאָל ניט זיין מוז מען רופען א דאָקטאָר אַזוי שנעל ווי דאָס קינד ווערט קראַנק, ווייל איינער וואָס איז ניט קיין דאָקטאָר קען ניט אויף זיכער בעשטימען צו די קראַנקהייט איז „טשיקען-פּאָ-קען" אָדער אַן אַנדערע פיעל ענסטערע קראַנקהייט.



# קייך־הוסט.

קייך־הוסט ווערט פערערכענט פאר איינע פון די „לייכטע" קינדער־קראנקהייטען. אבער אין דער אמת'ן איז קייך־הוסט א גאנץ ערנסטע קראנקהייט מיט זעהר ערנסטע פאלגען.

ארום צעהן טויזענד קינדער שטארבען יעדען יאהר אין די פער־איינינגטע שטאאטען פון אמעריקא פון קייך־הוסט. מעהר קינדער שטארבען פון קייך־הוסט, ווי עס שטארבען פון סקארלעט פיבער (שארלאך). אין די פינף יאהר צווישען 1911 און 1916 זיינען אין שטאאט ניו יארק געשטארבען 2,904 קינדער פון סקארלעט פיבער (שארלאך) ווערענד 3,739 קינדער זיינען געשטארבען פון קייך־הוסט.

קייך־הוסט איז אויך א זעהר אנשטעקענדע קראנקהייט. איהרע קרבנות זיינען מעהרסטענס קליינע הילפלאזע קינדער, און עס איז דארום די פליכט פון די עלטערן זיך צו בעקעמפען מיט דיזער קראנקהייט, אויסגעפינען ווי אזוי זי פערשפרייט זיך, ווי זי צו דערקענען, ווי זי צו פערהיטען און וואס איז צו טאן ווען א קינד קריגט שוין די קראנקהייט, צו קענען רעטען זייערע קינדער פון דיזער העכסט געפעהרליכער אנשיקעניש.

ביז די ענדע פון 16טען יאהרהונדערט האט מען גארנישט געוואוסט פון קייך־הוסט אלס בעזונדערע קראנקהייט. קינדער פלעגען קראנק ווערען, הוסטען, שטארבען אדער געזונד ווערען, און קיינעם איז ניט איינגעפאלען צו בעטראכטען דיזעס הוסטען אלס א סימן פון א בעזונדערער קראנקהייט. אין מיטען פון 17טען יאהרהונדערט האבען אויסגעבראכען אייניגע זעהר ערנסטע קייך־הוסט עפידעמיעס אין האללאנד, דייטשלאנד און שוועדען. דאן האט מען שוין געוואוסט, אז קייך־הוסט איז א בעזונדערע קראנקהייט, מען האט אבער ניט געוואוסט פון וואס דיזע קראנקהייט ווערט פעראורזאכט און ווי אזוי זי פערשפרייט זיך.

פון דאַן אָן זיינען שוין פאָרגעקומען פיעלע קלענערע און גרעסערע עפּידעמיעס און ווי עס שיינט האָט די קראַנקהייט אָנגענומען אַ מילדערען כאַראַקטער און ווערט וואָס אַמאָל ווייניגער לעבענס=געפעהרליך פאַר איהרע קרבנות.

ערשט אין יאָהר 1906 איז געלונגען אויכצוגעפינען די אמת'ע אור-זאַכע פון קייך=הוסט. די ענטדעקונג איז געמאַכט געוואָרען פון צוויי בעל-גישע דאָקטוירים, באָרדעט און געננאו, ביי איינעם פון דיזע דאָקטוירים, (באָרדעט), זיינען דריי קינדער קראַנק געוואָרען אויף קייך=הוסט. צוזאַמען מיט אַ צווייטען דאָקטאָר האָט דער פאָטער פון די קראַנקע קינדער גענוי שטודירט זייער בלוט, סלינע, שפּייעכץ א. אז. וו. זיי האָבען געמאַכט פילע באַקטעריאָלאָגישע אונטערזוכונגען און נאָך פיעל מיה איז זיי געלונגען אויס-צוגעפינען דאָס אַ געוויסער סאָרט מיקראָב איז די אורזאַכע פון די קייך=הוסט קראַנקהייט.

זייט דאַן האָט מען גענוי שטודירט טויזענדע פעלע פון קייך=הוסט און די מיינונג פון די צוויי בעלגישע וויסענשאַפטס=לייטע איז בעשטע-טיגט געוואָרען. ביי היינטיגען טאָג אַנערקענען שוין כמעט אַלע דאָקטוי-רים, דאָס די קייך=הוסט באַצילען, וואָס באָרדעט האָט ענטדעקט, זיינען די אמת'ע אורזאַכע פון דער קייך=הוסט קראַנקהייט.

די קראַנקהייט עקזיסטירט אויף דער גאַנצער וועלט. איבעראַל, וואו מענשען געפינען זיך, איז קייך=הוסט אַן אָפטע ערשיינונג. פון צייט צו צייט הערט מען פון קייך=הוסט עפּידעמיעס, וואָס ברעכען אויס אין פער-שיידענע שטעדט. אָבער לעצטענס איז די קראַנקהייט געוואָרען אַ היימישער איינוואוינער אין די מעהרסטע לענדער און פאָדערט יעדען יאָהר אַ געוויסע צאָהל קרבנות. אין ניו יאָרק איז די קראַנקהייט אַם מעהרסטען טעטיג אין פריהלינג און אין זומער.

אכציג פּראָצענט פון אַלע קייך=הוסט קראַנקע זיינען קינדער, וואָס זיינען אינגער פון פינף יאָהר און די מעהרסטע פון דיזע זיינען צו צוויי יאָהר אַלט. די קראַנקהייט גרייפט אויך אָפט אָן בייבים, נאָר ביי אַזעלכע יונגע עופ'לאך זיינען די סמנים ניט אַזוי איינפאַך און זיינען שווערער צו דער-קענען ווי ביי אַן עלטער קינד.

ארום 97 פּראָצענט פון אַלע טויטען=פעלע פון קייך=הוסט קומען פאָר ביי קינדער, וואָס זיינען אינגער פון פינף יאָהר. ארום אַ העלפט פון אַלע טויטען=פעלע קומען פאָר ביי קינדער, וואָס זיינען אינגער פון צוויי יאָהר.

## ווי אזוי די קראנקהייט קייך־הוסט פערשפרייט זיך.

פון אלע אונטערזוכונגען, וואס מען האט ביז יעצט געמאכט, האט מען פארלויפיג אויסגעפונען בלויז איין וועג, דורך וועלכען די באצילען פון קייך־הוסט פערשפרייטען זיך. ווען דאס קינד הוסט ברייננט עס ארויס פון מויל א פיינעם רעגען פון קלייניננקע טראפען שפייעכץ. דיזע טראפעלאך שפייעכץ ענטהאלטען די באצילען, און אויב זיי טרעפען א צווייטען קינד, וואס שטעהט נאהענט נעבען הוסטענדען חולה, ווערט דאס צווייטע קינד אנגעשטעקט מיט דער קראנקהייט.

די קליינע טראפען שפייעכץ, וואס דאס קינד הוכט ארויס, קענען ניט גרייכען ווייטער ווי אויף פינף פוס פון'ם פלאץ, וואו דאס קראנקע קינד שטעהט. דאס הייסט אלזא, אז אינערהאלב פון פינף פוס פלאץ ארום קראנקען קינד קען מען זיך אנשטעקען מיט די קייך־הוסט באצילען.

אין סטריט־קארס (טראמווייען), טעאטערע אדער אירגענד וועלכע עפענטליכע געביידעס געפינען זיך געוועהנליך אנדערע קינדער נעהנטער ווי פינף פוס פון קראנקען קינד און דארום פערשפרייט זיך די קייך־הוסט קראנקהייט אזוי לייכט פון איין קינד צום אנדערען.

עס איז אויך מעגליך, דאס עלטערע מענשען, וואס געפינען זיך נעבען הוסטענדע קינדער, קריגען אויף זייערע קליידער די טראפעלעך שפייעכץ און נאכהער שטעקען זיי אן אנדערע קינדער, מיט וועמען זיי קומען אין נאהענטע בעריהרונג. קיינע דירעקטע בעווייזען אז דאס איז אזוי, זיינען ניטא. עס זיינען אויך ניטא קיינע בעווייזע, דאס די קראנקהייט קען זיך פערשפרייטען אויף אירגענד וועלכען אנדערען אופן.

## די סימנים פון דער קראנקהייט.

ווען א קינד ווערט שוין אנגעשטעקט מיט די קייך־הוסט באצילען דויערט געוועהנליך פון דריי ביז אכט טעג צייט איידער דאס קינד פאנגט אן צו צייגען אירגענד וועלכע סמנים. אין פערלויף פון דיזער צייט פערמעהרען זיך די באצילען און שאפען זייער גיפט און אזוי לאנג, ווי זיי זיינען נאך קליין אין צאהל און האבען נאך ניט געשאפען גענוג גיפט, זיינען זיי נאך ניט אימשטאנדע צו פעראורזאכען פיעל שאדען דעם קינד.

צו ענדע פון דיזער פעריאדע, אין פון די דריי ביז אכט טעג ארום, פאנגט דאס קינד אן צו ליידען פון א „פערקעלטונג". דאס קינד הוסט א

ביסעל, ספּעציעל ביינאַכט. עס ניסט, עס רינט ביי איהם פון די אויגען און פון נאָז און עס האָט פיליכט עטוואָס פיבער. אַלע סמנים פון אַ געוועהנ־ליכע אַלטעגליכע „פערקעלטונג״. ווען מען זאָל אָבער באַקטעריאָלאָגיש עקזאַמענירען די שפּייעכץ פון קינד אין דיזער שטופּע פון דער קראַנקהייט וואָלט מען געפונען, אַז דאָס שפּייעכץ איז פול מיט קייך־הוסט באַצילען און יעדעס מאָל, ווען דאָס קינד ניסט אָדער הוסט, פערשפּרייט עס ארום זיך קייך־הוסט באַצילען.

ליידער איז שווער צו דערקענען די קראַנקהייט אין דיזער צייט סיי־דען מען פערדעכטיגט, אַז דאָס קינד ליידעט פון קייך־הוסט און מען מאַכט אַ באַקטעריאָלאָגישע אונטערזוכונג פון קינד׳ס שפּייעכץ. אויסערליך אונ־טערשיידעט זיך ניט די קראַנקהייט אין דיזער צייט פון אַ געוועהנליכע „פער־קעלטונג״. און גראַדע אין דיזער צייט איז די קראַנקהייט זעהר אַנשטעקענד, ווייל דאָס קינד געהט ארום פראַנק־און־פריי. עס שפּילט זיך מיט אַנדערע קינדער און שטעקט אָן די אַנדערע קינדער מיט דיזער קראַנקהייט.

פון דריי ביז פערצעהן טעג געדויערט דיזע שטופּע פון דער קראַנק־הייט און דאַן ווערט דאָס הוסטען אָפטער, לענגער און דאָס קינד פער־קייכט זיך.

דאָס קייכען און „קרעהען״ פון קינד אין דיזער שטופּע פון דער קראַנק־הייט איז אַלעמען בעקאַנט און נויטיגט זיך ניט אין קיין אויספיהרליכער בעשרייבונג. דאָס הוסטען קומט אָן אַזוי אָפט און אַזוי שנעל איינס נאָך׳ן אַנדערען, אַז דאָס קינד קען דעם אָטהעם ניט כאַפּען. דאָס געזיכט ווערט ביים קינד טיף־רויט אָדער פּוירפּעל, מאַנכעסמאָל אַזש שוואַרץ „אָנגעגאָסען מיט בלוט״. די בלוט־אָדערען אויף׳ן געזיכט און שטערען פון קינד ווערען „אָנגעשוואָלען״, די אויגען זיינען פערגאָסען און שיינען צו סטאַרטשען פון זייערע לעכער, אין האַלז איז דעם קינד ווי מיט אַ שנור פערצוייגען און ווען עס כאַפּט אָפּ דעם אָטהעם נאָך אַ סעריע פון צעהן אָדער צוואַנציג עקספּלאָזיוו הוסטען געהט די לופט דורך דער פערצויגענער שמאָלער ווינד־רעהר און קלינגט ווי דאָס קרעהען פון אַ האָהן.

דיזעס הוסטען און קרעהען ווידערהאָלט זיך אָפּט ביז צוועלף מאָל יעדעס מאָל, ווען דאָס הוסטען בעפאַלט דאָס קינד, און מיט׳ן לעצטען הוסט ברייננגט דאָס קינד ארויס אַ שטיק שליים, וואָס האָט די גאַנצע צייט גע־שטעקט אין האַלז. אָפטמאָל, ספּעציעל ביי יונגע קינדער, פיהרט דאָס הוס־טען צו ברעכען אָדער צו בלוטען פון דער נאָז. אָפטמאָל פּלאַצט אַ קליינע

בלוט=רעהר אין אויג און דאָס אויג זעהט אויס פאַר אַ צייט ווי אָנגעגאָסען מיט בלוט. דאָס בלוטען איז געוועהנליך ניט זעהר ערנסט.

אָן דער ערנסטקייט פון דער קראַנקהייט ווענדעט זיך וויפיל מאָל אין טאָג דאָס קינד הוסט. פון זעקס ביז פופציג מאָל אַ טאָג „פערגעהט זיך״ דאָס קינד אין שרעקליכע אַגאָניעס פון הוסט. דאָס קינד דערפיהלט ווען דער הוסט קומט און עס לויפט געוועהנליך זיך אָנכאַפּען אָן דער מוטער'ס קלייד אָדער אירגענד וועלכע שטיק מעבעל, וואָס עס טרעפט אין וועג. כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענד אָן דעם און הוסט, הוסט, אז עס דאכט זיך עס וועט די גאַנצע נשמה אויסהוסטען.

ביי בייבים און ביי קינדער, וואָס זיינען עלטער פון אכט יאָהר, איז דאָס הוסטען ניט אַזוי כאַראַקטעריסטיש, ווייל דאָס הוסטען ווערט ניט בעגלייטעט פון'ם קרעה=איינאָטהעמען, וואָס איז אזוי טיפּיטשנע פאַר דיזער קראַנקהייט, און דערפאַר פערזעהט מען אָפט די קראַנקהייט און מען דיינקט, אז דאָס קינד ליידעט בלויז פון אַ געוועהנליכע צוקיהלונג.

אָפטמאָל וואַרפט זיך אונטער בראָנקייטיס אָדער לונגען=ענטצינדונג אין מיטען קייך=הוסט. דאָס הוסטען ווערט דאַן אויף אַ קורצע צייט לייכ־טער ביז די צוגעקומענע קראַנקהייט ווערט איינגעשטילט און דאַן קעהרט זיך דער הוסט צוריק מיט דער זעלבער שטאַרקייט וואָס פריהער.

אזוי מוטשעט זיך דאָס קינד אָפּ פון איין וואָך ביז אייניגע מאָנאַטען. די צייט, וואָס דיזער צושטאַנד האַלט אָן ווענדעט זיך אָן דעם ווי אַלט דאָס קינד איז, ווי ערנסט קראַנק עס איז, צו עס איז אַ גוט גענעהרטעס קינד און צו מען פּאַסט אויף דעם גוט אויף.

אַ געוועהנליכע אַטאַקע פון קייך=הוסט אין אַ געזונדען קינד, אויף וועלכען מען פּאַסט גוט אויף אין פערלויף פון דער קראַנקהייט, דויערט גע-וועהנליך אַ מאָנאַט צייט. דאָס איז די צייט, וואָס די ספּאַזמאַטישע קייכען און קרעהען האַלטען אָן. אין די ערשטע צוויי וואָכען צייט ווערט דאָס הוסטען מיט יעדען טאָג ערגער. אין פערלויף פון דער דריטער וואָך, שטעהט די קראַנקהייט אויף איין אָרט און זי ווערט ניט ערגער און ניט בעסער, און די פערטע וואָך ווערט זי לאַנגזאַם לייכטער.

די נעקסטע שטופּע פון דער קראַנקהייט איז איהר פערשווינדען. די אַטאַקעס פון הוסטען ווערען וועניגער, יעדע אַטאַקע ווערט מילדער, און דאָס הוסטען ווערט מעהר און מעהר עהנליך צו אַ געוועהנליכעם הוסטען.

דיזע שטופע דויערט געוועהנליך ארום דריי וואָכען צייט, אָבער אין מאנכע פעלע ווערט עס פערלענגערט אויף מאָנאטען.

## די נאכוועהענישען פון קייך־הוסט.

קייך־הוסט זעלבסט איז ניט זעהר לעבענס־געפעהרליך. די קראַנק־הייט בריינגט אָבער געוועהנליך מיט זיך פערשיידענע ערנסטע נאָכוועהע־נישע, וועלכע זיינען אָפט יאָ לעבענס־געפעהרליך.

צוזאמען מיט די באצילען פון קייך־הוסט געפינען זיך אויך אין מויל און אין האַלז פון'ם קראַנקען קינד באצילען פון אינפלוענזא און אין פיעלע פעלע אויך די מיקראָבען, וואָס פעראורזאכען לונגען ענטצינדונג. די קייך־הוסט קראַנקהייט מאטערט אזוי אויס דאָס קינד, דאָס עס איז צו שוואך אויסצוהאַלטען אַ צווייטע ערנסטע קראַנקהייט, און אויב אזא קראַנקהייט „ווארפט זיך אונטער", איז דאָס לעבען פון קינד אין געפאַהר.

בראָנקייטיס איז אַן אָפטע בעגלייטעריז פון קייך־הוסט. לונגען־ענטצינדונג איז די געפעהרליכסטע פון אַלע קאָמפּליקאַציעס, וואָס פּאַסירען נאָך קייך־הוסט, און ווען דאָס פּאַסירט מיט אַ קינד, וואָס איז איגגער פון צוויי יאָהר, זיינען די אויסזיכטען אויף'ן קינד'ס לעבען זעהר שוואכע.

אָפטמאָל איז טובערקולאָזיס אַ נאָכפאָלגעריז פון קייך־הוסט. דאָס קינד האָט וואהרשיינליך געהאַט שוין פריהער טובערקולאָזיס באצילען אין קערפּער, אָבער דיזע באצילען האָבען דעם קינד ווייניג שאַדען פעראור־זאכט. ווען עס איז אָבער זעהר אָפּגעשוואַכט געוואָרען פון קייך־הוסט, האָט די טובערקולאָזיס קראַנקהייט זיך געקענט פיל לייכטער פערשפּרייטען דורך'ן קערפּער.

ביי היינטיגען טאָג שטאַרבען מעהר קינדער פון קייך־הוסט ווי פון סקאַרלעט פיבער און ווייניגער ווי פון דיפטעריע.

## ווי זיך אויסצוהיטען פון קייך־הוסט.

אונגליקליכערווייזע איז כמעט אונמעגליך צו אונטערשיידען צווישען די ערשטע שטופע פון קייך־הוסט און אַ געוועהנליכען צוקיהלונג. די גע־וועהנליכע „פערקעלטונג" זיינען אויך געפעהרליך און וואָס שנעלער מיר וועלען אַנערקענען אַ פערקעלטונג פאַר אַן ערנסטע קראַנקהייט, וואָס שנע־לער דער גרויסער עולם וועט וויסען ווי זיך אויסצוהיטען פון אַנשטעקען

זיך פון די קאַלד באַצילען פון אַנדערע, וואָס ליידען שוין פון דיזער קראַנק־הייט, אַלץ וועניגער פעלע פון קייך־הוסט וועלען מיר האָבען.

מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, דאָס די קייך־הוסט באַצילען געפי־נען זיך אין מויל און אין נאָז פון קראַנקען קינד און דאָס קינד פערשפּרייט דיזע באַצילען דורך הוסטען און ניסען אויף אַ שטרעקע פון אונגעפער פינף פוס ווייט.

אויב איהר ווילט איינהיטען אייער קינד פון קייך־הוסט לאָזט עס ניט זיך שפּילען מיט קינדער, וואָס ליידען פון „פערקעלטונג" און האַלטען אין איין הוסטען און ניסען. האַלט אייער קינד אונגעפער פינף פוס ווייט פון אזא קראַנקען קינד.

עס איז אויך זעהר וויכטיג, דאָס אַ קינד, וואָס ליידעט שוין פון קייך־הוסט, זאָל אָפּגעזונדערט ווערען פון אַלע אַנדערע קינדער אויף וועניג־סטענס דריי וואָכען צייט נאָך דעם, ווי דאָס קינד פאַנגט אָן צו הוסטען. עקספּערימענטען האָבען בעוויזען דאָס נאָך דריי וואָכען צייט פערשווינדען די באַצילען פון קינד'ס מויל און נאָז. אין פערלויף פון דיזע דריי וואָכען צייט מוז דאָס קינד זיין אָפּגעזונדערט פון אַנדערע קינדער. דאָס מיינט אָבער ניט, אַז מען דאַרף האַלטען דאָס קינד פערשלאָסען אין הויז אין אַ צימער, וואו די פענסטער זיינען פערמאַכט עס זאָל חלילה קיין ווינטעלע זיך ניט אהין אריינכאַפּען.

אויף דער פרישער לופט פיהלען זיך די קינדער בעסער און הוסטען וועניגער ווי ווען זיי זיינען אין דער הויז. עס איז דאַרום זעהר וויכטיג צו האַלטען דאָס קראַנקע קינד, אויב עס האָט נאָר ניט קיין פיבער, וואָס מעהר אין דרויסען, נאָר דערווייטערט פון אַלע אַנדערע קינדער. ווען עס איז אין הויז דאַרפען אַלע פענסטער זיין אָפען אום דאָס קינד זאָל האָבען וואָס מעהר פרישע לופט.

ווען דאָס קינד הוסט אָדער ניסט דאַרף מען האַלטען פאַר'ן קינד'ס מויל אַ שטיקעל מערליע אָדער אַ נאָז־טיכעל, וואָס מען קען באַלד פערברענען אָדער אויסקאָכען. דאָס צימער, אין וועלכען דאָס קראַנקע קינד געפינט זיך, דאַרף אָפט געלופטערט ווערען און דאָס בעטגעוואַנד דאַרף אָפט געביטען ווערען. מאַנכע גלויבען, אַז דאָס קינד שטעקט אָן אַלעם אין צימער מיט קייך־הוסט באַצילען און דאַן שטעקט עס זיך אַליין אָן מיט דיזע באַצילען.

אויב דאָס הוסטען האַלט אָן פאַר אַ לאַנגע צייט איז ראַטזאַם צו נעהמען דאָס קינד אין אַן אַנדער געגענד. אין מאַנכע פעלע ווירקט דיזע

ענדערונג צום גוטען. מאַנכע קינדער הערען אויף צו הוסטען ווען זיי גע-פינען זיך ביים ברעג ים, אַנדערע קינדער ווערען אין גאַנצען גענעזען ווען מען נעהמט זיי אויף אַ קורצע רייזע אויף׳ן ים.

וועגען די בעהאַנדלונג פון די קראַנקהייט זעלבסט קענען מיר דאָ ניט רעדען. מען דאַרף זיך פערלאָזען אויף׳ן דאָקטאָר, וואָס בעהאַנדעלט דאָס קינד, און פון דעם, וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט וועגען קייך-הוסט, וועט יעדער פערשטעהן, אַז דאָס קינד דאַרף זיין אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר פון דעם מאָמענט, ווען עס ווערט קראַנק ביז עס ערהאָלט זיך אין גאַנצען פון דער קראַנקהייט.

צום גליק ליידעט מען פון קייך-הוסט בלויז איין מאָל. דער קערפּער שאַפט אַ פערטיידיגונגס-אַרמעע געגען די קייך-הוסט באַצילען און ווען די-זע אַרמעע געלינגט צו בעקעמפען די באַצילען פערבלייבט זי אַ לאַנגע צייט אין קערפער און בעשיצט איהם געגען אַ צווייטער אַטאַקע פון די זעלבע מיקראָבען.

אָבער די איין אַטאַקע איז גענוג ערנסט און די נאָכוועהענישע, וואָס די קראַנקהייט לאָזט נאָך זיך, זיינען אַזוי געפעהרליך, אַז דאָס קינד מוז זיין די גאַנצע צייט פון דער קראַנקהייט אונטער דעם אויפזיכט פון אַ קאָמפּע-טענטען דאָקטאָר. צו געברויכען באַבסקע רפואות איז אַ פערברעכען ניט נאָר געגען קראַנקען קינד, נאָר אויך געגען אַלע אַנדערע קינדער, וועמען דאָס קראַנקע קינד קען אָנשטעקען.



# קינדער־פּאראליזיס.

(פּאָליאָמיעליטיס)

קינדער־פּאראליזיס איז, ווי די מעהרסטע דאָקטוירים זיינען איבער־צייגט, אַן אַנשטעקענדע קראַנקהייט, וואָס ווערט פעראורזאַכט פון געוויסע מיקראָבען אָדער פון די גיפטען, וואָס דיזע מיקראָבען שאַפען.

די קראַנקהייט איז פערשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, אָבער, ווי עס שיינט ליידען פון איהר אַם מעהרסטען די סקאַנדינאַווישע לענדער און די נאָרדליכע טייל פון אַמעריקא.

צווישען קינדער, וועלכע זיינען די מעהרסטע קרבנות פון דיזער קראַנקהייט, ווערען איינגלאַך און מיידלאַך גלייך אַנגעגריפען. צווישען ערוואַקסענע מענשען שיינען מענער צו ליידען מעהר ווי פרויען פון דיזער פאָרמע פון פּאראליזיס.

די גרעסטע צאָהל קראַנקע פון „פּאָליאָמיעליטיס” זיינען קינדער אין די ערשטע פינף יאָהר פון זייער לעבען. וואָס עלטער דאָס קינד ווערט אַלץ בעסער זיינען די אויסזיכטען, אַז ער זאָל ניט קריגען די קראַנקהייט. אויף מענשען, וואָס זיינען עלטער פון פערציג יאָהר, האָט די קראַנקהייט כמעט קיין ווירקונג ניט.

דאָס די קראַנקהייט איז אַן אַנשטעקענדע קען מען זעהן דערפון, וואָס זי ערשיינט אין עפּידעמיעס און פערשפּרייט זיך זעהר שנעל פון איין געגענד צו דער אַנדערער. איינצעלנע פעלע פּאַסירען צו יעדער צייט פון יאָהר אָבער די מעהרסטע עפּידעמיעס קומען אין די זומער־מאָנאַטען — יוני, יולי און אויגוסט.

אין מאַנכע פעלע קומט די קראַנקהייט ביי אַזעלכע קינדער, וואָס האָבען זיך נאָר וואָס ערהאָלט פון מאָזלען, שאַרלאַך, דיפטעריא און אַנדערע פיבער־קראַנקהייטען. מאַנכע דענקען דאַרום, דאָס די אויסגערעכענטע קראַנק-

הייטען העלפען ברייננגען „קינדער פאַראַליזיס". דער פאַקט איז אָבער, דאָס מען טרעפט אויך די קראַנקהייט ביי אַזעלכע קינדער, וועלכע האָבען ניט גע-ליטען פון קיינע פון די „קינדער-קראַנקהייטען".

## פון וואָס די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט.

קינדער פאַראַליזיס ווערט פעראורזאַכט פון געוויסע מיקראָבען אָדער פון די גיפטען, וואָס דיזע מיקראָבען שאַפען. אַ בעשטעטיגונג פאַר דיזער מיינונג איז דער פאַקט, דאָס מען קען אַנשטעקען אַפען (מאַנקים) מיט דיזער קראַנקהייט און זיי צייגען די זעלבע סמנים ווי אַ מענש, וועלכער ליידעט פון דיזער קראַנקהייט. אַ צווייטער בעווייז, דאָס די קראַנקהייט ווערט פער-אורזאַכט פון מיקראָבען, איז דער פאַקט, דאָס אין'ם בלוט פון אַ פערזאָן אָדער אַן אַפע, וואָס האָט געליטען פון דיזער קראַנקהייט געפינט זיך אַ גע-וויסער געגען-גיפט, וואָס קען בעשיצען אַ צווייטען פערזאָן געגען דער קראַנק-הייט, אויב מען שפריצט אריין אין איהם דעם בלוט-סערום פון אַזאַ קראַנק-געוועזענעם מענשען. דאָס צייגט, אַז דער קערפּער פון איינעם, וועלכער ליי-דעט פון דער קינדער-פאַראַליזיס קראַנקהייט געהט אָן דער זעלבער פּראָ-צעס פון געגען-גיפט פּראָדוקציאָן, ווי עס געהט אָן אין'ם קערפּער פון אַ קראַנקען, וועלכער ליידעט פון דיפטעריא. און דיפטעריא ווייסען מיר, דאָס עס ווערט פעראורזאַכט פון געוויסע מיקראָבען.

## ווי אַזוי די קראַנקהייט פערשפּרייט זיך.

גענוי ווי אַזוי די קראַנקהייט פערשפּרייט זיך פון איין מענשען צום אַנדערען איז נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט קלאָר. מען האָט אין אָנפאַנג געדענקט, דאָס פליגען אָדער אַנדערע אינסעקטען פערשפּרייטען די קראַנק-הייט, אָבער אַ גענויע אונטערזוכונג האָט בעוויזען, דאָס אָבוואָל די פליגען האָבען אויף זיך אַ היבש פעקעל זינד און זיינען שולדיג אין פערשפּריי-טען פיעלע אַנדערע קראַנקהייטען צווישען מענשען, זיינען זיי אָבער ריין פון דיזער זינד, זיי פערשפּרייטען ניט די קינדער-פאַראַליזיס קראַנקהייט. דאָס זעלבע האָט מען אויסגעפונען אין בעצוג צו די אַנדערע אינסעקטען, וועלכע מען האָט אונטערזוכט.

הינט און קעץ זיינען געוועזען פערדעכטיגט אין זיין אַגענטען פון דער קינדער-פאַראַליזיס קראַנקהייט. הינט און קעץ האָבען יעדער אַ גאַנץ היב-

שען פעקעל עבירות, אבער אום צו זיין גערעכט געגען זיי האט מען נאך א גענויער אונטערזוכונג געמוזט צוגעבען, דאס מען קען אויף זיי ניט אנטשע-פען אויך דיזע זינד.

די איינציגע ערקלערונג, וואס מיר האבען יעצט וועגען דער ארט און ווייזע ווי אזוי דיזע קראנקהייט פערשפרייט זיך איז, דאס זי געהט איבער דירעקט פון איין מענשען צום אנדערען אדער דורך דער פערמיטלונג פון א דריטען פערזאן. דאס הייסט, אז ווען א געזונדער מענש קומט אין בע־ריהרונג מיט איינעם, וועלכער ליידעט פון קינדער־פאראליזים, ווערט ער אליין קראנק, ווייל ער נעהמט אריין אין זיך אדער אויף זיך די מיקראבען פון דיזער קראנקהייט. עס זיינען אויך דא אזעלכע מענשען, אויף וועלכע די מיקראבען פון קינדער־פאראליזים האבען קיין ווירקונג ניט. זיי אליין ווערען דארום ניט קראנק, אבער זיי טראגען זיך ארום מיט די מיקראבען, וועלכע זיי האבען געקראגען פון א קראנקען און זיי שטעקען אן אן אנדער מענשען, מיט וועמען זיי קומען אין בעריהרונג. אזעלכע מענשען, וועלכע טראגען זיך ארום מיט די מיקראבען פון א געוויסער קראנקהייט און זיי אליין זיינען ניט קראנק, ווערען אנגערופען „קעררירערס” אדער טרעגער און פערשפרייטער פון דער קראנקהייט.

מיר האבען גלייך אין אנפאנג פון דיזען קאפיטעל ערקלערט, דאס די קינדער־פאראליזים קראנקהייט איז אן אנשטעקענדע קראנקהייט, דאס הייסט אזא קראנקהייט, וואס איין מענש קען זיך אננעהמען פון אנדערען. מיר האבען דא אויך ערקלערט, אויף ווי וויט עס איז ביז יעצט בעקאנט, די ארט און ווייזע, אויף וועלכע די קראנקהייט פערשפרייט זיך. מיר מו־זען אבער גלייך בעמערקען, דאס ניט אלע דאקטוירים זיינען איינשטימיג מיט דיזער ערקלערונג. מאנכע דאקטוירים, נערוועז ספעציאליסטען, ליי-קענען גאר אין גאנצען, דאס די קראנקהייט איז אן אנשטעקענדע. ווי זיי ערקלערען זיינען די בעווייזע, דאס די קראנקהייט געהט איבער פון איין מענ-שען צום אנדערען, ניט קיין איבערצייגענדע.

## וואס עס קומט פאר אין'ם קערפער פון קראנקען.

די מיקראבען, וואס פעראורזאכען די קינדער־פאראליזים קראנקהייט, אדער זייערע גיפטען גרייפען אן אם מעהרסטען די נערוו־צעלען פון אונ-זער רוקען־מארך און די דינינקע הויט, אדער „מענינדזשעס”, וואס רינגלען ארום דעם רוקען־מארך. אונזער נערוועז־סיסטעם, אריינגערעכענט דעם

מארך, בעשטעהט פון נערוו-צעלען און נערוו-פעדים. די נערוו-פעדים דינען פונקט ווי טעלעגראף דראָטען, אויף איבערצופיהרען די אימפולסען אָדער די אָרדערס פון די נערוו-צעלען. די נערוו-פעדים אליין זיינען נוצלאָז אָהן די נערוו-צעלען, פונקט ווי עס זיינען די טעלעגראף-דראָטען ווען זיי זיינען ניט פערבונדען מיט דעם הויפט טעלעגראף-אפאראט אין דער טעלעגראף-סטאנציע. די מיקראָבען פון דער קינדער-פאראליזיס קראנקהייט אָדער זייערע גיפטען גרייפען אָן אם מעהרסטען די נערוו-צעהלען פון'ם רוקען-מארך און אין מאנכע פעלע אויך געוויסע טיילען פון'ם מארך זעלבסט. די קליינע בלוט-רעהרען, וואָס געפינען זיך אין דיזע טיילען פון'ם מארך אָדער רוקען-מארך, ווערען אָנגעגאָסען מיט בלוט, מאנכע נערוו-צעהלען ווערען פאראליזירט און, אויב דיזער צושטאנד האלט אָן א לענגערע צייט, ווערען די נערוו-צעהלען אין גאנצען פערניכטעט. די מוסקולען, וועלכע ווערען קאָנטראָלירט דורך דיזע נערוו-צעהלען, ווערען פאראליזירט. אויב דער שאָדען צו די נערוו-צעהלען איז ניט קיין צו גרויסער ערהאָלען זיי זיך פון דער אטאקע און די פאראליזירטע מוסקולען ווערען צוריק אקטיוו. אָבער די מוסקולען, וועמען'ס נערוון עס זיינען פערניכטעט געוואָרען, בלייבען פאראליזירט און פאנגען אָן איינצושרימפפען.

## די סימנים פון דער קראנקהייט.

די ערשטע סמנים פון דער קראנקהייט זיינען אונבעשטימטע. ווען א קינד שטעקט זיך אָן מיט די מיקראָבען פון דער קינדער-פאראליזיס קראנקהייט דויערט עס געוועהנליך פון איין ביז זיבען טעג איידער אין'ם קינד'ס קערפער זאמעלט זיך אָן גענוג גיפט, וואָס זאָל פעראורזאכען בעשטימטע סמנים.

אין פערלויף פון דיזער צייט איז דאָס קינד „קרענקעוואטע", אונרוהיג און עס האָט עטוואָס פיבער. מאנכע קינדער ברעכען אָדער האָבען קאָנוואולסיעס, אנדערע בעקלאָגען זיך אויף שמערצען אין רוקען, הענד, פיס אָדער אין קאָפּ. דער פיבער האלט אָן אייניגע טעג און פערשווינדעט, און דאן בעמערקט מען ווי מאנכע מוסקולען פון קינד'ס קערפער קענען זיך ניט בעוועגען.

אין די מעהרסטע פעלע פון א מיטעלמעסיגער ערנסטקייט ווערען ביידע פיס פאראליזירט און דאָס קינד קען זיך ניט שטעלען אָדער געהן.

אין א גרויסע צאָהל פון דיזע פעלע ווערען אויך די הענד פאראליזירט. אין אזא צושטאנד וויל דאָס קינד ניט ליידען ווען מען ריהרט דאָס אָן, עס וויל ליגען רוהיג, און ווען מען שטערט עס שרייט עס.

אין א טאָג אָדער צוויי ארום פיהלט זיך דאָס קינד בעסער. עס פאנגט אָן צו בעוועגען מיט די הענטלאך, און מען בעמערקט ווי איין פוס איז וועניגער פאראליזירט ווי די אנדערע. שמערצען האט דאָס קינד דאן בלויז ווען מען דריקט דאָס פאראליזירטע פיסעל, זאָנסט איז עס פריי פון שמערצען.

אין פערלויף פון צעהן אָדער פערצעהן טעג ערהאָלט זיך דאָס קינד כמעט אין גאנצען פון דער קראנקהייט אויסער וואָס איין פוס בלייבט פאראליזירט און הייגגט נאָך כמעט ווי טויט. די מוסקולען פון דיזען פוס פאנגען אָן צו וועלקען, ווערען דין און אויסגעדאַרט.

עס זיינען פאראן מילדע פעלע פון דער קינדער־פאראליזיס קראנקהייט, וואו בלויז איין גליד ווערט אָנגעגריפען און די פאראליזיס בעשרענקט זיך בלויז צו איין סעט מוסקולען פון איין פוס. אין מאנכע פעלע איז די פאראליזיס אזא לייכטע און געהט אזוי שנעל פאראיבער, דאָס מען בעמערקט עס גאָר ניט און ווען עס איז ניט די צייט פון אַן עפּידעמיע דענקט מען, אז דאָס קינד האָט זיך עטוואָס צוגעקיהלט. עס זיינען אויך דאָ פיעל ערנסטע אטאקעס פון קינדער פאראליזיס, וואו די נערוועז פון מארך ווערען אָנגעגריפען אָדער די מוסקולען פון'ם אטהעמונגס־מעכאניזם ווערען פאראליזירט. אזעלכע פעלע זיינען זעהר לעבענס־געפעהרליך. כמעט אלע קינדער, וועמען'ס מוסקולען פון'ם אטהעמונגס־מעכאניזם ווערען פאראליזירט, שטארבען.

## די אויסזיכטען פון קראנקען.

די אויסזיכטען פון קראנקען ווענדעט זיך אָן דעם, ווי שטארק דער אָנגריף פון דער קראנקהייט איז. די גרעסטע געפאהר פאר'ן קראנקען איז, ווען די מוסקולען פון זיין אטהעמונגס־מעכאניזם ווערען פאראליזירט. אויב א קראנקער האָט בשלום דורכגעמאכט די ערשטע איינינע טעג פון דער פאראליזיס קראנקהייט און זיין אטהעמונגס־מעכאניזם איז ניט בעריהרט געוואָרען, זיינען זיינע אויסזיכטען גוטע, אויב עס וואַרפען זיך איהם ניט צו אזעלכע קראנקהייטען ווי לונגען־ענטצינדונג אָדער זיין פערדייאונגס־מאשינערי (דער מאָגען און די קישקעס) ווערט ניט קאליע.

צו ענדע פון דער צווייטער אָדער דריטער וואָך פון דער קראנקהייט פאנגען אָן די פאראליזירטע מוסקולען זיך צו בעסערען. פון דאן אָן ביז צו ענדע פון א יאָהר אָדער אַנדערהאַלבען יאָהר זיינען נאָך דאַ אויסזיכטען, דאָס די נאטור זעלבסט וועט פעררירכטען דעם שאדען. אין פערלויף פון דיזער צייט ווערען א טייל פון די פאראליזירטע מוסקולען צוריק טעטיג און די, וואָס האָבען שוין אָנגעפאנגען אָפצושטארבען און איינצודארען, גע־ווינען צוריק א טייל פון זייער פריהערדיגע טעטיגקייט.

צו ענדע פון דיזער פעריאָדע הערט אויף דער פערבעסערונגס־פראָ־צעס און די מוסקולען, וועלכע זיינען געבליבען פאראליזירט, וועלען אזוי פערבלייבען.

## די בעהאנדלונג פון דער קראנקהייט.

אין דער ערשטער שטופע פון דער קראנקהייט ווערט דער קראנקער בעהאנדעלט אונגעפעהר אויף דער זעלבער ארט און ווייזע ווי עס ווערען בעהאנדעלט די, וואָס ליידען פון אנדערע פיבער־קראנקהייטען, ווי מאָזלען, שארלאך און ד. גל. ווען די ערשטע צוויי־דריי וואָכען זיינען פאָראיבער דארף מען אָנפאנגען בעהאנדלען די מוסקולען מיט מאסאזש און עלעקטרי־שע סטימולירונג, אום צו פערהיטען זיי זאָלען ניט פערוועלקען און איינ־דארען.

די פאראליזירטע גלידער דארף מען האלטען ווארעם אנגעטאָן, ספע־ציעל ווען אין דרויסען איז קאלט. צו פערהיטען די פאראליזירטע גלידער זאָלען ניט אויסגעקרימט ווערען דארף מען זיי האלטען אין א נארמאלע לאגע מיט דער הילף פון פערשיידענע אייזערנע אינסטרומענטען (ברייסעס). אין מאנכע פעלע, ווען די צייט פון פערבעסערונג איז שוין פאָראיבער (צו ענדע פון צווייטען יאָהר פון דער קראנקהייט) און בלויז איניגע מוסקולען זיינען פאראליזירט ווערענד אנדערע מוסקולען פון זעלבען פוס אָדער פון דער זעל־בער האנד זיינען געזונד, קען מען דורך אן אָפעראציאָן פעראייניגען די קראנקע צו די געזונדע מוסקולען.

זייט דער לעצטער גרויסער עפידעמיע אין ניו יאָרק זיינען פיעלע עקספערימענטען געמאכט געוואָרען אין דער האָפנונג צו געפינען א סערום, וואָס זאָל פערהיטען אָדער בעקעמפען דיזע קראנקהייט. מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, אז דאָס בלוט פון א קראנקען, וועלכער האט זיך ער־האָלט פון דער קינדער־פאראליזיס קראנקהייט, ענטהאלט א געוויסען גע־

גען־גיפט געגען די מיקראָבען, וואָס פעראורזאַכען דיזע קראַנקהייט. א פערזוך ווערט דארום געמאַכט צו שאַפען אַזאַ סערום אום צו בעשיצען קינ־דער געגען קריגען די קראַנקהייט, ווען זיי קומען אין בעריהרונג מיט אַזעל־כע קינדער, וועלכע ליידען שוין פון קינדער־פּאַראַליזים. די סערום־פּראַגע איז אָבער נאָך פאָרלויפיג אין דער עקספּערימענט־שטופע און עס איז נאָך צו פריה צו זאָגען עטוואָס בעשטימטעס וועגען דעם.



# מאמפּס.

מאַמפּס איז אַן עפּידעמישע קראַנקהייט, פון וועלכער דער הויפּט סימן איז אַן ענטצינדונג פון די שפּייעכץ־דריזען, וועלכע געפינען זיך אין די באַקען, אונטער די אויערען.

די שפּייעכץ פון אונזער מויל ווערט געשאַפען פון פינף קליינע דריזען אָדער שפּייעכץ פעקטאָרים. איינע געפינט זיך אונטער דער צונג, צוויי געפינען זיך פון ביידע זייטען מאָרדע און צוויי — אין די באַקען, אונטער די אויערען. פון יעדען פון דיזע דריזען ציהט זיך א קאַנאַל, וואָס עפענט זיך אין מויל און דורך דיזע קאַנאַלען שיקען די שפּייעכץ פעקטאָרים זייערע פּראָדוקטען אין מויל אריין.

אין דער קראַנקהייט, וואָס מען רופט מאַמפּס, ווערען ענטצונדען די שפּייעכץ פעקטאָרים, וועלכע געפינען זיך אין די באַקען.

די קראַנקהייט איז אַן אַנשטעקענדע. זי פערשפּרייט זיך לייכט פון איין מענשען צום אַנדערען דירעקט אָדער דורך געגענשטענדע, וואָס די קראַנקע שטעקען פריהער אַן און אַנדערע געזונדע מענשען געברויכען נאָכהער. מאַנכעס מאָל פערשפּרייט זיך די קראַנקהייט אַזוי שנעל און שטעקט אַן אַזוי פיעל מענשען, דאָס זי נעהמט אָן דעם כאַראַקטער פון אַן עפּידעמיע.

גענוי וואָס עס פעראורזאַכט די קראַנקהייט איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט, אָבוואָל עס איז שוין מעהר קיין צווייפעל ניט, דאָס די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט פון מיקראָבען, און אין פיעלע פעלע פון דער קראַנקהייט האָט מען געפונען געוויסע מיקראָבען, וואָס מען דענקט, דאָס זיי זיינען די פעראורזאַכער פון די מאַמפּס.

די קראַנקהייט גרייפט אָן מעהרסטענס יונגע מענשען. בייבים און קליינע קינדער ליידען זעלטען פון מאַמפּס, אָבער אָנפאַנגענדיג פון פינף יאָהר און העכער בעגעגענט מען די קראַנקהייט זעהר אָפט. מענער ליידען פון איהר אָפטער ווי פרויען.

ווען איינער שטעקט זיך אָן מיט די מיקראָבען פון דיזער קראַנקהייט דויערט עס פון צוויי ביז דריי וואָכען ביז די ערשטע סמנים בעווייזען זיך. אין פערלויף פון דיזער צייט גרייטען זיך די מיקראָבען צו צו זייער אַטאַקע, און אין פערלויף פון דיזער פּאָרבערייטונגס־פּעריאָדע איז דער קראַנקער אין גאַנצען פריי פון סמנים און ווייס גאָר ניט דאָס ער איז קראַנק, דאַן פאַנגט ער אָן זיך צו פיהלען עטוואָס ניט מיט אַלעמען, ער האָט אַ לייכטען פיבער און אויף'ן זייט פון געזיכט, פונקט אונטער'ן אויער, דערפיהלט ער אַ לייכטען שמערץ.

זיך צוקוקענדיג צום פּלאַץ, וואו דער וועהטאָג איז, קען מען צו יענער צייט בעמערקען אַ לייכטע געשווילעכץ. דיזע געשווילעכץ ווערט אַלץ גרעסער ביז אין אַכט און פערציג שטונדען ארום ווערט די גאַנצע זייט פון געזיכט געשוואָלען. די געשווילעכץ ציהט זיך פון אונטער'ן אויער ביז אַרונטער צו דער ענדע פון באַק און פערשפּרייט זיך פון דער פאָדערשטער העלפט פון באַק ביז אין מיטען פון נאַקען. דאָס לעפּעלע פון אויער ווערט פון דער געשווילעכץ אַרויפגעשפּאַרט און אַרויסגעשטופּט פאָראויס.

אין דער צייט פון דיזער געשווילעכץ קען דער קראַנקער זעהר ווייניג עסען. אין מויל און אין האַלז איז איהם רויט און אָפט מאָל געשוואָלען. שלינגען, רעדען און אַפילו בלויז עפענען דאָס מויל איז שמערצליך. די שמערצען זיינען אייגענטליך ניט זעהר גרויס, נאָר די אונאַנגענעהמליכקייט, וואָס דער קראַנקער פיהלט, איז זעהר גרויס. דיזע געשווילעכץ האַלט אָן פון זיבען ביז צעהן טעג און דאַן געהט זי לאַנגזאַם אָפּ און דער קראַנקער ערהאָלט זיך. מאַנכעס מאָל, ווען די געשווילאַכץ געהט שוין אין גאַנצען אָפּ פון איין זייט געזיכט, פאַנגט די קראַנקהייט אויף'סניי זיך אָן אין דער צווייטער זייט געזיכט און די גאַנצע געשיכטע ווידערהאָלט זיך. אין מאַנכע פעלע ווערען ביידע זייטען געזיכט אָנגעגריפען גלייכצייטיג און דער גאַנצער נאַקען ווערט שטאַרק געשוואָלען. די אונאַנגענעהמליכקייט איז דאַן פיעל גרעסער ווי ווען בלויז איין זייט איז אָנגעגריפען. אין אַזעלכע פעלע ווערען געוועהנליך אויך די אַנדערע שפּייעכץ־פּראָדוצירענדע דריזען אָנגעגריפען און דער קראַנקער ליידעט פיעל מעהר.

אין אויסנאַהמס פעלע נעהמט די קראַנקהייט אָן אַ זעהר ערנסטע פאָרמע. דער קראַנקער קריגט אַ הויכען פיבער און געפינט זיך אין אַ בעוואוסטלאָזען צושטאַנד. אין אַזעלכע פעלע פאַנגט די קראַנקהייט זיך אָן

מיט א שטארקען קאָפּ־וועהטאָג, גרויסע שמערצען, ברעכען און א הויכען פיבער.

די קראַנקהייט קומט זעלטען צוויי מאָל צום זעלבען פערזאָן. אָבער אין אויסנאַהמס פעלע קען זי נאָך אמאָל אטאקירען דעם זעלבען קראַנקען אין א וואָך ארום נאָך דעם, ווי דער ערשטער אַנגריף ענדיגט זיך.

## די אויסזיכטען פון קראנקען.

אין די מעהרסטע פעלע איז די אטאקע פון דער קראַנקהייט א לייכטע און דער קראַנקער ערהאָלט זיך זעהר שנעל. אין מאַנכע פעלע, ספּעציעל, ווען די קראַנקהייט גרייפט אָן אן ערוואַקסען אינגעל אָדער מיידעל, ווערען אויף די געשלעכטס־טיילען אָנגעגריפען.

אין אויסנאַהמס פעלע קען זיך ענטוויקלען אלס א נאָכוועהעניש גע־הירען ענטצינדונג, נירען ענטצינדונג אָדער אן ענטצינדונג פון די אויגען־נערוועז. אזעלכע פעלע זיינען אָבער גאַנץ זעלטענע.

## וואס צו טאָן אין פאל פון מאַמפּס.

ווען דאָס קינד קריגט שוין די קראַנקהייט דארף מען עס האַלטען אין בעט און אָפּגעזונדערט פון אַנדערע קינדער פאַר דריי וואָכען צייט. מען דארף אכטונג געבען, אז דער מאָגען פון קינד זאָל זיין אין אָרדנונג, און אזוי ווי עס איז שווער פאר'ן קינד צו קייען דארף מען איהם געבען בלויז פליסענדע שפּייז, ווי מילך און זופּען. אויב דער פיבער איז ניט זעהר הויך דארף מען דעם קראַנקען צורוה לאָזען. קאַלטע אָדער הייסע קאָמפּרעסען (קינדער האָבען ליבער הייסע קאָמפּרעסען) צו דער געשוואָלענער באַק וועלען העלפען פערקלענערען די שמערצען. א דאָקטאָר דארף מען יעדענפאַלס רופען, און אויב די שמערצען זיינען צו שטאַרקע, דער פיבער צו הויך אָדער אירגענד וועלכע קאָמפּליקאַציעס ווארפען זיך צו וועט שוין דער דאָקטאָר אויף דעם אכטונג געבען.



# טייפויד פיבער.

טייפויד פיבער איז א קראנקהייט, וואס ווערט פעראורזאכט פון א ספעציעלען סארט באצילען, וועלכע מען רופט „טייפויד באצילען". א לענגערע צייט האבען די דאקטוירים ניט געוואוסט די אמת'ע אורזאכע פון דיזער קראנקהייט און זיינען געווען אונמעכטיג צו טאן עטוואס געגען איהר. אבער זייט מען האט ענטדעקט די טייפויד באצילען און מען האט אויסגעפונען ווי אזוי דיזע באצילען פערשפרייטען זיך פון איין מענשען צום אנדערען איז די צאהל טייפויד קרבנות פיעל פערקלענערט געווארען, א דאנק די ווירקזאמע מיטלען, וואס ווערען געברויכט צו פערמיידען די קראנקהייט.

פון דעסטוועגען איז נאך ביי היינטיגען טאג טייפויד פיבער איינע פון די ווייט פערשפרייטעסטע קראנקהייטען. די טייפויד באצילען פאלגען נאך דעם מענשען, וואו נאר ער געפינט זיך. קיין טייל פון אונזער ערדקוגעל, וואס איז נאר בעוואוינט פון מענשען, איז ניט זיכער געגען טייפויד. אין די טראפישע געגענדען, אין די נארדליכע אדער זידליכע געגענדען, אויף די הויכע בערג און אין די טיפע טהאלען, איבעראל זיינען די טייפויד באצילען טרייע נאכפאלגער פון די מענשען, וואס פאסען ניט שטארק אויף אויף ריינליכקייט.

אין די פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא ווערען יעדען יאהר ארום דריי הונדערט מיט פופציג טויזענד מענשען קראנק אויף טייפויד פיבער און ארום פינף און דרייסיג טויזענד מענשען (צעהן פראצענט פון די קראנקע) שטארבען.

טייפויד איז דארום א גאנץ ערנסטע קראנקהייט, וועגען וועלכע עס לוינט זיך צו וויסען אום מען זאל קענען זי אויף ווי ווייט נאר מעגליך אויסמיידען.

עס איז ווערט גלייך אין אנפאנג צו בעמערקען, דאס טייפויד און טייפוס זיינען צוויי בעזונדערע קראנקהייטען, וואס האבען קיין שייכות ניט

איינע מיט די אנדערע, ניט נאָר דער פּראָסטער עולם, נאָר אפילו דאָקטוירים פלעגען אמאָל דענקען, אז דאָס איז די זעלבע קראַנקהייט. מען האָט שוין אָבער לאַנג צוריק אויסגעפונען, אז דאָס איז א טעות.

## די קרבנות פון טייפויד פיבער.

מאַנכע אַנדערע קראַנקהייטען אטאַקירען מעהרסטענס אזעלכע מענשען, וואָס זיינען פיזיש שוואַך, אויסגעמוטשעט, וועמען'ס ווידערשטאַנד'ס-קראַפט געגען די באַצילען איז פיעל אָפּגעשוואַכט. אין דיזען זין איז טייפויד אן אויסנאַהמע. די באַצילען פון דיזער קראַנקהייט שרעקען זיך ניט אָפּ אפילו פאר'ן געזונדסטען מענשען. זיי אטאַקירען כמעט יעדען מענשען, אין וועמען'ס קערפּער זיי כאַפּען זיך אריין. בלויז איבער א קליינע צאָהל מענשען האָבען די טייפויד באַצילען קיין שליטה ניט. וואָרום דאָס איז אזוי איז נאָך פאָרלויפיג א געהיימניס, אָבער א פאַקט איז עס אז מאַנכע מענשען קענען האָבען טייפויד באַצילען אין זייער קערפּער, אָנשטעקען אַנדערע מיט דיזער קראַנקהייט און דאָך אליין זיין געזונד.

די טייפויד באַצילען האָבען ניט קיין בעשטימטען סיזאָן. זיי טוען זיך זייער ארבייט א גאַנץ יאָהר, אָבער אין אמעריקא און אין איירא‌פּא איז די צאָהל טייפויד קרבנות פיעל גרעסער אין הערבסט ווי אין אן אַנדער צייט פון יאָהר. די באַצילען אטאַקירען אויך מענשען פון יעדען עלטער, אָבער אם מעהרסטענס גרייפען זיי אָן מענשען אין עלטער פון פופצעהן ביז דרייסיג יאָהר.

די טייפויד באַצילען קענען ניט איבערשפּרינגען פון איין מענשען צום אַנדערען. זיי קענען אויך ניט איבערפליהען דורך דער לופט. מען קען זיך דארום ניט אָננעהמען די קראַנקהייט, ווען מען אטהעמט די זעלבע לופט אין זעלבען צימער, וואו דער קראַנקער געפינט זיך אָדער ווען מען שטעהט נאָהענט צו זיין בעט. א גענויע און זאָרגפעלטיגע אונטערזוכונג פון טויזענדע טייפויד פעלע צוזאמען מיט אונצעהליגע עקספּערימענטען, האָבען בעוויזען, דאָס די באַצילען גרייכען אונזער קערפּער בלויז דורך איין וועג — דורך'ן מויל.

דער קראַנקער, וואָס ליידעט פון טייפויד פיבער, גיט ארויס פון זיך מיליאָנען באַצילען. דיזע באַצילען געפינען זיך הויפּטזעכליך אין זיין אָפּ-פאַל מאַטעריאַל און אין זיין אורין, און העסליך און דערווידער ווי דאָס איז,

איז עס אָבער א פאקט, דאָס די שפּייז, וואָס מיר עסען, ווערט פעראונ־רייניגט פון דיזע באצילען און צוזאמען מיט אונזער שפּייז גרייכען די באַ־צילען די אינערליכע טיילען פון אונזער קערפּער.

טייפויד פיבער איז דארום ניט נאָר א שעדליכע און זעהר געפעהר־ליכע קראנקהייט, נאָר אויך א העסליכע אונרייניגע קראנקהייט, ווייל דער הויפּט וועג, דורך וועלכען מיר קריגען די קראנקהייט איז אונרייניגליכקייט.

די הענד פון קראנקען זיינען זעהר גוטע אגענטען פון דער קראנקהייט. ביי מאנכע פּאציענטען, וואָס פּאסען ניט שטארק אויף אויף רייניגליכקייט, זיי־נען די הענט פּשוט׳ע נעסטען פון טייפויד באצילען, וואָס פערפעסטען יעדע זאך, מיט וועלכע זיי קומען אין בעריהרונג.

אָט דארום איז מעגליך, דאָס יעדע זאך, וואָס קומט אין בעריהרונג מיט׳ן קראנקען, זאָל פערשפּרייטען טייפויד באצילען. אויב איינער האלט דיזע זאכען אין האנד אָדער קומט אין בעריהרונג מיט׳ן קראנקען זעלבסט און נאכהער רייניגט ער ניט זיינע הענד דורך וואשען זיי אין א דיסאינפעק־ציאָנס־וואסער (א וואסער, וואָס ענטהאלט א כעמישען מאטעריאל, וואָס טויטעט די טייפויד באצילען), קען דיזער פּערזאָן נאכהער פערפעסטען די שפּייז, וואָס ער האלט אין די הענד און צוזאמען מיט די שפּייז אויך ארונ־טערשלינגען די באצילען.

דאָס איז דער דירעקטער וועג, דורך וועלכען די טייפויד באצילען פער־שפּרייטען זיך פון קראנקען צום געזונדען מענשען. דאָס איז אָבער ניט דער איינציגער וועג. עס זיינען דאָ א סך אינדירעקטע וועגען, דורך וועלכע די טייפויד באצילען פערשפּרייטען זיך.

## טייפויד אגענטען.

די בעסטע אגענטען, וואָס העלפען פערשפּרייטען די טייפויד באצילען זיינען די מענשען זעלבסט. ווען איינער, וואָס ליידעט פון טייפויד, ווערט געזונד איז ער נאָך א לאנגע צייט ניט פריי פון די באצילען. פאַר וואָכען אָדער מאָנאטען נאָכאנאנד נאָך דעם, ווי ער ערהאָלט זיך פון דער קראנק־הייט, געפינען זיך טייפויד באצילען אין זיין אורין און אין זיין אָפּפאל מאַ־טעריאל. צווישען די, וואָס גיהען ארום די קראנקע, געפינען זיך אויך אזעל־כע, וואָס שטעקען זיך אָן מיט די באצילען, און אָבוואָל זיי אליין ווערען ניט קראנק גיבען זיי אָבער ארוים פון זיך מיליאָנען טייפויד באצילען.

אזעלכע מענשען, אויב זיי זיינען שפייז=הענדלער, פרוכט=פעדלער אָדער מענשען, וואָס ארבייטען אין דעירים און געהען ארום די בהמות, שטע-קען זיי אָן די שפייז, וואָס זיי האַלטען אין זייערע הענט, מיט טייפויד באצילען און די, וואָס עסען דיזע שפייז, ווערען קראַנק.

אין ניו יאָרק געפינט זיך אַן איירישע קעכין, וועלכע האָט דעם צו-נאָמען „טייפויד מערי״. דיזע קעכין שיינט צו זיין אַן אונערשעפּליכער קוואַל פון טייפויד באצילען און זי האָט שוין הונדערטע מענשען אָנגעשטעקט מיט דיזער קראַנקהייט דורך פערפּעסטען די שפייז, וואָס זי גרייט צו פאר זיי.

איינינע מאָל איז זי שוין געווען ארעסטירט און פערשפּאַרט אין א האָספּיטאַל, ביז זי האָט פערשפּראָכען צו ווערען אוים קעכין און זיך מעהר ניט צוריהרען צו שפייז, וואָס אַנדערע מענשען דארפען עסען. אָבער אזוי שנעל ווי מען בעפרייט זי, פערשווינדט זי ערגעץ און מען הערט פון איהר ניט, ביז עס טרעפען זיך ערגעץ=וואו איינינע טייפויד פעלע און די בעאמטע פון די באָארד אָוו העלטה ווייסען שוין, דאָס מערי האָט איהר וואָרט ניט געהאַלטען. מערי איז, ווי עס שיינט, אונקורירבאר און וועט ביז'ן טויט זיין א פעקטאָרי פון טייפויד באצילען.

דיזע טייפויד פערשפּרייטער, זיך פיהלענדיג געזונד, געהען ארום פראַנק און פריי. זייער אורין און אָפּפאַל מאַטעריאַל, ספּעציעל אין די גע-גענדען, וואו עס געפינען זיך ניט קיין וואסער=לייטונגען און סיוער=סיסטעם (קאַנאַלען, דורך וועלכע די אונריינע וואסער רינט אָפּ), ווערט פריהער אָדער שפּעטער ארונטערגעשווענקט אין'ם טייך אָדער קוואַל, פון וואנען מען שעפּט טרינק=וואסער, און דאָס וואסער ענטהאַלט דאַן די טייפויד באצילען.

דורך טרינקען דיזעס וואסער, דורך וואשען מיט דיזעס וואסער גרינ-צייג, וואָס מען עסט רויהערהייד, דורך וואשען מילך=קענס אָדער מילך=באָטעלס מיט דער פערפּעסטעטער וואסער, גרייכען די באצילען דעם מענ-שען און צוזאמען מיט דער שפייז כאפּען זיי זי אריין אין קערפּער. אַי-סטערס אָדער פיש, וואָס קומען פון א טייך, וואָס איז פערפּעסטעט פון טייפויד באצילען, קענען אויך פעראורזאכען די קראַנקהייטען.

א זעהר וויכטיגע קלאַס אַגענטען פון די טייפויד באצילען איז די פליגען=פאמיליע. ספּעציעל אין די קליינע שטעדט און דערפלאַך, וואו עס איז ניטאָ קיין סיוערס און די פליגען האָבען א פרייען צוטריט צו די טאָי-לעטס, נעהמען זיי אויף באצילען אויף זייערע האָריגע קערפּערס און פלי-הענדיג פון זייער מאָהלצייט דירעקט צום טיש און קריכענדיג אויף די

שפייז, וואָס שטעהט אויף'ן טיש, פערפעסטען זיי די שפייז, וואָס די מענ־שען עסען.

אין צייט פון שפּאַניש־אַמעריקאַנער קריג האָט אַ רעגירונגס־קאָ־מיסיע געמאַכט אַ ספּעציעלע אונטערזוכונג וועגען דער ראָלע, וואָס פלי־גען שפּילען אַלס טייפויד אַגענטען און זיי האָבען אויסגעפונען, דאָס פלי־גען פערשפּרייטען טייפויד אויף דער אַרט און ווייזע ווי מיר האָבען נאָר וואָס דערמאָנט.

# די באַצילען אין קערפּער.

ווען די באַצילען פון טייפויד קומען אַריין אין קערפּער שלאָגען זיי זיך דורך אַ וועג אין אונזער בלוט. דאָס בלוט צופיהרט זיי איבער'ן גאַנ־צען קערפּער. די גיפט, וואָס זיי פּראָדוצירען שטעקט אָן אַלע טיילען פון קערפּער און אַ קאַמף אויף לעבען און טויט פאַנגט זיך אָן צווישען אונזערע קערפּער־צעלען און די באַצילען. די קערפּער־צעלען פאַנגען גלייך אָן אויס־צואַרבייטען אַ געגען־גיפט צו בעזעמפען דעם גיפט פון די באַצילען און אין דער זעלבער צייט ווירקט דער באַצילען־גיפט אויף די צעלען. אויב די באַצילען געלינגט צו פערגיפטען די צעלען איידער די לעצטע קענען שאַפען גענוג געגען־גיפט שטאַרבט דער מענש. אויב די קערפּער־צעלען געלינגט בעצייטענס אויסצואַרבייטען גענוג געגען־גיפט ערהאַלט זיך דער מענש פון דער קראַנקהייט. ער בלייבט אָבער שטאַרק אָפּגעצערט און אָפּגעשוואַכט.

די ערשטע איינינע טעג נאָך דעם, ווי די באַצילען כאַפּען זיך אַריין אין קערפּער, זיינען זיי ניט גענוג אין צאָהל צו קענען פעראורזאַכען די קראַנקהייט. זיי בעשעפטיגען זיך דאַרום מיט פּראָדוצירען זייער גיפט און פערמעהרען זיך. אין פערלויף פון דיזער פּעריאָדע, וואָס דויערט פון דריי ביז דריי און צוואַנציג טעג, פיהלט דער מענש „ניט מיט אַלעמען". ער ליידעט פון קאָפּ־וועהטאָג, עטוואָס איבעלקייט, ער פערלירט דעם אַפּע־טיט און איז איבערהויפּט לא עליכם'דיג.

ערשט, ווען די באַצילען האָבען שוין אָנגעזאַמעלט אַ גענוגענדע אַרמעע, אַטאַקירען זיי דעם קערפּער מיט זייער פולער מאַכט און דער קאַמף אויף לעבען און טויט פאַנגט זיך אָן אין פולען ערנסט.

דיזער קאַמף, וואָס דויערט פון פיער ביז אַכט וואָכען צייט, קען אָננעהמען אַזוי פיעל פערשיידענע פאָרמען, דאָס עס איז כמעט אונמעג־

ליך זיי צו בעשרייבען אין דיזען בעשרענקטען פּלאַץ. די סמנים זיינען אזוי פערשיידען אין פערשיידענע פעלע, דאָס צו דערקענען א טייפויד פאַל אין אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט איז אָפט א שווערע אויפגאַבע אפילו פאַר'ן געניטען דאָקטאָר. שוין ניט רעדענדיג פון איינפאַכען לעזער.

דער גאַנג פון דער קראַנקהייט איז אויך פערשיידען און עס איז כמעט אונמעגליך צו זאָגען, ווען איינער ווערט קראַנק אויף טייפויד, צו זיין פאַל וועט זיין א לייכטער אָדער אַן ערנסטער. די קראַנקהייט געדויערט געוועהנליך פון פיער ביז אכט וואָכען צייט. אונטער דער צייט ליידעט דער קראַנקער פון א הויכען גראַד פיבער, זיין קערפּער איז דורכגעזאַפּט מיט'ן גיפט פון די באַצילען און אויף דער צווייטער אָדער דריטער וואָך פון זיין קראַנקהייט איז ער ווי בעטויבט און וויים ניט אויף וואָס פיר א וועלט ער איז. דער פיבער צעהרט איהם שרעקליך אוים און אויב ער איז פון פריהער אויך געוועזען א שוואַכער מענש זיינען זיינע אויסזיכטען אויסצוהאַלטען די קראַנקהייט פיעל שוואַכער, ווי די אויסזיכטען פון א מענשען, וועלכער איז פריהער געוועזען געזונד.

די טייפויד באַצילען האָבען א ספּעציעלע נייגונג צו געוויסע טיילען פון אונזערע קישקעס, און איינע פון די זעהר ערנסטע געפאַהרען פון דער קראַנקהייט איז, דאָס די קישקעס זאָלען דורכגעלעכערט ווערען. אין אזא פאַל, אויב מען בעמערקט עס בעצייטענס און מען מאַכט דעם פּאַציענט גלייך אַן אָפּערייישאָן צו פערריכטען די דורכגעלעכערטע קישקעס, האָט ער נאָך א האָפנונג צו בלייבען לעבען, זאָנסט זיינען זיינע אויסזיכטען געזונד צו ווערען גאַנץ שוואַכע.

אויך די, וואָס בלייבען לעבען, זיינען פאַר א לענגערע צייט זעהר אָפּגעשוואַכט און אָפּגעצעהרט און זיי ערהאָלען זיך זעהר לאַנגזאַם פון דיזער ערנסטער קראַנקהייט. אין פערלויף פון דיזער ערהאָלונגס־פּעריאָדע דאַרף דער פּאַציענט זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט'ן עסען און שטרענג אויספאָלגען דעם דאָקטאָר'ס אָרדער אין דיזער הינזיכט. דער קערפּער, וואָס איז נאָר וואָס איבערגעקומען אזא שווערע קראַנקהייט, איז ניט בכח צו עסען אַלעס, וואָס א געזונדער מענש עסט און אויב מען איז ניט פאָרזיכטיג גענוג, זיינען דאָ גאַנצע אַרמעען פערשיידענע קראַנקהייטען, וואָס קענען אין יענער צייט צופאַלען.

דאָס גליק איז נאָר, וואָס בלויז איינער פון צעהן מענשען, וואָס איז אויסגעזעצט דער געפאַהר צו קריגען די קראַנקהייט, קריגט זי ווירקליך.

דאָס הייסט, אז ניין פון יעדע צעהן פעלע איז דער קערפער אימשטאנדע צו פערניכטען די באצילען איידער יענע האבען א געלעגענהייט צו פערורזאכען פיעל שאדען, און כמעט אין ניין פון יעדע צעהן פעלע, וואס ווערען יע אנגעגריפען פון די באצילען, איז דער קערפער מיט דער הילף פון דאָקטאָר אימשטאנדע בייצוקומען דיזע קליינע מחבלים.

## ווי אזוי מען קען זיך בעווארענען געגען טייפויד.

שטודירענדיג די טייפויד קראנקען פעלע אום אויסצוגעפינען ווי אזוי צו בעקעמפפען דיזע קראנקהייט, האט מען בעמערקט, דאס די מעהרסטע פון די, וואס האבען איין מאל די קראנקהייט, זיינען בעווארענט געגען א צווייטער אטאקע, אם ווענינגסטענס פאר איינינגע יאהר צייט. בלויז איינער פון פופציג טייפויד קראנקע האט א צווייטע אטאקע און אויך אין דיזע פעלע איז די אטאקע א גאנץ מילדע.

דאס מיינט אלזא, אז אין'ם בלוט פון די, וואס ערהאלען זיך פון טייפויד, געפינט זיך א געניגענדע מאס געגען-גיפט, וואס קען מאכען אונשעדליך די טייפויד-באצילען, אויב יענע זאלען זיך נאך אמאל אריינכאפען אין קערפער. עקספערימענטען מיט'ן בלוט פון פערזאנען, וואס ערהאלען זיך פון טייפויד פיבער, האבען בעוויזען, אז דאס איז ווירקליך אזוי.

דיזע ענטדעקונג האט בעשטעטיגט די מיינונג, דאס ווערענד די קראנקהייט געהט אן ארבייטען די קערפער-צעלען אויס א געגען-גיפט געגען די טייפויד באצילען און דאס לעבען פון קראנקען ווענדעט זיך אן דעם צו זיין קערפער קען פראָדוצירען גענוג געגען-גיפט אויף צו מאכען די באצילען מיט זייער גיפט אונשעדליך. אויב דאס געלינגט דעם קערפער און די באצילען מיט זייער גיפט ווערען פערניכטעט, פערבלייבט דער געגען-גיפט נאך א לענגערע צייט אין קערפער און איז אימשטאנד צו פערניכטען די באצילען, וואס כאפען זיך נאכהער אריין אין קערפער.

דיזער צושטאנד קען פערגליכען ווערען צו א לאנד, וואס האט נאר וואס דורכגעפיהרט אן ערפאלגרייכע מלחמה און האט נאך ניט אויפגעלעזט איהר ארמעע. אזוי לאנג ווי דיזע ארמעע עקזיסטירט איז דאס לאנד אימשטאנדע צוריקצושטויסען יעדען נייעם איבערפאל פון שונא.

קומענדיג צו דיזען שלוס האט מען אנגעפאנגען צו זוכען מיטלען, ווי אזוי אויסצונוצען דיזען צושטאנד אויף צו היילען טייפויד קראנקע

אָדער בעוואָרענען געגען דער קראַנקהייט מענשען, וואָס זיינען אויסגעזעצט דער געפאהר זי צו קריגען.

אין אָנפאַנג האָט מען פּרובירט איינשפּריצען אין טייפויד קראַנקע א בלוט-סערום פון אזעלכע, וואָס האָבען זיך ערהאַלט פון דער קראַנקהייט. דער געדאַנק דערביי איז געווען, דאָס אזוי ווי דער בלוט-סערום ענטהאַלט געגען-גיפט געגען די טייפויד באַצילען, וועט מען דורך איינשפּריצען דעם סערום אין'ם קראַנקען, איהם געבען א דאָזע פון'ם געגען-גיפט. מאַנכע האָבען געמעלדעט גוטע רעזולטאַטען פון דיזען סערום, די מעהרסטע דאָקטוירים דענקען אָבער, דאָס עס האָט א קליינעם ווערט, שוין פּשוט דערפאַר, וואָס מען גיט דערמיט דעם קראַנקען א צו קליינע דאָזע קריגס-מאַטעריאַל צו בעקעמפען די טייפויד באַצילען.

אין יאָהר 1896 האָבען אייניגע דאָקטוירים בעוויזען, דאָס ווען מען שפּריצט איין אין א געזונדען מענשען טויטע טייפויד באַצילען, איז דיזער פּערזאָן בעוואָרענט פון קריגען די קראַנקהייט. אין די מעהרסטע פעלע האָבען די טייפויד באַצילען קיין שום ווירקונג ניט אויף אזא פּערזאָן און זיי קענען איהם קיין שאַדען ניט פעראורזאַכען. מען האָט דיזען פּלאַן פּרובירט אויף פיעלע מענשען, ספּעציעל אויף סאָלדאַטען, וואָס פלעגען ביז דאַן זעהר פיעל ליידען פון טייפויד און מען האָט זיך איבערצייגט, דאָס עס איז ווירקליך א גוטעס מיטעל. ניט נאָר בעשיצט עס די מעהרסטע מענשען פון קריגען טייפויד, נאָר אפילו צווישען די וואָס קריגען יע די קראַנקהייט איז די צאָהל טויטען-פעלע פיעל קלענער, ווי צווישען די, וואָס קריגען ניט די איינשפּריצונג.

די טויטע באַצילען ווערען אָנגערופען וועקסין און דאָס איינשפּריצען די טויטע באַצילען הייסט אויף ענגליש „וועקסינייישאָן”. אין דער אַמעריקאַנער אַרמעע האָט מען איינגעפיהרט דיזע סאָרט „וועקסינייישאָן” אין יאָהר 1909. מיט א יאָהר פריהער, אין 1908, זיינען פון יעדע טויזענד סאָלדאַטען עטוואָס מעהר ווי דריי געווען קראַנק אויף טייפויד, אין יאָהר 1913, פיער נאָך דעם, ווי מען האָט איינגעפיהרט געצוואונגענע „וועקסינייישאָן”, זיינען בלויז דריי פון יעדע הונדערט טויזענד סאָלדאַטען געווען קראַנק פון טייפויד.

די מיליאָנען סאָלדאַטען, וואָס האָבען זיך בעטייליגט אין דער לעצטער מלחמה, זיינען כמעט געווען אין גאַנצען פריי פון טייפויד. בלויז אין אזעלכע צוריקגעשטאַנענע פּלעצער ווי מאַצעדאָניא, אַלבאַניען און אויף די

באלקאנען האָבען זיך אין אָנפאנג מלחמה בעוויזען טייפויד-פעלע, אָבער אזוי שנעל ווי די אמעריקאנער סאניטארע קאָמיסיע איז אָנגעקומען אהין איז די קראנקהייט אויסגעראָטעט געוואָרען.

ווי אזוי קענען טויטע באצילען בעשיצען געגען טייפויד קראנקהייט, וועט איהר פרעגען?

דער ענטפער איז דאָס די טויטע באצילען וועקען די קערפער-צעלען זיי זאָלען פראָדוצירען דעם געגען-גיפט צו די טייפויד באצילען. אום צו פערשטעהן ווי אזוי דאָס ארבייט לאָ'מיר אָננעהמען פאָלגענדען בייספיל:

א לאנד, וואָס איז ניט צוגעגרייט צו מלחמה, ווען עס ווערט פלוצלינג איבערפאלען פון א שטארקען שונא, קען עס זיך געגען איהם ניט וועהרען. עס געדויערט א לענגערע צייט איידער עס געלינגט אזא לאנד צו אָרגאניזירען א שטארקע ארמעע און אין פערלויף פון דער צייט קען דער שונא פערכאפען אלעס אין זיינע הענד. ווען אָבער א לאנד ווערט פריהער איבערפאלען פון א שוואכען שונא אָדער ווען די ערשטע רעגימענטען פון שונא'ס ארמעע בעשטעהט פון קאליקעס, מענשען, וואָס קענען זיך ניט שלאָגען און קענען לייכט בעזיגט ווערען, האָט דאָס לאנד גענוג צייט צו אָרגאניזירען א שטארקע ארמעע און ווען דעם שונא'ס מחנות קומען דאָן איז דאָס לאנד גרייט זיי צו בעגעגענען און זיי בעקעמפפען.

דאָס זעלבע איז דער פאל מיט די טויטע טייפויד באצילען, וואָס מען שפּריצט ארונטער הינטער דער הויט פון'ם מענשען. דיזע באצילען זיינען ניט אימשטאנדע צו טאָן פיעל שאָדען, ווייל זיי זיינען טויט און קענען קיין גיפט ניט פראָדוצירען. זעהר אַנוועזענהייט רעגט אָבער אויף די קערפּער-צעלען און צווינגט זיי אויסצואַרבייטען דעם געגען-גיפט פונקט ווי עס וואָלטען געווען אין קערפער לעבעדיגע באצילען. ווי מיר האָבען שוין פריהער געזעהען, פערבלייבט דיזער געגען-גיפט א לענגערע צייט אין קערפער און איז בערייט צו בעגעגענען און פערניכטען די לעבעדיגע טייפויד באצילען אויב יענע זאָל געלינגען זיך אריינצוכאפען אין'ם קערפער.

זייט 1913 שיקט דער דעפּארטמענט אָוו העלטה פון ניו יאָרק דאָקטוירים אין די הייזער, וואו עס געפינען זיך טייפויד קראנקע און דיזע דאָקטוירים וועקסינירען אלע מיטגלידער פון דער פאמיליע פון'ם קראנקען און אלע וואָס קומען מיט'ן קראנקען אין בעריהרונג. עס איז נאָך פאָרלויפיג קיין מוז ניט זיך צו לאָזען וועקסינירען, און פיעלע ווילען דאָס טאָקע ניט ליידען, אָבער דער פאקט, אז טויזענדע מענשען-לעבענס זיינען

שוין דורך דעם גערעטעט געוואָרען איז דער בעסטער בעווייז פאַר די ווירק-
זאַמקייט פון דיזען מיטעל.

## ווי זיך אויסצוהיטען פון קריגען טייפויד.

פון דעם, וואָס מיר האָבען ביז יעצט געזעהען וועגען דער אַרט און
ווייזע ווי אַזוי די טייפויד באַצילען פערשפּרייטען זיך, איז לייכט איינצו-
זעהן, אַז די מיטלען ווי זיך אויסצוהיטען פון דיזער ערנסטער קראַנקהייט
איז ר י י נ ל י כ ק י י ט. פּערזענליכע ריינליכקייט און ריינליכקייט
פון די שפּייז, וואָס מיר עסען און די וואַסער, וואָס מיר טרינקען.

א גרויסע טייל אין דעם קאַמף געגען טייפויד נעהמען אויף זיך די
„באָארדס אָוו העלטה" פון די פערשיידענע שטעדט. עס איז זייער אויפ-
גאַבע צו זעהן, דאָס די איינוואוינער זאָלען קריגען ריינע וואַסער, אַז די
וואַסער-קוואַלען זאָלען ניט פערואונרייניגט ווערען דורך מענשליכע אָפּ-
פאַל מאַטעריאַלען. עס איז די פליכט פון די באָארד אָוו העלטה אויסצו-
געפינען די וואָס פערשפּרייטען ארום זיך טייפויד באַצילען און דאָס פער-
היטען. עס איז די פליכט פון די, וואָס דאַרפען אכטונג געבען אויף די גע-
זונדהייט פון פאָלק, אויפצופּאַסען אויף די טייפויד קראַנקע און זעהן, דאָס
אנדערע זאָלען זיך פון דיזע קראַנקע ניט אָנשטעקען.

די „באָארדס אָוו העלטה" פון די פערשיידענע שטעדט זיינען אָבער
מאַכטלאָז אין דיזען קאַמף אָהן דער הילפע פון די איינצעלנע איינוואוינער
פון זייערע שטעדט. ווען יעדער איינער זאָל פערשטעהן ווי גרויס עס
איז די געפאַהר פון טייפויד און זאָל מיט אַלע זיינע קרעפטען העלפען
אין'ם קאַמף געגען טייפויד וואָלט דיזע קראַנקהייט אין א גאַנץ קורצע צייט
פערשוואונדען.

וואָס קען דער איינציגער פּערזאָן טאָן אום זיך אויסצוהיטען פון
קריגען טייפויד, וועט איהר פרעגען?

אָט וואָס די באָארד אָוו העלטה פון ניו יאָרק זאָגט וועגען דעם:

האַלט אויף אייער געזונד און טרינקט קיין אַלקאָהאָלישע געטרענקע.

א געזונדער מענש איז ניט בעוואָרענט געגען קריגען די קראַנקהייט, ער
קען זי אָבער לייכטער אויסהאַלטען ווי א שוואַכער פּערזאָן.

האַלט אייער הויז און אייער קערפּער ריין.

וואַשט אייערע הענד פאַר יעדען מאָהלצייט.

טרינקט בלויז די בעסטע און ריינסטע מילך, און אויב איהר זייט ניט זיכער, דאס די מילך איז ריין, קאכט זי איידער איהר געברויכט זי.

טרינקט בלויז ריינע וואסער, און אויב איהר האט נאר אירגענד וועלכען צווייפעל וועגען איהר ריינליכקייט, קאכט זי איבער.

עסט בלויז ריינע און גוטע שפייז. פריש געקאכטע שפייז איז די זיכערסטע, ווייל די היץ טויטעט די טייפויד באצילען (אבער די היץ פון טהעע אדער קאפע איז ניט גענוג צו טויטען די טייפויד באצילען אויב זיי געפינען זיך אין די מילך אדער קרים (שמאנט), וואס מען געברויכט מיט די טהעע אדער קאפע). היט זיך פון סאלאד אדער רויהע גרינצייג סיי־דען איהר זייט זיכער, דאס זיי קומען פון א ריינעם פלאץ. וואשט אפ דאס אייז איידער איהר לעגט עס אריין אין אייז־באקס (אייז־קאסטען) און האלט דעם אייז־באקס ריין. לעגט ניט קיין אייז אין'ם וואסער, וואס איהר טרינקט אדער אויף די שפייז, וואס איהר עסט. דאס אייז קען זיין אנגעשטעקט מיט באצילען. קויפט שפייז נאר אין גוטע ריינע סטארס.

עסט ניט אין קיינע שמוציגע רעסטאראנטס.

האלט אייער הויז ריין פון פליגען. ספעציעל גיט אכטונג, דאס די פליגען זאלען ניט האבען קיין צוטריט צו אייער שפייז.

טייפויד פיבער איז ספעציעל פערשפרייט אין דער פראווינץ, וואו עס זיינען ניטא קיינע סיוערס (רעהרען, דורך וועלכע די אונריינע וואסער און שמוץ ווערט אוועקגעפיהרט פון די הייזער), קיין וואסערלייטונג און עס איז אונמעגליך שטרענג אכטונג צו געבען אויף'ן געזונד פון אלע איינוואוי־נער. זייט דארום פארזיכטיג ווען איהר פאהרט אין פראווינץ. עסט בלויז ריינע שפייז און טרינקט ניט פון א פרעמדען קוואל סיידען איהר זייט זיכער, אז דאס וואסער איז ריין. א גרויסע צאהל טייפויד פעלע ווערען יעדען אנפאנג הערבסט פערשלעפט פון די פראווינץ־פלעצער.

זייט פארזיכטיג אין אייער אומגאנג מיט פריינד, וואס האבען געלי־טען פון טייפויד. עס איז זעהר מעגליך, דאס זיי פערשפרייטען נאך טיי־פויד באצילען.

אויב איהר וואוינט אין א נאכבארשאפט, וואו עס געפינען זיך איי־ניגע טייפויד פעלע, געברויכט בלויז געקאכטע וואסער צו טרינקען. קאכט די מילך איידער איהר געברויכט זי, עסט ניט קיין שום רויהע שפייז. פריש געקאכטע הייסע שפייז איז די זיכערסטע.

אויב טייפויד פיבער הערשט אין אייער הויז און איהר זייט אויס־געזעצט דעם געפאהר צו ווערען אָנגעשטעקט מיט די באַצילען, לאָזט זיך איינשפּריצען „אנטי־טייפויד וועקסין" צו זיין זיכער, דאָס אין פאַל די באַ־צילען וועלען יע אריינקומען אין אייער קערפּער וועט זייער גיפט אויף אייך קיין ווירקונג ניט האָבען.

## וואס צו טאָן פאַר'ן טייפויד קראַנקען.

דאָס בעסטע פאַר'ן קראַנקען זעלבסט, פאַר זיינע שכנים און פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט איז, דאָס דער קראַנקער זאָל צוגענומען ווערען אין האָספּיטאָל. דאָרטען איז מעגליך צו האַלטען דעם קראַנקען אָפּגע־זונדערט, בעסער אכטונג געבען אויף איהם און אויך בעסער אכטונג גע־בען, דאָס אַנדערע זאָלען זיך פון איהם ניט אָנשטעקען.

אויב מען וויל דעם קראַנקען ניט שיקען אין א האָספּיטאָל, שרייבט פאַר די באָארד אָוו העלטה פון ניו יאָרק פאָלגענדע כללים ווי איהם צו בעהאַנדלען, אום אַנדערע זאָלען זיך פון איהם ניט אָנשטעקען.

דער קראַנקער מוז זיך געפינען אין א בעזונדערען צימער און מוז האָבען פאַר זיך א בעזונדער בעט און בעטגעוואַנד. ער טאָר ניט פאַרלאָזען דיזען צימער ביז די באָארד אָוו העלטה שטימט איין דערצו.

דער קראַנקער מוז האָבען א נוירס, וואָס זאָל אויף איהם אכטונג געבען און דיזע נוירס טאָר ניט קאָכען, צוגרייטען אָדער דערלאַנגען שפּייז פאַר די אַנדערע מיטגלידער פון דער פאַמיליע, טאָר ניט וואַשען דאָס גע־פעס און דאַרף ניט צוקומען צום אייז־באָקס, וואו עס געפינט זיך שפּייז.

דאָס צימער, אין וועלכען דער קראַנקער געפינט זיך, מוז זיין זעהר ריין און פריי פון פליגען.

די אורין און אָפּפאַל מאַטעריאַל פון קראַנקען מוז בעדעקט ווערען מיט „קלאָרייד אָוו לײַם", „קוויק ליים", סאָדא, קרעסאָל אָדער אַן אַנדער „דיסאינפעקטאַנט" און געהאַלטען ווערען א שטונדע צייט איידער מען גיסט עס אויס אין טאָילעט. אין פערלויף פון דיזער שטונדע ווערען די באַצילען געטוויטעט פון דעם דיסאינפעקציאָנס מאַטעריאַל. אויך דאָס וואַסער, וואָס ווערט געברויכט אויף צו וואַשען דעם קראַנקען, די שפּייעכץ פון קראַנקען און אין פאַל דער קראַנקער ברעכט מוז אויך דאָס, וואָס ער ברעכט אויס, דיסאינפעקטירט ווערען.

אלעס, וואָס עס קומט אין בעריהרונג מיט'ן קראַנקען, דאַרף, אויב מעגליך, פערברענט ווערען. די וועש און בעטגעוואַנד דאַרף דיסאינפעקטירט ווערען איידער מען נעהמט עס ארויס פון קראַנקען צימער. עס איז פיעל גלייכער, דאָס אפילו נאָכהער זאָל אויך דאָס וועש פון קראַנקען געוואַשען ווערען בעזונדער.

דער קראַנקער דאַרף האָבען א ספּעציעלען סעט געשיר פאַר זיך. קיין אַנדערער דאַרף ניט געברויכען די גלעזער, טעלער, לעפעל, גאָפּעל, וואָס דער קראַנקער געברויכט.

קיינע געסט טאָרען ניט בעזוכען דעם קראַנקען, ווייל זיי קענען זיך אַליין אָנשטעקען מיט דער קראַנקהייט און זי אויך פערשפּרייטען צווישען אַנדערע.

די מיטגלידער פון קראַנקען'ס פאַמיליע און אַלע, וואָס וואוינען אין די זעלבע צימערען, דאַרפען וועקסינירט ווערען, אום זיי צו פערהיטען פון דער קראַנקהייט.

אויב עמיצער פון קראַנקען'ס פאַמיליע אָדער איינער, וואָס וואוינט ביי זיי, איז בעשעפטיגט ביי עסענוואַרג מוז ער זיך ארויסציהען פון הויז ביז דער קראַנקער ווערט געזונד, אָדער ער מוז אויפגעבען זיין בעשעפטיגונג פאַר דיזער צייט. די באָארד אָוו העלטה פיהרט שטרענג דורך דיזען בעשלוס.

אין א וואָך אָדער צוויי ארום נאָך דעם, ווי דער קראַנקער האָט זיך ערהאָלט פון טייפויד פיבער, ווערט זיין אורין און אָפּפאַל מאַטעריאַל אונאונטערזוכט פון די באָארד אָוו העלטה און אויב זיי זיינען פריי פון טייפויד באַצילען, ווערט ער ערקלערט אַלס געזונד.

דער צימער, אין וועלכען דער קראַנקער האָט זיך געפונען, דאַרף גוט אויסגעריינינגט און דורכגעלופטערט ווערען, איידער אַנדערע מענשען פאַנגען אָן דאָרטען צו וואוינען. די קישענס, מאַטראַצען און אַנדערע בעטגעוואַנט דאַרף אויסגעוואַשען ווערען אין א דיסאינפעקציאָנס-וואַסער און געלופטערט ווערען פאַר אַם וועניגסטענס דריי טעג צייט, איידער אַנדערע מענשען געברויכען זיי. דאָס זעלבע דאַרף געטאָן ווערען אין פאַל דער דער קראַנקער שטאַרבט אָדער ווערט צוגענומען אין האָספּיטאַל.

דער לעזער האָט שוין וואהרשיינליך בעמערקט, דאָס וועגען די בעהאַנדלונג פון קראַנקען, וואָס ליידעט פון טייפויד, ווערט דאָ ניט דערמאָנט.

דאָס איז דערפאַר, וואָס די בעהאַנדלונג פון'ם קראַנקען דאַרף זיין אין די הענד פון אַ קאָמפּעטענטען דאָקטאָר. דאָס גלייכסטע פאַר אַזאַ קראַנקען איז צו זיין אין אַ האָספּיטאַל, אויב ניט מוז ער האָבען אַ דאָקטאָר און אַ נוירס ביי זיך אין הויז. וואָס שנעלער ער קומט אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר אַלץ בעסער. אַליין זיך בעהאַנדלען אין אַזאַ פאַל איז לעבענס־געפעהרליך, ניט נאָר פאַר'ן קראַנקען, נאָר אויך פאַר די, וואָס קומען מיט איהם אין בעריהרונג.



# מאלעריא.

**קדחת, מאַלעריאַ, איז שוין גאָר אַן ערנסטע קראַנקהייט — ווי אַזוי די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט און ווי אַזוי זי ווערט פערשפּרייט פון איין מענשען צום אַנדערען — די ראָלע, וואָס מאָסקיטאָס שפּילען אין פערשפּרייטען די קראַנקהייט.**

„פּורים איז קיין יום טוב ניט און קדחת איז קיין קרענק ניט", זאָגט אַן אַלטעס אידישעס גלייכוואָרט. דער פערפאַסער פון דיזען גלייכוואָרט האָט וואהרשיינליך קיין מאָל פון קדחת ניט געליטען, זאָנסט וואָלט ער גע-וואוסט, דאָס עס איז אַ זעהר־זעהר ערנסטע קראַנקהייט, ווי עס קען עדות זאָגען יעדער, וואָס האָט וועןעס איז פון דיזער קראַנקהייט געליטען.

קדחת, אָדער מאַלאַריאַ איז איינע פון די עלטסטע קראַנקהייטען, פון וועלכע מיר וויסען. עס איז שוין אויך איינע פון די ווענינגע קראַנק-הייטען, געגען וועלכע מיר האָבען אַ זיכערע רפואה.

נאָך מיט פינף הונדערט יאָהר פאַר דער קריסטליכער צייטרעכנונג, דאָס איז מיט צוויי טויזענד מיט צוויי הונדערט יאָהר צוריק, האָט היפּאָ-קראַטעס, וועלכער ווערט בעטראַכט פאַר'ן פאָטער פון דער מעדיצינישער וויסענשאַפט, בעשריבען די פערשיידענע פאָרמען פון מאַלאַריאַ און האָט דאַן ערקלערט, דאָס נאָך זיין מיינונג קומט די קראַנקהייט פון טהינקען אונריינע וואַסער.

פיעל שפּעטער מיט 125 יאָהר פאַר דער קריסטליכער צייטרעכנונג, האָט דר. וואַראָ, ערקלערט, דאָס נאָך זיין מיינונג ווערט די קראַנקהייט פעראורזאַכט פון קליינע אונזיכטבאַרע חיה'לעך. אין יענער צייט האָט מען נאָך גאָר ניט געוואוסט, דאָס עס עקזיסטירען באַצילען און אַזוי ווי דער מיקראָסקאָפּ האָט נאָך דאַן ניט עקזיסטירט, איז געווען אונמעגליך צו בעווייזען צו די בעהויפּטונג פון דר. וואַראָ איז אמת אָדער נישט.

אז מאַלאַריאַ ווערט פעראורזאַכט פון געוויסע קליינינקע בעשע־פעניסען האָט מען געגלויבט אַ לאַנגע צייט, אָבער ערשט אין יאָהר 1880, מיט צוויי טויזענד יאָהר נאָך דעם, ווי דר. וואַראַ האָט ערקלערט, דאָס נאָך זיין מיינונג ווערט די קראַנקהייט פעראורזאַכט פון קליינינקע חיה'לעך, האָט אַ געוויסער דר. לאַווערען, אַ פראַנצויזישער אַרמעע־דאָקטאָר אין אַלזשיר, בעשריבען די פּאַראַזיטען, וואָס געפינען זיך אין'ם בלוט פון די קראַנקע און וואָס פעראורזאַכען מאַלאַריאַ.

זיין מיינונג איז באַלד בעשטעטיגט געוואָרען פון אַנדערע פאָרשער און מען האָט זיך גלייך גענומען שטודירען דעם כאַראַקטער, דאָס לעבען און די געוואוינהייטען פון דיזע פּאַראַזיטען. ביי היינטיגען טאָג ווייסען מיר מעהר וועגען די ענטוויקלונג און די פּאַראַזיטישע אַרבייט פון דיזע מיקראָבען, ווי פון אירגענד וועלכע אַנדערע פּאַראַזיטען, פון וועלכע מענשען ליידען.

## וואו די קראַנקהייט עקזיסטירט.

מאַלעריאַ איז פערשפּרייט כמעט אויף דער גאַנצער וועלט אויסער אין די גאָר קאַלטע געגענדען. ספּעציעל איז די קראַנקהייט פערשפּרייט אין נידריגע געגענדען, וואָס געפינען זיך ביי די ברעגעס פון ים אָדער פון גרויסע טייכען און אין אַ מיטעלמעסיגען קלימאַט. אין די נאָרדליכע טייל פון אַמעריקאַ איז די קראַנקהייט פערשפּרייט אַרום די ברעגעס פון אַטלאַנטישען ים און אין מאַנכע טיילען פון אונזער פּאַסיפישען ברעג. שטאַרק פערשפּרייט איז מאַלאַריאַ אין די זידליכע שטאַאַטען, ספּעציעל אין די, וואָס געפינען זיך אַרום מעקסיקאַנישען גאָלף (בוכטע), אַרום די ברעגעס פון מיסיסיפּי טייך און אין די וועסטליכע שטאַאַטען, וואָס געפינען זיך אין די נידעריגע פלעצער ביי די ברעגעס פון גרויסע טייכען.

קענערע איז דאָס איינציגע לאַנד אין נאָרד אַמעריקאַ, וואָס שיינט צו זיין פריי פון מאַלאַריאַ. צענטראַל אַמעריקאַ, קיובאַ, די וועסט אינדיעס (יעצטיגע אַמעריקאַנער וואַוירדזשין־אינזלען) האָבען אַ היבש ביסעל מאַלאַריאַ פּאַראַזיטען און אַ שטענדיגע גרויסע צאָהל קראַנקע.

אין זיד אַמעריקאַ איז כמעט דער גאַנצער אַטלאַנטישער ברעג פערפעסטעט פון מאַלאַריאַ. קאָלאָמביאַ, ווענעזועלאַ, גוואיאַנאַ, בראַזיליען, עקוואַדאָר, פּערו און טשילי האָבען יעדע אַ היבשע פּאָרציע פון דיזער אַנשיקעניש.




װי אזוי דער מאלעריא פאראזיט ענטװיקעלט זיך אין א רויטע בלוט צעלע און פארניכטעט דיזע צעלע.

די קראנקהייט איז אויך ניט קיין ריין אמעריקאנישע. אייראפא, אזיען און אפריקא האבען אויך א היבשע ביסעל מאלעריא. די שעדליכסטע און געפעהרליכסטע פארמען פון מאלעריא געפינט מען אין די זומפיגע געגענדען פון אפריקא.

די אורזאכע ווארום די קראנקהייט איז אם מעהרסטען פערשפרייט אין די נידעריגע פלעצער, ביי די ברעגעס פון טייכען און אין זומפיגע גע-געגנדען איז דערפאר, וואס אין דיזע געגענדען לעבט א געוויסע סארט מאסקיטא, וואס הייסט אויף דער וויסענשאפטליכער שפראך „אנאפעלים" און דיזע מאסקיטא העלפט פערשפרייטען די קראנקהייט פון איין מענשען צום אנדערען.

# די אורזאכע פון דער קראנקהייט.

אין'ם בלוט פון'ם מענשען, וואס ליידעט פון מאלעריא, ווען מען עקזאמענירט עס מיט א מיקראסקאפ, וואס פערגרעסערט דאס בילד העכער טויזענד מאל, געפינט מען קליינינקע פאראזיטען, וואס לעבען אין די רויטע בלוט-קייקעלאך.

דאס בילד 1, וואס מיר דרוקען דא, צייגט די פערשיידענע שטופען, וואס איין קלאס פון דיזע פאראזיטען מאכט דורך אין אונזער בלוט. אין אנפאנג זעהען די פאראזיטען אויס ווי קליינע רינגען און יעדער רינג האט א רויטען פונקט אין מיטען אדער ביי דער זייט פון רינג (זעה צייכנונג אויף'ן בילד) דיזע רינגען כאפען זיך אריין אין די רויטע בלוט-קייקעלאך, צו איין רינג אין יעדען רויטען בלוט-קייקעלע, און פאנגען אן צו וואקסען און אויפפרעסען דעם הויפט-מאטעריאל, פון וועלכען דיזע בלוט-צעלען זיינען צוזאמענגעשטעלט.

אויף דיזען בילד קען מען זעהן די פערשיידענע שטופען, דורך וועלכע די פאראזיטען געהען דורך אין זייער ענטוויקלונג, ווי זיי וואקסען אויף'ן חשבון פון די בלוט-צעלען, אין וועלכע זיי געפינען זיך, און אויך ווייזט דאס ווי פון דעם איינעם קליינינקען פאראזיט האט זיך ענטוויקעלט א גרויסער פאראזיט, וואס פערנעהמט די גאנצע בלוט-צעלע. ווען דיזע שטופע ווערט ערדייכט צוטיילט זיך דער איין גרויסער פאראזיט אויף פילע קליינינקע רינגעלאך און די בלוט-צעלע פלאצט.

די פיעלע קליינע פאראזיטען ווערען דאן ארויסגעשליידערט אין'ם בלוט-שטראם. א טייל פון זיי ווערען פערניכטעט, א טייל ווערען אויפ-

געפרעסען פון אונזערע ווייסע בלוט־צעלען, וואָס זוכען צו פערניכטען די פּאַראַזיטען און אייניגע כאַפּען זיך אַריין אין נייע רויטע בלוט־קייקע־לאַך און פאַנגען אָן דעם פּראָצעס פון דאָס ניי.

דיזע קליינע פּאַראַזיטען אין מענשען׳ס בלוט האָבען קיין געשלעכט, נאָר ווען די רויטע בלוט־צעלען פּלאַצען, ענטוויקעלט זיך אַ קליינע צאָהל פון די פריש־געשאַפענע פּאַראַזיטען אין מענליכע און ווייבליכע בעשע־פעניסע און זיי שווימען אַרום אין׳ם בלוט־שטראָם, וואַרטענדיג אויף אַ געלעגענהייט זיי זאָלען זיך קענען אַריינכאַפּען אין׳ם קערפּער פון דער מאָסקיטאָ, וואָס הייסט „אַנאָפעלים".

## ווי אזוי די קראַנקהייט פערשפּרייט זיך.

מאַלעריאַ איז ניט קיין אָנשטעקענדיגע קראַנקהייט אין זעלבען זין ווי דיפטעריאַ, טייפויד אָדער טובערקולאָזיס. די פּאַראַזיטען פון דיזער קראַנקהייט געפינען זיך בלויז אין דעם בלוט פון קראַנקען און ניט אין קיין אַנדער טייל פון קערפּער. אום זיך אָנצושטעקען מיט דער קראַנקהייט מוז אַ טייל פון׳ם קראַנקען׳ס בלוט אַריינקומען אין׳ם בלוט פון אַ געזונדען מענשען, און אויך דאַן איז עס צווייפעלהאַפט, אויב די פּאַראַזיטען וואָלטען זיך געקענט ענטוויקלען אין׳ם בלוט פון צווייטען מענשען.

אַ לאַנגע צייט האָט מען טאַקע ניט פערשטאַנען ווי אזוי די קראַנקהייט פערשפּרייט זיך, און מען האָט געדענקט, אַז שולדיג אין דעם איז פּיליכט אונריינע וואַסער, אָדער שלעכטע שפּייז, וואָס די מענשען עסען.

ערשט ווען מען האָט גענויער גענומען בעטראַכטען די קראַנקע און שטודירען זייער אומגעבונג, האָט מען בעמערקט, דאָס עס איז דאָ אַ גרויסע שייכות צווישען דאָס פערשפּרייטען זיך פון דער קראַנקהייט און די אַנ־וועזענהייט אַרום די קראַנקע פון געוויסע סאָרטען מאָסקיטאָס.

מען האָט זיך גלייך גענומען צו די מאָסקיטאָס און נאָך אַ לאַנגע און זאָרגפעליגע אונטערזוכונג האָט מען ענדליך אויסגעפונען, דאָס דיזע מאָס־קיטאָס זיינען די איינציגע אַגענטען, וואָס פערשפּרייטען די קראַנקהייט פון איין מענשען צום אַנדערען.

ווען די זי מאָסקיטאָ, פון דעם מאָסקיטאָ שטאַם אַנאָפעלים, בייסט אַ מענשען, וואָס ליידעט פון מאַלעריאַ, זויגט זי איין אין זיך אַ טייל פון קראַנקען׳ס בלוט. צוזאַמען מיט דיזען בלוט נעהמט די מאָסקיטאָ אויף

אויך אייניגע פון די סעקסועלע פאראזיטען, וואס שווימען ארום אין קראנ־קען׳ס בלוט.

אין׳ם מאגען פון דער מאסקיטא קומען זיך צוזאמען די זכרים מיט די נקבות פון דיזע פאראזיטען און דאן גראבען זיי זיך איין אין די ווענט פון דער מאסקיטא׳ס מאגען, מיט צוויי טעג שפעטער פאנגען זיך אן צו ענטוויקלען אין די ווענט פון דער מאסקיטא׳ס מאגען קלייניקע פאראזי־טען, וואס זיינען עהנליך צו די, וואס געפינען זיך אין׳ם מענשען׳ס בלוט. דיזע ענטוויקלונג דויערט אונגעפעהר זיבען טעג. ביי דיזער צייט זיינען די פאראזיטען שוין גרויס און צוטיילט אויף פיעלע קלייניקע טיילען. ווען דיזע שטופע ווערט עררייכט פלאצט דאס הייטעל, אין וועלכע דיזע פאראזיטען געפינען זיך.

אונצעהליגע קלייניקע פאראזיטען פילען דאן אן דעם קערפער פון דער מאסקיטא און זיי שלאגען זיך דורך א וועג צו איהר מויל. ווען א מאסקיטא בייסט א מענשען זויגט זי אויס א ביסעל בלוט און בעצאהלט דערפאר מיט איהר סליונע וואס זי לאזט איבער אין דער וואונד. ווען די מאסקיטא, וואס איז פערפעסטעט מיט מאלעריא, בייסט א געזונדען מענ־שען, לאזט זי איבער אין דער וואונד א טייל פון איהר שפייעכץ, וואס איז פול מיט די מאלעריא־פאראזיטען. דיזע פאראזיטען געהען דורך די וואונד און גרייכען די בלוט־צירקולאציאן. אין׳ם בלוט כאפען די פאראזיטען זיך אריין אין די רויטע בלוט־צעלען און פאנגען אן זייער צושטערונגס־ארבייט, ווי שוין פריהער בעשריבען.

אויף אזא ארט זיינען די מאסקיטאס די איינציגע אגענטען פון דער קראנקהייט און זיי פערשפרייטען זי פון איין מענשען צום אנדערען, און ווען עס זאל מעגליך זיין צו פערניכטען אלע מאסקיטאס וואלט מאלעריא פערשוואונדען פון דער וועלט.

## פערשיידענע פארמען פון דער קראנקהייט.

עס זיינען דא אם ווענינגסטען דריי קלאסען מיקראבען, וואס פער־אורזאכען מאלעריא און יעדע פון דיזע סארטען מיקראבען פעראורזאכט א קראנקהייט, וואס איז עטוואס אנדערש פון די קראנקהייטען, וואס די אנדערע צוויי קלאסען פאראזיטען פעראורזאכען.

אויף דער וויסענשאפטליכער שפראך האבען דיזע פאראזיטען בע־זונדערע נעמען. אבער פאר אונזער צוועק וועט זיין גענוג ווען מיר וועלען

זיי בעצייכנען מיט נומערען איינס, צוויי און דריי, און בעשרייבען די פער-
שיידענע סמנים פון מאַלעריאַ, וואָס דיזע פּאַראַזיטען פעראורזאַכען.

איינצעלהייטען האָבען אַ ווערט בלויז פאַר'ן דאָקטאָר, וואָס דאַרף
קורירען די קראַנקהייט. דיזע ציילען ווערען אָבער געשריבען פאַר ניט
דאָקטוירים און אַן אויבערפלעכליכע בעקאַנטשאַפט פון די סמנים פון מאַ-
לעריאַ און איהרע פערשיידענע פאָרמען וועט פאַר אונז גענוג זיין.

## די סימנים פון מאַלעריאַ.

ווען אַ מענש ווערט געביסען פון אַ מאָסקיטאָ און קריגט פון איהר
אַ פּאָרציע מאַלעריאַ פּאַראַזיטען ווערט ער ניט גלייך קראַנק. דיזע פּאַראַ-
זיטען זיינען געוועהנליך ווייניג אין צאָהל. זיי פערניכטען בלויז אייניגע
רויטע בלוט=צעלען און דער שאָדען, וואָס זיי פעראורזאַכען אין אָנפאַנג איז
ניט גרויס גענוג צו שאַפען דייטליכע סמנים פון קראַנקהייט.

עס דויערט געוועהנליך אַ געוויסע צייט איידער אין'ם בלוט פון אַזאַ
מענשען זאַמלען זיך אָן אַ גרויסע צאָהל פּאַראַזיטען און אַ היבשע צאָהל
בלוט=צעלען ווערען פערניכטעט, און ערשט דאַן דערפיהלט דער מענש
דייטליכע סמנים פון דער קראַנקהייט.

ווי לאַנג דיזע פּעריאָדע געדויערט איז ניט גענוי בעקאַנט. עקספּע-
רימענטען צייגען, דאָס פון 35 שטונדען ביז פופצעהן טעג קען דויערען
איידער דער מענש ווערט קראַנק. פאַקטיש ווייסען מיר, דאָס מאַנכע מענ-
שען דערפיהלען די קראַנקהייט ערשט אין מאָנאַטען אַרום נאָך דעם, ווי זיי
האָבען פערלאָזען אַ מאַלעריאַ=געגענד.

ווען די קראַנקהייט איז שוין פאָלקאָם ענטוויקעלט צייגט זי זיך אין
אַטאַקעס פון קעלט און היץ. דער קראַנקער דערפיהלט געוועהנליך דאָס
אָנקומען פון אַן אַטאַקע. ער פיהלט זיך פויל, שלעפעריג, ער גענעצט און
ציהט זיך ווי איינער, וואָס וויל שלאָפען, נאָר ער האָט ניט די געלעגענהייט
דערצו. אָפטמאָל פיהלט ער אַ שטאַרקען קאָפּ=וועה, אַן אונאַנגענעהמען
געפיהל אין מאָגען, און צייטענווייז פיהלט ער אויך אַ איבעלקייט און ער
ברעכט.

בילעכווייז פאַנגט ער אָן צו פיהלען קאַלט און הויבט אָן צו ציט-
טערען. זיין געזיכט ווערט קאַלט און בלוי. עס פאַנגט איהם אָן צו קלאַ-
פען אַ צאָהן אָן אַ צאָהן און עס וואַרפט איהם פון קעלט „ווי אין קדחת".

אין מאַנכע אַטאַקעס איז דאָס ציטערען אַזוי שטאַרק, אַז דאָס בעטעל, אויף וועלכער דער קראַנקער ליגט, ציטערט אויך. אין דיזער צייט ליידעט געוועהנליך דער קראַנקער פון אַ שרעקליכען קאָפּ-וועהטאָג און אָפטמאָל ברעכט ער „מיט דער גרינער גאַל״.

דער קראַנקער פיהלט ווירקליך קאַלט און ווען מען בעריהרט זיין הויט איז זי פיעל קעלטער, ווי פון אַ געזונטען מענשען. אָבער אין דער זעלבער צייט האַלט זיין אינערליכע טעמפּעראַטור אין איין שטייגען, און ווי דער „טהערמאָמעטער״ (דער אינסטרומענט צו מעסטען היץ) צייגט שטייגט זיין אינערליכע טעמפּעראַטור אָפט אַזוי הויך ווי 104 אָדער 105 גראַד פאַרענהייט (די נאָרמאַלע טעמפּעראַטור איז 98 מיט זעקס צעהנטעל גראַד פאַרענהייט).

דיזע אַטאַקע פון קעלט דויערט פון צעהן, צוועלף מינוטען ביז אַ שטונדע אָדער מעהר. דאַן ווערט דער קראַנקער ביסלעכווייז רוהיגער, ער פיהלט זיך וואַרעמער. די בלויקעט און קעלט פון געזיכט און הויט פערשווינדעט. אייניגע מאָל לויפט אַ שטראָם היץ דורך זיין קערפּער און דאַן דערפיהלט דער קראַנקער ווי איהם איז שטאַרק הייס.

דער קאָנטראַסט פון דער פריהערדיגער לאַגע, ווען דעם קראַנקען האָט געוואָרפען פון קעלט, מיט דעם יעצטיגען צושטאַנד ווען איהם איז הייס, איז אַ מערקווירדיגע. זיין געזיכט ווערט פערפלאַמט און רויט, די הויט ווערט שטאַרק הייס און רויט גלייך ווי די גאַנצע הויט וואָלט ענט-צינדען געוואָרען. דאָס הארץ קלאַפּט שטאַרק און דער קראַנקער בעקלאָגט זיך אָפט, דאָס ער פיהלט, ווי עמיצער וואָלט מיט האַמערס איהם געקלאַפּט אין קאָפּ אריין. צייטענווייז איז דער פּאַציענט אין אַ האַלב-ווילדען בע-וואוסטלאָזען צושטאַנד, רעדט פּאַר פייער און פּאַר וואַסער און ווייס ניט וואָס ער טוט. אין אַזאַ צייט דאַרף מען איהם שטאַרק היטען, ווייל ער קען נאָך ארויסשפּרינגען דורך אַ פענסטער און געטויטעט ווערען.

דיזע פּעריאָדע פון היץ דויערט געוועהנליך פון אַ האַלבע שטונדע ביז דריי אָדער פיער שטונדען. די גאַנצע צייט ליידעט דער קראַנקער פון אַ שטאַרקען דורשט און טרינקט אָהן אויפהער קאַלטעס וואַסער, אויב מען גיט איהם נאָר.

ביסלעכווייז בעווייזען זיך גרויסע טראָפּענס שוויים אויף'ן קראַנ-קען'ס שטערען און אין אַ ווײַלע ארום איז זיין גאַנצער קערפּער בעדעקט מיט שוויים. די אונאַנגענעהמליכקייט, וואָס די היץ האָט פעראורזאַכט

פערשווינדעט, דער קאָפּ הערט אויף וועה טאָן און אין א שטונדע אָדער צוויי ארום פערזינקט ער אין א לאַנגען ערפרישענדען שלאָף. דאָס שוויצען איז ניט אין יעדען פאַל גלייך, מאַנכעס מאָל באָדט זיך דער קראַנקער פּשוט אין שוויס, און אַנדערס מאָל איז דאָס שוויצען ניט זעהר פיעל.

ווען דער קראַנקער כאַפּט זיך אויף פון שלאָף פיהלט ער זיך ווידער געזונד, און אויב די קראַנקהייט איז נאָר ניט בעזונדערס ערנסט אָדער עקזיסטירט ערשט א קורצע צייט, קען ער פאָרטזעצען זיין ארבייט ביז א צווייטע אטאַקע פון היץ און קעלט קומט אָן.

דער גאַנצער „פּאַראָקסיזם" פון קעלט, היץ און שוויצען דויערט פוז צעהן ביז צוועלף שטונדען. אמאָל וועניגער. עקזאַמענירענדיג דאָס בלוט פון קראַנקען אין פערלויף פון דער אטאַקע און אין דער צייט צווישען איין אטאַקע און דער אַנדערער, האָט מען אויסגעפונען, אז די אטאַקע פון קעלט און היץ קומט פּונקט אין דער צייט, ווען א גרויסע צאָהל רויטע בלוט־קיי־קעלעך פּלאַצען און מיליאָנען פרישע פּאַראַזיטען ווערען ארויסגעשליידערט אין'ם בלוט־שטראָם.

די צייט צווישען איין אטאַקע און דער אַנדערער ווענדעט זיך אָן דעם סאָרט פּאַראַזיטען, וואָס געפינט זיך אין'ם בלוט פון קראַנקען. מיר האָבען שוין פריהער דערמאָנט, דאָס עס געפינען זיך פערשיידענע סאָרטען מאַלעריאַ פּאַראַזיטען און די קראַנקהייטען, וואָס זיי פעראורזאַכען אונטערשיידען זיך עטוואָס איינע פון די אַנדערע.

איין קלאַס מאַלעריאַ פּאַראַזיטען ענטוויקעלט זיך אין'ם בלוט יעדע 48 שטונדען. יעדען דריטען טאָג פּלאַצט די בלוט־צעלע, אין וועלכע די פּאַראַזיטען וואַקסען און שיקען ארויס אין'ם בלוט נייע מחנות פּאַראַזיטען. די אטאַקע פון קעלט און היץ קומט דארום צו אזא פּאַציענט יעדען דריטען טאָג. מאַנכע קראַנקע ווערען געביסען פון צוויי מאָסקיטאָס אין צוויי בעזונדערע טעג און זיי ווערען אָנגעשטעקט מיט צוויי סעטס פון דיזע פּאַראַזיטען. אזעלכע פּאַציענטען קריגען זייערע אטאַקעס יעדען טאָג. איין טאָג ווערט די אטאַקע פעראורזאַכט פון איין סעט פּאַראַזיטען און דעם צווייטען טאָג איז דער צווייטער סעט פּאַראַזיטען דער פעראורזאַכער פון דער אטאַקע.

פאַראַן א צווייטער סאָרט מאַלעריאַ פּאַראַזיט, וועמען עס דויערט צוויי און זיבעציג שטונדען איידער ער מאַכט דורך די זעלבע ענטוויקלונגס־שטופּע אין'ם בלוט פון מענשען, וועלכע דער ערשטער סאָרט פּאַראַ-

זיטען מאַכט דורך אין אכט און פערציג שטונדען. ווען אַ מענש ווערט אָנגעשטעקט מיט דיזען סאָרט פּאַראַזיט קריגט ער זיינע אטאַקעס יעדען פערטען טאָג. דיזע אטאַקעס זיינען אויך מילדער ווי די אטאַקעס פון ערשטען סאָרט מאַלעריאַ פּאַראַזיטען.

פאַראַן אויך אַ דריטער סאָרט מאַלעריאַ פּאַראַזיט, וואָס עקזיסטירט מעהרסטענס אין די מילדע קלימאַטען און אטאַקירט זיינע קרבנות מעהר-סטענס ענדע זומער אָדער אָנפאַנג הערבסט. דיזע פאָרמע פון דער קראַנק-הייט, וואָס דיזער פּאַראַזיט פערזאַכט ווערט דאַרום גערופען „הערבסט פיבער“.

די סימפּטאָמען פון דיזער קראַנקהייט זיינען ניט אַלע מאָל די זעל-בע. אין מאַנכע פעלע קומען די אטאַקעס יעדע אַכט און פערציג שטונדען, אין אַנדערע פעלע איז די צייט צווישען איין אטאַקע און דער אַנדערער לענגער און אונרעגעלמעסיג.

די אטאַקע זעלבסט דויערט אַרום צוואַנציג שטונדען אָנשטאָט צעהן, ווי אין׳ם אויבען בעשריבענעם פאַל. די קעלט אטאַקע איז פיעל לייכטער, און אָפטמאָל איז זי אין גאַנצען אבוועסענד. די פעריאָדע פון היץ פאַנגט זיך אָן לאַנגזאַם אָנשטאָט פּלוצלינג. די היץ שטייגט ניט מיט אַמאָל, נאָר ביסלעכווייז און זי פאַלט אויך ניט פּלוצלינג, נאָר לאַנגזאַם. דער פּאַציענט, צווישען איין אטאַקע און דער אַנדערער, איז ניט אין גאַנצען פריי פון דער קראַנקהייט, נאָר זעהט די גאַנצע צייט אויס קרענקליך, אָדער דער פיבער אָנשטאָט צו פערשווינדען אין אייניגע שטונדען צייט האַלט אָן ביז צעהן טעג, און די קראַנקהייט איז זעהר עהנליך צו טייפויד פיבער.

ווען מען עקזאַמינירט אָבער דאָס בלוט פון אַזאַ פּאַציענט קען מען געפינען די מאַלעריאַ פּאַראַזיטען, וואָס פערזאַכען דיזע פאָרמע פון דער קראַנקהייט.

אין די מילדע פאָרמען פון דער קראַנקהייט דויערען די אטאַקעס פון צעהן ביז פערצעהן טעג און הערען דאַן אויף. אין אַזעלכע פעלע קען די קראַנקהייט צוריק קומען דורך אַן עקסידענט אָדער אַן אַנדער קראַנק-הייט, אפילו ווען ער קריגט ניט נאָך אַ מאָל געביסען פון אַ מאָסקיטאָ. אין אַנדערע פעלע קען די קראַנקהייט אָנהאַלטען פאַר יאָהרען.

די פּאַראַזיטען האַלטען אין איין צושטערען די בלוט־צעלען און דער פּאַציענט ווערט שנעל בלוט־אָרים. דורך פערניכטען די רויטע קיקעלעך

ווערט א טייל פון'ם רויטען מאטעריאל פון דיזע בלוט־צעלען איינגעזאפט אין קערפער און דער קראנקער פאנגט אָן ליידען פון געלזוכט.

פאראן אויך זעהר ערנסטע פארמען פון מאלעריא, וואס זיינען זעהר געפעהרליך פאר'ן מענשען. דיזע ברייינגען אָפט זעהר ערנסטע נאָכוועהע־נישע אָדער פעראורזאכען שנעל דעם טויט פון'ם אונגליקליכען קרבן.

איידער מען האט אויסגעפונען די ריכטיגע רפואה געגען מאלעריא פלעגען פיעל מענשען שטארבען פו דער קראנקהייט. די פאראזיטען פון מאלעריא פערניכטען ניט נאר א גרויסע צאהל רויטע בלוט־קייקעלעך, נאר זיי פראָדוצירען וואהרשיינליך אויך א געוויסען גיפט, וואס פערשפרייט זיך אין'ם קערפער פון'ם קראנקען. דער רעזולטאט איז, דאס דער קראנ־קער ווערט שטארק בלוטארעם, זיין מילץ ווערט גרויס און אָנגעשוואָלען און איז אין געפאהר צו פלאצען, נירען קראנקהייט, נערוועז קראנקהייט און אנדערע קערפערליכע קראנקהייטען פאָלגען אין א גרויסע צאהל פעלע. נאָך א לענגערע צייט קראנק זיין ווערען די מאלעריא פאראזיטען „מיד" פון זייער ארבייט און זיי רוהען זיך אָפּ. דער מענש ערהאלט זיך דאן פון זיין קראנקהייט און שיינט צו ווערען אין גאנצען געזונד. אָבער אין א צייט ארום ווערען די פאראזיטען ווידער טעטיג, אפילו ווען דער קראנקער ווערט ניט נאָך א מאָל געביסען פון א מאָסקיטאָ רופט זיך אויך די קראנק־הייט נאָך א מאל אָפּ.

מיר האָבען אָבער יעצט א רפואה געגען מאלעריא, וואס פערניכ־טעט די פאראזיטען אין'ם בלוט פון די קראנקע און זיי קענען מעהר קיין שאדען ניט פעראורזאכען. דער קראנקער ווערט פאָלשטענדיג גענעזען פון דער קראנקהייט סיידען ער ווערט נאָך א מאָל געביסען פון א מאָסקיטאָ און ווערט אויפ'ם ניי אָנגעשטעקט מיט מאלעריא.

## די זיכערסטע רפואה צו מאלעריא.

עס זיינען דאָ זעהר ווייניג קראנקהייטען, געגען וועלכע מיר האָבען א זיכערע און ווירקזאמע רפואה. און איינע פון דיזע קראנקהייטען איז מאלעריא.

געגען מאלעריא האָבען מיר א רפואה, וואס „נעהמט די קראנקהייט פשוט צו ווי מיט'ן האנד". די קראנקהייט פערשווינדעט ווי דורך א צוי־בער. די מאלעריא מיקראָבען ווערען פערניכטעט און דער פאציענט ער־

האלט זיך זעהר שנעל פון זיין קראנקהייט. דיזע צויבער־רפואה געגען מאלעריא איז „קווינין", כינא.

אז קווינין איז א זיכערע רפואה געגען מאלעריא האט מען געוואוסט נאך לאנג איידער מען האט געוואוסט פון וואס מאלעריא ווערט פעראור־זאכט, נאך לאנג איידער דער מיקראסקאפ איז ערפונדען געווארען, און נאך איידער מען האט געוואוסט, דאס געוויסע קראנקהייטען ווערען פעראורזאכט פון קליינע פאראזיטען, וואס מען קען מיט'ן נאקעטען אויג ניט זעהן.

די געשיכטע ווי אזוי מען האט אויסגעפונען, דאס כינא איז א רפואה געגען מאלעריא און ווי אזוי דיזע רפואה איז איינגעפיהרט געווארען אין'ם צעטעל פון רפואות, מיט וועלכע דאקטוירים היילען קראנקהייטען, איז א גאנץ אינטערעסאנטע און שטעלט מיט זיך פאר א ראמאנטישעס קאפיטעל אין דער געשיכטע פון מעדיצין.

אין די ערשטע העלפט פון 17טען יאהרהונדערט, ווען די שפאניער האבען עראבערט דאס לאנד פערו, אין זיד אמעריקא, האבען פיעלע פון די שפאניער געליטען פון מאלעריא. אין יאהר 1638 האט זיך אין פערו געפונען די שפאנישע גרעפין טשינקאן און זי האט זעהר שטארק געליטען פון מאלעריא. די אינדיאנער האבען העכסט וואהרשיינליך רחמנות גע־האט אויף דער קראנקער גרעפין און זיי האבען געלאזט וויסען די שפאניער, דאס די קארע פון געוויסע בוימער איז א זיכערע רפואה צו דער קראנקהייט, פון וועלכע די „ווייסע גרעפין" ליידעט.

ניט האבענדיג קיין אנדערע רפואה האט די גרעפין טשינקאן איינ־געשטימט צו פראבירען די אינדיאנער מעדיצין און צו איהר גרעסטער ער־שטוינונג און פרייד איז זיווירקליך גאנץ שנעל גענעזען געווארען פון דער קראנקהייט.

אזוי ערפרעהט איז גרעפין טשינקאן געווען מיט דיזער ענטדעקונג, דאס אויף איהר רייזע אהיים האט זי מיטגענומען א פעקעלע קארע פון דיזע בוימער און האט געזוכט צו פועל'ן ביי די שפאנישע דאקטוירים זיי זאלען פראבירען איהר רפואה צו מאלעריא.

אין יענער צייט אבער האבען די גלחים געהאט די הויפט דעה ניט נאר אויף די נשמות פון מענשען נאר אויך אויף זייערע קערפערס. און די גלחים האבען שטרענג פערדאמט דעם געברויך פון דיזער געצענדינע־

רישע רפואה, וואָס איז געווים אַן ערפינדונג פון טייפעל צו פערפיהרען פרומע, גאָטספאָרכטיגע מענשען.

גרעפין טשינקאָן האָט זיך געמוזט בענוגענען מיט היילען איהרע אייגענע מענשען, די פויערים, וואָס האָבען געוואוינט אויף איהרע גיטער און די, וואָס פלעגען קומען צו איהר אין געהיים נאָך דער פערבאָטענער רפואה.

ארום פופציג יאָהר זיינען אַזוי פאַראיבער. אונטער דער צייט זיי־נען פיעלע מענשען אויסגעהיילט געוואָרען פון מאַלעריאַ מיט דער הילף פון דער קאָרע פון די פערו בוימער, טראָטץ דעם חרם, וואָס די גלחים האָ־בען אויף דיזער רפואה ארויפגעלעגט. איינזעהענדיג, דאָס זייער חרם ווערט ניט שטארק אָפּגעהיט האָבען די יעזואיטען פעררופען אַ ספּעציעלען קאָנסוליום פון די גדולים פון דער קאטולישער קירכע און יענע האָבען פאָר־מעל ערקלערט, דאָס די קאָרע פון די בוימער פון פערו איז ניט קיין פראָ־דוקט פון טייפעל און יעדער אמת־גלויביגער, וואָס ליידעט פון מאַלעריא מעג זיך לאָזען בעהאַנדלען מיט דיזער רפואה.

דערמיט האָבען די יעזואיטען בלויז נאָך אַ מאָל בעשטעטיגט זייער אַלטע פּאָליסי, אַז וואָס מען קען ניט פערניכטען דארף מען נעהמען אונ־טער אייגענעם איינפלוס. אום צו מאַכען דיזע פּאָליסי אין דיזען פאַל פּאָלשטענדיג האָבען זיי דיזע קאָרע פון די בוימער פון פערו, וואָס זיי האָבען ביז דאַן פערדאַמט און אין חרם געלעגט, אַ נאָמען געגעבען די „יעזואיטען קאָרע”.

ערשט שפּעטער מיט פיעלע יאָהרען, ווען די יעזואיטען האָבען שוין פערלאָרען אַ טייל פון זייער מאַכט, האָט מען איינגעזעהן די אונגערעכ־טיגקייט, וואָס מען בעגעהט מיט רופען דיזע קאָרע „יעזואיטען קאָרע”, און צו עהרע פון גרעפין טשינקאָנאַ, וועלכע האָט די ערשטע געבראַכט דיזע רפואה קיין אייראָפּאַ, האָט מען די רפואה אַ נאָמען געגעבען „סינ־קאָנאַ קאָרא” און דעם פולווער, וואָס מען קריגט ארויס פון דיזער קאָרע, האָט מען אַ נאָמען געגעבען „קווינין” (אָדער קוויינין, ווי מאַנכע רעדען אויס דאָס וואָרט. אין אידיש — כינא).

**דיזע רפואה איז געוואָרען איינע פון די שטארקסטע וואפען פון די** ערשטע קאָלאָניסטען אין ערעבערען די נייע ניט קולטיווירטע געגענדען. **מאַלעריאַ איז געווען דער גרעסטער שונא פון די פּיאָנירען און ווען ניט**

דיזע רפואה וואָלטען מיר זיכער ניט געקענט אזוי לייכט ערהאַבערען די מאַלעריא פערפעסטעטע געגענדען.

צוליב מאַלעריאַ מעהר ווי צוליב אירגענד וועלכע אַנדערע אורזאַכען קענען ווייסע מענשען נאָך ביז היינטיגען טאָג קוים עקזיסטירען אין טראָפּישע געגענדען; צוליב מאַלעריאַ, מעהר ווי צוליב אירגענד וועלכע אַנדערע אורזאַכען, האָט די פראַנצויזישע פּאַנאַמאַ קאַנאַל קאָמפּאַניע געמוזט אויפגעבען איהר ארבייט פון גראָבען דעם פּאַנאַמאַ־קאַנאַל.

פאַר גענויע דריי הונדערט יאָהר איז קווינין געברויכט געוואָרען אַלס רפואה צו מאַלעריאַ איידער מען האָט אויסגעפונען די אמת'ע אורזאַכע פון דער קראַנקהייט. מען האָט געוואוסט, דאָס קווינין, ווען געגעבען בעציי-טענס, וועט אויסהיילען די ליידענדע פון מאַלעריאַ אין ניי פון יעדע צעהן פעלע, אָבער ווי אזוי די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט און ווי אזוי קווי-נין העלפט צו דער קראַנקהייט האָט מען ניט געוואוסט.

ערשט אין יאָהר 1880 האָט דער פראַנצויזישער אַרמעע־דאָקטאָר לאַווערען ענטדעקט די פּאַראַזיטען אין'ם בלוט פון די, וואָס ליידען פון מאַלעריאַ און זייט דאַן איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, דאָס דיזע פּאַראַ-זיטען פעראורזאַכען די קראַנקהייט.

ווי אזוי דיזע פּאַראַזיטען קומען אין'ם בלוט פון די קראַנקע און ווי אזוי זיי פערשפּרייטען זיך פון איין מענשען צום אַנדערען האָט מען נאָך אַלץ ניט געוואוסט. ווי דער נאָמען פון דער קראַנקהייט מאַלעריאַ (שלעכ-טע לופט) צייגט האָט מען נאָך אַלץ געגלויבט, דאָס די קראַנקהייט פער-שפּרייט זיך דורך שלעכטער לופט.

אין יאָהר 1882 האָט אַן אַמעריקאַנער דאָקטאָר, מיט'ן נאָמען קינג, פון וואַשינגטאָן פערעפענטליכט אַן אויספיהרליכען סטייטמענט, אין וועל-כען ער צייגט די שייכות צווישען מאָסקיטאָס און מאַלעריאַ. אין יאָהר 1895 האָט דר. דאָנאַלד ראָס פון די „אינדיען מעדיקאַל סורווויס" דער-קענט די מאַלעריאַ פּאַראַזיטען אין'ם קערפּער פון אַ מאָסקיטאָ.

ער האָט פּרובירט אָנשטעקען פויגעל און אַנדערע חיות מיט מאַ-לעריאַ דורך דעם, וואָס ער האָט געלאָזט מאַלעריאַ מאָסקיטאָס בייסען די-זע חיות. דאָס איז איהם אָבער ניט געלונגען.

צוויי איטאַליענישע וויסענשאַפטסלייטע בינגאַמי און גראָסי, האָבען בעשלאָסען צו מאַכען די זעלבע עקספּערימענטען אויף מענשען. עס האָ-בען זיך געפונען מענשען, וואָס האָבען פרייוויליג זיך אָנגענומען צו זיין

מאַלעריאַ קרבנות. מען האָט געלאָזט מאַלעריאַ מאָסקיטאָס זיי בייסען און אין פערלויף פון זעקס ביז צעהן טעג זיינען זיי צו אכט פון יעדע צעהן געביסענע מענשען קראַנק געוואָרען פון מאַלעריאַ.

דאָס האָט בעשטעטיגט די בעהויפּטונג, דאָס מאָסקיטאָס פערשפּריי-טען די קראַנקהייט דורך בייסען פריהער קראַנקע און נאָכהער געזונדע מענ-שען. עס האָט געבראַכט די שטאַרקסטע בעווייזע געגען דער מאָסקיטאָ, וואָס פערשפּרייט מאַלעריאַ.

# די מאלעריא מאסקיטא.

„אלע יונים האָבען איין פּנים" זאָגט אַ אידיש גלייכוועֶרטעל און די מעהרסטע מענשען, ספּעציעל די, וואָס ווערען געביסען פון מאָסקיטאָס, דענקען דאָס אַלע מאָסקיטאָס זיינען גלייך. דער פאַקט איז, דאָס אויך צווישען מאָסקיטאָס געפינען זיך פערשיידענע ראַסען און שבטים, און צווי-שען איין סאָרט מאָסקיטאָס און אַן אַנדערער איז פּונקט אַזאַ גרויסער אונ-טערשייד, ווי צווישען אַן אייראָפּעער פון דער קאַווקאַזישער ראַסע און אַ האַלב ווילדען שוואַרצען פון די טיפע אפריקאַנישע וועלדער.

בלויז איין סאָרט מאָסקיטאָס פערשפּרייטען מאַלעריאַ, די מאָסקי-טאָס, וואָס בעלאַנגען צום שבט אַנאָפעלים.

דיזע מאָסקיטאָס קען מען דערקענען דורך זייערע געפלעקטע פליגעל און דורך דעם, וואָס, ווען זיי רוהען, איז זייער קערפּער ניט אין אַ גלייכע (האָריזאָנטאַל) ליניע מיט דעם פּלאַץ, אויף וועלכען זיי שטעהען, נאָר דער הינטערשטער טייל קערפּער איז פיעל העכער.

בלויז די מאַדאַם מאָסקיטאָ איז די בייסערין. דער מאַן בענוגענט זיך מיט טאָן הויז ארבייט און אטענדען צו אַנדערע נויטווענדיגקייטען. די זי איז די יעגערין.

אויף יאַגד פליהט מאַדאַם אַנאָפעלים ארוים ערשט אין אָבענד. זי פליהט ניט ווייט, בלויז אַ פּאָר הונדערט יאַרד פון פּלאַץ, וואו איהר נעסט געפינט זיך. זי פליהט אויך גאַנץ נידעריג. די מענשען, וואָס וואוינען אויף'ן פערטען אָדער פינפטען שטאָק, אפילו אין אַ מאַלעריאַ געגענד מעגען האַלטען זייערע פענסטער אָפען און ניט פערשטעלט מיט סקרינס, די מאַלעריאַ מאָסקיטאָס וועלען ניט פליהען אַזוי הויך. בייטאָג איז מען זיכער געגען דיזע מאָסקיטאָס, ווייל מאַדאַם אַנאָפעלים פאַנגט אָן איהר

טאָג ארבייט ערשט אין אבענד. דיזע מאָסקיטאָס ווערען ניט פערניכטעט אין קאַלטען וועטער. זייערע אייער לעגען זיי אין קליינע לוזשעס ריינע וואסער ארום די הייזער און אין ווינטער צייט קענען זיי עקזיסטירען אין ווארעמע הייזער. זיי קענען בייסען אויך ווינטער צייט און אָנשטעקען מענשען מיט מאַלעריא דאַן, ווען מען דענקט, דאָס אַלע מאָסקיטאָס זיינען שוין אויסגעשטאָרבען.

געוועהנליכע מאָסקיטאָס האָבען געוועבטע אָנשטאָט געפלעקטע פלי-געל. ווען זיי רוהען איז זייער קערפּער אויף א גלייכע ליניע (האָריזאָנטאַל) מיט דעם פּלאַץ, אויף וועלכען זיי רוהען. זיי פליהען בייטאָג און ביינאַכט, פליהען גאַנץ ווייט פון זייערע נעסטען און פליהען אויך זעהר הויך.

וויסענדיג די געוואוינהייטען און דעם כאַראַקטער פון די מאַלעריא מאָסקיטאָס האָט מען אויסגעאַרבייט א זעהר געלונגענעם סטראַטעגישען פּלאַן, ווי דיזע מאָסקיטאָס צו פערניכטען און ווי צו פערהיטען מענשען פון קריגען דיזע קראַנקהייט און איבעראַל, וואו דיזער פּלאַן איז דורכגע-פיהרט געוואָרען איז דער קאַמף געגען מאַלעריא געווען אַן ערפאָלג.

# דער קאַמף געגען מאַלעריא, און ווי זיך אויסצוהיטען פון דער קראַנקהייט.

דער אמת'ער קאַמף געגען מאַלעריא האָט זיך אָנגעפאַנגען ערשט, ווען מען האָט זיך דערוואוסט אויף זיכער, דאָס די אַנאָפעלים מאָסקיטאָ איז דער אַגענט (אָדער בעסער געזאָגט די אַגענטין, ווייל עס איז די זי וואָס בייסט דעם מענשען), וואָס פערשפּרייט מאַלעריא.

מיר האָבען שוין אויבען בעמערקט, דאָס שטודירענדיג די אַנאָפע-לים מאָסקיטאָ האָט מען אויסגעפונען, דאָס זי פליהט מעהרסטענס בלויז ביינאַכט און ניט זעהר הויך. דורך פערשטעלען די פענסטער מיט „מאָסקי-טאָ-נעצען" און זיך געפינען אין הויז הינטער דיזע נעצען פון זינט עס ווערט נאַכט ביז עס ווערט טאָג קען מען אויסמיידען די צו נאָהענטע בע-קאַנטשאַפט מיט מאַדאַם אַנאָפעלים.

דאָס איז געווען דער ערשטער קאַמפס-מיטעל געגען די מאָסקיטאָס, וואָס איז אָנגעווענדעט געוואָרען ביים גראָבען דעם פּאַנאַמאַ-קאַנאַל, ווען די אַמעריקאַנער אַרמעע-אינזשינירען האָבען איבערגענומען די ארבייט,

און דיזעם שוץ=מיטעל נעגען די מאָסקיטאָס האָט זיך אויסגעצייגט אלס א גרויסער ערפאָלג.

זיך בעהאַלטען פון שונא איז אָבער ניט אלע מאָל גענוג, ספּעציעל איז עס ניט קיין שמייכלענדע שטאָלצע טאַקטיק, ווען מענשען מוזען זיך בע-האַלטען פון מאָסקיטאָס. מען האָט דארום אָנגעפאַנגען צו זוכען מיטלען, ווי אַזוי צו פערניכטען די מאָסקיטאָס.

זוכענדיג דיזע ווירקזאַמע מיטלען האָט מען אויסגעפונען, דאָס מאָס-קיטאָס לעגען זייערע אייער אין שטעהענדעס ניט טיפעס וואסער. דיזע אייער שווימען ארום אויף'ן וואסער, פערוואַנדלען זיך אין „לאַרווע", אַן איבערגאַנגס=שטופע צווישען איי און פול ענטוויקעלטען אינסעקט, און דאַן פערוואַנדלען זיי זיך אין פולע אינסעקטען.

נאָך א לאַנגע זאָרגפעלטיגע שטודיום וועגען דעם לעבען פון די מאָס-קיטאָס אין אלע שטופען פון זייער ענטוויקלונג האָט מען אויסגעפונען, דאָס עס דויערט געוועהנליך דריי מאָנאַטען איידער עס ענטוויקלען זיך ערוואַקסענע אַנאָפעלים מאָסקיטאָס פון די אייער, וואָס מאדאם אַנאָפעלים לעגט אין וואסער, דאָס די „לאַרווע" מוזען האָבען פרישע לופט צו אָטהע-מען און זיי קומען דארום צו דער אויבערפלעכע פון'ם וואסער, אין וועלכען זיי ענטוויקלען זיך, אום צו שעפען פרישע לופט. מען האָט אויך אויסגע-פונען, אז ווען דאָס וואסער, אין וועלכען עס געפינען זיך די אייער פון מאדאם אַנאָפעלים, טריקענט אויס, שטארבען די אייער, אָדער ווען עס געפינען זיך פיש אין'ם וואסער פרעסען די פיש אויף די מאָסקיטאָ אייער.

מיט דיזע פאַקטען האָט מען זיך בענוצט אין די מאַלעריאַ פערפעס-טעטע געגענדען אום אויסצוראָטען די מאָסקיטאָ פעסט. און כמעט איבער-אל, וואו דער קאמף איז געפיהרט געוואָרען ערנסט, זיינען די אַנאָפעלים מאָסקיטאָס פערטיליגט געוואָרען און די מאַלעריאַ פעסט איז פערשוואונ-דען געוואָרען.

די אַנאָפעלים מאָסקיטאָ פליהט ניט ווייט פון'ם פלאַץ, וואו זי האַלט זיך אויף. די מאָסקיטאָ נעסטען מוזען זיך דארום אין יעדען פאַל געפינען ניט ווייט פון'ם פלאַץ, וואו די מענשען ווערען געביסען. אום אויסצוראָ-טען דיזע מאָסקיטאָס דארף מען דארום אויסטריקענען אלע לוזשעס און קליינע זומפּען, וואָס געפינען זיך אין דער נאַכבארשאַפט.

אין אַזוי שנעל ווי מען האָט אָנגעפאַנגען אויסטריקענען די לוזשעס און פערשיטען די זומפּען, אָדער גראָבען קליינע קאַנאַלען און פערוואַנד-

לען די שטעהענדע לוזשעס אין א פליסענדען שטראם, זיינען די מאסקיטאם געווארען וועניגער.

עס זיינען אבער דא גרעסערע שטעהענדע וואסערען, וואס מען קען ניט פערשיטען אדער עס דארף קאסטען צופיעל געלד זיי אויסצוטריקענען. אין דיזען פאל איז גענוג צו בעגיסען דיזע לוזשעס מיט קעראסין אדער אן אנדער איל, וואס זאל בעדעקען דאס גאנצע וואסער.

מיר האבען שוין פריהער געזעהן, דאס די „לארווע" (די איבערגאנגס־שטופע פון איי צום אינסעקט) מוזען אטהעמען. זיי קריגען זייער פרישע לופט דורך דער אויבערפלעכע פון וואסער. ווען דער וואסער ווערט אבער בעדעקט מיט א דינע הייטעל פון איל קען קיין פרישע לופט ניט צו־קומען צו דיזע האלב־ענטוויקעלטע אינסעקטען און זיי ווערען דערשטיקט.

וואס אנבעלאנגט די אייער פון די מאסקיטאס האבען מיר שוין גע־זעהן, דאס פיש גלייכען זיי אלס שפייז און אין א וואסער, וואו עס געפי־נען זיך פיש קענען קיין מאסקיטאס ניט וואקסען.

געברויכענדיג דיזע אויסגערעכענטע מיטלען אין'ם קאמף געגען די אנאפעלים מאסקיטא איז געלונגען אויסצוראטיניגען פיעלע געגענדען, וואס זיינען פריהער געוועזן איינפאכע פעסט פלעצער, אין וועלכע קיין ווייסער מענש האט ניט געקענט לעבען.

ווי אזוי קען א מענש זיך אויסהיטען פון מאלעריא? פון אונזער בעקאנטשאפט מיט דיזער קראנקהייט און מיט דער ארט און וויייזע ווי אזוי זי פערשפרייט זיך קענען מיר שוין לייכט איינזעהן, דאס עס איז זעהר שווער פאר אן איינצעלנעם, וואס לעבט אין א מאלעריא געגענד, צו זיין זיכער פון דיזער קראנקהייט. אין דיזען פאל מוז די גאנצע בעפעלקערונג צוזאמען טרייען פטור ווערען פון דער פעסט. אלע זומפען און לוזשעס מוזען אויסגעטריקענט ווערען אדער דאס וואסער דארף בעגאסען ווערען מיט קעראסין אדער פעטראלעאום. און אויף אזא ארט פערניכטען די מאסקיטאס.

וואס דארף טאן דער איינצעלנער מענש, וואס לעבט אין א מאלעריא געגענד? ער דארף ניט שלאפען ביינאכט אין דרויסען און די פענסטער פון זיין שלאף־צימער דארפען זיין פערשטעלט מיט מאסקיטא נעצען. פון זינט עס ווערט נאכט ביז אין דער פריה דארף ער, אויב נאר מעגליך בליי־בען אין דער היים הינמער די מאסקיטא נעצען אנשטאט ארומצוגעהן אין גאס, און אזוי שנעל, ווי ער דערפיהלט די ערשטע סמנים פון דער קראנק־

הייט, דאַרף ער גלייך געהן צו אַ דאָקטאָר זיך לאָזען זיין בלוט עקזאמע-
נירען צו עם געפינען זיך דאָרטען ניט די מאַלעריא פּאַראַזיטען און אויב
יע וועט דער דאָקטאָר איהם שוין בעהאַנדלען.

יעדער, וואָס ליידעט שוין פון מאַלעריא מוז אַ געוויסע צייט (אַזוי
לאַנג ווי די פּאַראַזיטען געפינען זיך אין זיין בלוט) זיין בעשיצט אַזוי,
דאָס מאָסקיטאָס זאָלען צו איהם ניט האָבען קיין צוטריט. יעדער, וואָס
ליידעט פון מאַלעריא איז אַ קוואַל פון דער קראַנקהייט און קען אָנשטעקען
פּיעלע אַנדערע, אויב די מאָסקיטאָס האָבען נאָר אַ צוטריט צו זיין בלוט.

ווען די מאָסקיטאָס קענען צו איהם ניט צוקומען איז דער קראַנ-
קער אונשעדליך פאַר אַלע, וואָס קומען מיט איהם אין בעריהרונג.

מאַלעריא איז אויך ניט קיין גאַנץ אָפּטע אָבער אויך ניט קיין גאַנץ
זעלטענע ערשיינונג אין אונזער געגענד. די זומפּען אין ניו דזשורזי בע-
זאָרגען די ארומיגע געגענד מיט אַנאָפּעלים מאָסקיטאָס. צום גליק וואוינען
ניט זעהר פּיעל מענשען אין דער נאַכבאַרשאַפט פון יענע זומפּען און, ווי
מיר האָבען שוין געזעהן, פליהען ניט דיזע מאָסקיטאָס זעהר ווייט פון
זייער היים.



# „קאלדס" (פערקעלטונג).

ווי זיך אויסצוהיטען און וואס צו טאן ווען איהר האט שוין א קאלד.

א שטארקער שונא, וואס קומט אפען ארוים מיט זיין אטאקע, איז אפטמאל ניט אזוי געפעהרליך, ווי דער פיינד, וואס גנב'עט זיך אריין צו אונז דורך א הינטער טיר, מאכט אן אנשטעל פון א נעבעכעל, און ווען מיר היטען זיך ניט פאר איהם עפענט ער ברייט פאנאנדער טיר און טויער פון אונזערע פעסטונגען און לאזט אריין צו אונז אונזערע ביטערסטע שונאים.

אזא פיינד איז דער „קאלד" (פערקעלטונג). מילד און אונשולדיג ווי א נעבעכעל, איז דער קאלד איינער פון אונזערע געפעהרליכסטע שונאים און ברייננט אונז אפט פיעל מעהר שאדען, ווי אן ערנסטע קראנקהייט.

„קאלדס" זיינען אזא געוועהנליכע ערשיינונג אין אונזער לעבען, דאס עס איז זעלטען צו געפינען א מענשען, וואס זאל ניט אם ווענינסטענס איינמאל א יאהר ליידען פון א פערקעלטונג.

מיר זיינען שוין אזוי צוגעוואוינט געווארען צו א „קאלד", דאס מיר זיינען גענויגט איהם צו בעטראכטען אלס אן „איבערגאנג". פון וועלכען עס איז זיך שווער אויסצוהיטען און עס לוינט זיך גאר ניט די מיה, וואס עס דארף קאסטען זיך אויסצוהיטען פון א קאלד אדער זיך קורירען, ווען דער קאלד האט אייך שוין געכאפט.

און דאך איז א קאלד אן ערנסטע קראנקהייט, ניט אזוי פאר זיך אליין, ווי אלס אנפאנג פאר אנדערע „מעהר ערנסטע" קראנקהייטען. אפט-מאל איז דער קאלד בלויז דער אנזאגער פון אן ערנסטע קראנקהייט, וואס האלט זיך אין ענטוויקלען. דער קאלד זעלבסט איז דאן בלויז די ערשטע שטופע פון יענער ערנסטער קראנקהייט. אין די מעהרסטע פעלע דינט דער קאלד בלויז אויף אפצושוואכען דעם מענשען און מאכען פריי דעם וועג פאר אנדערע קראנקהייטען, וואס וואלטען זאנסט איהם ניט געקענט בייקומען.

א גרויסע, זעהר א גרויסע צאָהל קראַנקהייטען וואָלטען פער־שוואונדען פון דער וועלט, ווען אַלע מענשען וואָלטען אכטונג געגעבען אויף זייערע נעזער און אויסגעהיט זיך פון קאָלדס.

עס איז זעהר זעלטען צו טרעפען א מענשען, וואָס האָט קיינמאָל ניט געליטען פון א קאָלד, און עס איז אויך זעהר זעלטען צו טרעפען א פאָלקאָם געזונדען מענשען.

אום צו וויסען ווי אזוי זיך אויסצוהיטען פון קאָלדס און וואָס צו טאָן ווען דער קאָלד איז שוין דאָ, איז נויטיג פאר אונז זיך פריהער צו בעקענען מיט א העכסט אינטערעסאנטען און וויכטיגען גליד פון אונזער קערפער — אונזער נאָז.

## אונזער נאָז.

וואָס פאר א ראָלע שפּילט די נאָז אין אונזער קערפער, וואָס איז די אויפגאבע פון דיזען גליד, וואָס זיצט אין סאמע פראָנט פון אונזער פּנים און ליופט שטענדיג פאראוים, וואוהין נאָר מיר קעהרען און ווענ־דען זיך?

מאנכע גלויבען, אז די נאָז איז געשאפען מיט דעם איינציגען צוועק אום געוויסע קהל'שע קאָפּ־לעפעל זאָלען קענען פיהרען אַלעמען ביי דער נאָז, אנדערע דענקען, אז די נאָז איז געשאפען אום מען זאָל זי קענען אריינ־שטעקען איבעראַל וואו מען דארף ניט, ווידער אנדערע זיינען איבערציינגט, דאָס זיי האָבען א נאָז בלויז אום צו קענען דערשמעקען אַן עבירה ביי יע־נעם אפילו ווען זי ליגט בעהאַלטען בחדרי חדרים.

אָבער דאָס איז די געזעלשאפטליכע זייט פון דער נאָז. וואָס אונז אינטערעסירט דאָ איז די פונקציאָנעלע זייט פון דיזען גליד פון אונזער קערפער. די אויפגאבע, וואָס די נאָז האָט צו ערפילען אין אונזער לעבען.

אונזער נאָז האָט א דאָפּעלטע אויפגאבע צו ערפילען. זיצענדיג אין סאמע פאָרענט פון געזיכט מיט דער אָפענער טיהר פונקט איבער אונ־זער מויל און מיט דער הינטער טיהר נעבען מארך, איז דער נאָז לייכטער צו דערפיהלען דעם גערוך פון יעדע זאך, וואָס קומט צו נאָהענט צו אונ־זער מויל. זיך געפינענדיג ניט ווייט פון מארך, איז דער נאָז לייכט צו טע־לעגראפירען צום מארך דעם בעטרעפענדען גערוך און אין פאַל דער מארך איז ניט צופרידען דערמיט, קומט אָן זיין בעפעל ניט צו עסען אָדער טרינ־קען דעם בעטרעפענדען ארטיקעל נאָך איידער דאָס בעריהרט אונזערע ליפּען.

א דאנק דיזער וואכזאמקייט פון דער נאָז מיידען מיר אוים צו עסען פיעלע פערפוילטע, האלב־אויפגעלעזטע שפייז־ארטיקלען, ווייל דער שלעכ־טער גערוך פון דיזע שפייז ווערט גלייך געבראכט דורך דער נאָז צום מארך. די נערוועז, וואָס האָבען די אויפגאבע צו ברייננען דעם גערוך צום מארך. געפינען זיך אין דער אויבערשטער טייל פון אונזער נאָז, און ווען מיר ליי־דען פון א קאָלד און די נאָז־לעכער זיינען פערשטאָפּט, קען דער גערוך ניט צוקומען צו דיזע נערוועז און דער חוש פון שמעקען פעהלט אונז דאַן.

א גרויסע טייל פון'ם געשמאק, וואָס מיר פיהלען אין שפייז, קומט דורך „שמעקען" און ניט דורך פיהלען א „טעם" אין דעם וואָס מיר עסען. ווען איינער ליידעט פון א קאָלד פערליהרט ער דעם גערוך פון די שפייז און דארום פיהלט ער ווענינ געשמאק אין די שפייז וואָס ער עסט.

אָבער שמעקען איז ניט די איינציגע און ניט די וויכטיגסטע אויפ־גאבע, וואָס אונזער נאָז האָט צו ערפילען. זייט מיר האָבען זיך אָנגע־פאנגען צו ציוויליזירען האָבען מיר זיך אויסגעלערענט אָפּצונארען אונזער נאָז, און צופערטיגען אונזער שפייז אזוי, דאָס יעדער אונאנגענעהמער גע־רוך זאָל פערשווינדען. מיר געברויכען אויך די נאָז גאנץ ווענינ אויף צו דערשמעקען פון וויימען, ווי דער הונט אָדער אַנדערע חיות טוען. אונ־זער חוש הריח איז דארום פיעל אָפּגעשוואכט געוואָרען און די אויפגאבע פון שמעקען איז געוואָרען א פונקציאָן פון א גאנץ קנאפּער וויכטיגקייט.

## די וויכטיגסטע אויפגאבע פון אונזער נאז.

די וויכטיגסטע אויפגאבע פון אונזער נאָז איז צו פיהרען לופט פון דרויסען צו אונזערע לונגען און צוריק ארוים פון אונזערע לונגען.

די דרויסען לופט איז פיעל קעלטער פון דער לופט, וואָס געפינט זיך אין אונזערע לונגען און, ספּעציעל אין גרויסע שטעדט, איז די לופט בעלאָדען מיט פיעל שטויב און אַלערליי מיקראָבען. די נאָז ווארעמט אָן די דרויסען לופט איידער די לופט קומט צו צו אונזערע לונגען און זיפּט זי אויך דורך, פערהאַלטענדיג א גרויסע טייל פון די שטויב און באצילען.

אום צו קענען ערפילען דיזע צוויי אויפגאבעס אָנווארעמען און דורכ־זיפּען די לופט, איז אונזער נאָז בעזאָרגט מיט א פייכטער שליימיגער אינערליכער הויט און מיט פיעלע קליינע פיינע האָר. דיזער הויט איז

זעהר רייך אין פיינע בלוט־רעהרען, דורך וועלכע עס שטראָמט שטענדיג ווארעמע בלוט. די דרויסען לופט קומט אין בעריהרונג מיט דיזע ווארעמע בלוט־רעהרען און ווערט אָנגעווארעמט.

די צעלען, וואָס שטעלען צוזאמען די אינערליכע הויט פון דער נאָז, גיבען ארויס פון זיך אַ שליימיגע פליסיגקייט, וואָס האלט זיך אויף אַ קורצע צייט אויף די האָר פון דער נאָז און פערכאַפּט די שטויב און די מיקראָבען, וואָס געפינען זיך אין דער לופט, וואָס געהט דורך די נאָז־לעכער. פון צייט צו צייט רייניגען מיר די נאָז און שליידערען ארויס די שליים צוזאמען מיט'ן שטויב און אנדערע אונרייניגליכקייטען, וואָס קליי־בען זיך דאָרטען אָן. די אינערליכע הויט פון דער נאָז ווערט דאַן ריין און גיט ארויס פון זיך אַ פרישע שליימיגע פליסיגקייט, וואָס זעצט פאָרט די ארבייט פון רייניגען די לופט.

ווי אַ טרייער שומר, וואָס בעוואכט דעם טויער פון אַ פעסטונג צו פערהיטען, אַז אַ שונא זאָל ניט קענען בעפאלען די שטאָדט, אזוי וואכט אונזער נאָז ביים טויער, וואָס פיהרט צו די אינערליכע טיילען פון אונ־זער קערפער. אזוי לאנג ווי אונזער נאָז ערפילט איהר אויפגאַבע ווי עס דארף צו זיין ווערען אונזערע לונגען געהאלטען ריין. קוים אָבער ווערט די נאָז פערשטאָפּט קען זי מעהר ניט דורכזיפּען די לופט, וואָס מיר אטעמען.

ווען מיר ליידען פון אַ פערקעלטונג ווערט אונזער „סטים־היט און פילטער־פלענט” (דער מעכאַניזם פון דער נאָז) קאַליע. די צעלען, וואָס פּראָדוצירען שליים ווערען אויפגערייצט, אָנגעשוואָלען און זיי פּראָדוצי־רען אַ גערדיכטע, קלעפּיקע שליים, פון וועלכע עס איז כמעט אונמעגליך פּטור צו ווערען דורך „שנייצען די נאָז”.

אין די גוטע צייטען זיינען אויך די נאָז־לעכער ניט זעהר ברייט. מיט אַ קארעטע קען מען אין זיי זיכער ניט דורכפאָהרען, הייגט ווען די צעלען פון דער אינערליכער הויט ווערען נאָך געשוואָלען און בעדעקט מיט אַ דיקער קלעפּיגער שליים, ווערט דער דורכגאַנג אין דער נאָז אזוי פער־שפּארט, דאָס די לופט קען ניט דורכגעהן.

אָנשטאָט צו אטהעמען דורך דער נאָז אטהעמען מיר דאַן דורך'ן מויל. אונזער האלז האָט ניט קיין ספּעציעלען מעכאַניזם אויף צו ווארעמען און רייניגען די לופט און די קאלטע, מיט שטויב און מיקראָבען בעלאָדענע

לופט געפינט דאָן אַ פרייען צוטריט צו אונזער האַלז און לונגען. די גרעס-טע טייל פון דיזע מיקראָבען זיינען אונשעדליכע, אָבער מאַנכע פון זיי זיינען זעהר שעדליכע און דער רעזולטאַט איז — פערשיידענע ערנסטע האַלז און לונגען־קראַנקהייטען.

אין דער פערשטאָפּטער נאָז איז דערווייל אַ גאַנצער פּיקניק (יום טוב). געוועהנליך געפינען זיך פיעלע באַצילען אויף דער שליימיגער הויט פון דער נאָז. דיזע באַצילען, ווי מיר האָבען פריהער ערקלערט, ווערען פערהאַלטען פון דער לופט, וואָס געהט דורך די נאָז. אונטער נאָרמאַלע אומשטענדען ווערען דיזע מיקראָבען אַרויסגעשליידערט פון דער נאָז איי-דער זיי האָבען צייט צו פעראורזאַכען שאַדען, אָבער ווען די נאָז ווערט פערשטאָפּט, פאַנגט זיך אָן אַ פּיקניק פאַר די מיקראָבען. שפּייז האָבען זיי גענוג, וואַרעמקייט אויך, אַרויסשליידערען זיי קען מען ניט, ווייל דער וועג איז פערשפּאַרט, זיי פאַנגען דארום אָן צו פרעסען, זויפען און פערמעהרען זיך. דאָס פעראורזאַכט אַן ענטצינדונג אין דער אינערליכער הויט פון אונזער נאָז און מאַכט די לאַגע נאָך ערגער.

עפּענונגען אין די ווענד פון אונזער נאָז פיהרען צו די „סיינוסעס״, עפּענונגען אין די באַקען און שטערן־ביינער. די ענטצינדונג קען זיך דאַ-רום לייכט פערשפּרייטען. דער קאָפּ־וועהטאָג, וואָס עס ליידעט דער, וואָס איז פערקעלטערט, קומט דערפון, וואָס די ענטצינדונג אין דער נאָז האָט זיך פערשפּרייט צום שטערן־ביין. מאַנכע שעדליכע שטאָפען, וואָס ווערען פּראָדוצירט אויף די פּלעצער, וואו די ענטצינדונג איז, ווערען איינ-געזאַפּט אין'ם בלוט און צופיהרט איבער'ן גאַנצען קערפּער, פעראורזאַכענ-דיג היץ און אַנדערע סימנים פון אַ קראַנקהייט, וואָס בעריהרט דעם גאַנ-צען קערפּער.

דער שאַדען, וואָס אַ „קאַלד״ בריינגט פאַר'ן קערפּער, קען פערגליכען ווערען מיט דעם שאַדען, וואָס עס וואָלט געבראַכט פאַר אַ בעלאַגערטער שטאָדט, ווען די אַרמעע, וואָס בעוואַכט דעם טויער פון דער פעסטונג, וואָלט פּאַראַליזירט געוואָרען. דער שונא וואָלט געקראָגען אַ פרייען איינ-טריט אין דער בעלאַגערטער שטאָדט. ווען מיר האָבען אַ „קאַלד״ ווערט די נאָז, דער וועכטער ביים טויער פון אונזער קערפּער, אונפעהיג צו ערפילען איהר אויפגאַבע, און דער שונא — די קראַנקהייט־בריינגענדע מיקראָבען — קריגט אַ פרייען איינטריט אין אונזער קערפּער.

# ווי זיך אויסצוהיטען פון א „קאלד".

מאנכע מענשען ליידען פון א פעהלער אין דער ארכיטעקטור פון זיי-ער נאָז. ביי מאנכע איז דאָס ווענטעל, וואָס צוטיילט די אינערליכע עפע-נונג פון אונזער נאָז אין צוויי טיילען, אזוי אויסגעבויגען אָדער אזוי אויס-געקרימט, דאָס פון דער לייכטער ענדערונג אין דער בלוט-צירקולאציאָן אין זייער הויט, ווערט די אינערליכע הויט פון זייער נאָז אָנגעשוואָלען און די נאָז-לעכער פערשטאָפּט. ביי מאנכע מענשען וואקסען געוויסע זאכען אין דער נאָז, וואָס דארפען דאָרטען ניט וואקסען. און דאָס פיהרט אָפט צו קאָלדס. אזעלכע מענשען ווען פילייכט קיין מאָל ניט פּטור ווע-רען פון זייערע קאָלדס ווי פאָרזיכטיג זיי זאָלען ניט זיין. די איינציגע האָפנונג פיר דיזע מענשען איז לאָזען פעררעכטען זייער נאָז דורך אַן אָפּעראציאָן.

אָבער די, וואָס האָבען נאָרמאלע נעזער און קריגען אָפט קאָלדס, קענען זיך לייכט איינגעוואוינען זיך אויסהיטען פון פערקעלטונג. געוועהנ-ליך פערקיהלען זיך אזעלכע מענשען פון א צוג-לופט. זייער הויט איז ניט געוואוינט צו קעלט. די נערוועז, וואָס געפינען זיך אין דער הויט זיינען אזוי „צובאלעוועט", דאָס ביים קלענסטען ווינטעלע דערשרעקען זיי זיך. די אימפּולסען פון דיזע נערוועז פעראורזאכען א פּאניק אין דעם טייל פון נערוועז-סיסטעם, וואָס קאָנטראָלירט די בלוט-רעהרען. דאָס פער-טרייבט די בלוט פון דער הויט און פעראורזאכט א ענגשאפט פון בלוט אין די דינע רעהרען פון דער אינערליכער הויט פון דער נאָז. דיזע הויט ווערט אָנגעשוואָלען און דער רעזולטאט איז א קאָלד.

וואָס דיזע מענשען דארפען טאָן איז צוגעוואוינען זייער הויט צו קעלט, אויסלערנען די נערוועז פון זייער הויט ניט צו זיין אזעלכע שרעקע-דיגע. פערדלאך, וואָס ווערען ערצויגען אין א דאָרף, שרעקען זיך זעהר פאר קארס און אויטאָמאָבילס ביי זייער ערשטען וויזיט אין א שטאָדט. דאָס איינציגע מיטעל, ווי אזוי צוגעוואוינען אזא פערדעל צום שטאָדט-לעבען, איז עס צווינגען זיך צו צוגעוואוינען זיך צו קארס און אויטאָמאָ-בילס. דאָס זעלבע איז מיט אונזערע „עדעל ערצויגענע" נערוועז פון דער הויט. אויב זיי האָבען מורא פאר קעלט דארף מען זיי צוגעוואוינען צו קעלט.

דאָס דארף אָבער געטאָן ווערען לאנגזאם און פאָרזיכטיג.

דער ערשטער וועג ווי דאָס צו טאָן איז צו זיין וואָס מעהר אויף דער פרישער לופט. איינגעוואוינען די הויט פון קערפער צו פרישער לופט, ווען דיזע לופט איז ניט צו קאַלט, שטאַרקט עס די הויט און גיט איהר אַ מעג-ליכקייט אויסצוהאַלטען אַלערליי ענדערונגען אין וועטער. די הויט פון אונזער פנים איז אַלע מאָל אָפּגעדעקט און קומט אין דירעקטער בעריהרונג מיט דער דרויסען-לופט אפילו אין שטאַרקסטען פראָסט, און דיזע הויט איז דאַרום די שטאַרקסטע פון אונזער קערפער.

אָבער צוליב סאָציאַלע און אַנדערע אורזאַכען קענען מיר ניט געהן נאַקעט. די גרעסטע טייל פון אונזער קערפער מוז בלייבען פערדעקט און מיר דאַרפען דאַרום זעהן, דאָס די קליידער זאָלען זיין וואָס לייכטער און וואָס מעהר לופט זאָל קענען דורך זיי צוקומען צו דער הויט. ספּעציעל איז דאָס דער פאַל ווינטער-צייט. דעם גאַנצען טאָג פערברייננגען די מעהר-סטע מענשען אין שעפּער, סטאָרס, פעקטאָרים אָדער אָפיסעס. די אַט-מאָספערע אין דיזע פּלעצער איז אַ וואַרעמע, אַ זומערדיגע און דאָס טראָ-גען וואַרעמע ווינטערדיגע אונטערוועש שוואַכט אָפּ די הויט אַזוי פיעל, דאָס דער שוואַכסטער ווינטעלע פעראורזאַכט פערקעלטונג. דאָס בעסטע פאַר מענשען, וואָס פערברייננגען זייערע טעג ניט אין דרויסען איז צו מאַ-כען ווינטער לייכטע קליידער און אָנטאָן וואַרעמע אויבערקליידער ווען זיי געהען אַרויס אין גאַס אויף דער קעלט.

אוים דער זעלבער אויבען-דערמאָהנטער אורזאַכע איז אויך שעדליך צו איבערהייצען די צימערען, אין וועלכע מען וואוינט. אַרום 70 גראַד פאַרענהייט איז די בעסטע טעמפּעראַטור פאַר דער וואוינונג. אַ העכערע טעמפּעראַטור שוואַכט אָפּ אונזער הויט און זעצט אונז אוים דער געפאַהר צו קריגען אָפט „קאָלדס".

אַן אויסגעצייכענטעס מיטעל ווי צוגעוואוינען די הויט צו קעלט איז דורך קאַלטע בעדער. דער וואָס איז ניט געוואוינט צו קאַלטע וואַסער קען אָנפאַנגען זיך צוגעוואוינען דורך ספּאָנדזשען יעדען פריהמאָרגען דעם קערפער מיט קאַלטע וואַסער. אַ האַנד, צום ביישפּיל, ווערט פריהער גע-ספּאָנדזשט מיט קאַלטע וואַסער און אָפּגעטריקענט מיט אַ האַנדטוך. נאַכהער ווערט די צווייטע האַנד געספּאָנדזשט און אָפּגעטריקענט, נאַכהער די פּלייצעס, נאַכהער די ברוסט, דער בויך א. ז. וו. אויף אַזאַ אופן ווערט דער גאַנצער קערפער געוואַשען מיט קאַלטע וואַסער.

נאָך אזא ספּאָנדזש=באָד איז נויטיג גוט דורכצורייבען דעם קערפּער מיט א טערקישען האנדטוך ביז די הויט קריגט צוריק איהר רויטליכען קאָליר און מען פיהלט זיך ווארעם. אויף אזא אופן קען מען זיך בישלעכווייז צוגעוואוינען צו קאַלטע בעדער און די הויט ווערט צוגעוואוינט „זיך ניט צו שרעקען" פאַר פּלוצלינגע קעלט.

פערשטאָפּונג איז אן אויסגעצייכענטער אגענט פאר „קאָלדס" און די, וואָס ליידען פון מאָגען פערשטאָפּונג קריגען „קאָלדס" אלס צוגאָב. אום אויסצומיידען א פערקיהלונג מוז מען דארום אויסמיידען צו ליידען פון פערשטאָפּונג.

איבערעסען זיך פיהרט אָפּט צו „קאָלדס". עס וואָלט פערנומען צופיעל פון דיזען בעשרענקטען פּלאַץ צו ערקלערען ווי אזוי צופיעל עסען ווירקט אויף דער אינערליכער הויט פון נאָז, אָבער אז דאָס איז אזוי איז שוין פיעלע מאָל בעוויזען געוואָרען.

דאָס זעלבע איז דער פאַל מיט צופיעל ארבייט. ווען דער קערפּער איז מיעד און אויסגעמאטערט איז זיין ווידערשטאנדס=קראפט געגען די מיקראָבען זעהר שוואך און ער איז דאן אויסגעזעצט דער געפאהר צו קריגען „קאָלדס" אָדער פיעל ערנסטערע קראנקהייטען.

עס איז אויך נויטיג צו זיין פאָרזיכטיג אין אומגעהן מיט מענשען, וואָס ליידען פון א „קאָלד". אזעלכע מענשען האָבען געוועהנליך די קאָלד-באצילען אין זייער נאָז או ווען זיי ניסען אָדער הוסטען פערשפּרייטען זיי דיזע באצילען אויף אלעס און אלעמען, וואָס געפינט זיך ארום זיי.

אויב איהר ליידעט פון א פערקעלטונג און ניסט, האלט א נאָז=טיכעל פאר אייער נאָז ווען איהר ניסט, פערהיט, אז איהר זאָלט ניט פערשפּרייטען די קאָלד=באצילען ארום זיך און אָנשטעקען אנדערע מיט אייער קראנקהייט. קושט ניט קיינעם וואָס האָט א „קאָלד". קושען זיך איז איינע פון די דירעקטע וועגען, דורך וועלכע די קאָלד=באצילען פערשפּרייטען זיך פון איין מענשען צום אנדערען.

דער סך הכל פון דעם אלעמען איז דאָס, אום אויסצומיידען „קאָלדס", מוז די נאָז קודם כל זיין נאָרמאל. אונזער הויט דארף זיין צוגעוואוינט צו פרישע לופט. דאָס קענען מיר אויספיהרען דורך זיין און לעבען אזוי פיעל ווי נאָר מעגליך אויף דער פרישער לופט. טראָגען לייכטע קליידער, ניט צופיעל איבערהייצען אונזערע וואוינונגען און די צימערען, וואו מיר פערברייגנען די גרעסטע טייל פון טאָג, און דורך קאַלטע בעדער. מיר

מוזען אויך האַלטען אונזער מאַגען אין אָרדנונג, ניט עסען צופיעל און ניט אַרבייטען אַזוי שווער, דאָס אונזער קערפּער זאָל ווערען אויסגעמאַטערט און זיך אויסהיטען פון אָנשטעקען זיך מיט א קאָלד פון די, וואָס האָבען איהם שוין.

## ווי צו בעקעמפען א „קאָלד" ווען מען האט איהם שוין.

ווען מען האָט שוין געכאַפּט אַ קאָלד, אָדער בעסער געזאָגט, ווען דער קאָלד האָט אייך שוין געכאַפּט (ווען מען האָט זיך שוין פערקעלטערט) דאַרפט איהר אַזוי ווייט ווי נאָר מעגליך אויסמיידען אַ צוג־לופט. דער קערפּער מוז דאַן געהאַלטען ווערען וואַרעם, ספּעציעל מוזען די פיס געהאַל-טען ווערען וואַרעם.

אויב איהר קענט אויספיהרען איז גלייכער בלייבען צו בעט א טאָג. אויב דאָס איז אונמעגליך איז גוט צו בלייבען די גרעסטע טייל פון טאָג אין א הויז אָנשטאָט אין דרויסען. אויב אין דרויסען איז שעהן און וואַרעם און דער פערזאָן, וואָס האָט אַ קאָלד איז גוט בעשיצט געגען ווינטען, וועט דאָס פערברייינגען אויף דער פרישער לופט איהם העלפען פטור ווערען פון קאָלד, ..ויב אָבער אין דרויסען איז קאַלט און פייכט וועט דער קאָלד זיכער ערגער ווערען.

די מעהרסטע מענשען האָבען שוין גענוג ערפאַהרונגס מיט קאָלדס צו קענען דערקענען ווען זיי האָבע זיך צוגעקיהלט. די מעהרסטע מענשען דערפיהלען, אז זיי האָבען אַ קאָלד אַזוי שנעל, ווי זיי פאַנגען אָן צו ניסען און מיט אייניגע שטונדען איידער דער „קאַטער" פאַנגט זיך אָן.

אין אַזאַ פאַל קענען מיר סטאָפּען דעם קאָלד איידער ער געהט ווייטער. אויב איהר פיהלט, אז איהר האָט זיך צוגעקיהלט און עטוואָס אונאַנגענעהמליכעס רייצט די אינערליכע הויט פון אייער נאָז און מאַכט אייך צו ניסען, טוט פאָלגענדעס:

נעהמט א מאָסטאַרד (זענעפט) פוס־באָד. גיסט אָן א גרויסע שיסעל מיט הייסע וואַסער און טוט אריין אַ טעע־לעפעלע געלע מאָסטאַרד (מאָס-טאַרד קענט איהר קריגען אין יעדע גראָסערי סטאָר פאַר אייניגע סענט). מישט עס גוט אויס און האַלטביידע פיס אין דער הייסער וואַסער פאַר אונגעפעהר צעהן אָדער צוואַנציג מינוטען, אָדער ביז די פיס ווערען רויט, וואַשט גוט אָפּ די פיס און געהט שלאָפען, און פאַר'ן שלאָפען געהן טרינקט אויס א הייס גלאָז מילך אָדער אַ הייסע גלאָז וואַסער מיט לעמאָן־זאַפט

און דעקט זיך גוט איין אין בעט. איבער נאַכט וועט איהר זיך גוט דורכ־שוויצען און אין די מעהרסטע פעלע, וועט דער קאָלד ביז אין דער פריה פער־שווינדען. „איהר וועט דעם קאָלד אויסשוויצען".

אין פאַל אייער מאָגען איז ניט אין אָרדנונג, אויב איהר מוזט אָפט נעהמען א אָפּפיהר־מיטעל, נעהמט א האַלבען אונץ ביטער־זאַלץ פאַר'ן געהן שלאָפען.

אויב איהר כאַפּט זיך ניט בעצייטענס און דער קאָלד איז שוין אַזוי ווייט פערגאַנגען, אַז איהר האָט א קאַטער, ווען פון נאָז און פון די אויגען האַלט אין איין רינען או די נאָז איז אַזוי פערלעגט, אַז איהר זייט געצוואונגען צו אָטהעמען דורך'ן מויל, דאַן וועט אייך די אויבענדערמאָהנטע מיטעל ניט העלפען. געהט צו א דאָקטאָר און יענער וועט אייך געבען עטוואָס מיט וואָס צו שפּריצען אָדער אויסוואַשען אייער נאָז.

אויב דער קאָלד האַלט אָן לענגער ווי דריי פיער טעג, טראָץ דיזע בעהאַנדלונג, לאָזט א דאָקטאָר אונטערזוכען אייער נאָז. אָפטמאָל איז א קאָלד בלויז אַן אָנפאַנג פון א פיעל ערנסטערער קראַנקהייט און טאָר ניט פערנאַכלעסיגט ווערען.

ע ס ע ן. עס איז גלייכער צו עסען וואָס ווייניגער, ווען מען האָט א קאָלד. איבערהיפּערען א מאָלצייט, אָדער עסען בלויז פרוכט און גרינ־צייג און פערטרינקען מיט א סך וואַסער און דערצו האַלטען דעם מאָגען אָפען וועט העלפען דעם קערפּער גיך בייצוקומען דעם קאָלד און עס וועט צו קיין ערנסטערע קראַנקהייט ניט קומען.

„קאָלדס" פערשאַפען אונז ניט נאָר אונאַנגענעהמליכקייטען אויף א ווײַלע, נאָר זיי זיינען אויך זעהר קאָסטבאַר. ניט איין טאָג ארבייט און ניט איין דאָלאַר געהט פערלאָרען צ יב אַזא „לייכטע" קראַנקהייט, ווי א קאָלד און אָפטמאָל איז דער קאָלד בלויז אַן אָנפאַנג פון אַן ערנסטער קראַנקהייט. עס לוינט זיך דאַרום אפילו בלויז פון א פינאַנציעלען שטאַנד־פּונקט זיך אויסהיטען פון קאָלדס.



# „מאדאם לא גריפּ" אדער אינפלוּענזא.

א לייכטע קראַנקהייט מיט גאַנץ ערנסטע רעזולטאַטען — ווי אַזוי די קראַנקהייט ווערט פערשאַפט — די פערשיידענע פאָרמען פון דער קראַנקהייט.

צו יעדע זאַך דאַרף מען האָבען מזל, אפילו צו קראַנקהייטען. פאַראַן קראַנקהייטען, פאַר וועלכע מענשען שרעקען זיך, ווי פאַר א ניט־גוטען, און ביים קלענסטען פערדאַכט, דאָס זיי ליידען פון איינע פון דיזע קראַנקהייטען, לויפען זיי גלייך צו א דאָקטאָר און ווענדען אָן אַלערליי מיטלען געזונד צו ווערען. פאַראַן אויך אַנדערע קראַנקהייטען, מאַנכע פון זיי גאַנץ ערנסטע, וואָס האָבען א נאָמען אַלס „לייכטע קראַנקהייטען", אן איבערגאַנג, אזא, וואָס איז ניט זעהר ערנסט, און וועגען וועלכע עס לוינט זיך ניט צו מאַכען א טאַראַראַם.

צו דער צאָהל פון דיזע לייכטע קראַנקהייטען קען צוגערעכענט ווערען אינפלוענזא, אָדער די גריפּ.

די גריפּ איז אַן ערנסטע קראַנקהייט, פיעל ערנסטער ווי דער דורכשניטליכער עולם דענקט. זי איז א זעהר געפעהרליכע שוין דערפאַר, וואָס מיר האָבען ניט קיין רפואה צו איהר. דאָס איינציגע, וואָס מיר קענען טאָן איז טרייען צו פערהיטען, דאָס די, וואָס זיינען שוין אָנגעגריפען פון דיזער קראַנקהייט, זאָלען ניט אָנשטעקען אַנדערע און טרייען ווירקען אויף די געזונדע זיי זאָלען זיך אויסהיטען פון קריגען די גריפּ פון די, וואָס האָבען שוין דיזע קראַנקהייט. דער בעסטער וועג ווי דאָס צו טאָן איז, ווי מיר שיינט, בעקענען דעם עולם מיט דעם כאַראַקטער און די געפאַהרען פון דיזער „לייכטער" קראַנקהייט.

## די ביאָגראַפיע פון „מאדאם לא גריפּ".

אינפלוענזא, אָדער „מאדאם לא גריפּ", ווי די פראַנצויזען האָבען דיזע קראַנקהייט א נאָמען געגעבען, איז א זעהר ווייט־פערשפּרייטע קראַנקהייט, וואָס ווערט פעראורזאַכט פון א ספּעציעלען סאָרט באַצילען; אינ-

פלוענזא־באצילען רופט מען זיי. אָבער די קראַנקהייט איז געווען בעקאַנט נאָך לאַנג איידער מען האָט גאָר איבערהויפט געוואוסט וועגען די עקזיס-טענץ פון באצילען.

שוין אין 16טען יאָהרהונדער האָט אַ פּאַנדעמיע (אַן עפּידעמיע, וואָס פערשפּרייט זיך איבער דער גאַנצער וועלט) ארומגעכאַפּט פיעל לענדער און געפאָדערט צעהנדליגע טויזענדע קרבנות. זייט דאַן איז די גריפּ גע-בליבען ביי אונז אַ שטענדיגער גאַסט. פון צייט צו צייט פערשפּרייט זי זיך אין אַ געוויסען לאַנד און שפּאַצירט פון שטאָדט צו שטאָדט, איבער-לאָזענדיג נאָך זיך פיעלע טויטע און אַ היבש ביסעל פערוואונדעטע. צייי-טענווייז, ווען דיזע קליינע שפּאַציר־גענגע ווערען איהר צו לאַנגווייליג, מאַכט זי אַ רייזע ארום דער וועלט און איהרע קרבנות צעהלען זיך דאַן אין די צעהנדליגע טויזענרער.

אין פערלויף פון לעצטען יאָהרהונדערט האָט „מאַדאַם לאַ גריפּ״ פיעל מאָל ארומגעשפּאַצירט די גאַנצע ציווילייזירטע וועלט. דער ערשטער שפּאַ-ציר אָדער פּאַנדעמיע, ווי דאָס הייסט אויף דער וויסענשאַפטליכער שפּראַך, איז פּאָרגעקומען אין יאָהר 1830. דריי יאָהר האָט דאַן געדויערט ביז די גריפּ האָט געענדיגט איהר רייזע ארום דער וועלט און פּונקט אַזוי פיעל צייט האָט זי זיך אָפּגערוהט.

מיט דריי יאָהר שפּעטער אין יאָהר 1836 האָט אויסגעבראָכען אַ צווייטע פּאַנדעמיע פון די גריפּ. אין יאָהר 1847 איז פּאָרגעקומען אַ דריי-טע, און אַ פערטע רייזע ארום דער וועלט האָט „מאַדאַם לאַ גריפּ״ גע-מאַכט אין יאָהר 1889. אין די פעראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקאַ קו-מען אָפט פּאָר עפּידעמיעס, ווען די קראַנקהייט פערשפּרייט זיך איבער איי-ניגע שטאַאַטען. אַזאַ עפּידעמיע איז פּאָרגעקומען ערשט אַ פּאָר יאָהר צוריק.

אין יאָהר 1918 האָט די אינפלוענזאַ נאָך אַמאָל געמאַכט אַ שפּאַציר איבער דער גאַנצער וועלט און האָט אין פערלויף פון איניגע מאָנאַטען גע-טויטעט מעהר מענשען, ווי די גרעסטע פון אַלע וועלט־מלחמות האָט גע-טויטעט אין פערלויף פון פיר יאָהר צייט. דיזע נייעסטע עפּידעמיע האָט זיך אָנגעפאַנגען אין שפּאַניען און איז דאַרום געווען בעקאַנט אַלס שפּאַ-נישע אינפלוענזאַ.

אין מאַנכע שטעדט, וואו די גריפּ הערשט, פערכאַפּט זי ארום פערציג פּראָצענט פון דער גאַנצער בעפעלקערונג. און אין אַלע לענדער, וואָס זי

בעזוכט, לאָזט זי איבער איהרע אַגענטען, וואָס זאָרגען שוין דאפיר, אז די גריפּ זאָל חלילה ניט אין גאַנצען פערשווינדען ביז זי וועט מאַכען איהר נעקסטען שפּאַציר איבער דער וועלט.

„מאַדאַם לאַ גריפּ“ האָט קיין רעספּעקט פאַר'ן וועטער. זי קען קומען אין יעדע צייט פון יאָהר, אָבער אַם מעהרסטען גלייכט זי צו קומען צו גאַסט ווינטער צייט און אין פריהלינג. זי מיידעט ניט אויס קיין קלי־מאַט. היץ אָדער קעלט שרעקען זי ניט אָפּ. זי בעזוכט הייסע, קאַלטע און מעסיגע (מילדע) קלימאַטען און אין יעדע געגענד פערברייינגט זי פון איין ביז אַכט וואָכען צייט.

די גריפּ אַליין איז ניט זעהר לעבענס־געפעהרליך. בלויז איינער פון צוויי הונדערט אינפלוענזאַ־קראַנקע שטאַרבט, ווען ער האָט בלויז די גריפּ אָהן אַ צומישונג פון אירגענד וועלכע אַנדערע קראַנקהייט. די צרה איז אָבער, וואָס אין די מעהרסטע פעלע ברייינגט די גריפּ מיט זיך אַ גאַנצען קאַראַוואַן נאָכפאָלגער, ווי בראָנקייטיס, לונגען־ענטצינדונג, האַרץ־קראַנק־הייט, אויערען־ענטצינדונג און אַנדערע ערנסטע קראַנקהייטען, און דיזע זיינען שוין יע לעבענס־געפעהרליך.

## ווי אזוי די גריפּ ענטוויקעלט זיך.

ווען איינער שטעקט זיך אָן מיט די באַצילען פון דיזער קראַנקהייט דויערט עס געוועהנליך פון איין ביז פיער טעג צייט ביז ער דערפיהלט זיין קראַנקהייט און ביז די סמנים פון דער קראַנקהייט בעווייזען זיך. דאָס איז דערפאַר, וואָס די ערשטע בריגאַדע באַצילען, וואָס אַטאַקירען דעם פּערזאָן, זיינען צו שוואַך אין צאָהל צו קענען שאַפען גענוג גיפט, וואָס זאָל פער־אורזאַכען די אַלע שמערצען, וואָס די קראַנקהייט פערשאַפט, ווען זי איז פאָלשטענדיג ענטוויקעלט.

אין די איינציגע טעג צייט, וואָס עס דויערט, איידער די ערשטע סמנים פון דער קראַנקהייט בעווייזען זיך, פערמעהרען זיך די באַצילען און פּראָ־דוצירען גענוג גיפט צו פערפלייצען דעם גאַנצען קערפּער און דאַן ערשט דערפיהלט דער אָנגעגריפענער פּערזאָן, דאָס ער איז קראַנק.

דער אָנגריף קומט געוועהנליך פּלוצלינג. דער קראַנקער דערפיהלט אַ שטאַרקען קאָפּ־וועהטאָג, שמערצען אין אַלע איברים, עס פיבערט איהם. אָפּטמאָל פיהלט דער קראַנקער אָן איבעלקייט צו ברעכען און ער ברעכט טאַקע גאַנץ אָפט. אָבוואָל ער טוט ניט קיין אַרבייט פיהלט ער זיך זעהר

אָפּגעשוואַכט און שטאַרק אויסגעמאַטערט. אין מאַנכע פעלע זיינען פיבער און אויסערגעוועהנליכע אויסגעמאַטערטקייט, וואָס דער קראַנקער פיהלט, די איינציגע סימפּטאָמען פון דער קראַנקהייט.

אויב קיין אַנדער קראַנקהייט וואַרפט זיך ניט צו דויערט די קראַנקהייט פון צוויי ביז דריי טעג צייט. דער קערפּער אַרבייט דאַן אויס געגנוג געגנען־גיפט צו דעם גיפט פון די גריפּ־באַצילען און די סימפּטאָמען פון דער קראַנקהייט פערשווינדען.

## פערשיידענע פאָרמען פון אינפלוענזא.

ניט אין אַלע פעלע פון גריפּ זיינען די סמנים פון דער קראַנקהייט די זעלבע. ניט אַלע איהרע קרבנות גרייפט „מאַדאַם לא גריפּ" אַן אויף'ן זעלבען אופן. ביי מאַנכע גרייפט די קראַנקהייט אַן הויפּטזעכליך דעם אָטהעמונגס־מעכאַניזם: די נאָז און האַלז, ביי מאַנכע דעם מאָגען און די קישקעס, ביי מאַנכע גרייפט די גריפּ אַן דעם נערווען־סיסטעם, און אין מאַנכע פעלע איז דער אָנגריף פון דיזער קראַנקהייט עהנליך צו אַן אַטאַקע פון „רהומאַטיזם".

אין יעדען פון דיזע קלאַסען קראַנקע זיינען די סמנים פערשיידען. יעדע פאָרמע פון די גריפּ אונטערשיידעט זיך זעהר פיעל פון די אַנדערע און ווען עס הערשט ניט קיין גריפּ־עפּידעמיע נעהמט מען געוועהנליך אַן די פערשיידענע פאָרמען פון אינפלוענזא פיר בעזונדערע קראַנקהייטען.

אין דער ערשטער פאָרמע פאַנגט די קראַנקהייט זיך אַן ווי אַ שטאַרקע „פערקעלטונג". דער קראַנקער ניסט פיעל, דער נאָז איז איהם פערשטאָפּט, דער קאָפּ איז איהם שווער, ווי אָנגעפילט מיט בליי, אין האַלז טוט וועה, די אויגען זיינען „אָנגעגאָסען" און רויט.

אויב קיין אַנדער קראַנקהייט פאַלט ניט צו ווייזען זיך ניט קיין אַנדערע סמנים און נאָך איינ'גע טעג צייט ערהאָלט זיך דער פערזאָן פון זיין קראַנקהייט.

זעהר אָפט ענטוויקעלט זיך אָבער אין דיזען קאַטאַר צושטאַנד אויף לונגען ענטצינדונג און די מעהרסטע, וואָס שטאַרבען פון דיזער פאָרמע פון די גריפּ, שטאַרבען פון „בראָנקייטיס" אָדער לונגען־ענטצינדונג.

אין דער צווייטער פאָרמע פון דער גריפּ דערפיהלט דער קראַנקער פּלוצלינג שרעקליכע קרעמפּפען אין בויך און אַ שטאַרקע איבעלקייט. אין אַ קורצע צייט אַרום פאַנגט ער אַן צו ברעכען. דער בויך ווערט אויפגע-

בלאָזען און ווערט אזוי עמפּפינדליך, דאָס די לייכסטע בעריהרונג פערורזאכט שמערצען. אין מאנכע פעלע זיינען די בויך־שמערצען עהנליך צו די, וואָס מען פיהלט, ווען מען ליידעט פון אפּענדיסיטיס און אָפט קען מען א טעות האָבען און אויף איינעם, וואָס ליידעט אויף דיזער פאָרמע גריפּ, קען דענקען, דאָס ער ליידעט פון אן ענטצינדונג אין זיין אפּענדיקס.

די דריטע פאָרמע פון די גריפּ אטאקירט דעם נערוועןִ־סיסטעם פון איהר קרבן. דער קראנקער דערפיהלט פּלוצלינג שטארקע קאָפּ־שמערצען און וועהטאָגען איבער'ן גאנצען קערפּער. די וועהטאָגען שיינען צו זיין אין די סאמע ביינער און דער קראנקער פיהלט זיך ערשעפּפט און אָפּגעשוואכט. ביי מאנכע קראנקע ווערען די אויגען אָנגעגריפען און זיי קענען ניט פערליידען די שיין, אנדערע קראנקע זיינען אזוי נערוועז, דאָס זיי קענען קיין הויכען קול ניט פערליידען. ביי מאנכע ווערען די מוסקולען פון האלז אזוי שטייף צוזאמענגעצויגען, דאָס זיי קענען דעם קאָפּ ניט בעוועגען, אנדערע ליידען פון קאָנוואולסיעס און זאָגאר פון א לייכטע פאָרמע פון וואהנזין.

געוועהנליך געדויערט דיזער צושטאנד בלויז איינעגע טעג צייט און נאכהער פאנגט דער קראנקער אָן זיך צו ערהאָלען. אָבער אין דער צייט פון דער ערהאָלונג קען ער זעהר לייכט קריגען א נייע און ערנסטע קראנקהייט.

## נאכוועהענישען פון די גריפּ.

די גריפּ, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, איז א זעהר ערנסטע קראנקהייט. גענוג ערנסט מיט דער שטארקער אונאנגענעהמליכקייט, וואָס דער קראנקער פיהלט בעת ער איז קראנק, אָבער נאָך ערנסטער איז זי מיט די נאָכוועהענישען, וואָס זי ברייננגט מיט זיך אין א גרויסע צאָהל פעלע.

געזונדע מענשען, דאָס הייסט אזעלכע, וואָס זיינען אלע מאָל קערפּערליך שטארק און פאסען אויף אויף זייער געזונד, קומען געוועהנליך אָפּ מיט א לייכטען קאטאַר, און אויב זיי געהען גלייך צו בעט און רוהען זיך אוים איינינע טעג, ווערען זיי אין די מעהרסטע פעלע צוריק געזונד אין איינינע טעג ארום.

אין פיעלע פעלע אָבער, ספּעציעל ווען דער, וואָס ליידעט פון די גריפּ, פאָלגט ניט דעם ראט פון דאָקטאָר און רוהט זיך ניט אוים, ברייננגט די גריפּ מיט זיך גאנץ ערנסטע נאָכוועהענישען.

די לייכטסטע נאָכוועהעניש פון דיזער קראַנקהייט איז צו האָבען די גריפּ יעדען יאָהר, און פאר די איינציגע טעג אונאנגענעהמליכקייט צו פערבלייבען אין בעט, וואָס דער קראַנקער וויל זיך איינשפּאָרען אין דעם ערשטען פאַל, האָט ער צו ליידען פון דער זעלבער קראַנקהייט יעדען יאָהר.

די הויפּט־געפאהר פון די גריפּ בעשטעהט אין דעם, וואָס דיזע קראַנקהייט שוואַכט אָפּ די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון אונזער קערפּער און זעצט אונז אויס דער געפאהר פון קריגען פערשיידענע קראַנקהייטען, וואָס „וואַרפען זיך אונטער". אַן ענטצינדונג פון מיטעלען טייל פון אויער, וואָס איז אַן ערנסטע קראַנקהייט, אַן ענטצינדונג אין די אויגען און אַן ענטצינדונג פון מאַנכע נערוועז (ניוריטיס) קומען מאַנכעס מאָל אַלעס פאָלגע פון אינפלוענזא.

פיעלע מענשען טראָגען זיך ארום מיט „ניומאָניא" (לונגען ענטצינדונג) באַצילען אין זייערע העלזער. אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען געזונד האָבען דיזע באַצילען איבער זיי קיין שליטה נים. די גריפּ שוואַכט אָבער אָפּ די ווידערשטאַנד־קראַפט פון קערפּער. זי עפענט פריי די טויערען פאַר דיזע באַצילען און דער רעזולטאַט איז, דאָס דער קראַנקער איז אין גרויס געפאהר צו קריגען לונגען ענטצינדונג. ניומאָניא אין אַזא פאַל איז א זעהר ערנסטע קראַנקהייט.

עס איז פאראַן נאָך א נאָכוועהעניש פון אינפלוענזא, א פיעל געפעהרליכערע ווי די אַנדערע דערפאר, וואָס זי גנב'עט זיך אריין צו איהר קרבן און טוט איהר ארבייט שטילערהייד אַזוי, דאָס דער קראַנקער ווייס גאָרניט דערפון, און ווען ער דערוויסט זיך איז שוין געוועהנליך צו שפּעט, ער בלייבט א קראַנקער אויף זיין גאַנצען לעבען. דיזע נאָכוועהעניש איז — האַרץ־קראַנקהייט.

## די אויסזיכטען פון קראַנקען.

די אויסזיכטען פון קראַנקען געזונד צו ווערען זיינען גאַנץ גוטע, ספּעציעל אין די פעלע, וואו עס „ווארפט זיך ניט צו" קיין אַנדער קראַנקהייט. פאַר עלטערע און שוואַכע מענשען איז אינפלוענזא א זעהר ערנסטע קראַנקהייט, וויל לונגען ענטצינדונג איז אַן אָפטע נאָכוועהעניש ביי אַזעלכע קראַנקע און דיזע צווייטע קראַנקהייט פעראורזאַכט דעם טויט אין פיעלע פעלע פון אינפלוענזא.

# וואס צו טאן אין פאל פון אינפלוענזא.

ווען איינער קריגט די גריפּ דאַרף ער זיך בעטראַכטען פאַר אַן ערנסטען קראַנקען. ער דאַרף זיך גלייך לעגען צו בעט און שיקען רופען אַ דאָקטאָר. איידער דער דאָקטאָר קומט קען דער קראַנקער שוין אָנפאַנגען די בעהאַנדלונג דערמיט, וואָס ער וועט נעהמען אַן אָבפיהר־מיטעל (צוויי עס־לעפעל קאסטאָר אָיל פאַר אַן ערוואַקסענעם מענשען). ער דאַרף אויך נעהמען אַ הייסע „מאָסטאַרד“ (זענעפט) פוס־באַד.

דיזע פוס־באָד ווערט געמאַכט ווי פאָלגט: אין אַ הייסע שיסעל וואַסער טוט מען אריין אַ טעע־לעפעלע געלען מאָסטערד (זענעפט). דער קראַנקער מאַכט זיך דאַן גרייט צו געהר צו בעט און זיצענדיג אויף׳ן בעט האַלט ער די פיס אין הייסע וואַסער פאַר צעהן אָדער פופצעהן מינוטען ביז די פיס ווערען רויט. די פיס דאַרפען דאַן גוט אָפּגעטריקענט ווערען און דער קראַנקער דאַרף זיך לעגען צו בעט און זיך גוט איינדעקען. עס איז אויך ראַטזאַם אין אַזאַ פאַל אויסצוטרינקען אַ הייסע גלאָז וואַסער, אין וועלכע מען טוט אריין עטוואָס לעמאָן־זאַפט און עטוואָס צוקער צו מאַכען עס מעהר בע׳טעם׳ט. עס איז גלייכער צו נעהמען די פוס־באָד נאָך דעם, ווי די קאַסטאָר אָיל ווירקט אום מען זאָל ניט דאַרפען אויפשטעהן פון בעט, ווען דאָס אָבפיהר־מיטעל פאַנגט אָן צו ווירקען.

דיזע „פּאָרלויפיגע בעהאַנדלונג“ איז אין מאַנכע לייכטע פעלע אַלעס, וואָס דאַרף געטאָן ווערען פאַר׳ן קראַנקען, און אויב ער פערבלייבט איינינגע טעג אין בעט און רוהט זיך אויס ווערט ער אין גאַנצען פריי פון דער אָנשיקעניש. אין ערנסטערע פעלע איז דאָס אָבפיהר־מיטעל און די הייסע פוס־באָד אַ גוטער אָנפאַנג און עס העלפט פיעל דעם דאָקטאָר אין דער וויטערער בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט.

אין פערלויף פון דער קראַנקהייט דאַרף דער קראַנקער זיין אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. אינפלוענזאַ איז אַן אָנשטעקענדע קראַנקהייט און דער וואָס ליידעט פון איהר, ווען ער ניסט, הוסט אָדער שפּייט, פערשפּרייט ארום זיך די אינפלוענזאַ מיקראָבען, וואָס שטעקען אָן אַנדערע מענשען מיט דער זעלבער קראַנקהייט. דאָס גלייכסטע וואָלט געווען, ווען מען זאָל קענען אָפּזונדערען יעדען, וואָס ליידעט פון דיזער קראַנקהייט פּונקט ווי מען האַלט אָפּגעזונדערט יעדען, וואָס ליידעט פון סקאַרלעט פיבער (שאַרלאַך) אָדער עהנליכע אָנשטעקענדע קראַנקהייטען.

עס איז אויך זעהר נויטיג, דאָס די גאַנצע צייט פון דער קראַנקהייט זאָל דער חולה שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר. ווי לייכט עס זאָל ניט זיין די פאָרמע, אין וועלכע די קראַנקהייט עקזיסטירט איז גלייכער, דאָס דער דאָקטאָר זאָל אכטונג געבען אויף'ן קראַנקען און זאָל, אויב מעגליך, פערהיטען דאָס עס זאָלען זיך ניט אונטערוואַרפען קיין אַנדערע, פיעל ערנסטערע קראַנקהייטען.

אויב די גריפּ איז אין איהר מעהר ערנסטע פאָרמע און דער קראַנקער ליידעט פיעל, איז איבעריג איהם צו זאָגען, דאָס ער נויטיגט זיך אין אַ דאָקטאָר'ס בעהאַנדלונג. עס איז אָבער יע נויטיג איהם צו וואָרנען, דאָס ער זאָל זיך ניט בעטראַכטען פאַר פאָלשטענדיג קורירט אַזוי שנעל ווי זיינע שמערצען פערשווינדען. רוה, פאָלשטענדיגע רוה פאַר אַ צייט, אויך נאָך דעם, ווי די הויפּט־סמנים פון דער קראַנקהייט פערשווינדען, איז נויטיג אום צו פערהיטען דעם קראַנקען, פון ערנסטע קאָמפּליקאַציעס.

די גריפּ איז פערוויגט אַלס אַ לייכטע קראַנקהייט. אין דער אמת'ן אָבער, ווי מיר האָבען שוין געזעהען, איז זי אַ זעהר ערנסטע קראַנקהייט מיט זעהר ערנסטע פאָלגען, קיין דירעקטע וואָפען געגען די מיקראָבען, וואָס פערראורזאַכען דיזע קראַנקהייט האָבען מיר ניט. ווען דיזע מיקראָבען גרייפען אָן אַ מענשען פאַנגט אָן דער אָנגעגריפענער קערפּער זעלבסט אַ קאַמף מיט זיינע שונאים מיקראָבען. אויב דער קערפּער בעזיצט אַ שטאַרקע ווידערשטאַנדס־קראַפט בעקעמפט ער די מיקראָבען און ווערט געזונד, אויב ניט, קריגען די אינפלוענזאַ־באַצילען אַ פרייע האַנד און זיי שאַלטעווען וויפיעל זעהר האַרץ געלוסט.

אַלעס וואָס מיר קענען טאָן איז צו העלפען דעם קערפּער אין דיזען קאַמף. מיר קענען עטוואָס אָפּשוואַכען די ווירקונג פון די מיקראָבען. מיר קענען עטוואָס פערגרעסערען די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון קערפּער, און מיר קענען געוויסערמאַסען פערקלענערען די מאָס אַרבייט, וואָס דער קערפּער דאַרף טאָן אונטער געוועהנליכע אומשטענדען, אום ער זאָל קענען פערברויכען מעהר ענערגיע אויף'ן קאַמף מיט די אינפלוענזאַ־באַצילען. דיזע הילף, וואָס מיר גיבען דעם קערפּער אין זיין קאַמף מיט די באַצילען דריקט זיך אויס אין רוה (אום צו פערקלענערען די מאָס אַרבייט, וואָס דער קערפּער דאַרף טאָן), די רעגולירונג פון די שפּייז, וואָס דער קערפּער דאַרף קריגען, האַלטען דעם קערפּער אַזוי ריין (אינערליך), ווי נאָר מעגליך און אין געבען דעם קראַנקען געוויסע מעדיצינען, וואָס זאָלען שטילען זיינע שמערצען

און אָפּשוואַכען די ווירקונג פון'ם גיפט, וואָס די מיקראָבען פערשפּרייטען אין קערפּער.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אז דיזע הילפס־ארבייט פאר'ן קערפּער אין זיין נויטפאַל קען אם בעסטען דורכגעפיהרט ווערען פון א דאָקטאָר און די קאָסטען פון דאָקטאָר'ס בעהאנדלונג דארף בעטראַכט ווערען פאר א „אינשורענס פּרעמיום“ צו פערזיכערען זיך געגען ערנסטע פאָלגען פון דער קראַנקהייט. און דאָך קענען פיעלע מענשען דאָס ניט איינזעהן, און ווען זיי ווערען קראַנק פּראָבירען זיי פריהער אַלערליי באַבסקע רפואות, און ווען דער שאָדען איז שוין אזוי גרויס, דאָס עס איז שוין אונמעגליך עטוואָס צו טאָן, רופען זיי א דאָקטאָר. איין וויזיט פון דאָקטאָר ביים אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט, ווען עס איז נאָך דאָ א האָפנונג צו קענען פערהינדערען, דאָס די קראַנקהייט זאָל זיך ניט ענטוויקלען, איז פיעל מעהר ווערט, ווי פיעלע וויזיטען פון דאָקטאָר, ווען די קראַנקהייט איז שוין אין פולען גאַנג.



# בראנקייטים.

װאָס פאַר אַ קראַנקהייט דאָס איז — װער עס לײדעט פון איהר אַם מעהרסטען — די פערשײדענע סאָרטען פון בראַנקײטיס — די סימנים פון דער קראַנקהייט — װאָס צו טאָן אין פאַל פון בראַנקײטיס.

צװישען די קראַנקהײט, װאָס זײנען װײט פערשפרײט, ספּעציעל אָנ־פאַנג פריהלינג און ענדע הערבסט, פערנעהמט „בראַנקײטיס" אָדער „בראָנ־קיטיס" (בײדע נעמען זײנען ריכטיג) אַ גאַנץ בכבוד'ן פּלאַץ. פון בראָנ־קיטיס לײדען זעהר פיעל מענשען. קינד און קײט, יונג און אַלט, מענער און פרויען, אַלע, אַלע שטעלען צו זײער צאָהל קרבנות אויף'ן מזבח פון בראָנ־קיטיס, און די קראַנקהײט איז דארום געװאָרען אַ הויז־װאָרט אין יעדער פאַמיליע.

בראָנקיטיס פערנעהמט אַ פּלאַץ אויף'ן מיטען װעג צװישען אַן אײנ־פאַכע פערקעלטונג און לונגען ענטצינדונג. בראָנקיטיס אַלס קראַנקהײט איז ערנסטער װי אַ לײכטע פערקעלטונג און װעניגער ערנסט, װי לונגען ענט־צינדונג. דערפאַר אָבער האָט זי אַ שטאַרקע נײגונג צו װערען אַ כראָנישע קראַנקהײט און דאַן איז זעהר שװער זיך פון איהר אָפּצוטשעפּען.

עס איז דארום כדאי זיך צו בעקענען מיט דיזער קראַנקהײט. עס איז װערט אויסצוגעפינען, װאָס זי איז, װי אַזוי זי װערט פעראורזאכט, װי ערנסט זי איז, װי אַזוי זיך פון איהר אויסצוהיטען, אויב מעגליך, און װאָס צו טאָן, װען עס איז ניט געלונגען זיך פון איהר אויסצוהיטען.

## װאָס בראַנקײטיס איז.

דאָס װאָרט בראָנקײטיס מײנט אַן ענטצינדונג פון די בראָנקיי לופט־רעהרען אָדער בעסער געזאָגט, אַן ענטצינדונג אין דער אינערליכער שלײם־הויט, װאָס דינט אַלס אַ „לײנינג" (אונטערשלאַג) פאַר דיזע לופט־רעהרען.

אום בעסער צו פערשטעהן, וואָס דאָס מיינט, דארפען מיר פריהער וויסען וואָס די בראָנקיי זיינען און וואָס פאר א ראָלע זיי שפּילען אין אונזער קערפּער.

די סיסטעם פון לופט־רעהרען, דורך וועלכע די לופט, וואָס מיר אטע־מען איין, גרייכט אונזערע לונגען, בעשטעהט פון איין גרויסען לופט־רעהר, וואָס ציהט זיך דורך אונזער האלז ביז דעם אָנפאַנג פון אונזער ברוסט־קאַס־טען. דיזע גרויסע רעהר רופט מען „טרעקיאַ" אָדער גרויסע לופט־רעהר. געגענאיבער די אויבערשטע טייל פון אונזער ברוסט־ביין צוטיילט זיך דיזע איינציגע רעהר אויף צוויי צווייגען, פאר יעדען לונג איינע. אזוי שנעל ווי דיזע צוויי עטוואָס קלענערע לופט־רעהרען גרייכען די לונגען, צוטיילען זיי זיך אויף קלענערע און קלענערע צווייגען ביז זיי דערגרייכען אלע ווינקעלאַך פון די לונגען.

דיזער פערצווייגטער סיסטעם פון די לופט־רעהרען קען פערגליכען ווערען צו א בוים, פון וועמעס שטאַם עס וואקסען ארוים צוויי הויפּט־צוויי־גען און פון דיזע וואקסען ארוים נייע און קלענערע צווייגען בעדעקט מיט בלעטער. די „טרעקיאַ", אָדער גרויסע לופט־רעהר, קען פערגליכען ווערען צום שטאַם פון דיזען בוים, וועהרענד די גרעסערע און קלענערע צווייגען קענען פערגליכען ווערען צו די קלענערע לופט־רעהרען, וואָס טיילען זיך אָפּ פון דער הויפּט לופט־רעהר און דיזע צווייג־רעהרען ווערען אָנגערופען „בראָנקיי".

אלע לופט־רעהרען זיינען אינעווייניג בעדעקט מיט א שליים־הויט, וועמעס אויפגאַבע עס איז אָנצוואווארעמען די לופט, וואָס געהט צו די לונ־גען און, אויב מעגליך, אויך פערהאלטען שטויב און אנדערע אונגעווינשטע געגענשטענדע אין דער לופט, ווען זיי איז געלונגען דורכצוגעהן די נאָז און דאָרטען ניט פערהאלטען ווערען.

דיזע הויט אונטער נאָרמאלע צושטענדע פּראָדוצירט אויך א זעהר קליינע מאָס שליימיגע פליסיגקייט, וואָס איז גענוג צו האלטען דיזע הויט פייכט. אין פאל אָבער ווען דיזע הויט ווערט ענטצונדען פּראָדוצירט זי אזוי פיעל פון דיזער שליימיגער פליסיגקייט, דאָס די לופט־רעהרען ווערען פערטרונקען און דער וועג פאר דער לופט צו די לונגען ווערט פערשטעלט. דער קראנקער קען דאן פשוט ניט אטעמען.

אַז ענטצינדונג פון דיזער אינערליכער הויט פון לופט־רעהרען ווערט אָנגערופען בראָנקיטיס.

## פערשיידענע פארמען פון בראנקייטיס.

עס זיינען דאָ פערשיידענע פאָרמען פון בראָנקיטיס, אָבער אַלע פאָר-מען פון דער קראַנקהייט ווערען קודם כל צוטיילט אין צוויי הויפט־קלאַסען. אין ערשטען קלאַס ווערט אריינגערעכענט די „אַקיוטע", די שטאַרקע, אָדער שאַרפע אָנגריפע פון דער קראַנקהייט, וואָס דויערען בלויז אַ קורצע צייט און אין צווייטען קלאַס ווערען אריינגערעכענט די כראָנישע פאָרמען פון די-זער קראַנקהייט. מיר וועלען זיך צוערשט בעקענען מיט דער „אַקיוטער", שאַרפער און קורץ דויערנדער פאָרמע פון בראָנקיטיס.

דיזע פאָרמע פון בראָנקיטיס קומט אָפטמאָל אַלס פאָלגע פון אַ פער-קעלטונג. די פערקעלטונג, וואָס ווערט געוועהנליך בעצייכענט מיט'ן נאָ-מען „קאָלד", איז אַן ענטצינדונג אין דער אינערליכער הויט פון דער נאָז. אויב דיזע ענטצינדונג פערשפרייט זיך און גרייפט אָן אויך די אינערליכע הויט פון די לופט־רעהרען ליידעט דיזער פערזאָן אויך פון בראָנקיטיס.

בראָנקיטיס קומט אויך אָפטמאָל אַלס פאָלגע פון מאָזלען, ביים אָנ-פאַנג פון טייפויד פיבער און מאַלעריא (קדחת). מענשען, וואָס ליידען פון אסטמא אָדער קייך־הוסט, ליידען אויך אָפטמאָל פון בראָנקיטיס. מענשען, ביי וועמען דער רוקען־ביין איז איינגעבויגען, זיינען זעהר עמפפינדליך צו בראָנקיטיס.

ווי שוין פריהער בעמערקט ווערט די צאָהל ליידענדע פון בראָנקיטיס שטאַרק פערמעהרט אָנפאַנג פריהלינג און ענדע הערבסט. דאָס איז דער-פאַר, וואָס אין דיזע צייטען ענדערען זיך די וועטערן און מעהר מענשען פערקיהלען זיך. דאָס פערקיהלען זיך אַליין ברייננגט אָבער ניט די קראַנק-הייט, ווייל בראָנקיטיס ווערט פעראורזאַכט פון געוויסע מיקראָבען און די פערקיהלונג שאַפט בלויז דעם גינסטיגען באָדען פאַר דיזע מיקראָבען.

די קראַנקהייט גרייפט אָן מענשען פון יעדען עלטער, אָבער יונגע קינדער און אַלטע לייט ליידען פון איהר אַם מעהרסטען. מאַנכע מענשען זיינען, ווי עס שיינט, זעהר עמפפינדליך צו בראָנקייטיס, ווייל ביי דער קלענ-סטער פערקיהלונג, וואָס געהט ביי אַנדערע מענשען לייכט פאָראיבער, קרי-גען זיי באַלד בראָנקייטיס.

דער גלויבען, דאָס פרישע לופט פעראורזאַכט דיזע קראַנקהייט, איז פאַלש. דער בעסטער בעווייז דאַפיר איז דער פאַקט, דאָס מענשען, וועלכע זיינען שטענדיג אויף דער פרישער לופט, ליידען זעלטען ווען פון א פער-קעלטונג און נאָך זעלטענער פון בראָנקייטיס.

## די סימנים פון בראַנקייטיס.

ווען בראָנקייטיס קומט פון א פערקיהלונג פאַנגט די קראַנקהייט זיך אָן ווי א געוועהנליכער „קאָלד", נאָר אַנשטאָט די קראַנקהייט זאָל ווערען לייכטער ענטוויקעלט זיך ביים קראַנקען א הייזעריגקייט. אין מאַנכע פע-לע איז די הייזעריגקייט גאַנץ לייכט, אין אַנדערע פעלע קען דער קראַנקער קוים א וואָרט אויסרעדען. א געפיהל פון א דריקעניש און א שווערקייט בעפאַלט איהם און ער פיהלט שטאַרקע שמערצען אין דער פלייצע אין די ביינער און איבער'ן גאַנצען קערפער. אין דער זעלבער צייט פיהלט דער קראַנקער ווי עטוואָס וואָלט איהם געדריקט אונטער'ן הארצען אָדער בעסער געזאָגט אין ברוסט-קאַסטען, אונטער'ן ברוסט-ביין.

אויב די קראַנקהייט איז אין א לייכטע פאָרמע האָט דער קראַנקער זעהר ווייניג פיבער, אָבער אין אַן ערנסטען פאַל פון דער קראַנקהייט ליי-דעט דער קראַנקער אויך פון א הויכען גראַד פיבער.

דער הוסט איז אין אָנפאַנג טרוקען און האָט א כאַראַקטעריסטישען קלאַנג. נאָכהער פאַנגט אָן דער קראַנקער ארויפצוברייננגען עטוואָס שליים מיט יעדעם מאָל הוסטען. דער הוסט קומט אָן אין „פּאַראַקסיזמס", דאָס הייסט א קורצע צייט איז דער קראַנקער פריי פון הוסט און דאַן בעפאַלט איהם דער הוסט פאַר א קורצע צייט און עס איז אונמעגליך פּטור צו ווערען פון איהם.

אין אייניגע טעג ארום פאַנגט אָן דער קראַנקער ארויפצוברייננגען פיעל שליים יעדעם מאָל ווען ער הוסט און ער פיהלט דאַן א גרויסע ערלייכ-טערונג. די שליים בעשטעהט מעהרסטענס פון די ווייסע בלוט-צעלען, וואָס מען טרעפט אין מאַטעריא.

עס זיינען אויך דאָ געוויסע סימנים, וועלכע דער קראַנקער זעלבסט קען ניט בעמערקען. דיזע סימנים קען דער דאָקטאָר אויסגעפינען, ווען ער אונטערזוכט דעם קראַנקען און הערט זיך צו צום קראַנקען'ס ברוסט-קאַסטען.

# די אויסזיכטען פון קראנקען.

דער גאנג פון דער קראנקהייט און די אויסזיכטען פון קראנקען ווענדען זיך אָן די אומשטאנדען, אונטער וועלכע די קראנקהייט האָט זיך אָנגעפאנגען.

ביי געזונדע ערוואקסענע מענשען פאלט די היץ אין פערלויף פון א וואָך צייט און דער־הוסט ווערט פיעל לייכטער אָדער פערשווינדעט אין גאנצען און אין פערלויף פון צוויי וואָכען צייט איז די קראנקהייט פאָראיבער.

ביי יונגע קינדער איז די קראנקהייט פיעל ערנסטער. די הויפטגעפאהר אין אזא פאל בעשטעהט אין דעם, וואָס די ענטצינדונג פערשפרייט זיך אויך צו די גאָר קליינע לופט־רעהרען, וועלכע ווערען פערשטאָפּט מיט שליים און דאָס קען פיהרען צו דער ענטוויקלונג פון „בראנקאָ־ניומאָניא" (לונגען־ענטצינדונג). די זעלבע געפאהר איז אויך אין'ם פאל פון אלטע און שוואכע מענשען, וועלכע קענען ניט ארויסהוסטען דעם שליים, וואָס זאמעלט זיך אָן אין די לופט־רעהרען, און דאָס פיהרט געוועהנליך צו לונגען־ענטצינדונג.

# וואס צו טאן אין פאל פון בראנקייטיס.

די כּללים ווי זיך אויסצוהיטען פון קריגען בראָנקייטיס זיינען די זעלבע ווי אין'ם פאל פון אן איינפאכע פערקעלטונג און עס איז דארום איבעריג זיי דאָ צו ווידערהאָלען. די בעהאנדלונג פון א פאל פון איינפאכע בראָנקייטיס ביי א יונגען געזונטען ערוואקסענעם מענשען איז אויך די זעלבע ווי אין פאל פון א פערקעלטונג. א הייסע זענעפט (מאָסטערד) פוס־באָד, אָדער א ווארעמע וואנע, אויסטרינקען א הייסע גלאָז לעמאָנאדע און גוט דורכשוויצען זיך ביינאכט וועט ברייננגען ערלייכטערונג אין אזא פאל. אָפטמאָל איז א מאָסטרד פלאסטער צוגעלייגט צום ברוסט־קאסטען זעהר גוט.

מאנכע מענשען זיינען געוועהנט צו געהן אין א טערקישע באָד יעדעס מאָל ווען זיי דערפיהלען, דאָס זיי האָבען זיך פערקיהלט. א טערקישע באָד איז טאקע גוט אויף צו „ברעכען" א פערקעלטונג, אָבער דאָס געהן אהיים פון דער טערקישער באָד פיהרט אָפטמאָל צו א שטארקערער פערקעלטונג און צו זעהר ערנסטע פעלע פון בראָנקייטיס. צו געהן אין

א טערקישע באָד ווען מען איז פערקעלטערט איז דארום זעהר ריזיקאַליש
סיידען מען קען געהן פון דער באָד גלייך אין בעט אריין.

יונגע קינדער און עלטערע מענשען, ווען זיי קריגען בראָנקייטיס,
דארפען פערבלייבען אין הויז ווי ערנסטע קראַנקע און אין יעדען פאַל,
וואו די טעמפעראַטור שטייגט, דאַרפען זיי בלייבען צו בעט.

דורך געוויסע מעדיצינישע בעהאַנדלונג איז מעגליך צו פערלייכ-
טערען דעם הוסט און מאַכען דעם קראַנקען'ס צושטאַנד וועניגער אונאַנ-
גענעהם. עס איז אויך מעגליך, אין פיעלע פעלע, צו פערהיטען, דאָס די
קראַנקהייט זאָל זיך ניט פערשפּרייטען און אויך אָנגרייפען די לונגען. צו
דיזען צוועק מוז דער קראַנקער שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון א דאָקטאָר.

בראָנקייטיס ענטוויקעלט זיך אויך אַלס א פאָלגע, אין פיעלע פעלע,
פון מאָזלען, טייפויד פיבער, קייך־הוסט און אינפלוענזא. די בעהאַנדלונג
פון דער קראַנקהייט אין אזעלכע פעלע איז די זעלבע, ווי אין א געוועהנליכען
פאַל פון בראָנקיטיס.

## כראָנישע בראַנקייטיס.

כראָנישע בראָנקייטיס קען קומען אַלס פאָלגע פון אָפטע שאַרפע
(אקיוטע) אטאַקעס פון בראָנקייטיס, עס קען זיך אויך לאַנגזאַם ענטוויק-
לען אין פעלע פון כראָנישע האַרץ־קראַנקהייטען, כראָנישע לונגען־ אָדער
נירען־קראַנקהייטען, אָדער אין פאַדאַגרא. די כראָנישע פאָרמע פון בראָנ-
קייטיס קען זיך אויך ענטוויקלען דורך איינאַטעמען א לאַנגע צייט שטויב
אָדער גאַזען. מען טרעפט דארום אָפט דיזע קראַנקהייט ביי שטיין־אַר-
בייטער, וועבער, שלייפער, בעקער, מילנער און מיינערס.

א זעהר גרויסע ראָלע אין דער ענטוויקלונג פון כראָנישע בראָנ-
קייטיס שפּילט אַלקאָהאָל, און די, וואָס זיינען נאָהענטע בעקאַנטע מיט'ן
ביטערען טראָפּען, שליסען פריהער אָדער שפּעטער אויף די בעקאַנטשאַפט
מיט כראָנישע בראָנקייטיס.

דיזע קראַנקהייט טרעפט מען מעהרסטענס ביי אַלטע לייט. זעהר
זעלטען טרעפט מען זי ביי יונגע מענשען. דער כראָנישער ווינטער־הוסט,
וואָס קומט אזוי רעגעלמעסיג יעדען ווינטער צו מאַנכע עלטערע מענשען,
איז איינער פון די סמנים, דאָס דיזע מענשען ליידען פון כראָנישע בראָנ-
קייטיס.

# די סימנים פון דער קראנקהייט.

כראָנישע בראָנקייטים ביי אַלטע לייט קומט געוועהנליך צוזאמען מיט הארץ=קראנקהייט, פאדאגארא אָדער עמפיזעמא (אַ צושטאנד, אין וועלכען די לופט=זעקעלאך פון די לונגען זיינען צוצויגען און אָנגעפיהלט מיט לופט, אזוי, דאָס זעהר ווענינ לופט קען ארויסגעאטעמט ווערען, און דער קראנקער ליידעט דארום פון אַ קורצען אטעם).

די הויפט=סמנים פון דער קראנקהייט זיינען דארום ווי פאָלגט:

אַ קורצער אַטעם. מאנכע קראנקע דערפיהלען, אז זיי זיינען קורץ אטעמדיג ערשט ווען זיי שטרענגען זיך אָן. אזעלכע מענשען אטעמען שווער און סאָפּען, ווען זיי קומט אוים צו געהן בארג ארויף אָדער אויף שטיגען. אנדערע, ווידער, ליידען פון אַ קורצען אטעם אפילו ווען זיי שטרענגען זיך ניט אָן. דיזער קורצער אטעם ווערט פעראורזאכט ניט פון די בראָנקייטים, נאָר פון דער עמפיזעמא אָדער הארץ=קראנקהייט, פון וועלכער דער זעלבער קראנקער ליידעט.

הוסטען. דאָס הוסטען איז ניט גלייך ביי אַלע קראנקע און ענדערט זיך אין די פערשיידענע צייטען פון יאָהר. אין פערלויף פון די זומער=מאָנאַטען זיינען די קראנקע כמעט אין גאנצען פריי פון׳ם הוסט, אָבער יעדער ווינטער קעהרט זיך דער הוסט אום מיט דער זעלבער שטארקייט און לאָזט ניט אָפּ זיין קרבן אַ גאנצען ווינטער. מאנכע קראנקע ליידען פון הוסט בלויז אין דער פריה, אנדערע, ווידער, ליידען אם מעהרסטען ביינאכט. מאנכע ליידען פון אַ טרוקענעם הוסט, די מעהרסטע קראנקע אָבער ברייננען ארויף שליים ביים הוסטען.

דער אַלגעמיינער געזונדהייטס=צושטאנד פון די, וואָס ליידען פון כראָנישע בראָנקייטים, איז אין פיעלע פעלע אַ גוטער. זעלטען ווען האָבען די קראנקע פיבער. און זומער=צייט, ווען דער הוסט לאָזט זיי נאָך, שיינען זיי צו זיין גאנץ געזונדע מענשען.

# פערשיידענע פארמען פון דער קראנקהייט.

די כראָנישע בראָנקייטים, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס בעשריבען, טרעפט מען געוועהנליך ביי עלטערע מענשען, וועלכע ליידען גלייכצייטיג אויך פון כראָנישע הארץ= אָדער נירען=קראנקהייטען, עס גיבען אויך אנדערע פאָרמען פון דער זעלבער קראנקהייט, וואָס זיינען ווערט צו דערמאָהנען.

עס איז דאָ אַ פאָרמע פון כראָנישע בראָנקייטיס, וואָס גרייפט אָן אַמ מייסטען פרויען אין עלטער פון צוואַנציג ביז דרייסיג יאָהר. אין מאַנכע פון דיזע פעלע קומט דער הוסט נאָך אַן אינפלוענזאַ. דאָס הוסטען האַלט אָן אַ לאַנגע צייט, אָבער דער אַלגעמיינער געזונדהייטס־צושטאַנד פון די הוסטענדע שיינט וועניג צו ליידען דערפון.

עס איז דאָ אַ פאָרמע פון טרוקענעם קאַטאַר, וואָס גרייפט אַמ מעהר־סטען אָן עלטערע מענשען, וועלכע ליידען אויך פון עמפיזעמאַ. זעהר אָפט בעפאַלט דיזע קראַנקע אַ שטאַרקער הוסט, וואָס מוטשעט זיי זעהר אויס. דער הוסט איז אָבער אַ טרוקענער און די קראַנקע קענען ניט אַרויס־ברייננגען קיין שליים.

עס גיט אויך אַ פאָרמע פון דער קראַנקהייט, אין וועלכע די שליים, וואָס די קראַנקע ברייננגען אַרויף ביים הוסטען, איז פול מיט מאַטעריע און עס האָט אַ זעהר שלעכטען גערוך. אַזעלכע קראַנקע פערלירען אויך פיעל געוויכט, אָבוואָהל די קראַנקע איז אַ כראָנישע און האַלט אָן אַ לענ־גערע צייט.

## די אויסזיכטען פון קראַנקען.

כראָנישע בראָנקייטיס איז אין די מעהרסטע פעלע אונקורירבאַר. די קראַנקהייט האַלט אָן אין פערלויף פון גאַנצען לעבען און שיידעט זיך מיט איהר קרבן ערשט ביים לעצטען אָטעמונג.

ביי יונגע לייט איז די לאַגע אַ מעהר האָפנונגספאָלע. ביי פיעלע יונגע לייט, וועלכע ליידען פון כראָנישע בראָנקייטיס, פערשווינדען די סימנים אין גאַנצען ווען זיי ווערען עלטער, מיטעליעהריגע מענשען ער־האַלען זיך פיעל זעלטענער פון דער קראַנקהייט. די מעהרסטע פון זיי קענען אָבער אויסלעבען אַלע זייערע יאָהרען אין פערהעלטניסמעסיגער בע־קוועמליכקייט, און קענען פיהרען אַ ניצליכען לעבען. אין די ערנסטערע פעלע פון דער קראַנקהייט וואַרפען זיך געוועהנליך אונטער ערנסטע קאָמ־פּליקאַציעס, ווי אַלגעמיינע עמפיזעמאַ אָדער לונגען און האַרץ־קראַנקהייט.

## די בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט.

מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, דאָס אין די מעהרסטע פעלע איז כראָנישע בראָנקייטיס אונקורירבאַר. עס איז ניטאָ קיין מעדיצין, וואָס

זאָל קענען פאָלשטענדיג אויסהיילען דיזע קראַנקהייט. מען קען אָבער פיעל פערלייכטערען דעם קראַנקען'ס צושטאַנד.

דאָס ערשטע פון הויפּט־וויכטיגקייט פאַר'ן קראַנקען איז אויסצומיידען אַ קאַלטען, נאַסען און טומאַנעם קלימאַט. אין אַזאַ קלימאַט ענטוויקלען זיך די מעהרסטע פעלע פון בראָנקייטיס.

אויב דער קראַנקער איז פערמעגליך און קען עס אויספיהרען, איז גלייכער פאַר איהם צו פאַרברייננגען די ווינטער־מאָנאַטען נעבען ברעג פון ים, אין אַ מילדען קלימאַט. ער קען דאָס אויספיהרען דורך פאָהרען אויף'ן ווינטער נאָך בערמיודאַ, דזשאַמעיקאַ, קיובאַ, פלאָרידאַ, אָדער די זידליכע טייל פון קאַליפאָרניאַ. אין אייראָפּאַ געפינט מען אַזעלכע פלעצער אַרום די ברעגעס פון מיטעללענדישען ים, אין סיציליען, מאַדעיראַ, די קאַנאַרי אינזלען און די „אייל אָוו וויט" אין ענגלאַנד.

אויב דער קראַנקער איז אָרעם און קען זיך ניט פערגינען אַוועקצופאָהרען פון דער היים, דאַרף ער אָנווענדען אַלע מעגליכע מיטלען צו פערבעסערען דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון זיין געזונד. ער דאַרף פערברייננגען אַזוי פיעל, ווי נאָר מעגליך אויף דער פרישער לופט. ער דאַרף טראָגען דינע, אָבער וואַרעמע קליידער (וואָלענע) צו פערהיטען זיך פון אַ צוקיהלונג. און דאַרף זיין זעהר פאָרזיכטיג אין פריהלינג און אין הערבסט ווען די צייטען בייטען זיך. ווינטער צייט דאַרף ער זיך היטען ניט צו אָטעמען דורך'ן מויל נאָר דורך דער נאָז. די קאַלטע לופט, וואָס קומט אַריין דורך'ן מויל צו די לופט־רעהרען, פעראורזאַכט אָפט אַן אָנפאַל פון הוסטען, ווערהרענד די לופט, וואָס געהט דורך דער נאָז, ווערט פריהער אָנגעוואַרעמט איידער זי דערגרייכט די לופט־רעהרען.

דער קראַנקער, וועלכער ליידעט פון כראָנישע בראָנקייטיס, דאַרף עסען נענוג אום אויפצוהאַלטען זיין געזונד, ער דאַרף אָבער אויסמיידען צופיעל עסען. קאָד ליווער אָיל (פיש־אָיל) איז זעהר גוט פאַר די קראַנקע, ווען עס שאַדעט ניט צום אַפּעטיט אָדער צו זייער פערדייאונג פון זייער שפּייז.

אַ געהעריגע אונטערזוכונג דאַרף געמאַכט ווערען פון די אַנדערע קראַנקהייטען, פון וועלכע דער בראָנקייטיס־קראַנקער ליידעט און ער דאַרף בעהאַנדעלט ווערען אויך פאַר יענע קראַנקהייטען. דאָס נאַטירליך קען געטאָן ווערען פון אַ דאָקטאָר.

א דאָקטאָר האָט אויך געוויסע מיטלען, דורך וועלכע צו פערלייכ-
טערען דאָס הוסטען פון קראַנקען און פערהיטען איהם פון זייטיגע צופע
לע, צו וועלכע אזא קראַנקער איז אויסגעזעצט. עס איז דארום איבעריג
צו זאָגען, דאָס עס איז נויטיג פאַר יעדען ליידענדען פון בראָנקייטיס צו
שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון א דאָקטאָר.



# לונגען־ענטצינדונג.

דער מלאך המות האט פיעלע וועגען, דורך וועלכע ער רויבט זיינע אפפער, פיעלע שלוחים, דורך וועלכע ער שיקט דעם טויט אויף זיינע מענשען־קרבנות. טובערקולאזיס אדער שווינדזוכט איז דער הויפט־אגענט, דער הויפט־גענעראל, וואס שטעלט צו דעם „קעניג טויט" ניט וועניגער ווי א מיליאן קרבנות יעדען יאהר. זיין ערשטער ארויסהעלפער אדער דער קאפיטאן פון מלאך המות איז „לונגען־ענטצינדונג", אדער „קעפטען ניומאניא".

לונגען־ענטצינדונג רויבט מעהר מענשען־לעבענס ווי אלע געפעהרליך אנשטעקענדע קראנקהייטען צוזאמענגענומען. הונדערטע טויזענדע מענשען שטארבען יעדען יאהר פון לונגען־ענטצינדונג.

„קאפיטאן ניומאניא" שוינט ניט קיין קליינע קינדער און האט קיין איינזעהעניש פאר גרייז־גרויע מענשען. קינדער און זקנים ליידען אם מעהרסטען פון דיזער געפעהרליכער קראנקהייט, אבער אויך מיטעליעהריגע ערוואקסענע מענשען זיינען ניט בעווארענט געגען לונגען־ענטצינדונג און טויזענדע „געזונדע" שטארקע מענשען, אין סאמע בליהונג פון זייער לעבען פאלען יעדען יאהר קרבנות אויף'ן שלאכטפעלד פון „ניומאניא".

אנדערע אנשטעקענדע קראנקהייטען, ווען מען האט זיי איין מאל, ארבייט דער קערפער אויס א געוויסען ווידערשטאנד געגען די מיקראבען, וואס פעראורזאכען דיזע קראנקהייט און אם וועניגסטענס פאר א געוויסע צייט איז דער מענש בעווארענט געגען א צווייטע אטאקע פון דער זעלבער קראנקהייט. דאס איז דער פאל מיט מאזלען, פאקען און אנדערע קראנקהייטען.

אנדערש איז אבער דער פאל מיט לונגען־ענטצינדונג. ניט נאר בעווארענט ניט איין אטאקע געגען א צווייטער, נאר פארקעהרט, איין אטא-

קע פון לונגען=ענטצינדונג שוואכט אזוי אפּ דעם מענשען, דאָס ער קען ליכט קריגען א צווייטע אטאַקע.

די מיקראָבען, וואָס פעראורזאַכען לונגען=ענטצינדונג, זיינען פול אי-בעראַל. זיי געפינען זיך אין דער לופט, וואָס מיר אָטעמען, און פיעלע געזונדע מענשען טראָגען זיך אַרום מיט „גיומאָניא"=באַצילען אין האַלז, אָבוואָהל זיי זיינען ניט קראַנק. זיך אויסצוהיטען פון דיזע באַצילען איז כמעט אַן אונמעגליכקייט און דאַרום טאַקע ברעכט אויס א גיומאָניא=עפּי-דעמיע כמעט יעדען ווינטער און פריהלינג.

אויב אזוי, ווער'ען מאַנכע פרעגען, טו וואָרום ליידען ניט אַלע מענ-שען פון לונגען=ענטצינדונג? וואָרום היטען זיך מאַנכע מענשען אויס פון דיזער קראַנקהייט? און וואָרום איז די קראַנקהייט ניט די זעלבע אין אַלע פעלע? וואָרום ווערען פיעלע מענשען, וואָס ליידען פון לונגען=ענטצינדונג, צוריק געזונד וועהרענד אַנדערע שטאַרבען פון דיזער קראַנקהייט? ווי אזוי קען מען זיך אויסהיטען פון לונגען=ענטצינדונג, און וואָס קען מען טאָן ווען מען האָט שוין די געפעהרליכע קראַנקהייט?

אום צו קריגען א ריכטיגען ענטפער אויף דיזע פראַגען, דאַרפען מיר זיך פריהער בעקענען מיט אונזערע לונגען אין זייער נאָרמאַלען צושטאַנד, ווי אזוי אונזערע לונגען ערפילען זייער אויפגאַבע און וואָס עס פּאַסירט מיט זיי ווען זיי ווערען ענטצונדען.

## אונזערע לונגען.

די לונגען זיינען צוויי גרויסע זעק, וואָס געפינען זיך אין אונזער ברוסט=קאַסטען. זיי פילען אויס כמעט דעם גאַנצען ברוסט=קאַסטען, לאָ-זענדיג קוים פּלאַץ גענוג פאַר אונזער האַרץ, ושט, אָדער שפּייז-רעהר, וואָס ציהט זיך פון מויל צום מאַגען, און פאַר אייניגע בלוט=רעהרען און נערוועז.

א בעגריף וועגען דער ארכיטעקטור פון די לונגען קען מען האָבען ווען מען פערגלייכט די לונגען מיט דער ארכיטעקטור פון א בוים. דער שטאַם פון בוים קען פערגלייכט ווערען צו דער לופט=רעהר, די גרעסערע צווייגען קענען פערגליכען ווערען צו די קלענערע לופט=רעהרען, וואָס טיי-לען זיך אָפּ פון דער הויפּט לופט=רעהר און די בלעטער זיינען קלייניגקע לופט=זעקעלאַך. א בוים זויגט איין שפּייז פון דער ערד דורך זיינע וואָרצ-לען און אָטעמט איין לופט דורך זיינע בלעטער. די שפּייז, וואָס דער בוים

קריגט פון דער ערד, געהט דורך דעם שטאַם, די גרעסערע און קלענערע צווייגען ביז עס קומט צו די בלעטער. עס מוזען דארום זיין קאַנאַלען, וואָס ציהען זיך דורך'ן שטאַם און דורך אַלע צווייגען ביז צו די בלעטער. די לופט, וואָס די בלעטער אַטעמען איין געהט דורך די זעלבע קאַנאַלען נאָר אין אַ פערקעהרטער ריכטונג: פון די בלעטער געהט די לופט צו די קליינע צווייגעלאַך, דאַן צו די גרעסערע צווייגען און ענדליך צום שטאַם און צו די וואָרצלען.

אַן עהנליכער מעכאַניזם עקזיסטירט אויך אין אונזערע לונגען. די צוויי לונגען, וואָס מיר האָבען, בעשטעהען פון מיליאָנען קליינינקע לופט=זעקעלאַך, פונקט ווי גרויסע בוימער בעשטעהען פון מיליאָנען איינצעלנע בלעטער. פון דיזע לופט=זעקעלאַך ציהען זיך קליינינקע דינינקע רעהרען, וועלכע פעראייניגען זיך אין אַלץ גרעסערע און גרעסערע רעהרען, פונקט ווי די צווייגעלאַך פון אַ בוים פעראייניגען זיך אין אַלץ גרעסערע און גרעסערע צווייגען.

דיזע פעראייניגונג פון לופט=רעהרען געהט אַן ביז אַלע לופט=רעהרען פון איין לונג פעראייניגען זיך אין איין גרויסער רעהר. הינטער דער אויבערשטער טייל פון אונזער ברוסט=ביין פעראייניגען זיך די צוויי רעהרען פון אונזערע צוויי לונגען אין איין גרויסער לופט=רעהר, וואָס ווערט בעצייכענט מיט'ן נאָמען „טרעקיאַ", אָדער הויפט לופט=רעהר און דיזע ציהט זיך ביז צו דער אויבערשטער טייל פון אונזער האַלז.

ווען מיר אַטעמען איין לופט דורך דער נאַז, לויפט דער לופט=שטראָם דורך דער הינטערשטער טייל פון דער נאַז און גרייכט די טייל פון אונזער האַלז, וואָס איהר קענט זעהן אין הינטערגרונד פון אונזער מויל. דאָרטען טרעפט דער לופט=שטראָם אַן אָפענע רעהר און כאַפּט זיך אַהין אריין.

דיזע עפענונג איז דער אָנפאַנג פון דער גרויסער לופט=רעהר. אום די רעהר זאָל זיין שטענדיג אָפען איז זי בעזאָרגט מיט רייפען פון „קאַרטילעדזש" (כראָמשקע), וואָס מאַכען שטייף די פאָדערשטע און די זייטען טיילען פון דער רעהר. ווען מיר עסען אָדער טרינקען ווערט די אויבערשטע עפענונג פון דער רעהר פערשטעלט אום די שפייז אָדער דאָס וואסער זאָל זיך ניט אריינכאַפּען אין איהר.

דיזע איינציגע לופט=רעהר ציהט זיך, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, ביז צו די אויבערשטע טייל פון אונזער ברוסט=קאַסטען. געגענאיבער די צווייטע פּאָר ריפּען צוטיילט זיך דיזע רעהר אין צוויי צווייגען, אַ צווייג

פאר יעדע לונג. דיזע עטוואס קלענערע רעהרען, אויף זייער וועג דורך די לונגען, גיבען ארוים פון זיך נאך קלענערע רעהרען און אזוי פערצווייגט זיך דיזע סיסטעמע פון לופט-רעהרען אין אלץ קלענערע און דינערע רעהרעלאך, ביז זיי ענדיגען זיך אין גרופּעס איינפאכע לופט-זעקעלאך.

די לופט, וואס מיר אטעמען איין, געהט דורך דיזע רעהרען ביז זי דערגרייכט די לופט-זעקלאך און דערמיט ענדיגט זיך אונזער איינאטעמען. ווען מיר אטעמען אויס פערלאזט די לופט אונזערע לופט-זעקעלאך און שטראמט ארוים דורך די קלענערע און גרעסערע לופט-רעהרען ביז זי דער-גרייכט אונזער נאז און פערלאזט אונזער קערפּער.

די קליינינקע לופט-זעקעלאך זיינען אפּגעטיילט בלויז מיט א דיניג-קע הייטעלע פון קליינע בלוט-רעהרען, דורך וועלכע דאס הארץ פּאמפּט דורך דאס גאנצע בלוט פון קערפּער יעדע 27 סעקונדען. דורך די דינינקע הייטעלאך, וואס טיילט אפּ די לופט פון'ם בלוט-שטראם, גיט דאס בלוט אפּ איינינגע שעדליכע גאזען, וואס עס האט איינגעזאמעלט שטראמענדיג דורך'ן קערפּער און עס נעהמט אויף פרישע לופט אדער זויער-שטאף אויף צו צופיהרען צו די ביליאנען צעלען, פון וועלכע אונזער קערפּער איז צו-זאמענגעשטעלט.

אבער צו וואס דארף מען דאס? וועט איהר פרעגען. דאס איז זעהר לייכט צו פערשטעהן. יעדער פון אונז וויים, דאס אום קוילען זאלען קענען ברענען אין אן אויווען, מוז דער אויווען זיין בעזארגט מיט א קוי-מען, דורך וועלכען עס ציהט זיך א צוג לופט צו די ברענענדע קויהלען. ווען דער קוימען איז פארמאכט און קיין פרישע לופט קומט ניט צו צו די קויהלען קענען זיי ניט ברענען. ווען דער קוימען ווערט פערמאכט איי-דער די קויהלען ווערען אין גאנצען אויסגעברענט ווערט א „טשאד" אין הויז. די שעדליכע גאזען, וואס ווערען פּראדוצירט בעת די קויהלען ברע-נען פיהלען אן דאס הויז און פערגיפטען די איינוואוינער, אויב יענע רעטען זיך ניט בעצייטענס.

דער קוימען האט דארום א צווייפאכע אויפגאבע צו ערפילען. ער דארף בעזארגען די קויהלען מיט פרישע לופט אום זיי זאלען קענען ברענען, און ער דארף אוועקפיהרען די שעדליכע גאזען, וואס ווערען געשאפען ווען די קויהלען ברענען. אין אונזער קערפּער ברענט אויך א שטענדיגעס פייער, אבוואהל אהן א פלאם. די שפּייז, וואס מיר עסען איז דער ברען-מאטע-ריאל. דאס פייער, וואס ברענט אין אונזער קערפּער, גיט אונז ווארעמקייט

און ענערגיע צו בעוועגען זיך און טאָן ארבייט. אום דאָס פייער אין אונ-זער קערפּער זאָל קענען שטענדיג אָנהאלטען און ניט פערלאָשען ווערען מוזען די צעלען פון אונזער קערפּער קריגען א שטענדיגען שטראָם פון פרי-שע לופט. אזוי ווי ביים ברענען אין אונזער קערפּער ווערען אויך פּראָדו-צירט שעדליכע גאזען מוזען זיי ארויסגעפיהרט ווערען פון קערפּער צו פער-היטען אונז פון פערגיפטונג. אונזער קערפּער נויטיגט זיך דארום אין א קוימען פונקט ווי א געוועהנליכער אויווען, און אונזערע לונגען ערפילען דיזע אויפגאבע פון קוימען.

יעדעס מאָל וואָס מיר אטעמען איין נעהמען מיר אויף פרישע לופט. דיזע לופט דערגרייכט אונזערע לופט=זעקעלאך און א טייל פון'ם זויער=שטאָף אין דער לופט ווערט אויפגענומען פון אונזערע רויטע בלוט=קייקע-לאך און צופיהרט איבער'ן גאנצען קערפּער. אויף זייער רייזע צוריק צו די לונגען נעהמען די רויטע בלוט=קייקעלאך אויף די שעדליכע גאזען, וואָס ווערען פּראָדוצירט פון'ם ברען=מאטעריאל אין אונזער קערפּער און זיי לאָ-זען איבער דיזע גאזען אין די לופט=זעקעלאך פון די לונגען. יעדעס מאָל, וואָס מיר אטעמען אוים, בעפרייען מיר דעם קערפּער פון דיזע שעדליכע גאזען.

אונזערע לונגען ערפילען דארום א וויכטיגע אויפגאבע אין אונזער קערפּער. ווען ניט זיי וואָלט דער לעבענס=פלאָם אין אונזער קערפּער ניט געקענט ברענען.

## וואס פעראורזאכט לונגען-ענטצינדונג.

יעצט לאָמיר זעהן, וואָס עס פּאסירט מיט אונזערע לונגען אין דעם צושטאנד פון ענטצינדונג.

מיר האָבען שוין פריהער ערקלערט, דאָס די באצילען, וואָס פעראור-זאכען לונגען ענטצינדונג, געפינען זיך אין דער לופט און אין פיעלע פעלע געפינט מען זיי אויך אין אונזער האלז. אזוי לאנג ווי מיר זיינען געזונד האט אונזער קערפּער א געוויסען ווידערשטאנדס=קראפט, וואָס דערלאָזט ניט דיזע באצילען צו טאָן זייער צושטערונגס=ארבייט. די אינערליכע הויט פון אונזער האלז איז ווי א שטארקע פעסטונג, דורך וועלכע די שונאים, די באצילען, קענען ניט דורכגעהן. קוים אָבער ווערען מיר אָפּ-געשוואכט, קוים ווערט אונזער קערפּער אויסגעמאטערט, דאן ווערט אונ-

זער ווידערשטאנד שוואכער, די „פעסטונג" קען מעהר ניט אויסהאלטען די אטאקעס פון די באצילען און מיר ווערען קראנק.

וואס שוואכט אפ אונזער ווידערשטאדס־קראפט געגען די באצילען פון לונגען־ענטצינדונג? א קראנקהייט, וואס מאטערט אויס דעם קערפער, ווי טייפויד פיבער, אינפלוענזא, נירען־קראנקהייט, צוקער־קראנקהייט א. ז. וו., צו שווערע ארבייט, פערקעלטונג, ספעציעל אין נאסען וועטער, אין מאנכע פעלע אויך א וואונד.

ווען אונזער ווידערשטאנדס־קראפט ווערט אפגעשוואכט רייסען זיך די „ניומאניא"־באצילען אריין אין אונזער בלוט און פאנגען זיך דארטען אן צו פארמעהרען. דער קערפער רופט דאן דורך'ן בלוט זיין גאנצע רעזערוו־ארמעע און פאנגט אן א קאמף אויף לעבען און טויט מיט די באצילען. דיזער קאמף גיט אונז דעם פיבער, דאס שוידערען, די קעלט און ז. וו. וואס מיר פיהלען ביים אנפאנג פון לונגען־ענטצינדונג. אונטערדעסען צירקולירט דאס בלוט דורך'ן קערפער און צופיהרט איבער אלע אברים די באצילען און די גיפטען, וואס זיי פראדוצירען. וואס שטארקער דיזע גיפטען זיינען און וואס מעהר אפגעשוואכט דער מענש איז אלץ ווייניגער קען ער אויסהאלטען דיזע פערגיפטונג. וואס שוואכער די גיפטען זיינען און וואס נארמאלער און געזונדער דער מענש איז געווען איידער ער איז קראנק געווארען אלץ גיכער קען ער בייקומען די באצילען און צוריק געזונד ווערען.

אונטערדעסען געהט אן אין די לונגען זעלבסט א העפטיגער קאמף צווישען די לונגען און די באצילען. אזוי שנעל ווי די גיפטען אדער באצילען אטאקירען די צעלען פון די לונגען פאנגט זיך דארטען אן אן „ענטצינדונג". די בלוט־רעהרען, וואס געפינען זיך אין די לונגען עפענען שפארינעס אין זייערע ווענד און לאזען דורך א געוויסע מאס סערום — די וואסער־טייל פון בלוט, און אויך די בלוט־קייקעלאך, וואס דינען אלס סאלדאטען צו בעקעמפען דעם שונא. די לופט־זעקעלאך פון די לונגען, וואס דינען אין א נארמאלע צייט אויף צו פיהרען לופט צו די בלוט־רעהרען, ווערען יעצט אליין אנגעפילט מיט סערום און מיט בלוט־צעלען. באלד נאך דעם קומט אויך ארויס אין די לופט־זעקעלאך די טייל פון'ם בלוט, וואס, ווען עס ווערט פערקיהלט, ווערט עס פערהארטעוועט אין פעדים — די „פייברין" אדער פעדים־שטאף פון'ם בלוט. די אנגעגריפענע טייל פון דער לונג (אין לאבאר ניומאניא ווערט געווענליך בלויז א טייל פון איין

לונג אָנגעגריפען), ווערט דאַן פון א לופט־זאַק פערוואַנדעלט אין א האַרטע לונג פול מיט בלוט, דורך וועלכע קיין לופט קען ניט דורכגעהן.

אין פערלויף פון דיזער צייט האַלטען די באַצילען אין איין שאַפען טאָקסינס אָדער גיפטען און אין צושיקען דיזע גיפטען דורך'ן קערפער. דער קערפער האַלט אויך אין אויסאַרבייטען געגען־גיפטען און אין קעמ־פען געגען דעם שעדליכען איינפלוס פון די באַצילען און זייערע גיפטען.

אויב אַלעס געהט צו אין אָרדענונג, אויב דער קראַנקער האָט נאָך גענוג ווידערשטאַנדס־קראַפט אין זיך, אויב די באַצילען זיינען ניט צו־שטאַרק פאַר'ן קערפער אָדער דער קערפער האָט נאָך גענוג ריזוירוו (זאַ־פאַס) געזונד, געלינגט איהם אין פערלויף פון פינף, זיבען אָדער ניין טעג אויסצואַרבייטען גענוג געגען־גיפט אויף צו פערניכטען דעם גיפט פון די ניומאָניאַ־באַצילען. ווען דאָס געלינגט, מאַכט דער פאַציענט דורך דעם קריזיס פון דער קראַנקהייט. פון דאַן פאַנגט דער קערפער זיך אָן צו ערהאָלען.

# דער קריזיס.

אום צו פערשטעהן דיזען „קריזיס" קען מען איהם פערגלייכען מיט דעם קריטישען מאָמענט פון א שלאַכט צווישען צוויי אַרמעען. דער קאַמף פלאַקערט אויף'ן גאַנצען שלאַכטפעלד. ביידע צדדים ווענדען אָן זייערע לעצטע קרעפטען אויף צו זיגען, מענשען פאַלען אויף'ן שלאַכטפעלד ווי די פליגען, בלוט גיסט זיך טייכענווייז. די פערטיידיגונגס־אַרמעע איז שוין אָפּגעשוואַכט, דאָס לעצטע ביסעל ריזוירוו־סאָלדאַטען בעטייליגען זיך אין קאַמף און דיזע קעמפען ווי פערצווייפעלט, אויב דער שונא זאָל קענען נאָך לענגער אויסהאַלטען איז די שלאַכט א פערלאָרענע.

אָבער אָט שאַלט דער טרומפייט פון שונא. דער פיינד ציהט זיך צוריק, ער אַנטלויפט אָדער גיט זיך אונטער. אין איין מאָמענט איז א מעג־ליכע נידערלאַגע פערוואַנדעלט געוואָרען אין זיכערען זיג. די אַרמעע איז נאָך פונקט אַזוי אויסגעמאַטערט ווי פריהער, אָבער די געפאַהר איז שוין פאַראיבער. אַלעס וואָס בלייבט יעצט צו טאָן איז אָפּצורייניגען די שלאַכט־פעלדער און צוריק אויפבויען די חרוב'ע שטעדט.

דאָס זעלבע פאַסירט אין אונזער קערפער אין צייט פון'ם קריזיס. קורץ פאַר דעם קריזיס איז דער קאַמף צווישען די פערטיידיגונגס־קרעפטען פון קערפער און די גיפטען פון די ניומאָניאַ־באַצילען אַם שטאַרקסטען און

דער קראַנקער איז אין יענער צייט מעהר קראַנק אָדער שטאַרקער קראַנק, ווי אין וועלכער עס איז אַנדערער צייט פון זיין קראַנקהייט. אויב דעם קערפּער געלינגט צו בעזיגען דעם שונא — די באַצילען און זייער גיפט, האָט ער בשלום דורכגעמאַכט דעם קריזיס. אזוי שנעל ווי דער שונא גיט זיך אונטער הערט דער קאַמף אויף און דער פּאַציענט, אַן אויסגעמאַטער־טער פון׳ם שווערען קאַמף, שלאָפט רוהיג איין.

דער ווייטערער גאַנג פון דער קראַנקהייט בעשטעהט אין אָפּרייניגען דעם שלאַכטפעלד און פעררריכטען דעם שאָדען, וואָס די באַצילען און זיי־ערע גיפטען האָבען פעראורזאַכט דעם קערפּער.

די גרעסטע צאָהל טויטע און פערוואונדעטע פון דיזער ניומאָניאַ־מלחמה געפינען זיך אויף׳ן שלאַכטפעלד אין די לונגען. אין צייט פון׳ם קריזיס זיינען די אַנגעגריפענע טיילען פון די לונגען פערהאַרטעוועט פול מיט בלוט און מיט צעלען פון די לונגען זעלבסט. ווען דער קריזיס איז פאַראיבער און דער קערפּער האָט געזיגט פאַנגט די פערהאַרטעוועטע טייל לונג אָן זיך צוריקקעהרען צו איהר נאָרמאַלען צושטאַנד. די פעדים־שטאָ־פען (פייברין) פון׳ם בלוט ווערען ביסלעכווייז אויפגעלעזט, דער סערום ווערט צוריק איינגעזאַפּט אין׳ם בלוט, די באַצילען ווערען אויפגעפרעסען און די בלוט־צעלען ווערען אָפּגעראַמט. די בלוט־צעלען — די סאָלדאַטען פון דעם קערפּער׳ס פערטיידיגונגס־אַרמעע, ווערען צוטיילט אין איינציגע קלאַסען. די געזונדע און די וואָס זיינען בלויז לייכט פערוואונדעט, ווערען צוריק איינגעזאַפּט אין׳ם בלוט און זיי שליסען זיך צוריק אָן דער רע־גולאַר אַרמעע. די טויטע, די שטאַרבענדע און די שווער פערוואונדעטע בלוט־צעלען ווערען אין שטיקער צוריסען, דאָס בלוט זויגט זיי איין, פיהרט זיי צו זייער אייביגער רוה, וואו זיי ווערען אויפגעלעזט און פון זייערע מאַטעריאַלען ווערען נייע בלוט־צעלען געשאַפען.

דאָס אַלעס פּאַסירט אין אַ געוועהנליך ניט קאָמפּליצירטען פאַל פון לונגען־ענטצינדונג ווען עס פּאַסירט ביי אַ מענשען, וועלכער איז געווען געזונד איידער די קראַנקהייט האָט זיך אַנגעפאַנגען ביי איהם. אין פיעלע פעלע אָבער ענטוויקעלט זיך לונגען־ענטצינדונג וועהרענד דער מענש ווערט אָפּגעשוואַכט פון אַן אַנדער קראַנקהייט, די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון קראַנקען איז דאַן פיעל קלענער און ער קען ניט אזוי שנעל בייקומען די ניומאָניאַ־באַצילען מיט זייערע טאָקסינס (גיפטען). עס פּאַסירט אויך, אַז דער מענש, וואָס קריגט לונגען־ענטצינדונג איז אַן אַלקאָהאָליקער, גע־

וואוינט צו טרינקען וואָס פאַר איהם איז אונגעזונד. אין אזא פאַל גע-דויערט די קראַנקהייט פיעל לענגער און דער רעזולטאַט איז ניט אַלע מאָל גינסטיג פאַר'ן מענשען.

אין פיעלע פעלע ברייננט די קראַנקהייט גאַנץ ערנסטע קאָמפּלי-קאַציעס.

„פּליוריסי״ (וואַסער אויף די לונגען), איז איינע פון דיזע נאָכוועה-ענישען פון לונגען־ענטצינדונג. מאַנכע מאָל ווערט די וואַסער פערוואַנ-דעלט אין מאַטעריע און דאַן איז די לאַגע אַ פיעל ערנסטערע. האַרץ־קראַנקהייט און נירען־קראַנקהייט קען קומען אַלס פאָלגע פון לונגען־ענט-צינדונג און פיעלע אַנדערע קראַנקהייטען קומען אַמאָל, אָבוואָהל ניט זעהר אָפט, אַלס פאָלגע פון דער ענטצינדונג פון די לונגען.

## די סימנים פון לונגען־ענטצינדונג.

עס זיינען פאַראַן צוויי בעשטימטע סאָרטען לונגען־ענטצינדונגען און איינע אונטערשיידעט זיך פון דער צווייטער ניט נאָר אין די סמנים פון דער קראַנקהייט, נאָר אויך אין דער ערנסטקייט פון דער קראַנקהייט און אין די אויסזיכטען פאַר'ן קראַנקען געזונד צו ווערען.

איין סאָרט לונגען־ענטצינדונג ווערט אָנגערופען „לאָבאַר ניומאָניאַ״. אין דיזער קראַנקהייט ווערט געוועהנליך בלויז איין גאַנצע טייל (איין „לאָב״) פון איין לונג אָנגעגריפען. די צווייטע סאָרט קראַנקהייט ווערט אָנגע-רופען „בראָנקאָ ניומאָניאַ״. אין דיזער קראַנקהייט ווערען קליינע טיילען פוןביידע לונגען אַרום די לופט־רעהרען אָנגעגריפען, (דיזע לופט־רעהרען הייסען בראָנקיי). מיר וועלען בעטראַכטען דיזע צוויי סאָרטען לונגען־ענטצינדונגען אַלס בעזונדערע קראַנקהייטען און וועלען צוערשט בעטראַכ-טען די סמנים פון „לאָבאַר ניומאָניאַ״.

דיזע קראַנקהייט גרייפט אָן מעהרסטענס ערוואַקסענע מענשען. די מעהרסטע פעלע פאַסירען אין די ווינטער און פריהלינג־מאָנאַטען. מענער ליידען פון דיזער קראַנקהייט מעהר ווי פרויען. דאָס איז ניט דערפאַר, וואָס די „ניומאָניאַ״־באַצילען האָבען אָבשיי פאַר אַ פרוי, נאָר דערפאַר, וואָס מענער געפינען זיך מעהר אונטער די אומשטענדען, וואָס העלפען בריינ-גען אָן אַטאַקע פון לונגען־ענטצינדונג. טרינקען צופיעל שנאַפּס, זיין צו-פיעל אויסגעמאַטערט און ערשעפּט פון שווערע אַרבייט און אין דער זעל-

בער צייט זיך צוקיהלען, אדער זיין אויסגעמאטערט פון אן אנדער קראנק-הייט העלפט די „ניומאניא"-באצילען אין זייער ארבייט. יעדע זאך, וואס שוואכט אפ די ווידערשטאנדס-קראפט פון קערפער, קען העלפען בריינ-גען לונגען-ענטצינדונג.

די קראנקהייט קומט געוועהנליך פלוצלינג. דער קראנקער פיהלט זיך פיבעריש און יעדעס מאל, ווען ער אטעמט טיף, דערפיהלט ער א שארפען שטאך אין זייט. די היץ האלט אין שטייגען און אין פערלויף פון 24 שטונדען צייט קען זי גרייכען ביז צו 104 אדער 105 גראד פארענ-הייט. דער קראנקער פיהלט זיך דאן אזוי שוואך, דאס ער מוז בלייבען ליגען אין בעט.

געוועהנליך ליגט דער קראנקער אויף דער אנגעגריפענער זייט אום מיט דעם געוויכט פון זיין קערפער צו סטאפען די בעוועגונגען פון דער אנגעגריפענער לונג. דאס פנים איז איהם פערפלאמט און די ליפען בלוי. ער קען ניט אטעמען טיף, ווייל יעדער טיפער אטעם-צוג שמערעצט איהם, אטעמט ער דערפאר זעהר שנעל און ניט טיף. אין פיעלע פעלע צושפריי-טען זיך די נאזלעכער מיט יעדען איינאטעמען אין א פערזוך אריינצונעה-מען וואס מעהר לופט, זיין פולס איז אויך שנעלער ווי געוועהנליך, אבער וועהרענד ביי א געזונדען מענשען שלאגט דער פולס פיר מאל צו יעדען אטעמצוג, קומט אוים ביי ניומאניא-קראנקע דריי אדער בלויז צוויי שלע-גען צו יעדען אטעמצוג אזוי שנעל אטעמט ער.

פון אנפאנג אן באלד ווי ער ווערט קראנק ליידעט ער פון א קורצען טרוקענעם הוסט. שפעטער פאנגט ער אן ארויפצוברייננען שליים געמישט מיט בלוט. זיין צונג איז טרוקען און בעדעקט. זיין פערדייאונגס-מע-כאניזם ארבייט ניט זעהר גוט און דער קראנקער ליידעט פון פערשטאפונג. אין זעהר ערנסטע פעלע איז דער קראנקער אין א בעוואוסטלאזען צושטאנד און רעדט פון היץ.

דיזער צושטאנד האלט אן פון פינף ביז צעהן טעג. וואס עס קומט פאר אין די לונגען אין פערלויף פון דיזער צייט האבען מיר שוין געזעהן. מיר האבען שוין אויך ערקלערט וואס עס קומט פאר אין דער צייט פון קריזיס, ווען די הויפט-געפאהר פון דער קראנקהייט פערשווינדעט.

באלד נאך'ן קריזיס פאלט די טעמפעראטור און דער קראנקער פאנגט אן זיך צו ערהאלען.

ניט אין אַלע פעלע פון לונגען=ענטצינדונג ענדיגט זיך די קראַנקהייט אויף אַזאַ אופן. ביי אַלטע לייט קומט די קראַנקהייט אָפט אָן לאַנגזאַם אַנשטאָט פּלוצלינג. די טעמפּעראַטור פון קראַנקען איז ניט זעהר הויך, דער פּולס איז ניט זעהר שנעל. אין פיעלע פעלע ברייגגט דער קראַנקער ניט ארויף קיין שליים בעפלעקט מיט בלוט. אין די מעהרסטע פעלע איז דער קראַנקער אין אַ האַלב בעוואוסטלאָזען צושטאַנד. די קראַנקהייט מאַ־טערט איהם שטאַרק אויס און ער שטאַרבט פון ערשעפּונג. ער האָט פּשוט קיינע כוחות ניט אריבערצוטראָגען די קראַנקהייט.

ביי קליינע קינדער פאַנגט די קראַנקהייט זיך אָפטמאָל אָן מיט ברע־כען און קאָנוואולסיעס. קאָפּוועהטאָג און האַלב=בעוואוסטלאָזיגקייט זיי־נען זעהר פּראָמינענטע סימנים און די קראַנקהייט זעהט אויס ווי אַ מאַרך=ענטצינדונג (מעגינגזשיטיס). די טעמפּעראַטור פון קינד איז זעהר הויך. די קראַנקהייט ענדיגט זיך אָבער זעהר שנעל און אויב דאָס קינד איז געווען געזונד איידער עס האָט געקראָגען לונגען=ענטצינדונג וועט עס במעט זי־כער געזונד ווערען.

פאַראַן אויך אַ פאָרמע פון לונגען=ענטצינדונג, וואו די סימפּטאָמען זיינען עהנליך צו די סימפּטאָמען פון טייפויד (דיזע סימפּטאָמען האָבען מיר שוין בעשריבען אין'ם קאַפּיטעל וועגען טייפויד פיבער). דיזע פאָר־מע פון דער קראַנקהייט איז זעהר אַן ערנסטע און אַ גרויסע צאָהל קראַנקע שטאַרבען.

ביי שכורים איז לונגען=ענטצינדונג אַ זעהר געפעהרליכע קראַנק־הייט. די ווידערשטאַנדס=קראַפט פון זייער קערפּער איז זעהר אָפּגעשוואַכט פון'ם אַלקאָהאָל און אַ זעהר גרויסער צאָהל דינער פון „באַככוס" פאַלען קרבנות אויף'ן אַלטאַר פון „קעפּטען ניומאָניאַ".

„בראָנקאָ=ניומאָניאַ", ווי מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, איז אַ גאַנץ בעזונדערע קראַנקהייט, וואָס פאַנגט זיך אָן אַלס ענטצינדונג פון די קליינע לופט=רעהרען (די בראָנקיי) אין די לונגען. דיזע קראַנקהייט גרייפט אָן מעהרסטענס זעהר יונגע קינדער און זעהר אַלטע לייט. די קראַנקהייט קען קומען פּלוצלינג צו אַ פּערזאָן, וואָס איז פריהער ניט געווען קראַנק, אָבער אין די מעהרסטע פעלע קומט זי אַלס אַ פאָלגע פון אַן אַנדער קראַנקהייט.

ביי קינדער קומט דיזע קראַנקהייט געוועהנליך אַלס אַ פאָלגע פון קייך=הוסט, מאָזלען, אינפלוענזא און דיפטעריא.

גענוי ווען די קראנקהייט פאנגט זיך אָן איז אָפטמאָל שווער צו זאָגען, ווייל די ערשטע סמנים פון בראָנקאָ ניומאָניא ווערען געוועהנליך מאסקירט פון די סמנים פון דער ערשטער קראנקהייט, פון וועלכער בראָנ-קאָ ניומאָניא איז א פאָלגע. די קראנקהייט פאנגט זיך אָן לאנגזאם אנ-שטאָט פלוצלינג. דער קראנקער איז שרעקליך אויסגעמאטערט, הוסט, און די טעמפעראטור איז הויך און אונרעגעלמעסיג. יעדער הוסט, וואָס ער טוט שמערצט איהם. ער אטעמט שנעל און פלאך און זיין פולס איז זעהר שנעל, אנשטאָט צו זיין פערפלאמט, איז זיין פנים בלייך און די ליפען זיי-נען בלוי. ביידע לונגען אנשטאָט איינע זיינען אָנגעגריפען.

עס זיינען דאָ אויך סמנים, וואָס נאָר א דאָקטאָר קען אויסגעפינען דורך עקזאמענירען דעם קראנקען'ס ברוסט־קאסטען און דיזע סימנים זיי-נען גאנץ פערשיידען אין ביידע קראנקהייטען.

# די אויסזיכטען פון קראנקען.

„דאָקטאָר, וועט ער בלייבען לעבען?" איז די וויכטיגסטע פראגע, וואָס מען שטעלט דעם דאָקטאָר אין יעדען פאל פון לונגען־ענטצינדונג. און פאר דער פאמיליע פון קראנקען איז דער ענטפער אויף דיזער פראגע וויכטיגער פון אלע אנדערע זאכען, וואָס האָבען א שייכות מיט'ן חולה.

דער ענטפער אויף דיזער פראגע איז ווי פאָלגט:

אויב דער קראנקער איז א יונגער מענש, וואָס טרינקט ניט קיין אל-קאָהאָלישע געטרענקע און איז געווען געזונד איידער ער האָט געקראָגען די לונגען־ענטצינדונג, זיינען די אויסזיכטען פאר איהם זעהר גוטע. פאר על-טערע מענשען, וואָס זיינען העכער זעכציג יאָהר אלט, זיינען די אויסזיכ-טען געזונד צו ווערען פיעל ערנסטער. פאר שכורים איז לונגען־ענטצינ-דונג א זעהר געפעהרליכע קראנקהייט. ניט פיעלע פון זיי לעבען איבער אן אטאקע פון לונגען־ענטצינדונג. און אונטער שכורים מיינען מיר ניט נאָר די, וואָס וואלגערען זיך אין די רינשטאָקס פון שכרות, נאָר אויך די, וואָס זיינען געוואוינט צו נעהמען צו „קאפעטשקעס" יעדען טאָג און זיי קענען זיך אָהן זייער קאפעטשקע ניט בעגעהן.

אויב איינער, וואָס ליידעט פון לונגען־ענטצינדונג, האָט נאָך אין דער זעלבער צייט אויך א הארץ אָדער נירען־קראנקהייט זיינען זיינע אויסזיכ-טען געזונד צו ווערען ניט קיין זעהר גלענצענדע.

# ווי זיך אויסצוהיטען פון לונגען־ענטצינדונג.

אין יאָהר 1904 האָט די באָארד אָוו העלטה פון דער שטאָדט ניו יאָרק בעשטימט א ספּעציעלע קאָמיסיע אויף אויסצופאָרשען וועגען און מיטלען ווי צו בעקעמפען דיזע ווייט פערשפּרייטע קראַנקהייט.

דיזע קאָמיסיע האָט אויסגעפונען פיעלע אינטערעסאַנטע זאַכען וועגען לונגען־ענטצינדונג. צווישען אַנדערעס האָט זי אויך אויסגעפונען דאָס אויסער דעם מענשליכען קערפּער אויף דער פרייער טרוקענער לופט און אין זונען־שיין ווערען די מיקראָבען, וואָס פעראורזאַכען לונגען־ענטצינדונג, זעהר שנעל פערניכטעט.

דאָס פערשפּרייטען זיך פון די באַצילען פון איין מענשען צום אַנדערען קומט פאָר מעהרסטענס אויף א דירעקטען אופן. די שפּייעכץ און סלינע פון דעם קראַנקען איז פול מיט די מיקראָבען און ווען ער הוסט, ניסט אָדער אפילו ווען ער רעדט פערשפּרייט ער ארום זיך קליינינקע טראָפּעלאך שפּייעכץ און אין דיזע טראָפּעלאך געפינען זיך ניומאָניא־מיקראָבען.

אויב איינער שטעהט נאָהענט צו אַזא קראַנקען ווען ער הוסט, ניסט אָדער רעדט, און קליינע טראָפּענס פון יענעם'ס שפּייעכץ פאַלען אויף דיזען מענשען'ס ליפּען, מויל אָדער נאָז, ווערט דיזער פערזאָן אַנגעשטעקט מיט די מיקראָבען פון לונגען־ענטצינדונג.

א צווייטער דירעקטער וועג, דורך וועלכען די מיקראָבען פון ניומאָניא פערשפּרייטען זיך פון איין מענשען צום אַנדערען, איז דורך קושען איינעם, וואָס ליידעט שוין פון דער קראַנקהייט. דאָס מויל און די ליפּען פון'ם קראַנקען זיינען בעדעקט מיט מיקראָבען און דורך'ן קושען דעם קראַנקען'ס ליפּען נעהמט מען זיך אָן מיט דער קראַנקהייט.

די קאָמיסיע האָט אויסגעפונען, דאָס אין האַלז פון פיעלע געזונדע מענשען געפינען זיך די מיקראָבען, וואָס פעראורזאַכען לונגען־ענטצינדונג. אַזוי לאַנג ווי דיזע מענשען זיינען קערפּערליך געזונד און שטאַרק האָבען דיזע מיקראָבען אויף זיי קיין ווירקונג ניט. אַזוי שנעל אָבער ווי דער מענש, וואָס טראָגט זיך ארום מיט די ניומאָניא־מיקראָבען, ווערט אָפּגעשוואַכט ווערט זיין ווידערשטאַנדס־קראַפט געגען די מיקראָבען קלענער. די מיקראָבען פערמעהרען זיך דאַן, שאַפען פיעל גיפט, וועלכע זיי פערשפּרייטען איבער'ן גאַנצען קערפּער, און דער מענש ווערט קראַנק.

מיר ווייסען נאָך פאָרלויפיג ניט גענוי דורך וועלכע מיטלען דעם מענשען'ס ווידערשטאַנדס=קראַפט ווערט אָפּגעשוואַכט און ווי אַזוי זי צו פערגרעסערען. וואָס מיר ווייסען יע איז, דאָס ווען מענשען געפינען זיך אין א צו=קאַלטער אָדער צו=הייסער אומגעבונג, ווען מענשען לעבען אין פערשטיקטער, ניט=פרישער לופט, ווען זיי טרינקען פיעל אַלקאָהאָלישע משקאות אָדער ווערען אָפּגעצערט פון פריהערדיגע קראַנקהייטען, קענען זיי ניט אויסהאַלטען די אַטאַקע פון די מיקראָבען און ווערען קראַנק. אַט דערפאַר זעהען מיר אַזוי פיעל ניומאָניא פעלע ווינטער=צייט און אין אָנפאַנג פריהלינג ווען די וועטערען זיינען שלעכטע, ווען מענשען וואוינען אין שטאַרק אָנגעהייצטע הייזער און די ענדערונגען פון די הייזער צו די פראָסטיגע לופט פון דרויסען איז א זעהר גרויסע.

די מיטלען, דורך וועלכע מען קען זיך אויסהיטען פון לונגען=ענטצינדונג, זיינען דאַרום פאָלגענדע:

ערשטענס אַזוי ווי באַצילען פערשפרייטען זיך פון איין מענשען צום אַנדערען דורך קליינע טראָפּעלאַך שפּייעכץ אָדער שליים, וואָס דער קראַנקער פערשפּרייט אַרום זיך דורך רעדען, הוסטען אָדער ניסען, דאַרף מען זיך היטען ניט צו שטעהן צו נאָהענט צו אַזא קראַנקען'ס מויל און איבערהויפּט ניט צו נאָהענט צום קראַנקען אויב מעגליך. די באַצילען פערשפּרייטען זיך אויך פון איין מענשען צום אַנדערן דורך קושען, ווי מיר האָבען שוין פריהער ערקלערט, און אויב מען קען זיך ניט אָפּהאַלטען פון קושען א געזונדען מענשען דאַרף מען אָם ווענינגסטען ניט קושען א קראַנקען. דיזע דינים פון פערזענליכע ריינליכקייט איז ניט אַזוי שווער דורכצופיהרען.

צווייטענס מענשען, וואָס זיינען פאָלקאָם געזונד און בעזיצען א גענוגענדע ווידערשטאַנד=קראַפט, ליידען געוועהנליך וועניגער פון לונגען ענטצינדונג, און אין פאַל זיי ווערען שוין קראַנק איז פאַר זיי לייכטער אויסצוהאַלטען די קראַנקהייט.

ווי אַזוי אויפצוהאַלטען א שטאַרקע ווידערשטאַנד=קראַפט אין קערפּער איז א פּראָבלעמע, וואָס דאַרף נאָך געלעזט ווערען. מיר ווייסען שוין אָבער פון אייניגע אורזאַכען, וואָס פערניכטען דעם מענשען'ס ווידערשטאַנדס=קראַפט צו לונגען=ענטצינדונג און צו די מעהרסטע אַנדערע קראַנקהייטען. מאַנכע פון דיזע אורזאַכען זיינען: זייער שטאַרקע היץ אָדער

קעלט, דאָס לעבען אין פערשטיקטע לופט, דאָס טרינקען אַלקאָהאָלישע גע-טרענקע און מאַנכע אַנשטעקענדע קראַנקהייטען.

די ערקלערונג ווי אַזוי אַזעלכע זאַכען פיהרען צו לונגען=ענטצינדונג איז אַ גאַנץ איינפאַכע. מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, דאָס די באַצי-לען געפינען זיך אין האַלז פון פיעלע געזונדע מענשען. אַזוי לאַנג ווי די-זע מענשען זיינען געזונד האָבען די באַצילען קיין שליטה ניט איבער זיי. קוים אָבער קיהלען זיך דיזע מענשען צו אָדער זייער קערפּער ווערט אָפּ-געשוואַכט דורך טרינקען צופיעל אַלקאָהאָלישע געטרענקע, קען דער קער-פּער זיך מעהר ניט וועהרען געגען די באַצילען און די לעצטע פאַנגען אָן צו פּראָדוצירען זייערע גיפטען. דער רעזולטאַט איז לונגען=ענטצינדונג.

אויפהאַלטען דאָס געזונד, ניט לעבען אין אַ פערשטיקטע לופט, ניט טרינקען קיין אַלקאָהאָלישע געטרענקע און זיך אויסהיטען פון די, וואָס האָבען שוין די קראַנקהייט, זיינען די איינציגע מיטלען, דורך וועלכע מען קען זיך אויסהיטען פון קריגען לונגען=ענטצינדונג.

אויב איינער האָט זיך אָבער ניט איינגעהיט און ער ווערט קראַנק, מוז ער זיך גלייך שטעלען אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר. לונגען-ענטצינדונג איז אַ זעהר ערנסטע קראַנקהייט, מיט זעהר ערנסטע פאָלגען און וואָס שנעלער דער קראַנקער איז אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָק-טאָר אַלץ בעסער.

## די בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט.

לויט די נייעסטע פאָרשונגען האָט מען אויסגעפונען, דאָס די מיק-ראָבען, וואָס פעראורזאַכען לונגען=ענטצינדונג, זיינען ניט אַלע גלייך. ביז יעצט האָט מען אויסגעפונען פיער פערשיידענע סאָרטען מיקראָבען און געגען איינע פון דיזע סאָרטען מיקראָבען האָט מען אויסגעפונען אַ סערום, וואָס ענטהאַלט אַ געגען=גיפט געגען זיי.

אויב אַ ליידענדער פון לונגען=ענטצינדונג האָט זיין קראַנקהייט צו פערדאַנקען דיזען ערשטען קלאַס מיקראָבען קען מען איהם איינשפריצען אַ געוויסען סערום און איהם דערמיט העלפען שנעלער געזונד צו ווערען. אין די מעהרסטע פעלע אָבער מוז מען לאָזען די קראַנקהייט געהן איהר וועג. פרישע לופט, קיין סאָלידע שפייז, פיעל וואַסער און מעדיצינס, וואָס זאָלען פערלייכטערען די ליידען פון קראַנקען און מאַכען איהם פיהלען אַזוי בעקוועם ווי נאָר מעגליך איז אַלעס, וואָס מען קען טאָן פאַר'ן קראַנקען.

פרישע, קיהלע, בעוועגליכע לופט איז פיעל וויכטיגער פאר'ן קראנ-קען, וואס ליידעט פון לונגען-ענטצינדונג ווי אלעס אנדערעס, וואס מיר קענען טאן פאר איהם. עס איז נאטירליך איבעריג צו בעמערקען, דאס דער קראנקער מוז זיך די גאנצע צייט געפינען אונטער דער אויפזיכט פון א דאקטאר, וועלכער וועט טרייען צו פערלייכטערען זיינע ליידען און פער-היטען איהם פון ערנסטע קאמפליקאציעס.



# טובערקולאזיס (קאנסאמפשאן).

**וואָס די קראַנקהייט איז — פון וואַנען זי נעהמט זיך — ווי אַזוי זיך אויס-צוהיטען פון איהר — און וואָס צו טאָן ווען איינער ליידעט שוין פון דיזער קראַנקהייט.**

„צוויי מאָל יעדע מינוט לעשט זיך דיזעס ליכט אויס און יעדעס מאָל, ווען עס ווערט פערלאָשען, שטאַרבט ערגעץ וואו אויף דער וועלט אַ מענש פון קאָנסאָמפשאָן. צוויי מענשען שטאַרבען יעדע מינוט, הונדערט מיט צוואַנציג מענשען יעדע שטונדע, 2880 מענשען — יעדען טאָג, אַ מיליאָן מענשען שטאַרבען יעדען יאָהר פון קאָנסאָמפשאָן".

אַ סקרוף איז דורכגעלאָפען מיין ליב, ווען איך האָב איבערגעלעזען דיזע אויפשריפט. דאָס איז געוועזען איינע פון די טובערקולאָזיס אויס-שטעלונגען, דורך וועלכע די ניו יאָרקער באָארד אָוו העלטה זוכט צו בע-לערנען דעם עולם ווי זיך אויסצוהיטען פון דיזער געפעהרליכער ווייסער פעסט.

און דאָס ליכט איבער דיזע אויפשריפט האָט זיך פונקט יעדע האַלבע מינוט אויסגעלאָשען און יעדעס מאָל האָט זיך עטוואָס אין מיר אָפּגעריסען און אַ געהיימע שטימע האָט יעדעס מאָל מיר געעגבערט אין מוח „נאָך איי-נער געשטאָרבען", „נאָך איינער געשטאָרבען".

קאָנסאָמפשאָן. דאָס איינציגע וואָרט איז גענוג אַרויסצורופען אין געדאַנק פון יעדען פון אונז אַ בעשטימטעס און דייטליכעס בילד. די קראַנק-הייט איז אַזוי וועיט פערשפּרייט, דאָס עס איז ניטאָ קיין איינציגער, וואָס האָט ניט צווישען זיינע אייגענע בעקאַנטע קרבנות פון דיזער ווייסער פעסט.

אַכציג פּראָצענט פון אַלע מענשען, ספּעציעל צווישען די איינוואוינער פון גרויסע שטעדט, זיינען ניט פריי פון דיזער קראַנקהייט. גליקליכער-ווייזע איז די קראַנקהייט אין די מעהרסטע מענשען ניט גענוג ענטוויקעלט.

די באַצילען, וואָס פּעראורזאַכען דיזע קראַנקהייט, זיינען ערגעץ וואו איינ־געשלאָסען אין אונזער קערפּער און אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען געזונד, אַזוי לאַנג ווי אונזער קערפּער האָט גענוג ווידערשטאַנדס־קראַפט אין זיך קע־נען דיזע באַצילען אונז קיין גרויסען שאָדען ניט טאָן. אָבער ווי נאָר מיר ווערען אָפּגעשוואַכט, אַזוי שנעל ווי דער ווידערשטאַנד־קראַפט פון אונ־זער קערפּער ווערט קלענער, טשוכען זיך דיזע באַצילען אויס פון שלאָף, פיהלען ניט מעהר קיין שטערונג פאַר זייער ענטוויקלונג און פאַנגען אָן זייער צושטערונגס־ארבייט.

עס איז דארום פון העכסטער וויכטיגקייט, דאָס יעדער פון אונז זאָל זיין בעקאַנט מיט דעם גאַנג און ענטוויקלונג פון דיזער קראַנקהייט און וויסען וואָס מיר קענען טאָן אום זיך אויסצוהיטען פון איהר און וואָס מיר דאַרפען טאָן, ווען מיר האָבען שוין געקראָגען די קראַנקהייט, צו פערהיטען זי זאָל זיך ניט מעהר ענטוויקלען.

ליידער בעציהען זיך נאָך ביז היינטיגען טאָג די מעהרסטע „געזונדע" מענשען צו די קאָנסאָמפּטיוו ווי צו די קרעציגע, און מיידען אויס צו שטעהן אין זייערע פיער איילען. דער רעזולטאַט איז, דאָס די קאָנסאָמפּטיוו זו־כען צו פערבאָרגען זייער קראַנקהייט, זיי בעהאַלטען זיך דערמיט, און ווען איינער פערדעכטיגט, דאָס ער ליידעט פון דער ווייסער פּעסט, מיידעט ער אויס צו געהן צו אַ דאָקטאָר טאָמער וועט יענער בעשטעטיגען דאָס וואָס ער אַליין פערדעכטיגט.

דער רעזולטאַט דערפון איז, דאָס פיעלע, וואָס וואָלטען געקענט לייכט אָפּשטעלען די ענטוויקלונג פון זייער קראַנקהייט, ווען זיי וואָלטען דאָס פריה אָנגעפאַנגען, פערנאַכלעסיגען דאָס און פערבאָרגען זייער צושטאַנד אַזוי לאַנג ווי מעגליך. ווען עס איז שוין מעהר ניט מעגליך צו פערבאָר־גען איז שוין געוועהנליך אויך צו שפּעט צו טאָן עטוואָס פאַר'ן אונגליקליכען.

און אין דער זעלבער צייט, דערפאַר וואָס ער האָט זיך געהיט, מען זאָל איהם חלילה ניט חושד זיין, דאָס ער טראָגט אין זיין קערפּער פערבאָר־גען גאַנצע אַרמעען פון טובערקולאָזיס באַצילען, האָט ער אויך אָנגעשטעקט אַנדערע מענשען מיט זיין קראַנקהייט.

דער שטילער חרם פון די „געזונדע" אויף די קאָנסאָמפּטיווס אין דער האָפענונג, דאָס זיי די „געזונדע" וועלען זיך ניט אָנשטעקען פון די קראַנקע איז דארום אַן אונגליק פאַרביידען. עס צווינגט די קראַנקע צו פערנאַכלעסיגען זייער קראַנקהייט ביז עס איז צו שפּעט זיי צו העלפען,

און אין דער זעלבער צייט צווינגט עס די קראַנקע זיך ניט צו היטען און אַנשטעקען פיעלע פון די, מיט וועלכע זיי קומען אין בעריהרונג.

ניט ווילענדיג און פיליכט אליין ניט וויסענדיג נעהמען די קאָנסאָמפּ־טיווס אַ שרעקליכע ראַכע אָן די „געזונדע" פאַר דעם, וואָס מען היט זיך פאַר זיי ווי פאַר קרעציגע און דאָס העלפט אימער צו פערגרעסערן די צאָהל קרבנות פון דער ווייסער פעסט.

אויב מיר זאָל געלינגען אויף וויפיעל עס איז אויפצוקלערן דיזען טעות, צו בעקעמפען כאָטש איניגע לעזער פון דיזע ציילען נעהנטער מיט דער נאַטור פון דיזער קראַנקהייט, ווי אַזוי זיך אויסצוהיטען פון איהר און וואָס צו טאָן אין פאַל איינער איז שוין אַ קרבן פון דער ווייסער פעסט, וועל איך בעטראַכטען מיין ארבייט אַלס אַן ערפאָלג.

---

ווען מען רעדט פון קאָנסאָמפּשאָן אָדער טובערקולאָזיס פערשטעהט דער געוועהנליכער לעזער, דאָס די קראַנקהייט איז אין די לונגען. אין דער אמת'ן איז לונגען־טובערקולאָזיס בלויז אַ טייל פון דער קראַנקהייט, וואָס ווערט בעצייכענט מיט דעם נאָמען טובערקולאָזיס.

די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט פון אַ געוויסען סאָרט באַצילען און דיזע באַצילען קענען אַטאַקירען אירגענד וועלכען טייל פון אונזער קערפּער.

אויף יעדען פּלאַץ, וואו אַ גרופּע באַצילען געפינען זיך, צושטערען זיי די געוועבען פון קערפּער און פעראורזאַכען אַ וואונד. די געוועבען אַרום דיזען פּלאַץ פאָרמירען אַ שטאַרקע וואַנד אין אַ פערזוך צו פער־שפּאַרען די באַצילען און זיי ניט לאָזען זיך פערשפּרייטען און אָנטאָן נאָך מעהר שאָדען, ווי זיי האָבען שוין אָנגעטאָן. די וואונד צוזאַמען מיט די־זער פערהאַרטעוועטער וואַנד זעהט אויס ווי אַ קליינע פערהאַרטעוועטע בלעזעל (אויף ענגליש טובערקעל) און דאַרום ווערט דיזע קראַנקהייט גע־רופען „טובערקולאָזיס". דעם צווייטען נאָמען „קאָנסאָמפּשאָן" אָדער „שווינדזוכט", ווי די דייטשער רופען עס, האָט דיזע קראַנקהייט דערפאַר, וואָס איהרע קרבנות ווערען שנעל אויסגעצערט און פערלירען זעהר פיעל פלייש פון זייער קערפּער.

ווי שוין געזאָגט קענען די באַצילען אַטאַקירען אירגענד וועלכען טייל פון אונזער קערפּער און מיר האָבען טאַקע פיעלע סאָרטען טובערקולאָזיס־

קראַנקע, גרופּירט לויט דעם טייל פון קערפּער, וואו די קראַנקהייט גע-
פינט זיך.

דאָ אָבער וועלען מיר רעדען פון לונגען-טובערקולאָזיס, ווייל בלויז
דיזע צווייג פון דער וויסער פּעסט פערשטעהען אונזערע לעזער, ווען זיי
רעדען וועגען טובערקולאָזיס.

# אונזערע לונגען.

אום צו פערשטעהן די ערנסטקייט פון לונגען-טובערקולאָזיס איז נוי-
טיג צוערשט האָבען אַ קלאָרען בעגריף וועגען אונזערע לונגען, וואָס זיי
זיינען, וואָס איז זייער אויפגאַבע און ווי אַזוי זיי ערפיהלען דיזע אויפגאַבע.

אין דעם קאַפּיטעל וועגען לונגען-ענטצינדונג האָבען מיר שוין גע-
האַט די געלעגענהייט צו בעשרייבען עטוואָס גענוי אונזערע לונגען. אום
צו פערשפּאָרען דעם לעזער די אַרבייט פון אויפזוכען יענע בעשרייבונג
וועלען מיר דאָ אין קורצען ווידערהאָלען אונזער בעשרייבונג וועגען די
לונגען.

מיר זיינען זיכער, דאָס יעדער פון אונזערע לעזער ווייס וואָס עס
הייסט אַ „טשאַד". אַן אויוועז, אום ער זאָל קענען גוט ברענען, מוז האָ-
בען אַ קוימען, דורך וועלכען עס ציהט זיך אַ לופט-צוג צו די קויהלען. ווען
דער קוימען איז פערמאַכט און קיין לופט קומט ניט צו צו די קויהלען קע-
נען זיי ניט ברענען. ווען דער קוימען איז פערשטאָפּט, אָדער ווערט פער-
מאַכט איידער די קויהלען האָבען אין גאַנצען אויסגעברענט, ווערט אַ טשאַד
אין הויז. די שעדליכע גאַזען, וואָס ווערען פּראָדוצירט בעת די קויהלען
ברענען, פילען אָן דאָס הויז און פערגיפטען די איינוואוינער, אויב יענע
רעטען זיך ניט בעצייטענס.

דער קוימען האָט דאַרום אַ צווייפאַכע אויפגאַבע: בעזאָרגען דעם
אויוועז מיט פרישע לופט אום די קויהלען זאָלען קענען ברענען און אוועק-
פיהרען די שעדליכע גאַזען, וואָס ווערען פּראָדוצירט ביים ברענען.

אונזערע לונגען פערנעהמען דעם פּלאַץ פון אַ קוימען פאַר אונזער
קערפּער. אין אונזער קערפּער ברענט אויך אַ שטענדיגעס פייער, אָבוואָהל
אָהן אַ פלאַם. די שפּייז, וואָס מיר עסען זיינען די קויהלען. דורך דיזען
פייער קריגען מיר אונזער וואַרעמקייט און די ענערגיע צו בעוועגען זיך
און טאָן אַרבייט. אום דאָס פייער אין אונזער קערפּער זאָל קענען שטענ-
דיג אָנהאַלטען און ניט פערלאָשען ווערען מוזען מיר קריגען אַ שטענדיגען

שטראָם פון פרישע לופט. אזוי ווי ביים ברענען אין אונזער קערפּער ווע-
רען אויך פּראָדוצירט שעדליכע גאזען מוזען זיי ארויסגעפיהרט ווערען פון
קערפּער צו פערהיטען אונז פון פערגיפטונג. אונזער קערפּער נויטיגט זיך
דארום אין א קוימען פונקט ווי א געוועהנליכער אויוועז, און אונזערע לונ-
גען ערפילען דיזע אויפגאבע פון קוימען און טאקע אויף דעם זעלבען
שטייגער.

ווי אזוי טוען זיי דאָס? וועט איהר פרעגען. אָט ווי אזוי:

די לונגען זיינען צוויי גרויסע זעק, וואָס געפינען זיך אין ברוסט=
קאסטען. זיי פילען אוים כמעט די גאנצע אויבערשטע העלפט פון אונ-
זער קערפּער, לאָזענדיג קוים פּלאַץ גענוג פאר'ן הארץ און ושט (עסאָפאגוס)
אָדער שפּייז-רעהר, וואָס ציהט זיך פון מויל צום מאָגען. יעדע לונג בעשטעהט
פון פיעלע קלייניקע צוויי=גאָרענדיגע זעקעלאך. די אונטערשטע טיילען פון
דיזע זעקעלאך שטעהען אין פערבינדונג מיט די בלוט=אָדערען פון הארצען
און דאָס גאנצע בלוט פון קערפּער שטראָמט דורך דורך זיי יעדע 27 סע-
קונדען. די אויבערשטע טיילען פון די זעקעלאך שטעהען אין פערבינ-
דונג מיט דער גרויסער לופט=רעהר, וואָס ציהט זיך פון מויל ביז צו די
לונגען.

צווישען די צוויי טיילען פון יעדען זעקעלע געפינט זיך א דיניקע
הייטעלע און דורך דיזע הייטעלע גיט דאָס בלוט אָפּ די שעדליכע גאזען,
וואָס עס נעהמט צונויף שטראָמענדיג דורך'ן קערפּער און נעהמט אויף
פרישע לופט מיט פיעל זויער=שטאָף אויף צו צוטיילען צו די צעלען פון
קערפּער, ווען דאָס בלוט מאַכט די נעקסטע רייזע דורך די בלוט=רעהרען.

יעדעס מאָל וואָס מיר אָטעמען איין נעהמען מיר אויף פרישע לופט
פאר'ן בלוט אין די לונגען, יעדעס מאָל וואָס מיר אָטעמען אוים ווערען
מיר פּטור פון א טייל פון די שעדליכע גאזען, וואָס דאָס בלוט האָט צוזא-
מענגענומען פון קערפּער און געבראַכט צו די לונגען.

ווען די לופט=זעקעלאך פון די לונגען ווערען פערשטאָפּט האָבען
מיר אין אונזער קערפּער דעם זעלבען צושטאנד ווי אין אן אויוועז ווען דער
קוימען ווערט פערשטאָפּט. — דאָס פייער קען ניט ברענען און די שעדליכע
גאזען פון אויוועז פעראורזאַכען א טשאד און דערשטיקען אָדער פערגיפטען
די איינוואוינער פון הויז — דאָס פייער פון אונזער קערפּער קען ניט ברע-
נען און די שעדליכע גאזען, וואָס דער קערפּער פּראָדוצירט דערשטיקען

אָדער פערגיפטעטן די צעלען פון אונזער קערפּער. די ענדע פון אויוועןן איז, דאָס ער וועט פערלאָשען, די ענדע פון דעם קערפּער אין זעלבען צו-שטאנד איז — ער שטארבט.

אונזער בילד פון די לונגען, וועט אָבער ניט זיין פאָלקאָם אָהן א קור-צע בעשרייבונג ווי אזוי די איינציגע לופט-זעקעלאך שטעהען אין פער-בינדונג מיט דער גרויסער לופט-רעהר, וואָס געפינט זיך אין אונזער האלז.

ווען מיר אטעמען איין לופט דורך דער נאָז לויפט דער שטראָם דורך די אונטערשטע טייל נאָז און גרייכט די טייל פון אונזער האלז, וואָס איהר קענט זעהן אין אונטערגרונד פון מויל. דאָרטען טרעפט דער לופט-שטראָם אן אָפענער רעהר און אזוי ווי דאָס איז די איינציגע עפענונג אין יענעם פּלאַץ מוז די לופט זיך אהין אריינכאַפּען.

דיזע עפענונג איז דער אָנפאנג פון דער גרויסער לופט-רעהר. אום די רעהר זאָל זיין שטענדיג אָפען איז זי בעזאָרגט מיט רייפען פון „קאר-טילעדזש" (כראָמשקע), וואָס מאַכען שטייף די פאָדערשטע און זייטיגע טיילען פון דער רעהר. ווען מיר עסען אָדער טרינקען ווערט די אויבער-שטע עפענונג פון דער רעהר פערשטעלט אום די שפּייז אָדער וואסער זאָל זיך ניט אריינכאַפּען אין איהר.

דיזע איינציגע לופט-רעהר ציהט זיך ביז די אויבערשטע טייל פון אונזער ברוסט-קאַסטען. געגענאיבער די צוויטע פּאָר ריפּען צוטיילט זיך דיזע רעהר אין צוויי צווייגען, א צווייג פאר יעדע לונג. דיזע עטוואָס קלע-נערע רעהרען, אויף זייער וועג דורך די לונגען גיבען ארויס פון זיך פיעלע קלענערע רעהרען, יענע גיבען ארויס פון זיך נאָך קלענערע רעהרען און אזוי פערצווייגט זיך דיזע סיסטעמע פון לופט-רעהרען אין אלץ קלענערע און דינערע רעהרעלאך ביז זיי ענדיגען זיך אין גרופּעס איינפאַכע לופט-זעקע-לאך ווי מיר האָבען אויבען בעשריבען.

די אינערליכע טיילען פון דיזע לופט-רעהרען זיינען בעזאָרגט מיט א שליימיגע הויט, וואָס האלט אין איין ארויסגעבען פון זיך א שליימיגע פליסיגקייט צו האלטען שטענדיג פייכט דעם וועג, דורך וועלכען די לופט געהט דורך.

די צעלען פון דיזער שליימיגער הויט זיינען אויך בעזאָרגט מיט קליינע הערעלאך, וואָס שטעקען ארויס אין דער רעהר ווי גראָבליעס און

כאפען אויף שטיקלאך שטויב און אויך מאנכע באצילען, וואס די לופט האט פערשלעפט.

## פון וואנען נעהמט זיך קאנסאמפשאן?

מיר ווייסען שוין יעצט, דאס טובערקולאזיס ווערט פעראורזאכט פון אזעלכע קלייניקע בעשעפעניסע, וואס מיר רופען באצילען. אבער פון וואנען נעהמען זיך דיזע באצילען? וואו געפינט זיך ערגעץ דער אונער־שעפפליכער קוואל, פון וואנען דיזע באצילען קומען? ווער בעזארגט עס דיזע קליינע מחבלים אין אזא ריעזיגע צאהל צו טויטען מיליאנען מענשען?

ווי אזוי די ערשטע באצילען זיינען בעשאפען געווארען אדער האבען זיך ענטוויקעלט דאס ווייסען מיר נים. פונקט ווי מיר ווייסען ניט ווי אזוי דאס ערשטע איי, פון וועלכע די ערשטע הון איז געקומען, האט זיך בעוויזען אויף דער וועלט. וואס מיר ווייסען יע איז, דאס דער קוואל פון וואנען די באצילען קומען יעצט, געפינט זיך אין די קערפערם פון די מענשען, וואס ליידען פון דער קראנקהייט. די מענשען זעלבסט שטעלען צו די באצילען פאר זייער אייגענער פערניכטונג.

איינער, וואס ליידעט פון טובערקולאזים אין די לונגען, טראגט ארום אין זיינע לונגען מיליאנען פון די באצילען און האלט אין איין שא־פען נייע מיליאנען אויף'ן ארט פון די, וואס פערלאזען זיין קערפער. דיזע באצילען געפינען זיך אויך אין די ליחות, „שפייעכץ" פון'ם קראנקען, און ווען ער איז נים פארזיכטיג מיט זיין הוסטען און שפייט וואו ער גע־פינט זיך אין גאס אדער הויז שיקט ער ארוים אין דער פרייער וועלט צוזאמען מיט זיין שפייעכץ און מיט די פייכטקייט פון זיין מויל ביים הוס־טען גאנצע רעגימענטען באצילען. דיזע מישען זיך אוים מיט'ן שטויב און דער ווינד צוטראגט זיי אויף זיינע פליגעל און בריינגט זיי צו אונז אלס מתנה פון דעם אונפארזיכטיגען קראנקען.

## ווי אזוי די קראנקהייט פערשפרייט זיך.

דיזע שטויב צוזאמען מיט די באצילען אטעמען מיר איין, ספעציעל ווען מיר געפינען זיך נאהענט צו די נאכלעסיגע מענשען, וואס ליידען פון דער קראנקהייט. די צעלען מיט די הערעלאך, וואס שטעקען ארוים ווי גראבליעס פון די וואנד פון אונזער לופט־רעהר, טרייען צו פערהאלטען דעם שטויב מיט די באצילען. אבער ניט אלע מאל געלינגט עס זיי. דיזע באצילען,

דארפט איהר וויסען, זיינען זעהר קליין און ערשט, ווען מען פערגרעסערט זיי טויזענד מאָל מיט אַ מיקראָסקאָפּ, קען מען זיי קוים דערזעהן.

די באַצילען גנב'ענען זיך דארום דורך די לופט־רעהר און בעהאַלטען זיך אין די לופט־זעקעלאַך פון די לונגען אָדער אין די ענגערע קלייניקע לופט־רעהרען נאָהענט צו די לופט־זעקעלאַך.

אין די לונגען פיהלען זיי זיך גאַנץ בעקוועם. די וואָרעמקייט פון קערפּער איז פּאָר זיי פּונקט ווי געוואונשען, זיי האָבען אויך גענוג פרישע לופט און שפּייז, און זיי לעבען אַ גוטען טאָג און פערמעהרען זיך מיט אַן אונגעהייערע שנעלקייט. דאַביי פרעסען זיי אויף און צושטערען די געוועבע פון די לונגען און זאמלען אָן אין זייערע קערפּערס געוויסע גיפטען. דאָס לעבען פון די באַצילען איז זעהר קורץ און ווען זיי שטאַרבען ווערען די גיפּטיגע מאַטעריאַלען פון זייערע קערפּערס פערשפּרייט דורך'ן בלוט פון אונזער אייגענעם קערפּער.

ווען די באָארד אָוו העלטה און אַלע די, וואָס בעקעמפּען טובערקולאָזיס, וואָרנען ניט צו שפּייען אין עפענטליכע פּלעצער איז דאָס אַלזאָ ניט קיין קאַפּריז פון זייער זייט. דאָס נאַכלעסיגע שפּייען אין עפענטליכע פּלעצער און אַפילו אין פּריוואַטע הייזער איז דער הויפּט־קוואַל, דורך וועלכע די באַצילען, וואָס פעראורזאַכען קאָנסאָמפשאָן, פערשפּרייטען זיך פון איין מענשען צום אַנדערען.

אַ צווייטער וועג ווי די טובערקולאָזיס־באַצילען אַטאַקירען אונז, ספּעציעל די קליינע קינדער, איז דורך די מילך פון די בהמות, וואָס ליידען פון טובערקולאָזיס.

די באַצילען, וואָס פעראורזאַכען טובערקולאָזיס אין בהמות, זיינען עטוואָס אַנדערש ווי די, וואָס פעראורזאַכען די זעלבע קראַנקהייט ביי מענשען. אויף ערוואַקסענע מענשען האָבען דיזע באַצילען פון די בהמות קיין ווירקונג ניט, אָבער אויף קינדער ווירקען זיי יע, און ווען אַ קינד ווערט געהאָדעוועט מיט מילך פון אַ בהמה, וואָס ליידעט פון קאָנסאָמפשאָן, איז דאָס קינד אין גרויס געפאַהר קראַנק צו ווערען פון טובערקולאָזיס.

אין דיזע פאַל קומען די באַצילען צוערשט אין מויל, מאָגען און קישקעס און פון דאָרטען ווערען זיי צופיהרט איבער די אַנדערע טיילען פון קערפּער.

ווען די שטאָדט און סטייט־בעאַמטע זיינען דארום שטרענג מיט דער אויפּפּאַסונג אויף מילך־פּאַרמס און אויף אַלע, וואָס האַנדלען מיט

מילך. ווען זיי פערדאמען אמאָל און פערניכטען א סען מילך ביי אן אָרע-מען גראָסערי מאַן מיינט ניט, אז זייער איינציגער צוועק איז צו רואינירען דעם אָרעמען מילך־הענדלער. בעטראַכט זיי ניט אלס אייערע שונאים, פערקעהרט איהר דארפט זיי העלפען אין זייער פערזוך צו פערהיטען אונ-זערע קליינע קינדער פון די פערשיידענע קראנקהייטען, וואָס זיי קענען קריגען דורך אונריינע מילך.

קינדער גלייכען אויך צו קריכען אויף דער ערד און נעהמען אין מויל אריין יעדע זאך, וואָס זיי געפינען. אין א הויז, וואו עס געפינט זיך א קאָנסאָמפּטיוו, וואָס איז ניט פּאָרזיכטיג און שפּייט וואו ער שטעהט און געהט, איז זיכער, אז דאָס קינד וועט פריהער אָדער שפּעטער נעהמען אין מויל עטוואָס, וואָס וועט האָבען אויף זיך באצילען פון קראנקען'ס ליחות אָדער שפּייעכץ. אין דיזען פאל קריגט דאָס קינד אין מאָגען באצילען, וואָס פערורזאכען טובערקולאָזיס אין מענשען ניט אין בהמות. די גע-פאהר פאר'ן קינד אין דיזען פאל איז פיעל גרעסער.

ערוואקסענע מענשען קענען אויך קריגען טובערקולאָזיס באצילען דורך עסען שפּייז, וואָס קומט פון קאָנסאָמפּטיוו בהמות, אָדער שפּייז. וואָס איז פערפּעסטעט געוואָרען דורך די הענט פון נאכלעסיגע קאָנסאָמפּ-טיוו מענשען, קיכער, בעקער א. ד. גל.

## פערשיידענע פאָרמען פון לונגען־טובערקולאָזיס.

ניט אלע קאָנסאָמפּטיווס זיינען גלייך קראנק און ניט אלע, וועמעס לונגען ווערען אָנגעגריפען פון די טובערקולאָזיס באצילען, האָבען די זעל-בע ענדע.

פאראן א פאָרמע פון דער קראנקהייט, וואָס שיינט אויסצוקלייבען גראדע די געזונדע און שטארקע מענשען, וואָס וואָלטען דאכט זיך געדארפט קענען ווידערשטעהן די אטאקעס פון אלע סאָרטען באצילען. די וועג, דורך וועלכע דיזע פאָרמע פון דער קראנקהייט גרייפט אָן דעם מענשען איז, ווען ער „כאפּט" א קאלטען צוג־ווינט אין צייט ווען זיין קערפּער איז בע-דעקט מיט שוויים.

אין אָנפאנג שיינט עס צו זיין אן איינפאכע לונגען־ענטצינדונג און ערשט אין צעהן צוועלף טעג ארום געפינט מען אויס די אמת'ע נאטור פון דער קראנקהייט. אָבער דער קראנקער איז שוין דאן יעדענפאלס א פער-

לאָרענער. פון צוויי ביז פיער וואָכען איז די לענגסטע צייט, וואָס דער אונגליקליכער ציהט ביז ער ווערט ערלייזט פון זיינע ליידען.

פאַראַן אַ צווייטע פאָרמע פון לונגען־טובערקולאָזיס, וואָס מען בע־צייכענט מיט'ן נאָמען „גאַלאָפּינג קאָנסאָמפּשאָן". דער נאָמען אליין זאָגט דייטליך, דאָס די קראַנקהייט דויערט ניט לאַנג. די הויפּט־כאַראַקטעריס־טיק פון דיזער פאָרמע טובערקולאָזיס איז, דאָס דער אונגליקליכער ווערט שרעקליך שנעל אויסגעצערט. פון טאָג צו טאָג פערלירט ער געוויכט, ער געהט פּשוט אויס פאַר אייערע אויגען.

די מעהרסטע קאָנסאָמפּטיווס ליידען אָבער פון אַ פאָרמע טובער־קולאָזיס, וואָס די דאָקטוירים בעצייכענען מיט'ן נאָמען כראָניש. און מיט דיזע וועלען מיר זיך אינטערעסירען אויף דיזען פּלאַץ. די אונגליק־ליכע פון די ערשטע צוויי קלאַסען קענען מיר ווייניג וואָס העלפען. העכ־סטענס קען מען פערלייכטערען זייערע ליידען אין דער קורצער צייט, וואָס זיי איז נאָך געבליבען צו מוטשען זיך אויף דיזער וועלט. די כראָנישע קראַנקע אָבער קענען, אונטער גינסטיגע אומשטענדען, לעבען פיעלע יאָה־רען, אריבערלעבען פיעלע געזונדע מענשען, אויב זיי ווייסען זיך נאָר ווי אָפּצוהיטען. עס זיינען אויך דיזע כראָנישע קראַנקע, ווען זיי ווייסען זיך ניט ווי אָפּצוהיטען, וואָס זיינען די בעסטע אַגענטען פון קאָנסאָמפּשאָן מלאך המות און די גרעסטע געפאַהר פאַר זייערע מיטמענשען, ווייל אין די פילע יאָהרען פון זייער לעבען האָבען זיי אַ געלעגענהייט אָנצושטעקען הונדערטע מענשען, מיט וועמען זיי קומען אין בעריהרונג.

## די ערשטע סימנים פון דער קראַנקהייט.

ווען מען זאָגט אַ דורכשניטליכען פּראָסטען מענשען, דאָס אַ גע־וויסער פּערזאָן ליידעט פון קאָנסאָמפּשאָן, איז די ערשטע פראַגע, וואָס ער שטעלט אייך: „שפּייט דער פּערזאָן מיט בלוט?".

„שפּייען מיט בלוט" אָדער אַ בלוט־שטורץ איז ביים פּראָסטען עולם אָנגענומען אלס דער ערשטער און זיכערסטער סמן פון טובערקולאָזיס און אַזוי לאַנג ווי איינער שפּייט נאָך ניט מיט בלוט איז ער נאָך ניט ערנסט קראַנק.

דער אמת איז, דאָס אַ בלוט־שטורץ איז זעלטען ווען דער ערשטער, ניט אַלע מאָל דער וויכטיגסטער, און מאַנכעס מאָל איבערהויפּט גאָר קיין סימן ניט פון דיזער קראַנקהייט. דאָס איינציגע גוטעס, וואָס קומט ארויס

פון דיזער בלוט=שטוריץ איינרעדעניש איז, דאָס ווען איינער דערזעהט ביי זיך א בלוט=שטוריץ, ווי קליין דאָס זאָל ניט זיין, ווי וועניג בלוט ער זאָל ניט פערלירען, דערשרעקט ער זיך גלייך און לויפט צו א דאָקטאָר. אין מאנכע פעלע איז אַלזאָ דער בלוט=שטוריץ אַן אמת'ער גליק פאר'ן פּאציענט.

אין פיעלע פעלע, ספּעציעל ביי אַזעלכע מענשען, וואָס קענען זיך ניט ערלויבען צו מאכען א וועזען פון יעדע לייכטע קראנקהייט, אָדער סטאָפּען פון דער אַרבייט און בעזוכען א דאָקטאָר יעדעס מאָל, ווען זיי פיהלען עפּעס ניט מיט אַלעמען, גנב'עט זיך דיזע קראַנקהייט אריין אונבעמערקט. דער קראַנקער פיהלט, אז ער איז ניט געזונד, אָבער וואָס איהם פעהלט קען ער בעשטימט ניט זאָגען, ער קען ניט אָנצייגען אויף קיין איינציגען אבר, וואָס זאָל איהם וועה טאָן מעהר ווי אַן אַנדערער און דענקט, אז ער איז פּשוט פויל צו דער אַרבייט.

ווען ער דערפיהלט שוין א וועהטאָג, וואָס איז שטארק גענוג, דאָס ער בעשליסט צו געהן צו א דאָקטאָר, האָט שוין די קראַנקהייט געוועהנליך ווייט פּראָגרעסירט און די באַצילען האָבען שוין געמאכט א היבשען חרבן אין זיינע לונגען.

אין די מעהרסטע פעלע פאנגט זיך די קראַנקהייט אָן מיט אַן איינ-פאכען „קאָלד". דער צוקונפטיגער קאָנסאָמפּטיוו ליידעט, ווי ער גלויבט, פון א פערנאכלעסיגטען קאָלד, פון וועלכען ער קען ניט פּטור ווערען.

ביי דער קלענסטער געלעגענהייט, וואָס שאדעט קיינעם ניט, „כאפּט ער א קאָלד". דאַן אַזוי שנעל ווי ער קיהלט זיך שטארק צו, ספּעציעל אין א נאסען וועטער, פאנגט ער אָן שטארק צו הוסטען. דאָס הוסטען פער-שאפט איהם זעהר פיעל אונאנגענעהמליכקייטען און ער געהט געוועהנליך צו א דאָקטאָר בעטען א מיטעל צו סטאָפּען דאָס הוסטען. דער דאָקטאָר עקזאַמענירט די לונגען פון זיין פּאציענט און געפינט דאָרטען סמנים פון טובערקולאָזיס.

די ערשטע סמנים פון דיזער קראַנקהייט זיינען אָפטמאָל אַזעלכע, וואָס האָבען דאכט זיך קיין שום שייכות ניט צו די לונגען. די קראַנקהייט קען זיך אָנפאנגען מיט סמנים פון מאָגען=טראָבעל, דער קראַנקער ברעכט, זיין מאָגען קען ניט פערטראָגען קיין שפּייז און דער קראַנקער זוכט געוועהנ-ליך א רפואה צום מאָגען און ווייס ניט, אַז דער מאָגען=טראָבעל איז בלויז אַן אויסדרוק פון דער קראַנקהייט, וואָס ער האָט אין די לונגען.

אין אנדערע פעלע פאנגט זיך די טובערקולאָזיס אָן מיט סימנים פון מאלאריא. דער קראנקער האָט פיבער, אָבער אָבוואָהל די אינערליכע היץ פון זיין קערפּער איז פיעל העכער ווי געוועהנליך, ווארפט איהם אַ צאָהן אָן א צאָהן פאר קעלט. דיזער צושטאנד האלט אָן א קורצע צייט און דאן ווערט איהם ווארעמער, א שוויים בערעקט זיין גאנצען קערפּער, מאנכעס מאָל באָדט ער זיך איינפאך אין שוויים און ער שלאָפט דאן איין.

דיזער צושטאנד ווידערהאָלט זיך יעדען טאָג אָדער יעדע צוויי טעג און די דאָקטוירים פערדעכטיגען געוועהנליך, דאָס דער קראנקער ליידעט פון מאלאריא און בעהאנדלען איהם פאר דיזער קראנקהייט. אמאָל טרעפט טאקע, אז מאלאריא און טובערקולאָזיס פאנגען זיך גלייכצייטיג אָן, אין פיעלע פעלע אָבער ווערט דער פיבער, וואָס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר מאלאריא, פערורזאכט פון טובערקולאָזיס באצילען.

דער ערשטער סימן פון טובערקולאָזיס קען אויך זיין א הייזעריגקייט, ווען די באצילען גרייפען פריהער אָן דעם האלז און די שטים־בענדער (די פאלדען פון האלז, וואָס וויברירען בעת מיר רעדען).

אָפטמאָל דערוויסט זיך דער פאציענט, דאָס ער איז קראנק ערשט דאן, ווען ער האָט א בלוט־שטורץ. געוועהנליך פאסירט דער ערשטער בלוט־שטורץ ביינאכט. אָהן שום ווארנונג דערפיהלט דער פערזאָן, דאָס זיין מויל ווערט פול מיט א ווארעמע געזאלצענע פליסיגקייט. די אָנזיכט פון בלוט דערשרעקט זעהר יעדען קראנקען, ספּעציעל די וואָס גלויבען, דאָס א בלוט־שטורץ איז דער ערגסטער סימן פון טובערקולאָזיס.

שרעק און אנגסט איז זעהר שעדליך פאר די וואָס ליידען פון שווינד־זוכט, און דארום וועל איך גלייך דאָ ערקלערען, דאָס א בלוט־שטורץ ביים אָנפאנג פון דער קראנקהייט איז זעהר זעלטען לעבענס־געפעהרליך. און איבערהויפּט קען א בלוט־שטורץ קומען פון אנדערע קראנקהייטען ניט נאָר פון טובערקולאָזיס.

אָבער ווען א בלוט־שטורץ ווערט יע פערורזאכט פון דיזער קראנק־הייט איז דאָס א זיכערער בעוויז, דאָס די קראנקהייט עקזיסטירט שוין א לענגערע צייט, ווייל אום דאָס בלוט פון די קליינע בלוט־אָדערען אין די לונגען זאָל זיך דורכשלאָגען א וועג ביז צום מויל, מוזען פריהער דורכ־געבראָכען ווערען די דינינקע ווענטעלאך, וואָס טיילען אָפּ די לופט־זעקע־לאך פון די קליינע בלוט־רעהרען פון די לונגען, און עס מוז נעהמען צייט איידער עס פאסירט. סיידען דער פערזאָן ליידעט פון א שטארקען הוסט,

און דורך די אָנשטרענגונג פון'ם שטענדיגען הוסטען פּלאַצען די דינע ווענ־טעלאַך. דאָס בלוט פילט דאַן אָן די לופט־זעקעלאַך און צוזאַמען מיט די לופט, וואָס מיר אָטעמען אויס געהט דאָס בלוט פון די קליינע לופט־זעקעלאַך דורך די קלענערע און גרעסערע לופט־רעהרען ביז עס גרייכט אונ־זער מויל.

עס זיינען דאָ נאָך אַנדערע וועגען ווי אַזוי דיזע קראַנקהייט קען זיך צוערשט בעווייזען, עס וואָלט אָבער געווען שוין צופיעל זיך אַריינצולאָ־זען אין איינצעלהייטען זיי אַלע אויסצורעכנען. יענע סמנים זיינען יע־דענפאַלס בלויז פאַר געניטע דאָקטוירים צו דערקענען און פאַר דעם פשוט'ן לעזער האָבען זיי קיין ווערט ניט.

# די הויפּט־סימנים פון דער קראַנקהייט.

עס איז שווער אָנצוצייגען אויף איינעם אָדער איינינע פון די פיעלע סימנים פון קאָנסאָמפּשאָן און זאָגען אָט דיזע און ניט קיין אַנדערע זיינען די זיכערע סימנים פון דער קראַנקהייט און יעדער, וואָס צייגט דיזע סימנים, איז אַ זיכערער קאָנסאָמפּטיוו. די ערשטע סימנים פון דער קראַנקהייט זיי־נען, ווי מיר האָבען שוין פריהער אָנגעצייגט, אַזוי פערשיידען, דער גאַנג פון דער קראַנקהייט איז אַזוי ניט עהנליך אין אַלע פעלע, דאָס בלויז נאָך אַ גענויער אונטערזוכונג אָדער נאָך איינינע אונטערזוכונגען קען אַ דאָק־טאָר מיט בעשטימטהייט זאָגען: ביי דיזען מענשען ענטוויקעלט זיך יעצט דיזע קראַנקהייט, וואָס מיר רופען קאָנסאָמפּשאָן.

ספּעציעל ווען מען נעהמט אין אַנבעטראַכט, וואָס עס מיינט פאַר אַ מענשען זיך צו דערוויסען, דאָס ער ליידעט פון דער ווייסער פעסט, דאַרף מען זיכער זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט'ן ארויסגעבען דיזען אורטייל, וואָס קען מיינען אַ רואינע פאַר'ן פערזאָן און פיללייכט אויך פאַר זיין פאַמיליע.

אין דער זעלבער צייט איז אָבער וויכטיג, אַז די ריכטיגע „דייעג־נאָזיס" זאָל געמאַכט ווערען וואָס אַם פריהסטען, ווייל ווען די קראַנקהייט ווערט פערכאַפּט ביים אָנפאַנג פון איהר ענטוויקלונג איז ניט שווער אין גאַנצען אויסצוהיילען דעם קראַנקען.

דער דאָקטאָר געפינט זיך דאַרום אין אַ זעהר אונאַנגענעהמער לאַגע. ווען ער פערדעכטיגט בלויז, דאָס זיין פּאַציענט ליידעט פון טובערקולאָזיס אין די לונגען און ער קען ניט אויסגעפינען דורך זיין אונטערזוכונג גענוג

סימנים, וואָס זאָלען דיזען פערדאַכט בעשטעטיגען. דאָס וועט אייך פּי־לייכט אויך ערקלערען וואָרום איין דאָקטאָר וועט אמאָל ערקלערען א פּאַציענט פאַר קאָנסאָמפּטיוו, וועהרענד א צווייטער דאָקטאָר וועט דעם זעלבען פּאַציענט אין זעלבען טאָג ערקלערען, דאָס ער האָט ניט קיין סימן פון דער קראַנקהייט. דער ערשטער דאָקטאָר וויל זיין אויף דער זיכערער זייט. ער דענקט, אז די גוטע שפּייז, פרישע לופט און א ריינערע אומגעבונג, וואָס זיין פּאַציענט וועט געניסען, וועלען איהם יעדענפאַלס ניט שאַדען. דער צווייטער דאָקטאָר וויל פערמיידען דעם פּאַציענט אומזיסטע אנגסט און ליידען, וואָס זיין, דעם דאָקטאָר'ס, אורטייל וועט פערשאַפען דעם אונגליקליכען און ער וויל פריהער זיכער זיין, דאָס דער פּאַציענט לייַדעט פון דער קראַנקהייט איידער ער ערלויבט זיך דאָס צו זאָגען מיט געוויסהייט.

עס זיינען דאָ אָבער איניגע סמנים, וואָס דער פּאַציענט זעלבסט קען לייכט בעמערקען און וואָס וועלען כמעט יעדען דאָקטאָר מאַכען מעהר ווי בלויז פערדעכטיגען דיזע קראַנקהייט. ווען א פּערזאָן פיהלט זיך ניט מיט אַלעמען, שוואַך, מוטלאָז, אָהן אַפּעטיט, און אין אַלגעמיין עפּעס ווי א ניט־אויסגעשלאָפענער און ער האָט דערצו קיין ספּעציעלע אורזאַכע ניט, ווען ער האַלט נאָך דערצו אין איין פערלירען געוויכט, פיהלט זיך פיבעריש יעדען אָבענד און שוויצט זעהר ווען ער שלאָפט, דיזער מענש דאַרף גלייך געהן צו א ספּעציאַליסט אין לונגען־קראַנקהייטען. אין די מעהרסטע פּעלע וועט זיך אַרויסצייגען, דאָס דער מענש טראָגט זיך אַרום מיט גאַנצע רעגימענטען טובערקולאָזיס באַצילען אין זיינע לונגען.

## מעדיצינישע בעהאַנדלונג פאַר קאָנסאָמפּטיווס.

זייט מענשען זיינען בעקאַנט מיט דיזער קראַנקהייט נאָך איידער מען האָט געוואוסט, דאָס טובערקולאָזיס ווערט פעראורזאַכט פון א בעשטימטען סאָרט באַצילען, נאָך איידער מען האָט איבערהויפּט געוואוסט, דאָס עס עקזיסטירען אזעלכע בעשעפענישען ווי באַצילען, האָבען מענשען שוין געזוכט מיטלען ווי אזוי צו בעקעמפען דיזע קראַנקהייט.

הונדערטע טויזענדע וויסענשאַפטס־מענשען האָבען מקריב געווען זייער גאַנצעס לעבען אויפצוזוכען מיטלען ווי צו קורירען טובערקולאָזיס, אָבער ליידער אָהן ערפאָלג.

דער וואָס טרינקט זיך כאַפּט זיך אָן אַ שטרוי, זאָגט אַ גלייכוואָרט. און די הונדערטע טויזענדע ליידענדע פון דער ווייסער פּעסט זיינען אַלע מאָל געווען בערייט זיך אָנצוכאַפּען אָן יעדע נייע זאַך, וואָס האָט זיי פערשפּראָכען הילף. זיי זיינען אויך בערייט גוט צו בעצאָהלען פאַר יעדע נייע „רפואה" צו קאָנסאָמפּשאָן.

ספּעציעל צוליב דעם לעצטען פּונקט זיינען פון צייט צו צייט ערשינען „ערפינדער" פון אַ „זיכערע רפואה" פאַר טובערקולאָזיס. יעדע פון דיזע „זיכערע רפואות" האָט זיך נאָך אַ גענויע אונטערזוכונג ארויסגעצייגט צו זיין ווערטלאָז, וואָס אַנבעלאַנגט דאָס היילען פון טובערקולאָזיס — מאַנכע „רפואות" האָבען זיך גראַדע ארויסגעצייגט צו זיין ווערטפאָל פאַר זייערע ערפינדער.

אויף יעצט געפינט מען אויף דעם אַפּטייק־מאַרק ארום פינף הונדערט פערשיידענע מעדיצינען, וואָס, ווען מען זאָל גלויבען די מאַנופעקטשורערס, קענען פאָלקאָם געזונד מאַכען יעדען קאָנסאָמפּטיוו.

שטאַרק ווי עס ווילט זיך ניט ענטווישען די אונגליקליכע, וואָס ליידען פון דיזער קראַנקהייט, מוזען מיר אָבער דאָ ערקלערען, דאָס ביז יעצט האָט די מעדיצינישע וויסענשאַפט נאָך ניט אויסגעפונען קיין איינציגע מעדיצין, אין דער פאָרמע פון אַ פּיל אָדער וואַסער, וואָס זאָל העלפען געגען די טובערקולאָזיס־באַצילען. אַלע מעדיצינען, וואָס מען פערקויפט אַלס „זיכערע רפואה געגען טובערקולאָזיס" זיינען ווערטלאָז אָדער פּשוט שעדליך. אין יעדען פאַל ראַטען מיר יעדען אונגליקליכען, וואָס ליידעט פון טובערקולאָזיס, צו ווייכען פון דיזע רפואות ווי פון אַ פּעסט.

אָט האָט איהר אַ ביישפּיל פון אַזאַ זיכערע רפואה געגען טובערקולאָזיס:

די באָארד אָוו העלטה האָט מיט אַ צייט צוריק פערקלאָגט די מאַנופעקטשורערס פון אַ געוויסע מעדיצין, וואָס ווערט פערקויפט אַלס אַ „זיכערע רפואה" פאַר קאָנסאָמפּשאָן (טובערקולאָזיס אין די לונגען). דער פּרייז, וואָס די מאַנופעקטשורערס פערלאַנגען, פאַר אַ קליין פלעשעלע פון זייער מעדיצין איז פופצעהן דאָלאַר (די קאָסטען צו מאַנופעקטשורען אַזאַ באָטעלע מעדיצין, ווי מען האָט אויסגעפונגען, איז ניין סענט). אָבער וואָס פאַר אַ ראָלע שפּילט פופצעהן דאָלאַר פאַר אַ „זיכערע רפואה" פאַר דעם שרעקליכער ווייסער פּלאָג? די צעהנדליגע טויזענדע קאָנסאָמפּטיווס ווע

לען מיט צופרידענהייט בעצאָהלען אייניגע מאָל צו פופצעהן דאָלאר פאַר אזא מעדיצין. די מאַנופעקטשורערס האָבען דארום געפונען א פּרוכטבאַרען מארק פאַר זייער „רפואה" און האָבען געשארט געלט מיט די לאָפּעטעס.

א כעמישע אונטערזוכונג פון זייער וואונדערבארע מעדיצין האָט בעוויזען, אז זי האָט אזא ווירקונג צו היילען לונגען־טובערקולאָזיס, ווי די בעריהרונג פון קעניג'ס מאַנטעל האָט א ווירקונג צו היילען קרעציגע. די „אינסטראַקשאָנס", וואָס בעגלייטען די וואונדערבארע קאָנסאָמפּשאָן רפואה, האָבען אָבער יע א שייכות צו טובערקולאָזיס.

אום געהאָלפען צו ווערען פון דיזער רפואה, זאָגט אייך דער מאַנופעקטשורער, מוזט איהר פּינקטליך אויספאָלגען די פאָלגענדע פאָרשריפטען:

אם ווענינסטען דריי מאָל א טאָג דארפט איהר נעהמען צו אכט טראָפּען מעדיצין אין א צוויי־דריי גלעזער פרישע מילך, און פערבייסען מיט עטליכע העכסט פרישע רויהע אייער. אויסער דעם מוזט איהר עסען גוטע און נארהאפטע שפייז, זיין אויף דער פרישער לופט, ניט ארבייטען צו שווער און ניט אין א שטויביגער אומגעבונג, שלאָפען מוזט איהר ביי אָפענע פענסטער אָדער אויף דער פרייער לופט.

דיזע פאָרשריפטען זיינען די גאנצע און איינציגע טריטמענטס, וואָס די מעדיצינישע וויסענשאפט וויים פאַר קאָנסאָמפּשאָן. אויב איינער, וואָס ליידעט פון טובערקולאָזיס אין די לונגען, וועט זיי דורכפיהרען וועט ער זיכער פערלייכטערען זיין לאגע און אין מאנכע פעלע, אויב ער פאנגט דאָס אָן פריה גענוג איידער די קראנקהייט איז צו וויים פערגאנגען, קען ער אויך האָפען אויף א פאָלשטענדיגע ערהאָלונג.

אין דיזען פאָל איז די „זיכערע מעדיצין" אן איינפאכער שווינדעל. די מאַנופעקטשורערס נארען בלויז אוים דאָס געלד ביים קראנקען, זיי ראטען איהם אָבער אין דער זעלבער צייט ניט צו פערנאכלעסיגען די אנדערע אמת'ע מיטלען, וואָס קענען איהם העלפען. ניט אלע פאטענט מעדיצין מאַנופעקטשורערס זיינען אָבער אזוי געוויסענהאפט. פיעלע הייסען אייך אין גאנצען זיך צו פערלאָזען אויף זייער ביסעל סינק־וואסער, און דער קראנקער פערנאכלעסיגט דערביי צו טאָן דאָס, וואָס וואָלט איהם זיכער, אויב ניט געהאָלפען, אם ווענינסטענס פערלייכטערט זיין לאגע און פערלענגערט זיין לעבען.

עס איז פאָרלויפיג ניטאָ קיין שום „מעדיצין”, וואָס זאָל קע־
נען פערניכטען די טובערקולאָזיס באַצילען אין מענשליכען קערפּער.
עס איז פאָרלויפיג ניטאָ קיין שום „מעדיצין” פאַר קאָנסאָמפּטיוום.

## פייק „קאנסאמפשאן־רפואות”.

אויב די אַלע קאָנסאָמפּשאָן־רפואות זיינען ווירקליך אזוי נוצלאָז,
ווי זשע קומט עס, וואָס אזוי פיעל מענשען קויפען זיי? וועלען מאַנכע
לעזער פרעגען. ווי קומט עס, וואָס יעדער מאַנופעקטשורער פון א קאָנ־
סאָמפּשאָן־רפואה, האָט גאַנצע פּעק מיט בריף פון מענשען, וואָס ערקלע־
רען, דאָס זיי האָבען געברויכט דיזע רפואה און זיינען געהאָלפען געוואָרען?

די פראַגע איז זעהר א וויכטיגע און פערדינט א גענויען און קלאָרען
ענטפער.

אין די פעראייניגטע שטאַאטען גיבען מענשען אויס פופצעהן מילי־
אָן דאָלאַר א יאָהר אויף דיזע „קאָנסאָמפּשאָן רפואות”. פינף הונדערט
פערשיידענע פּילען, פּראָשקעס און קאָלירטע פלעשלאַך וואַסער ווערען
פערקויפט אַלס „זיכערע רפואות” פאַר טובערקולאָזיס, און ארום צוויי
הונדערט פערשיידענע „דאָקטוירים”, „פּראָפעסאָרען” און „אינסטיטושאָנס”
פערזיכערען דורך אַדווערטייזמענטס, דאָס זיי קענען אייך רעטען פון דער
ווייסער פּעסט, אויב איהר וועט נאָר זיי גוט בעצאָלען פאַר זייער „מעדיצין”.

אונפּאַרטייאישע אונטערזוכונגען פון דיזע רפואות האָבען בעוויזען,
דאָס קיין איינציגע פון דיזע „רפואות” קען עטוואָס העלפען געגען דער
טובערקולאָזיס קראַנקהייט. אַן אמת'ע רפואה צו דיזער קראַנקהייט מוז
העלפען פערניכטען באַצילען אין'ם קערפּער אָהן דאביי צו שאַדען דעם קער־
פּער זעלבסט. זי מוז אויך העלפען אויפבויען די קערפּער־געוועבען, וואָס די
באַצילען האָבען שוין צושטערט. קיין איינציגע פון די אַדווערטייזטע
קאָנסאָמפּשאָן־רפואות קען דאָס טאָן. דער וואָס בעהויפּטעט, דאָס ער
קען מיט דיזע רפואות קורירען איינעם פון קאָנסאָמפּשאָן, מעג ער זיך
רופען „דאָקטאָר” אָדער „פּראָפעסאָר”, איז א פּשוט'ער שווינדלער.

און ווי אזוי קען מען ערקלערען די אַלע בריף, וואָס די מעדיצין־
מאַנופעקטשורערס דרוקען? אויך דאָס איז ניט שווער.

איינע פון די כאַראַקטעריסטיקס פון קאָנסאָמפּטיווס איז זייער מערק־
ווירדיגער אָפּטימיזם וועגען זייער אייגענער לאַגע. ווי ערנסט קראַנק דער
מענש זאָל ניט זיין איז ער פּעסט איבערצייגט, דאָס זיין צושטאַנד בעסערט

זיך. אפילו דאָקטוירים, וואָס זיינען קאָנסאָמפּטיווס, מענשען, וואָס ווייסען גוט די ערנסטקייט פון זייער לאַגע, אויך זיי זיינען שטאַרקע אָפּטימיסטען ביז זייער לעצטען אטעם־צוג.

פיהרט א קאָנסאָמפּטיוו, וואָס איז ערנסט קראַנק צו א דאָקטאָר, זאָל יענער איהם געבען א לעפעל זיסע וואַסער און איהם פערזיכערען, אַז דאָס וועט איהם קורירען פון זיין קראַנקהייט און דער אונגליקליכער וועט זיךווירקליך פיהלען בעסער פאַר א קורצע צייט. זיין פיזישע לאַגע וועט זיך טאַקע ניט בעסערען, אָבער זיין שטאַרקער ווילען געזונד צו ווערען און זיין גלויבען אין דער רפואה וועט גובר זיין די פיזישע ליידען און ער וועט זיך ווירקליך פיהלען ערלייכטערט. דאָס איז די קראַפט פון אונזער מערקווירדיגען אונפערשטענדליכען און פערצווייפעלטען ווילען, מיט וועלכען מיר האַלטען זיך אָן לעבען, ניט אכטענדיג ווי טרויעריג דאָס לעבען איז.

מיט דיזען אָפּטימיזם בענוצען זיך די מאַנופעקטשורערס פון דיזע פייק־מעדיצינס. די גלענצענדע פערשפּרעכונגען אויף א זיכערע הילף, וואָס דער קראַנקער לעזט אין די אדווערטייזמענטס, די בריף פון אַנדערע, וואָס געברויכען די זעלבע מעדיצין און זיינען ווירקליך „געהאָלפען" געווארען צוזאַמען מיט זיין אייגענעם שטאַרקען גלויבען, דאָס ער וועט געזונד ווערען, ווירקט אויף'ן קראַנקען, דאָס ער זאָל זיך ווירקליך פיהלען בעסער אויף א קורצע צייט. און אין דיזער צייט שרייבען זיי די בריף צו די מאַנופעקטשורערס.

אונטערזוכונגען פון הונדערטע „טעסטימאָניאַלס" האָבען בעוויזען, דאָס די שרייבער האָבען אָדער קיין מאָל ניט געליטען פון קאָנסאָמפּשאָן און האָבען פאָלגליך ניט געהאַט פון וואָס זיך צו קורירען, אויסער פון אַן איינרעדעניש, אָדער זיי האָבען יע געליטען פון קאָנסאָמפּשאָן און זיינען טאַקע... געשטאָרבען. די איינרעדעניש, דאָס זיי פיהלען זיך בעסער, האָט אָנגעהאַלטען בלויז א קורצע צייט. די באַצילען שרעקען זיך ניט פאַר פייק־מעדיצינס און טוען זייער צושטערונגס־ארבייט טראָץ דעם שטאַרקען אָפּטימיזם פון קראַנקען.

## די איינציגע רפואה פאַר קאָנסאַמפּטיווס.

די האָפענונג צו געפינען א זיכערען הייל־מיטעל געגען די טובערקולאָזיס באַצילען פונקט ווי מיר האָבען זיכערע מיטלען געגען די פּאַראַזיטען, וואָס פעראורזאַכען מאַלעריא האָט מען נאָך דערווייל ניט אויס-

געגעבען. טויזענדע וויסענשאפטס־מענער אין אַלע טיילען פון דער וועלט ארבייטען אויף פערשיידענע עקספערימענטען אין דער האָפענונג צו געפי־נען א מיטעל, וואָס זאָל קענען פערניכטען די באַצילען אין׳ם מענשליכען קערפּער אין דער זעלבער צייט ניט טויטען דעם קערפּער צוזאמען מיט די באַצילען.

מאנכע פון די פיעלע עקספערימענטען שיינען צו זיין טיילוויז ער־פאָלגרייך און מיר מעגען האָפען, דאָס פריהער אָדער שפּעטער וועט מען אזא מיטעל געפינען. פאָרלויפיג אָבער איז די איינציגע רפואה געגען טו־בערקולאָזיס צו שטאַרקען דעם קערפּער פון׳ם קראַנקען ער זאָל אויס־האַלטען זיין קאַמף מיט די באַצילען.

דיזע ערקלערונג וועט פילייכט פאַר מאַנכע זיין אונפערשטענדליך און פאַר די מעהרסטע לעזער וועט עס זיכער קלינגען ווי ווערטער אָהן אירגענד וועלכע בעדייטונג. „שטאַרקען דעם קערפּער פון קראַנקען”, קלינגט זעהר שעהן, אָבער ווי אזוי? מיט וואָס? און ווי אזוי וועט עס העלפען צו רעטען איהם פון׳ם שיקזאַל, וואָס איז בעשטימט פאַר יעדען ליידענדען פון טובערקולאָזיס?

עס איז דארום נויטיג פאַר יעדען לעזער פון דיזע צייל‍ען צו האָבען א מעהר אָדער וועניגער קלאָרען בעגריף וועגען דעם אינערליכען צושטאנד פון א מענשען, וואָס ליידעט פון קאָנסאָמפּשאָן.

לויט די נייעסטע מעדיציניש‍ע פאָרשונגען אין דער פראגע פון טו־בערקולאָזיס שיינט עס, דאָס די מעהרסטע מענשען ווערען אָנגעשטעקט מיט די טובערקולאָזיס באַצילען אין זייער פריהער יוגענד.

אויב די אָנשטעקונג איז שטאַרק גענוג און דאָס קינד איז א שוואכעס שטאַרבט עס פון טובערקולאָזיס, ווען ניט ערהאָלט עס זיך פון דער אטאַקע און די באַצילען בלייבען פערשטעקט ערגעץ וואו אין די לונגען, אָדער אין אַן אַנדער טייל פון קערפּער און וואַרטען אויף זייער געלעגענהייט צו קענען נאָך אַמאָל אטאַקירען זייער בעל הבית.

אזוי לאַנג ווי דער מענש בלייבט געזונד און זיין קערפּער האָט אין זיך גענוג ווידערשטאַנדס־קראַפט האָבען די באַצילען קיין שום שליטה ניט איבער איהם. זיי בלייבען איינגעשפּארט אין דעם פּלאַץ, וואו זיי געפינען זיך און קענען זיך ניט פערמעהרען און פערשפּרייטען צו אַנדערע טיילען פון קערפּער. זייער אַנוועזענהייט מאַכט אויך דעם מענשען זיכער געגען א נייע אויסערליכע אַנשטעקונג פון טובערקולאָזיס באַצילען.

דאָס הייסט, אז דער, וואָס האָט א „ביסעל טובערקולאָזיס" איז זי-
כער ניט צו קריגען מעהר דורך אַן אַנשטעקונג פון אַנדערע פּערזאָנען,
אַלעס וואָס ער דאַרף טאָן איז זעהן, דאָס זיינע אייגענע באַצילען, די וואָס
געפינען זיך שוין אין זיין קערפּער, זאָלען בלייבען אונטעטיג.

דיזער פאַקט ערקלערט פיליכט, וואָס אָבוואָהל אכטציג פּראָצענט פון
אַלע איינוואוינער פון גרויסע שטעדט זיינען אָנגעשטעקט פון טובערקולאָ-
זיס, ליידען אָבער ניט אַלע פון דיזער קראַנקהייט, דאָס זייענדיג שטענ-
דיג ארומגערינגעלט פון אזוי פיעל קאָנסאָמפּטיווס, בלייבען די מעהרסטע
מענשען פערהעלטניסמעסיג פריי פון דיזער קראַנקהייט.

אזוי שנעל אָבער ווי דער פּערזאָן ווערט אָפּגעשוואַכט, ארבייט איבער
זיינע קרעפטען, עסט ניט גענוג, אָדער שלאָפט ניט גענוג, א לענגערע צייט
ווערט די נאַטירליכע ווידערשטאַנדס-קראַפט, וואָס זיין קערפּער בעזיצט,
פערקלענערט. די באַצילען, וואָס זיינען ביז יעצט געהאַלטען געוואָרען
פערשפּאַרט, פיהלען זיך בעפרייט פון זייער געפענגשאַפט און פאַנגען אָן
אויסברייטען זייער טעטיגקייט. ספּעציעל איז דאָס דער פאַל, ווען דער פּער-
זאָן, אין דיזען אָפּגעשוואַכטען צושטאַנד, קיהלט זיך צו, אָדער קריגט אַן
אַנדער לייכטע קראַנקהייט, וואָס העלפט אין גאַנצען צו צוברעכען די פעס-
טונג, וואָס דער קערפּער האָט אויסגעבויט געגען די באַצילען. די טובער-
קולאָזיס באַצילען האָבען פאַר זיך א פרייען וועג און דער מענש ווערט אָנ-
געשטעקט פון די באַצילען, וואָס ער האָט די גאַנצע צייט ארומגעטראָגען
אין זיין אייגענעם קערפּער.

דיזער פּונקט וועט פאַר פיעלע מענשען קלאָר מאַכען, ווי עס קומט,
דאָס מאַנכע מענשען געפינען אויס דאָס זיי ליידען פון טובערקולאָזיס, אָב-
וואָהל זיי זיינען זיכער, דאָס זיי זיינען ניט געקומען אין קיין בעריהרונג
מיט קאָנסאָמפּטיווס. אָנגעשטעקט זיינען דיזע מענשען געוואָרען נאָך
מיט יאָהרען צוריק. זייער יעצטיגע קראַנקהייט איז געקומען פון דעם,
וואָס זיי האָבען זיך אָנגעשטעקט מיט זייערע אייגענע באַצילען אזוי שנעל
ווי זיי האָבען ערלויבט זייער קערפּער צו פערלירען זיין ווידערשטאַנדס-
קראַפט.

דאָס בעסטע מיטעל ווי זיך אויסצוהיטען פון טובערקולאָזיס איז
דארום אויפצוהאַלטען דאָס געזונד אום דער קערפּער זאָל קענען ווידער-
שטעהן אַן אַנשטעקונג פון זיינע אייגענע באַצילען אין פאַל ער קומט נ״ש

ווילענדיג און ניט וויסענדיג אין בעריהרונג מיט פרעמדע טובערקולאָזיס באַצילען.

דאָס זעלבע מיטעל ווערט אויך אָנגעווענדעט צו היילען די, וואָס האָבען זיך שוין אָנגעשטעקט פון דער קראַנקהייט. שטאַרקען דעם קערפּער פון פּאַציענט, אויפבויען צוריק זיין געזונד אום ער זאָל קענען ערפאָלגרייך בעקעמפען דעם שעדליכען איינפלוס פון די באַצילען איז די איינציגע ווירקזאַמע הילפע, וואָס די מעדיצינישע וויסענשאַפט וויים פאַר קאָנסאָמפּטיווס. און דאָס איז די איינציגע בעהאַנדלונג, וואָס די קאָנסאָמפּטיווס קריגען אין די טובערקולאָזיס סאַנאַטאָריומס.

שטאַרקען דעם קערפער פון דעם קראַנקען, אויפבויען צוריק זיין פערלאָרענע ווידערשטאַנדס=קראַפט איז אָבער לייכטער צו זאָגען ווי צו טאָן. די הויפּט שוועריגקייט ליגט אין דעם, וואָס מען קען ניט בעהאַנדלען יעדען קראַנקען לויט די זעלבע כללים. בעהאַנדלונגען, וואָס זיינען גוט פאַר איינעם טויגען ניט פאַר א צווייטען.

עס איז דאַרום זעהר וויכטיג פאַר יעדען קראַנקען, אויב ער געפינט זיך ניט אין א סאַנאַטאָריום, צו שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון א קאָמפּעטענטען דאָקטאָר, זיך לאָזען אָפּט אונטערזוכען און שטרענג אויספאָלגען אַלע אָרדערס, וואָס דער דאָקטאָר וועט איהם געבען.

דעם דאָקטאָר׳ס פאָרשריפטען וועלען זיך בעציהען מעהרסטענס אויף שפּייז, לופט, רוה, עקסערסייז, קליידונג און עהנליכע זאַכען. מיר וועלען בעטראַכטען יעדע פון דיזע פאָרשריפטען בעזונדער.

## שפּייז פאַר קאָנסאָמפּטיווס.

דעם נאָמען קאָנסאָמפּשאָן האָט דיזע קראַנקהייט געקראָגען דערפאַר, וואָס די, וואָס ליידען פון טובערקולאָזיס, ווערען געוועהנליך שנעל אויסגעצערט. די קראַנקע פערלירען שנעל געוויכט און צוזאַמען מיט דעם אויך פיעל געזונד.

מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, דאָס די הויפּט געפאַהר פאַר׳ן קראַנקען איז, ווען זיין געזונד איז שוואַך און זיין ווידערשטאַנדס=קראַפט פערקלענערט. די אויסצעהרונג העלפט דאַרום צו פערערגערען זיין צושטאַנד און מאַכט מעגליך פאַר די באַצילען צו פערשפּרייטען זיך איבער דעם גאַנצען קערפּער.

זעלבסטפערשטענדליך, אויב מיר ווילען בעקעמפען די באַצילען און אָפּהאַלטען די פערשפּרייטונג פון דער קראַנקהייט, מוזען מיר פערהיטען דעם פּאַציענט פון אויסצעהרונג. דאָס קענען מיר טאָן דורך געבען דעם פּאַציענט אזוי פיעל נאַרהאַפטע שפּייז וויפיעל ער קען נאָר פערטראָגען.

ביים ברייטען עולם האָט זיך אויסגעארבייט אן אייגענע טעאָריע וועגען דיזער פאָרמע פון בעהאַנדלען קאָנסאָמפּטיווס. ניט איינמאָל איז אונז אויסגעקומען צו הערען די בעמערקונג, דאָס „טובערקולאָזיס קען מען פערשטאָפּען מיט שפּייז". דער וואָס האָט דאָס געזאָגט האָט ערנסט גע-גלויבט, דאָס די לעבער אין די לונגען, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, ווע-רען פערשטאָפּט, ווען דער קראַנקער עסט א סך. דיזער גלויבען איז נאַ-טירליך אן אונזין. דאָס עסען א סך איז מיט דעם צוועק גוט צו מאַכען, וואָס דער קערפּער פערלירט דורך דער קראַנקהייט און מאַכען דעם קערפּער עקסטרא שטאַרק, ער זאָל קענען אויסהאַלטען זיין קאַמף מיט די באַצילען, וואָס פרעסען איהם אויף.

און דארום טאַקע איז ניט גענוג בלויז עסען א סך, נאָר מען דאַרף אויך וויסען וועלכע שפּייז צו עסען און וועלכע אויסצומיידען. די הויפּט זאַך איז צו קריגען וואָס מעהר נאַרהאַפטיגקייט אין א וואָס קלענערע מאָס שפּייז. מאַנכע שפּייז זיינען גרויס און שווער, האָבען פיעל „קערפּער-מאַ-סע" אָבער זעהר ווייניג נאַרהאַפטיגקייט אין זיך. אזא שפּייז פילט אָן דעם מאָגען און פעראורזאַכט דעם קערפּער פיעל ארבייט זי צו פערדייען. דער קערפּער קריגט אָבער דערפון זעהר ווייניג, און סוף כל סוף איז די שפּייז אָן אויסגאַבע אָנשטאָט אן איינגאַהמע פאַר'ן קערפּער.

אַלס א כלל איז פלייש, פיש, אייער, מילך, קרים, ניס און עהנליכע שפּייז-ארטיקלען זעהר גוט פאַר קאָנסאָמפּטיווס, אָבער ניט אַלע קראַנקע קענען פערטראָגען די זעלבע סאָרט שפּייז אין דער זעלבער מאָס. א סך ווענדעט זיך אין דעם געשמאַק פון דעם קראַנקען און אין די סאָרט שפּייז-צו וועלכע ער איז געוואוינט אָדער וועלכע ער גלייכט אם בעסטען.

אין דיזען זין איז א סאַנאַטאָריום ניט זעהר גוט פאַר א קראַנקען, ווייל אין א סאַנאַטאָריום מוזען אַלע קראַנקע עסען די זעלבע שפּייז צו זיי גלייכען זיי אָדער ניט. יעדער קראַנקער דאַרף אָבער געדענקען, דאָס אזוי שנעל ווי ער געפינט אויס, דאָס ער קען ניט פערטראָגען א געוויסע סאָרט שפּייז מוז ער גלייך וועגען דעם לאָזען וויסען זיין דאָקטאָר. די

שפייז, וואָס דער קראַנקער קען ניט פערטראָגען, ברייננט איהם קיי-
נע נוצען, נאָר שאַדען.

פרישע לופט איז איינע פון די וויכטיגסטע זאכען פאר יעדען מענ-
שען און פאר יעדע לעבעדיגע בעשעפעניש (מיט דער אויסנאהמע פון גע-
וויסע באַצילען). פאַר אַ קאָנסאָמפּטיוו איז פרישע לופט נאָך פיעל וויכ-
טיגער ווי פאר אַ געזונדען מענשען.

דאָס איז דערפאַר, וואָס אַ טייל פון זיינע לונגען זיינען צושטערט
און קענען ניט ערפילען זייער פליכט פון צושטעלען פרישע לופט, ספּעציעל
זויער=שטאָף, פאַר דעם בלוט, וואָס צירקולירט דורך די לונגען, און דארום
מוזען די געזונדע טיילען פון די לונגען צושטעלען אַ גרעסערע מאָס זויער=
שטאָף אום צו קענען האַלטען דאָס בלוט פון קערפּער ריין.

נאָך שפּייז איז פרישע לופט די וויכטיגסטע זאַך פאַר אַ קאָנסאָמפּ-
טיוו און יעדער ליידענדער פון דיזער קראַנקהייט מוז זיין אויף דער פרישער
לופט אַזוי פיעל ווי נאָר מעגליך. אויב ער קען אויספיהרען צו זיין אין
דער קאָנטרי, וואו די לופט איז פיעל ריינער ווי אין שטאָדט, איז געווים
גוט. אין שטאָדט זעלבסט איז די לופט נעבען אַ פּאַרק נאַטירליך ריינער,
ווי אין אַ געדיכט=בעוואוינטער געגענד און וואָס העכער פון סטריט אַלץ
ריינער איז די לופט.

אויב איינער איז געצוואונגען צו פערבלייבען אין שטאָדט מוז ער
זעהן צו זיין וואָס ווייניגער אין הויז און וואָס מעהר אויף דער פרייער לופט.
אויב מעגליך זאָל ער פערברייננגען אַלע פיער און צוואַנציג שטונדען פון
מעת לעת אויף דער פרייער לופט, אַפילו ווען דאָס וועטער איז ניט אַזוי
שעהן אָדער אנגענעהם.

עס איז אַ טעות צו מיינען, דאָס ווען עס רעגענט, שנעעט אָדער עס
איז צו קאַלט אין דרויסען דאַרף אַ קאָנסאָמפּטיוו קראַנקער זיך געפינען
אין הויז. אין יעדען וועטער איז גלייכער פאַר איהם צו זיין אין דרויסען
ער דאַרף זיך נאָר געגוג וואַרעם אָנקליידען.

די פראַגע פון טראָגען לייכטע אָדער דיקע קליידער איז אויך אַ
העכסט וויכטיגע, און אויך אין דיזען הינזיכט דאַרף דער קראַנקער האָבען
דעם ראַט פון זיין דאָקטאָר. פאַר די, וואָס זיינען שטענדיג אין דער קעלט
איז גוט דיקע, וואַרעמע קליידער, אָבער פאַר די, וואָס קומען אָפט אריין
אין אַ הויז און בייטען אָפט זייער אומגעבונג פון דרויסיגע קעלט אויף דער
שטוביגער וואַרעמקייט, איז דאָס שטענדיג טראָגען פון דיקע קליידער

שעדליך. בעסער איז שוין אין אַזעלכע אומשטענדען טראָגען לייכטע קליי-
דער און אָנטאָן אַן אויבערראָק, ווען דער קראַנקער פערלאָזט דאָס הויז.
ער וועט דאַן זיין עקסטרא וואָרעם אָנגעטאָן אין דרויסען און וועט טראָ-
גען לייכטע קליידער אין הויז. אָבער, ווי געזאָגט, איז זעהר וויכטיג, דאָס
דער קראַנקער זאָל זיך אין דיזער הינזיכט בעראַטען מיט אַ דאָקטאָר.

## וואָס פאר א קלימאט איז בעסער פאר א קאנסאמפּטיוו?

די פראַגע פון קלימאַט איז פאַר פיעלע קראַנקע אַ וויכטיגע, פאַר
מאַנכע איז זי די הויפּט־פראַגע. מאַנכע קראַנקע, וואָס שיינען צו זיין
האָפנונגסלאָז, ווען זיי געפינען זיך אין אַ געוויסען געגענד, ערהאָלען זיך
וואונדערבאַר שנעל, ווען זיי בעזעצען זיך אין אַן אַנדער געגענד, אונטער
אַן אַנדער קלימאַט.

אַמאָל האָט מען געדענקט, דאָס די פייכטע ים־לופט איז בעסער פאַר
קאָנסאָמפּטיווס און מען האָט אַלע קראַנקע געשיקט וואוינען ביים ברעג ים.
מאַנכע האָבען זיך זעהר גוט ערהאָלט, אַנדערע זיינען געוואָרען נאָך ערגער
קראַנק. מיט אַ צייט שפּעטער האָט מען אָנגעפאַנגען שיקען קראַנקע אויף
די בערג, ווייט פון ים און אייניגע טויזענד פוס הויך איבער דער אויבער-
פלעכע פון ים. אויך דאָ האָט מען בעמערקט די זעלבע רעזולטאַטען. גוטע
און שלעכטע צוזאַמען.

די פראַגע אויב אַ קאַלטער אָדער וואַרעמער קלימאַט איז בעסער
פאַר די ליידענדע פון שווינדזוכט איז אויך פיעל דיסקוטירט געוואָרען.
די אָנהענגער פון אַ וואַרעמען קלימאַט פאַר קאָנסאָמפּטיווס וועלען אייך
אָנצייגען פיעלע פעלע פון קראַנקע, וואָס זיינען געהאָלפען געוואָרען, ווען
זיי האָבען זיך בעזעצט אין אַ וואַרעמען געגענד, און פעלע, וואו קראַנקע
זיינען ניט געהאָלפען געוואָרען, ווען זיי זיינען פערבליבען וואוינען אין אַ
קאַלטען געגענד. דאָס זעלבע, נאָר פונקט פאַרקעהרט, וועלען אייך בע-
ווייזען די, וואָס דענקען, דאָס קאָנסאָמפּטיווס דאַרפען געשיקט ווערען אויף
די קאַלטע בערג פון קאָלאָראַדאָ.

דער אמת איז, דאָס עס איז ניטאָ קיין שום געגענד, וואָס זאָל זיין
גוט פאַר אַלע ליידענדע פון די שווינדזוכט און עס איז אונמעגליך צו מאַ-
כען אַ כלל, וואָס זאָל גוט זיין פאַר אַלע ליידענדע פון דיזער קראַנקהייט.

די פראַגע פון קלימאַט מוז בעשטימט ווערען אין יעדען פאַל בע-
זונדער. די בעסטע געגענד פאַר אַ קראַנקען איז די געגענד, וואו ער פיהלט

זיך בעקווועם. אויב ער פיהלט זיך בעסער ביים ברעג ים איז דאָרטען דער בעסטער פּלאַץ פאר איהם, אויב ער פיהלט זיך בעסער אויף די בערג זאָל ער פאָהרען אהין. אויב ער האסט די קעלט און קען זי ניט פערטראָגען איז נאַריש און פערברעכעריש איהם צו שיקען אין א קאַלטער געגענד. דאָס זעלבע איז אויך די פראַגע פון א וואַרעמער געגענד.

איידער א קראַנקער בעשטימט צו פערלאָזען זיין היים און פאָהרען אין א ווייטער געגענד זיך קורירען דאַרף ער זיך פריהער גוט בעראַטען מיט זיין דאָקטאָר אום די אַלע אָנשטרענגונגען און הוצאות, וואָס די רייזע וועט איהם קאָסטען, זאָלען איהם ניט בריינגען מעהר שאַדען ווי נוצען.

## דאַרף יעדער קאָנסאַמפּטיוו געהן אין א סאַניטאַריום?

די פראַגע אויב יעדער קראַנקער, וואָס ליידעט פון די שווינדזוכט, דאַרף געהן אין א סאַנאַטאָריום אָדער מעג פערבלייבען אין דער היים איז אויך ניט לייכט צו פערענטפערען. אויב עס וואָלט מעגליך געוועזען יעדע־רען, וואָס איז עטוואָס בעריהרט פון דיזער קראַנקהייט, צו שיקען אין א סאַנאַטאָריום וואָלט די פראַגע פון קאָנסאָמפּשאָן שנעל געקענט געלעזט ווע־רען. אם וועניגסטענס וואָלטען די געזונדע דאַן געוועזען זיכער ניט אָנגע־שטעקט ווערען פון די קראַנקע.

אָבער דאָס איז אונמעגליך ווייל 80 פּראָצענט פון אונזער גאַנצער בעפעלקערונג וואָלט געדאַרפט געהן אין סאַנאַטאָריומס — כמעט אזוי פיעל ליידען פון דיזער קראַנקהייט. די מעהרסטע קראַנקע מוזען אַלזאָ בלייבען אין דער היים, ווייל עס איז איינפאַך פאר זיי קיין פּלאַץ ניטאָ אין די סאַנאַטאָריומס.

סאַנאַטאָריום־בעהאַנדלונג האָט איהרע מעלות און איהרע חסרונות. די גרעסטע מעלה איז, וואָס דער קראַנקער איז שטענדיג אונטער דער אויפ־זיכט פון דאָקטוירים. ער געפינט זיך אין א פּלאַץ, וואָס איז איינגעריכט ספּעציעל פאר אַזעלכע קראַנקע ווי ער איז און אין דער זעלבער צייט איז ער אָפּגעשיידעט פון געזונדע מענשען, וועמען ער וואָלט געקענט אָנ־שטעקען מיט זיין קראַנקהייט. דער גרעסטער חסרון פון א סאַנאַטאָריום איז, וואָס אַלע פּאַציענטען ווערען בעהאַנדעלט לויט די זעלבע רולס, קרי־גען די זעלבע שפּייז און ווערען ניט בעהאַנדעלט ווי בעזונדערע קראַנקע און, ווי מיר האָבען שוין פריהער ערקלערט, איז יעדער קאָנסאָמפּטיוו א געזונדערער פאַל פאר זיך אַליין און מוז בעהאַנדעלט ווערען אַלס א בעזונדערער פאַל.

די פראַגע צו אַ קראַנקער זאָל געהן אין אַ סאַנאַטאָריום אָדער ניט דאַרף דאַרום בעשלאָסען ווערען לויט די אומשטענדען פון׳ם פּאַציענט. אויב ער קען אין דער היים קריגען די זעלבע היגיענישע אומגעבונג, די זעלבע ריינליכקייט און מעדיצינישע בעהאַנדלונג ווי אין אַ סאַנאַטאָריום אין אין דער זעלבער צייט קריגען די אינדיווידועלע אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר איז נאַטירליך פאַר איהם בעסער צו בלייבען אין דער היים. פאַר אַ קבצן, וואָס קען דאָס ניט אויספיהרען, איז נאַטירליך גלייכער צו געהן אין אַ סאַנאַטאָריום, אויב מען וויל איהם נאָר נעהמען.

אַ סך צו זאָגען אין דיזער פראַגע האָט אויף דעם פּאַציענט׳ס גייסטיגער צושטאַנד. פיעלע מענשען אַרט ניט צו געהן אין אַ סאַנאַטאָריום. די בעפרייאונג אַם ווענינגסטענס פאַר אַ צייט פון עול פּרנסה איז פאַר זיי אַ גליק און זיי פיהלען זיך זעהר צופרידען צווישען די אַנדערע קראַנקע. אויף אַנדערע ווידער ווירקט דאָס זעהר שלעכט. זיי פיהלען זיך נידער־געשלאָגען, מרה שחורה׳דיג און דענקען, דאָס יעדער בעטראַכט זיי אַלס אויסגעשטויסענע פון דער געזעלשאַפט. אַזעלכע מענשען ווערען קיין מאָל ניט געזונד ווערען אין אַ סאַנאַטאָריום, וועהרענד ווען זיי בלייבען אין דער היים פיהלען זיי זיך גלייך מיט אַלע מענשען, פרייער, לעבעדיגער און פיעל געזינטער.

דער גייסטיגער צושטאַנד פון דעם קראַנקען שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם גאַנג פון דער קראַנקהייט, און דאַרום ווענדען די דאָקטוירים אָן אַלע מעגליכע מיטלען צו זעהן, אז די קראַנקע זאָלען ניט זיין צופיעל פער׳־דאַגה׳ט, ניט צופיעל מרה שחורה׳דיג, ניט צופיעל קלערען וועגען זייער קראַנקהייט. אויב איינער האָט ליב מוזיק, איז די מוזיק אַ וויכטיגע טייל פון זיין „רפואה” און וועט איהם העלפען פיעל מעהר ווי אַ מעדיצין. דאָס זעלבע איז מיט די, וואָס האָבען ליב צו לעזען ליטעראַטור אָדער האָבען פערגעניגען פון אירגענד וועלכע אַנדערע צייט־פערטרייב.

רויכערען איז זעהר שעדליך פאַר קאָנסאָמפּטיווס און דאָך, אונטער געוויסע אומשטענדען, וועט אַ דאָקטאָר ערלויבען אַ שווינדזוכטיגען צו רויכערען אין פאַל דאָס פאַרבאָטען איהם דיזעס צו טאָן וועט צונעהמען ביים פּאַציענט אַ פערגעניגענדען צייט־פערטרייב און פערשאַפען גייסטיגע שמערצען. מאַנכע דאָקטוירים ערלויבען זאָגאַר געוויסע פּאַציענטען צו טרינקען אַ גלאָז ביער ביים עסען, אויב זיי זיינען געוואוינט דערצו און דאָס העלפט זיי בעסער הנאה צו האָבען און פערדייען זייער שפּייז.

אויף די פראַגע פון מאַכען עקסערסייז אָדער רוהען דאַרף פערענט־פערט ווערען אין יעדען פאַל בעזונדער, לויט די געוואוינהייט פון פּאַציענט און דעם צושטאַנד, אין וועלכען ער געפינט זיך, בעת די פראַגע קומט פאָר. דאָס זעלבע איז אויך מיט די פיעלע אַנדערע קלענערע און גרעסערע פראַגען, וואָס שווימען אַרויף ביים איינאָרדערען דאָס לעבען פון אַ שווינדזוכטיגען. איך וועל דאָ נאָך אַמאָל ווידערהאָלען, דאָס יעדער קראַנקער שטעלט מיט זיך פאָר אַ בעזונדער פּראָבלעם, וואָס מוז בעזונדער פערענטפערט ווערען, און דאָס קען ניט טאָן דער פּאַציענט אַליין אָדער דער דאָקטאָר אַליין, נאָר ביידע צוזאַמען.

# די אויסזיכטען פון קאָנסאַמפּטיווס.

פון דעם, וואָס איך האָב שוין ביז יעצט געזאָגט וועט איהר פערשטעהן, דאָס עס איז אונמעגליך צו מאַכען אַ כּלל פאַר אַלע, וואָס ליידען פון טובערקולאָזיס אין בעצוג צו די אויסזיכטען, וואָס יעדער פון זיי האָט אויף געזונד צו ווערען. יעדער פאַל האָט זיך זיין בעזונדערען וועג און קען זיך ענדיגען אויף זיין בעזונדערען שטייגער. אין אַלגעמיין אָבער קען מען די ליידענדע פון דיזער קראַנקהייט צוטיילען אין פינף בעזונדערע קלאַסען:

אין ערשטען קלאַס געהען אריין די, וואָס האָבען זיך אָנגעשטעקט פון דער קראַנקהייט און האָבען זיך שנעל ערהאָלט גאָר אַליין ניט וויסענדיג, דאָס זיי האָבען ווען עס איז געליטען פון טובערקולאָזיס.

אין צווייטען קלאַס געהען אריין די, וואָס האָבען געהאַט אַ לייכטע אָנשטעקונג מיט ניט גאַנץ ערנסטע סמנים פון טובערקולאָזיס און נאָך איי־ניגע מאָנאַטען טריטמענט אָדער אַן ענדערונג אין קלימאַט ווערען זיי געזונד.

אין דריטען קלאַס ווערען פערעכענט די, וואָס צייגען גאַנץ דייט־ליכע סמנים פון שווינדזוכט, נאָר ערהאָלען זיך און ווערען פאָלשטענדיג געזונד נאָך דעם, ווי זיי קריגען אַ לענגערע צייט די טובערקולאָזיס טריט־מענט, וואָס איך האָב שוין פריהער דערמאָהנט.

אין פערטען קלאַס ווערען פערעכענט די, וואָס זיינען גאַנץ ווייט פערגאַנגען און האָבען שוין היבשע שטיקער פון זייערע לונגען אויפגעפרע־סען פון די באַצילען. דער גאַנג פון זייער קראַנקהייט קען אָבער אָפּגע־האַלטען ווערען און די קראַנקע קענען נאָך לעבען פיעלע יאָהרען.

עס זיינען אויך דאָ אַזעלכע, ביי וועמען די קראַנקהייט האָט שוין אַזוי ווייט פּראָגרעסירט, דאָס זיי שטאַרבען ניט אַכטענדיג אויף דעם, וואָס מען זאָל ניט טאָן פאַר זיי. דיזע ווערען פערעכענט אין פינפטען קלאַס.

וואָס פריהער דער שווינדזוכטיגער געפינט אויס די אמת'ע נאַטור פון זיין קראַנקהייט און וואָס פריהער ער פאַנגט אָן זיך קורירען לויט די פּאָרשריפטען פון אַ קאָמפּעטענטען דאָקטאָר אַלץ בעסערע אויסזיכטען האָט ער צו זיין אין דער צווייטער קלאַס קראַנקע.

וואָס גענויער דער ערנסט־קראַנקער קאָנסאָמפּטיוו פאָלגט די פּאָר־שריפטען פון זיין דאָקטאָר אין בעצוג צו דער טריטמענט אַלץ בעסערע אויסזיכטען האָט ער צו זיין אין דער דריטער קלאַס קראַנקע.

דער נאַכלעסיגער, דער וואָס וויל זיך און יענעם איינרעדען, דאָס ער איז ניט ערנסט קראַנק, דער וואָס זוכט זיך צו היילען מיט באַבסקע רפואות, קען אין בעסטען פאַל בלויז האָפען, דאָס ער וועט זיין פון די, וואָס ווערען פערעכענט אין פערטען קלאַס קאָנסאָמפּטיווס.

די וואָס זיינען פריהער געווען געזונד און קומען פון אַ פאַמיליע, וואו עס געפינען זיך קיינע שווינדזוכטיגע און דערצו האָבען זיי אויסגע־פונען גאַנץ שנעל די נאַטור פון זייער קראַנקהייט, אויב זיי פאָלגען נאָר די פּאָרשריפטען פון זייער דאָקטאָר, געפינען זיך אין אַ ריינער אומגעבונג, עסען גוט, האָבען גענוג פרישע לופט א. ז. וו., האָבען זיי די בעסטע אויס־זיכטען אויף אַ שנעלער און גוטער ערהאָלונג.

## מעגען שווינדזיכטיגע הייראַטען?

די פראַגע צו מעגען שווינדזוכטיגע הייראַטען איז זעהר שווער צו פערענטפערען, און אַ גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייט נעהמט אויף זיך דער, וואָס פערענטפערט די פראַגע מיט „יע" אָדער „ניין".

איך וועל זיך דארום אין דיזען פאַל שטיצען אויף דער מיינונג פון אַ גרויסען אויטאָריטעט אין דער מעדיצינישער וויסענשאַפט, פּראָפעסאָר וויליאַם אָזלער.

פאַר מענער, וואָס האָבען געליטען פון לונגען־טובערקולאָזיס און זיינען געזונד געוואָרען, זאָגט דר. אָזלער, איז דאָס הייראַטען ניט אַזוי שעדליך, אויב זיי זיינען נאָר יעצט געזונד און שטאַרק, געפינען זיך אין אַ געזונטער און ריינער אומגעבונג און אויב אין זייער פאַמיליע געפינען

זיך ניט פיעלע קאָנסאָמפּטיווס. אויך אונטער דיזע גינסטיגע בעדינגונ-גען איז זייער הייראט ניט מעהר ווי אַן עקספּערימענט. עס קען זיך איינ-געבען, דאָס זיי זאָלען בלייבען געזונד און ערציהען געזונדע קינדער, עס קען אויך זיין פּונקט פערקעהרט.

פאַר פרויען, וואָס האָבען געליטען פון שווינדזוכט, איז די פראַגע אַ פיעל ערנסטערע, דערפאַר וואָס שוואַנגערען און קינדער האָבען פער-שלימערט אַלע מאָל דעם צושטאַנד פון דער קראַנקער. אויב די פרוי האָט בלויז אַ לייכטען אַנגריף אין איין פּלאַץ אין אַ לונג, אויב זי איז געזונד און קערפּערליך שטאַרק ענטוויקעלט, אויב זי קומט פון אַ פאַמיליע, וואָס איז ריין פון טובערקולאָזיס און זי געפינט זיך אין אַ ריינער אומגעבונג, מעג זי הייראַטען. אָבער אויב זי ליידעט נאָך אַלץ פון דער קראַנקהייט, אויב איהר פאַמיליע איז ניט ריין פון טובערקולאָזיס און זי איז נאָך דערצו קערפּערליך שוואַך און ניט גענוג ענטוויקעלט (פיזיש) טאָר זי אויף קיין פאַל ניט הייראַטען.

דאָס שוואַנגערן און קינדער האָבען וועט ברייגנען דערצו, דאָס איהר קראַנקהייט וועט שנעל פּראָגרעסירען און איהר פערקירצען די יאָהרען.

ווי ווייט ערנסט עס איז פאַר אַ מיידעל, וואָס ליידעט פון טובערקו-לאָזיס אין די לונגען, צו הייראַטען און האָבען קינדער, האָט דר. דובאָיז אויסגעדריקט אין פאָלגענדע ווערטער: אויב אַ פרוי, וואָס ליידעט פון טובערקולאָזיס הייראַט, וועט זי די ערשטע קינדבעט פיליכט דורכמאַכען לייכט, די צווייטע — מיט גרויסע שוועריגקייט, די דריטע וועט זי קיין מאָל ניט דורכמאַכען, זי וועט פריהער בעצאָהלען מיט איהר לעבען פאַר איהר שריט. און יעדע פרוי דאַרף געדענקען, דאָס עס איז מעגליך אָנצו-פאַנגען שוואַנגערען אפילו, ווען זי איז אין די לעצטע שטופען פון קאָנ-סאָמפּשאָן.

## קען מען קריגען קאָנסאָמפּשאָן בירושה?

די פראַגע צו מען קען קריגען קאָנסאָמפּשאָן בירושה האָט ארויסגע-רופען פיעלע דיסקוסיאָנען צווישען דאָקטוירים און לויט די לעצטע פאָר-שונגען שיינט עס, דאָס אַזאַ זאַך איז יע מעגליך, אָבער עס איז זעהר, זעהר זעלטען, אַז דאָס זאָל פּאַסירען.

און דאָך זיינען די מעהרסטע קינדער פון עלטערען, וואָס ליידען פון טובערקולאָזיס, אויך קאָנסאָמפּטיווס. דאָס איז דערפאַר, וואָס די קינדער

פון אזעלכע עלטערען האָבען אַ שוואַכעןווידערשטאַנדס־קראַפט געגען דער קראַנקהייט און עס איז כמעט אונמעגליך איינצוזעהן, דאָס זיי זאָלען אין זייער יוגענד ניט אָנגעשטעקט ווערען מיט דער קראַנקהייט פון זייערע שווינדזוכטיגע עלטערען.

## אידישקייט און טובערקולאָזיס.

טובערקולאָזיס אטאַקירט דעם מענשען אין יעדען עלטער. די קראַנקהייט שוינט ניט די זויגלינגע און האָט קיין רעספּעקט פאַר זקנים, אָבער אַם מעהרסטען ליידען פון איהר מענשען אין עלטער פון 18 ביז 35 יאָהר.

די שווינדזוכט מאַכט אויך קיין אונטערשייד אין געשלעכט, און ווענינסטענס אויף דיזען געביט זיינען פרויען גלייך מיט מענער. ראַסען אונטערשייד שפּילט אָבער יע אַ גרויסע ראָלע. נעגער, ספּעציעל אין די זידליכע טייל פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, פאַלען לייכטע קרבנות פון דיזער קראַנקהייט. די אינדיאַנער פון נאָרד־אַמעריקאַ שטאַרבען פיעל פון די שווינדזוכט, און דאָס זעלבע איז מיט די איירישע, ביי זיך אין איירלאַנד און אין אַמעריקאַ. אידען שטאַרבען ווענינער פון קאָנסאָמפּשאָן ווי אירגענד וועלכע אַנדערע ראַסע.

וואָרום דאָס איז אַזוי איז שווער צו זאָגען. מאַנכע דענקען, דאָס דער לאַנגער גלות, דאָס וואָס די אידען וואוינען שוין אַזוי לאַנג אין גרויסע שטעדט, געדיכט צוזאַמענגעפּאַקט און אין ניט קיין גאַנץ ריינע געטאָס, האָט אין׳ם בלוט פון׳ם אידען אויסגעאַרבייט אַ געוויסע ווידערשטאַנדס־קראַפט געגען די טובערקולאָזיס־באַצילען. אַנדערע ווידער גלויבען, אַז דאָס וואָס די אידען עסען ניט קיין פליישׁ פון קראַנקע בהמות, העלפט זיי אויסצומיידען פיעלע פעלע פון טובערקולאָזיס.

## ווי צו פערהיטען זיך פון דער קראַנקהייט.

אין די לעצטע יאָהרען זייט מען האָט אָנגעפאַנגען ענערגיש צו בעקעמפען טובערקולאָזיס, איז די צאָהל קרבנות פיעל געפאַלען. דאָס איז צו פערדאַנקען מעהר פון אַלעם דער אויפקלערונגס־אַרבייט, וואָס די מעהר פּראָגרעסיווע שטאַאַטען און די ספּעציעלע אַנטי־טובערקולאָזיס געזעלשאַפטען פיהרען אָן. וואָס מעהר דער עולם ווערט בעקאַנט מיט דער נאַטור פון דיזער קראַנקהייט, ווי זיך אויסצוהיטען פון איהר און ווי זיך צו קורירען, ווען איינער ליידעט שוין פון קאָנסאָמפּשאָן, אַלץ ווענינער פער-

שפּרייט זיך דיזע קראַנקהייט און אַלץ מעהר קראַנקע ווערען גערעטעט איי־דער זייער קראַנקהייט פּראָגרעסירט צו ווייט.

אַ גרויסע ראָלע אין פערקלענערען די צאָהל שווינדזוכטיגע אָדער העלפען, דאָס זיי זאָלען זיך ניט אַזוי שנעל פערמעהרען שפּילט אויך דער בעסערער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון פאָלק, די ריינע אומגעבונג און די מעהר סאַניטאַרע הייזער, אין וועלכע די אָרעמע לייט לעבען יעצט.

אויסראָטען אין גאַנצען די קראַנקהייט איז נאָך פּאָרלויפיג אַ גאַנץ ווייטער טרוים, אָבער די צאָהל קאָנסאָמפּטיוום קען זעהר פיעל פערקלענערט ווערען, ווען דער גרויסער עולם זאָל פערשטעהן די אמת׳ע געפאַהר פון דיזער קראַנקהייט און ניט העלפען זי פערשפּרייטען.

די שפּייעכץ, ליחות פון איינעם, וואָס לייזעט פון טובערקולאָזיס, ענטהאַלט פיעלע באַצילען, וואָס וועלען אָנשטעקען יעדען, ווער עס וועט האָבען דאָס אונגליק זיי צו איינאַטעמען אָדער קומען מיט זיי אין בעריהרונג אויף אירגענד וועלכען אַנדערען אופן.

אויב יעדער קראַנקער זאָל זיין פּאָרזיכטיג, ניט שפּייען אין די גאַסען, נאָר אין אַ נאָזטיכעל און דאָס נאָזטיכעל פערברענען, וואָלט פערשוואונדען איינע פון די הויפּט קוועלען, דורך וועלכע דיזע שרעקליכע קראַנקהייט פערשפּרייט זיך און קריגט אַלע מאָל נייע קרבנות.

ווען יעדער קראַנקער זאָל וויסען, דאָס יעדעס מאָל, וואָס ער שפּייט אויס אין אַן עפענטליכען פּלאַץ איז גלייך ווי ער וואָלט עמיצען אריינגעשטאָכען אַ מעסער אין רוקען, ווען יעדער קראַנקער זאָל וויסען, דאָס מיט אַזאַ האַנדלונג פערשפּרייט ער גיפט אין די גאַסען און פיל־לייכט וועלען די מיטגלידער פון זיין אייגענער פאַמיליע פאַלען אַלס קרבנות, וואָלט ער זיכער געוועזען גענוג פּאָרזיכטיג דאָס ניט צו טאָן. נאָך אַלעמען איז עס גאָר ניט אַזאַ שעהנע זאַך צו שפּייען, וואו מען שטעהט און געהט אָדער הוסטען און ניסען אין דער וועלט אריין. פון אַן עטהישען שטאַנדפּונקט איז עס אויך פיעל שעהנער ווען דער, וואָס הוסט, ניסט אָדער שפּייט זאָל האַלטען אַ נאָזטיכעל ביים מויל. אין פאַל פון אַ קאָנסאָמפּטיוו מוזען דיזע נאָזטיכלאך פערברענט ווערען, ווייל יעדער פון זיי איז אַ נעסט פון טובערקולאָזיס באַצילען.

די געשיר, וואָס דער קאָנסאָמפּטיוו געברויכט ביים עסען, זיינען אַ געפאַהר פאַר געזונדע מענשען. די לעפעל אָדער גאָפּעל, וואָס ער נעהמט אין מויל אריין, ווערען אָנגעשטעקט מיט טובערקולאָזיס באַצילען און דורך

דעם לעפעל אָדער גאָפעל שטעקט ער אָן די טעלער, פון וועלכע ער עסט. דאָס זעלבע איז מיט די גלעזער, פון וועלכע ער טרינקט.

אום אויסצומיידען די געפאהר, אין וועלכע עס געפינט זיך די פאַמיליע פון קאָנסאָמפּטיוו, מוז די געשיר, וואָס דער קראַנקער געברויכט, בעזונדער געוואַשען ווערען אין קאָכעדיגע וואסער. דאָס זעלבע מוז געטאָן ווערען מיט יעדע זאַך, וואָס קומט אין נאָהענטע בעריהרונג מיט'ן קראַנקען.

אויב דאָס ווערט אָפּגעהיט איז דער קאָנסאָמפּטיוו, ספּעציעל אין די ערשטע שטופען פון זיין קראַנקהייט, קיין געפאַהר ניט פאַר זיינע מיטמענשען, און מעג פּאָרטזעצען זיין פריהערדיגעס לעבען אונטער די בעדינגונגען, וואָס מיר האָבען פריהער בעשריבען און אונטער די שטענדיגע אויפזיכט פון א דאָקטאָר.

געזונדע מענשען קענען אויסמיידען קריגען קאָנסאָמפּשאָן, ווען זיי וועלען שטענדיג אכטונג געבען אויף זייער געזונד. עסען און שלאָפען אין צייט, האָבען גענוג פרישע לופט און ניט פערנאַכלעסיגען קיין שום קראַנקהייט, ניט אַכטענדיג ווי לייכט זי זאָל ניט זיין.

וויסענדיג ווי גרויס עס איז די געפאַהר צו ווערען א קאָנסאָמפּטיוו אַזוי שנעל ווי דער קערפּער ווערט אָפּגעשוואַכט איז עס איינפאַך פערברעכעריש צו פערנאַכלעסיגען אירגענד וועלכע קראַנקהייט, ספּעציעל די, וואָס ריהרען אָן דעם האַלז אָדער נאָז.

יעדער מענש, וואָס וויל זיין זיכער געגען קאָנסאָמפּשאָן, אויף ווי ווייט עס איז מעגליך צו זיין זיכער אונטער די אומשטענדען, אין וועלכע ער לעבט, דאַרף פון צייט צו צייט זיך לאָזען אונטערזוכען פון א דאָקטאָר, אַפילו ווען ער פיהלט זיך ניט קראַנק. דורך דעם וועט ער קענען פערהיטען יעדע ערנסטע קראַנקהייט זיינע, ווען זי פאַנגט זיך נאָר אָן צו ענטוויקלען, און כמעט יעדע קראַנקהייט, אויב מען פערכאַפּט זי נאָר פריה גענוג, קען קורירט ווערען, אָדער אַם וועניגסטענס קען איהר ענטוויקלונג אָפּגעשטעלט ווערען.



# די ענגלישע קראנקהייט (ריקעטס).

וואָרום מען רופט דיזע קראַנקהייט די ענגלישע — וואָס פאַר אַ קראַנקהייט דאָס איז — ווי אַזוי זי ווערט פעראורזאַכט — די סימנים פון דער קראַנקהייט — ווי אויסצוהיטען אַ קינד פון ריקעטס — וואָס צו טאָן ווען אַ קינד קריגט שוין דיזע קראַנקהייט.

„ריקעטס", אָדער „ראַקיטיס", ווערט אָנגערופען די ענגלישע קראַנקהייט, אָדער די ענגלישע קרענק, ניט דערפאַר, וואָס זי עקזיסטירט בלויז אין ענגלאַנד אָדער בלויז ענגלישע קינדער ליידען פון איהר, נאָר ווייל אַן ענגלישער דאָקטאָר מיט'ן נאָמען גליסאָן האָט אין יאָהר 1650 דער ערשטער גענוי בעשריבען די סמנים פון דיזער קראַנקהייט און ער האָט דער ערשטער פאָרגעשלאָגען דעם נאָמען „ראַקיטיס".

ריקעטס איז אַ קראַנקהייט, פון וועלכע בלויז קליינע קינדער ליידען און בלויז אַזעלכע קינדער, וואָס קריגען ניט גענוג נאַהרונג אין זייער שפייז. עס איז ניט קיין אַנשטעקענדע קראַנקהייט, זי ווערט ניט פעראורזאַכט פון מיקראָבען און קען זיך ניט פערשפּרייטען פון איין קינד צום אַנדערען. עס איז פשוט אַ הונגער קראַנקהייט. דאָס קינד קריגט ניט געוויסע נאַהרונגס-שטאָפען, אין וועלכע זיין קערפּער נויטיגט זיך און אַלס רעזולטאַט דערפון ליידעט דער גאַנצער קערפּער, ספּעציעל די ביינער.

ריקעטס איז שוין אַן אַלטע קראַנקהייט און זי עקזיסטירט אין אַלע לענדער איבער דער גאַנצער וועלט. ספּעציעל ליידען פון דיזער קראַנקהייט די קינדער פון אָרעמע לייט, וואָס וואוינען אין גרויסע שטעדט, וואוינען אין ענגשאַפט און הונגערן צו ביסלאַך.

די קראַנקהייט איז זעהר פערשפּרייט אין אייראָפּאַ ווי אין אַמעריקאַ, און אין לענדער, וואו די בעפעלקערונג איז ניט אַזוי געדיכט און די ענג-

שאַפּט און אָרמוט ניט אַזוי גרויס, זעהט מען די קראַנקהייט פערהעלטניס-מעסיג זעלטען.

אין די פעראייניגטע שטאַאטען טרעפט מען פעלע פון ריקעטס ספּעציעל אין די גרויסע שטעדט אין די געדיכט־בעפעלקערטע אָרעמע קוואַר-טאַלען. נעגער קינדער און קינדער פון איטאַליענישע עלטערען שיינען צו ליידען פון ריקעטס מעהר ווי קינדער פון אַנדערע ראַסען.

## די אורזאַכען פון דער קראַנקהייט.

ווי שוין פריהער בעמערקט ווערט דיזע קראַנקהייט ניט פעראור-זאַכט פון מיקראָבען. זי איז דאַרום ניט קיין אַנשטעקענדע. ענגע וואוי-נונגען, פערשטיקטע און ניט פרישע לופט, צו וועניג זון־ליכט און די אַב-וועזענהייט פון געוויסע נאַהרונגס־שטאָפען, ווערען פעררעכענט אַלס די פעראורזאַכער פון ריקעטס.

מען בעמערקט אויך די קראַנקהייט זעהר אָפט ביי קינדער, וואָס ווערען צו לאַנג געזויגען. ספּעציעל בעמערקט מען דאָס ביי איטאַליענער קינדער. די מעהרסטע פרויען גלויבען, דאָס אַזוי לאַנג ווי זיי זויגען זייער קינד, קענען זיי ניט שוואַנגערען, אָבוואָהל זיי לעבען געשלעכטליך מיט זייערע מענער (דיזער גלויבען איז אונבעגרינדעט. פיעלע פרויען פאַנגען אָן נאָך אַמאָל צו שוואַנגערען איידער זיי אַנטוואוינען זייער קינד). מאַנ-כע פרויען, ספּעציעל די איטאַליענער זויגען דאַרום זייערע קינדער ביז צוויי יאָהר אָדער נאָך מעהר. אַ קינד, ווען עס ווערט אַלט אַ יאָהר, קען עס זיך שוין ניט צופרידענשטעלען בלויז מיט דער מוטער'ס מילך, עס נוי-טיגט זיך שוין אויך אין אַנדערע שפּייז און, ניט קריגענדיג קיין אַנדער שפּייז, ענטוויקעלט זיך ביים קינד די קראַנקהייט ריקעטס.

ניט זעלטען טרעפט מען אויך ריקעטס ביי קינדער פון גאַנץ פער-מעגליכע עלטערען. אַן אונטערזוכונג אין אַזאַ פאַל צייגט געוועהנליך, אַז דאָס קינד איז ניט געהאָדעוועט געוואָרען מיט דער מוטער'ס מילך, נאָר מיט פערשיידענע צוגעפּראַוועטע „קאָנדענסד" מילך.

## די סימנים פון דער קראַנקהייט.

די קראַנקהייט ערשיינט געוועהנליך אין ערשטען אָדער צווייטען יאָהר פון קינד'ס לעבען. זעלטען ווען ערשיינט זי איידער דאָס קינד איז זעקס מאָנאַטען אַלט. עס איז אָבער אויך דאָ אַ שפּעטערע פאָרמע פון רי-

קעטס, וואָס ציינט זיך ניט ביז צום נײנטען, צעהנטען אָדער זאָגאר צוועלפ־טען יאָהר.

געוועהנליך בעווייזט זיך די קראַנקהייט אין די צווייטע העלפט פון ערשטען יאָהר, איידער דאָס קינד פאַנגט אָן צו געהן. אין מאַנכע פעלע איז די קראַנקהייט אין אזא מילדע פאָרמע, דאָס מען בעמערקט גאָר ניט, אז דאָס קינד איז קראַנק. אין פיעלע פעלע ליידעט דאָס קינד פון „מאָגען" איידער די בעשטימטע סמנים פון ריקעטס צייגען זיך.

דאָס קינד האָט א לייכטען פיבער, איז אונרוהיג, עס פיהלט זיך גע־רייצט און שלאָפט ניט רוהיג. אויב עס האָט שוין פריהער אָנגעפאַנגען צו געהן ציינט עס יעצט א נייגונג ניט צו געהן און עס שיינט צו זיין שוואך און אונזיכער אויף די פיסלאך.

עס זיינען דאָ דריי הויפט־סימנים, אָן וועלכע מען קען צו דיזער צייט דערקענען די קראַנקהייט. ערשטענס פיהלט דאָס קינד שמערצען איבער'ן גאַנצען קערפער, עס איז זעהר עמפפינדליך און וויל ליגען גאַנץ רוהיג. עס לאָזט ניט מען זאָל עס טשעפען און ווען מען ריהרט עס אָן וויינט עס. צווייטענס האָט דאָס קינד א לייכטען פיבער און בייגאַכט איז עס אונ־רוהיג און ווארפט ארונטער פון זיך דעם צודעק, דאָס איז פיליייכט דער־פאַר, וואָס עס קען ניט פערליידען די געוויכט פון'ם צודעק, אזוי עמפפינד־ליך איז עס. דריטענס, שוויצט דאָס קינד זעהר שטאַרק, ספּעציעל ארום קאָפּ און נאַקען, אזוי דאָס יעדען אין דער פריה איז דער קישען, אויף וועל־כען דאָס קינד שלאָפט, דורכגעווייקט מיט'ן קינד'ס שוויים.

פון דיזען שוויצען און פון דעם אונרוהיגען ווארפען זיך און רייבען דעם קאָפּ אָן קישען רייבען זיך אוים די האָר אויף די הינטערשטע טייל פון קינד'ס קעפּעלע, און אָפטמאָל בעמערקט מען דאָס צווישען די ערשטע סמנים פון דער קראַנקהייט.

אויב דאָס קינד ווערט פערנאַכלעסיגט ענטוויקעלט זיך די קראַנק־הייט ווייטער. די הויט ווערט בלאַס און קריגט א קרענקליכען קאָליר, די מוסקולען ווערען ווייך, שוואך און נאָכגעלאָזען, דאָס קינד זעהט אין גאַנצען אוים קליין און שוואך. ספּעציעל ווערען אָנגעגריפען די מוסקולען פון די פים און דאָס קינד הערט אויף צו בעוועגען מיט די פים גלייך ווי זיי וואָלטען געוועז פּאַראַליזירט. ניט איין מאָל ווערט א דאָקטאָר גערו־פען צו בעהאַנדלען א פּאַראַליזירטעס קינד און געפינט אוים, אז דאָס קינד ליידעט גאָר פון ריקעטס.

צווישען די סימנים פון דער קראַנקהייט, וואָס אפילו „א בלינדער קען אַנטאַפּען", זיינען קליינע בערגעלאַך אויף די ריפּען. אויף יעדע ריפּ, אין די פאָדערשטע טייל פון ברוסט־קאַסטען, ביים פּונקט, וואו די ביין פון ריפּ ענדיגט זיך און די קארטילעדזש (ווייך ביינדעל, כראָמשקע) פאנגט זיך אָן, געפינט זיך אזא בערגעל. די נידעריגע העלפט פון ברוסט־ביין, אין פראָנט פון ברוסט־קאַסטען סטאַרטשעט ארויס און דאָס גיט דעם ברוסט־קאַסטען פון קינד די זעלבע פאָרמע ווי א ברוסט־קאַסטען פון א טייבעלע אָדער א הון.

דער בויך זעהט אויס גרויס אין פערגלייך מיט'ן ברוסט־קאַסטען און אויפגעבלאָזען, די מוסקולען פון די פיס זיינען שוואך אויסגעדאַרט. דער קאָפּ זעהט אויס קוואַדראַט (פיער קאַנטיג) און גרעסער ווי געוועהנליך, די ביינער זיינען ווייך, און די פענסטער (פאָנטאַנעלס) אין שאַרבען פערמאַ-כען זיך ניט פאַר א לאַנגע צייט, דאָס הייסט די ביינער ווערען ניט אזוי שנעל צוזאַמענגעוואַקסען, דער שטערן פון קינד איז ברייט און קוואַדראַט. די צייהנדלאַך שניידען זיך ביי אזא קינד פיעל שפּעטער ווי ביי א נאָר-מאַלע קינדער.

ענדערונגען קומען אויך פאָר אין די ביינער פון קינד'ס קערפּער. ווי עס שיינט קריגען ניט די ביינער גענוג פון די זאַלצען, אין וועלכע זיי נויטיגען זיך און זיי ווערען ווייך און בויגען זיך לייכט. ביי די ענדע פון די לאַנגע ביינער, נעבען די הענט געלענקע און קנעבעל ווערען די ביינער דיקער און עס זעהט אויס ווי א „בראָסליעט" פון ביין. אויב דאָס קינד שטעהט אָדער געהט קענען די לאַנגע פיס־ביינער ניט אויפהאַלטען די גע-וויכט פון קערפּער און זיי בייגען זיך אויס. אויב מען האַלט דאָס קינד אויף די הענד אָדער עס זיצט צו לאַנג קענען די רוקען־ביינער ניט אויס-האַלטען די געוויכט און בייגען זיך אויס. דאָס קינד קען דאַן קריגען א האָרב אָדער דער רוקען־ביין קען זיך אויסקרימען אין דער זייט. אויב דאָס קינד זיצט מיט די פיס האַלב נאָכהענגענדיג איבער א שטוהל אָדער טיש, בייגען זיך די ביינער אַרונטערצו.

וויכטיגע ענדערונגען קומען אויך פאָר אין די גליד־שלעסער (גע-לענקען) אזוי, דאָס מען קען א הענטעל אָדער א פיסעל פון קינד דרעהען און בויגען אין אַלע זייטען און דאָס קינד פיהלט דערביי קיינע שמערצען.

ענדערונגען קומען אויך פאָר אין די ביינער פון בעקען (פּעלוויז). דער פּלאַץ אין פּעלוויז ווערט שמאָל און וועהרענד אין דעם פאַל פון א

אינגעל איז עס ניט זעהר וויכטיג, איז עס אָבער פון גרויס וויכטיגקייט אין'ם פאל פון א מיידעל, ווייל אזא קינד, אויב עס וואקסט אויס צו זיין א פרוי, קען זי נאכהער ניט האָבען קיינע נאָרמאלע געבורטען. איהר בע-קען (פעלוויז) האט ניט גענוג פלאץ א נאָרמאלעס קינד זאָל קענען דורכגעהן.

## די אויסזיכטען פון קראנקען קינד.

ריקעטס איז אן און פאר זיך ניט לעבענס־געפעהרליך. אויב מען פערכאפט די קראנקהייט בעצייטענס איידער עס קומען פאר וויכטיגע ענ-דערונגען אין די ביינער, קען זיך דאָס קינד ערהאָלען, זאָנסט פראָגרעסירט די קראנקהייט זעהר לאנגזאם ביז דאָס קינד ווערט עלטער. מען פאנגט דאן אָן צו געבען אנדערע שפייז און דער פראָגרעס פון דער קראנקהייט ווערט דאן אָפּגעשטעלט. אין אזא פאל, נאטירליך, קען מען ניט פערריכ-טען דעם שאָדען, וואָס די קראנקהייט האט שוין פערארורזאכט.

די גרעסטע געפאהר פאר קינדער, וואָס ליידען פון ריקעטס, איז ווען עס ווארפט זיך זיי צו א צווייטע קראנקהייט, ספעציעל איינע פון די לונגען־קראנקהייטען. ריקעטס קינדער זיינען צו שוואך אויסצוהאלטען אזעלכע ערנסטע קראנקהייטען און פיעלע פון זיי שטארבען.

## ווי צו פערהיטען א קינד פון ריקעטס.

ריקעטס, ווי שוין פריהער ערקלערט, איז א קראנקהייט, וואָס קומט דערפון, וואָס דאָס קינד קריגט ניט געוויסע נאהרונגס־שטאָפען, אין וועלכע עס נויטיגט זיך.

קינדער, וואָס ווערען געבאָרען פון נאָרמאלע געזונדע מוטערס, זיי-נען וועניגער אויסגעזעצט דער געפאהר פון קריגען ריקעטס. די מוטער דארף דארום זיך אָפּהיטען אין דער צייט פון איהר שוואנגערשאפט. זי דארף עסען גוט, רוהען גענוג און לעבען אין היגיענישע אומשטענדען.

זויגען א קינד אין דער צייט, ווען די מוטער שוואנגערט, אָדער זוי-גען א קינד צו לאנג אין דער האָפענונג, אז דורך דעם וועט מען אויסמיי-דען שוואנגערען, איז שעדליך פאר'ן קינד. מען דארף דארום אנטוואוינען דאָס קינד אזוי שנעל ווי די מוטער פאנגט אָן צו שוואנגערען און אין יעדען פאל דארף מען דאָס קינד אנטוואוינען צווישען צעהנטען און צוועלפטען מאָנאט.

די מעהרסטע פעלע פון ריקעטס פּאַסירען צווישען קינדער, וואָס ווערען געהאָדעוועט מיט קוה־מילך אָדער מיט צוגעפּערטיגטע „קאָנדענסד" מילך. עס איז דאַרום זעהר וויכטיג פאַר יעדע מוטער צו זויגען איהר קינד. דאָס איז אַ גוטעס מיטעל צו פערהיטען ניט נאָר ריקעטס, נאָר אויך אַנדערע קינדער־קראַנקהייטען. עס פּאַסירט אָבער אמאָל, אַז דאָס קינד געדייהעט ניט אויף דער מוטער'ס מילך, עס וואַקסט ניט און קריגט ניט גענוג געוויכט, ווייל די מוטער'ס מילך ענטהאַלט ניט די נויטיגע נאַהרונגס־שטאָפען, אין וועלכע דאָס קינד נויטיגט זיך. אין אַזאַ פאַל איז דאָס קינד אין געפאַהר צו קריגען ריקעטס, אַבוואָהל עס ווערט געהאָדעוועט מיט דער מו־טער'ס מילך, און דאָס בעסטע איז דאַרום אַזאַ קינד צו אַנטוואַוינען.

ווען דאָס קינד ווערט אַרום זעקס מאָנאַטען אַלט דאַרף מען עס גע־וואוינען צו טרינקען זאַפט פון אָרענדזשעס (אַפּעלסינען). אָנפאַנגען דאַרף מען מיט אַ טהעע־לעפעלע זאַפט פון אַ זיסען אָרענדזש צופּיהרט אין וואַ־סער, און ביסלאַכווייז דאַרף מען די מאָס זאַפט פערגרעסערען ביז דאָס קינד קען יעדען טאָג אויסטרינקען די זאַפט פון אַ גאַנצען זיסען אָרענדזש.

עס איז צו שטוינען, וואָס פאַר אַ גוטע ווירקונג אָרענדזש־זאַפט האָט אויף קינדער, וואָס זיינען גענייגט צו ליידען פון ריקעטס. די זאַפט פון אַנדערע פרישע פרוכט איז אויך גוט אָבער אָרענדזש־זאַפט ווירקט וואונדערליך אויף אַזעלכע קינדער. ניט נאָר העלפט עס צו פערמיידען די קראַנקהייט, נאָר עס קורירט אויך די קינדער, ביי וועמען סימנים פון רי־קעטס האָבען זיך שוין בעוויזען. די אָרענדזש־זאַפט שיינט צו בעזיצען גראַדע די נאַהרונגס־שטאָפען, אין וועלכע דאָס קינד נויטיגט זיך, און אַזוי שנעל ווי עס קריגט גענוג פון דיזע שטאָפען הערט די קראַנקהייט אויף.

## ווען אַ קינד ליידעט פון ריקעטס.

ווען די סמנים פון דער קראַנקהייט, וועלכע מיר האָבען פריהער אויסגערעכענט, בעווייזען זיך ביי אַ קינד דאַרף מען גלייך שיקען נאָך אַ דאָקטאָר. אַ גענויע אונטערזוכונג דאַרף געמאַכט ווערען אום פעסט צו שטעלען צו דאָס קינד ליידעט טאַקע פון ריקעטס אָדער ניט. אויב יע, דאַרף מען גלייך ענדערען דעם קינד'ס שפּייז און דעם קינד'ס אומגעבונג.

ווי אַזוי צו ענדערען דעם קינד'ס שפּייז, וואָס דאָס קינד זאָל קרי־גען צו עסען און וואָס עס זאָל ניט קריגען צו עסען וועט שוין דער דאָק־טאָר אָנזאָגען.

זונען־שיין, פרישע לופט און וואַרעמקייט, זיינען די דריי בעסטע מע-דיצינען פאַר קינדער, וואָס ליידען פון ריקעטס. די לופט ביים ים איז זעהר גוט פאַר אַזעלכע קינדער, זיי מוזען אָבער געהאַלטען ווערען וואַרעם, זיי זאָלען זיך ניט צוקיהלען. וואָס אַנבעלאַנגט זונען־שיין איז גאָר ניטאָ צופיעל פאַר'ן קינד.

אויב די קראַנקהייט איז שוין אַזוי וויט פערגאַנגען, דאָס די לאַנגע ביינער פון די פיס זיינען ווייך טאָר מען ניט לאָזען דאָס קינד געהן און אַפילו ניט זיך אויפשטעלען, ווייל די געוויכט פון קערפּער וועט אויסבוי-גען די ביינער פון די פיס. אויב די ביינער זיינען צו ווייך איז אָפטמאָל ראַטזאַם זיי איינבאַנדאַזשירען מיט „ספּלינטס" (ברעטלאַך) אַזוי, אַז דאָס קינד זאָל ניט קענען איינבויגען די פיס, ביז די קראַנקהייט וועט זיין פאָר-איבער און די ביינער וועלען ווערען האַרטער.

קאָד ליווער אָיל איז גוט פאַר קינדער, וועלכע ליידען פון ריקעטס, אָבער וועגען דעם, ווי אויך וועגען די פערשיידענע דראָגס, וואָס ווערען געברויכט צו שטאַרקען דאָס קינד און דעם העלפען בייצוקומען וואָס גי-כער די קראַנקהייט וועט שוין זאָרגען דער דאָקטאָר, אונטער וועמענ'ס אויפזיכט דאָס קינד וועט שטעהן.

מען בעגעגענט אָפט אין די גאַסען קליינע קינדער מיט שטאַרק איינ-געבויגענע פיס ווי בויגענס, די עלטערען פון אַזעלכע קינדער פערלאָזען דיזען צושטאַנד, גלויבענדיג די פערזיכערונג פון גוטע שכנים און שכנות, דאָס ווען דאָס קינד וועט אויפוואַקסען וועלען די ביינער זיך אויסגלייכען. דאָס איז אַ נאַרישע איינרעדעניש, וואָס קאָסט דעם קינד זעהר טייער, ווען עס וואַקסט אויף.

אַזעלכע אויסגעבויגענע פיס קומען פון אַ פערנאַכלעסיגטען פאַל פון ריקעטס. אַזוי לאַנג ווי די ביינער זיינען נאָך יונג קען מען נאָך מיט דער הילף פון געוויסע אינסטרומענטען זיי פּרובירען לאַנגזאַם אויסגלייכען. אויב דאָס געלינגט ניט קען מען די ביינער איבערברעכען און זיי צוזאַמענ-שטעלען גלייך. אַזוי לאַנג ווי דאָס קינד איז יונג איז אַזאַ אָפּערייישאָן ניט געפעהרליך, ווייל די איבערגעבראָכענע ביינער ווערען שנעל צוריק צוזאַמענגעוואַקסען. אויב אָבער דיזער צושטאַנד ווערט פערנאַכלעסיגט ביז דאָס קינד וואַקסט אויף קען מען די ביינער מעהר ניט אויסגלייבען. זיי זיינען צו האַרט מען זאָל זיי קענען בייגען און דאָס איבערברעכען די ביינער איז דאַן אַ פיעל געפעהרליכערע אונטערנעהמונג.

עס איז דארום וויכטיג גלייך אין אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט אַכ-טונג צו געבען אויף אַלע גלידער, ספּעציעל אויף'ן רוקען-ביין און אויף די פים.

פיעלע האַרבאַטע, הויקערדיגע און קרום-פיסיגע מענשען האָבען זיי-ערע פעהלערן צו פערדאַנקען די נאַכלעסיגקייט פון זייערע עלטערען, וועל-כע האָבען אָנגענומען די גוטע עצות פון אַל-וויסענדע שכנות צו ווארטען ביז דאָס קינד וועט אויסוואַקסען און אַרויסוואַקסען פון'ם פעהלער. דער רעזולטאַטען איז כמעט אין אַלע פעלע דער זעלבער. אַנשטאָט אַרויסצוואַ-וואַקסען ווערט דער פעהלער אַזוי אַריינגעוואַקסען, דאָס עס איז נאַכהער אונעגליך איהם צו פערריכטען.



# סקווירווי (סקארבוט).

**וואָס פאַר אַ קראַנקהייט דאָס איז — די דריי טעאָריען וועגען די אורזאַכען פון דער קראַנקהייט — די סמנים פון סקווירווי — די אויסזיכטען פון סקווירווי־קראַנקע געזונד צו ווערען — ווי אַזוי זיך אויסצו־היטען פון דער קראַנקהייט — וואָס צו טאָן ווען מען האָט שוין די קראַנקהייט — סקווירווי ביי קינדער.**

„סקווירווי", סקאָרבוט אָדער סקאָרבוטוס, איז א קראַנקהייט, וואָס גרייפט אָן עלטערע מענשען און אויך קינדער. די קראַנקהייט צייכענט זיך אויס דערמיט, וואָס די יאַסלעס פון'ם קראַנקען ווערען ווייך און בלוטען זעהר לייכט, די צייהן פאַלען אויס, דער קראַנקער ליידעט פון בלוט־ארמוט, ער ווערט זעהר אָפּגעשוואַכט און קליינע בלוט־שטורצען ציינגען זיך הינ־טער דער הויט.

געננוי פון וואנען די קראַנקהייט נעהמט זיך איז נאָך ניט בעקאַנט, אָבוואָהל די קראַנקהייט איז שוין זעהר אַן אַלטע. דריי ערקלערונגען ווע־רען אָנגעגעבען פאַר דיזער קראַנקהייט. די ערשטע ערקלערונג, אין וועלכע די מעהרסטע דאָקטוירים גלויבען, איז, דאָס די קראַנקהייט ווערט פער־אורזאַכט דערפון, וואָס דער בעטרעפענדער פערזאָן קריגט ניט אין זיין שפייז געוויסע נאַהרונגס־מאַטעריאַלען, וואָס געפינען זיך אין פרישע פרוכט, פרישע גרינצייג (וועדזשעטייבעלס) אָדער פרישע פלייש. געננוי וואָס די־זע נאַהרונגס־שטאָפען זיינען איז נאָך ביז יעצט ניט בעקאַנט. דער פאַקט איז אָבער, דאָס מענשען, וועלכע לעבען א לענגערע צייט אונטער אונהי־גיענישע צושטענדען און עסען ניט קיין פרישע פרוכט אָדער פרישע פלייש, קריגען דיזע קראַנקהייט.

א צווייטע ערקלערונג וועגען דיזער קראַנקהייט איז, דאָס זי ווערט פעראורזאַכט ניט דערפון, וואָס די אָנגעגריפענע פערזאָנען האָבען ניט גע-געסען געוויסע נאַהרונגס־שטאָפען, נאָר דערפון, וואָס זיי האָבען יע גע-געסען געוויסע אַנדערע שפייז־אַרטיקלען, וועלכע זיינען שעדליך פאַר׳ן קערפּער און ווירקען פּונקט ווי גיפטען.

די דריטע ערקלערונג אָדער טעאָריע איז, דאָס די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט פון געוויסע מיקראָבען, וועלכע מיר האָבען נאָך ביז יעצט ניט ענטדעקט.

פון אַלע דריי מיינונגען שיינט די ערשטע צו זיין נעהענטער צום אמת, און אויף דיזער טעאָריע וועגען דער אורזאַכע פון דער קראַנקהייט שטיצט זיך אויך דער פּלאַן, וואָס ווערט איצט געברויכט צו קורירען „סקווירווי”.

סקוירווי איז אמאָל געווען אַ זעהר ווייט פערשפּרייטע קראַנקהייט און איהרע קרבנות זיינען געווען אין אַ פיעל גרעסערער צאָהל ווי יעצט. ספּעציעל פלעגען פון דיזער קראַנקהייט ליידען סאָלדאַטען אין פעלד און מאַטראָזען אויף שיפען נאָך אַ לאַנגע רייזע. מען פלעגט אמאָל ניט פער-שטעהן וואָרום דאָס איז און מען האָט בעטראַכט דיזע קראַנקהייט אַלס אַ ספּעציעלע קללה פאַר מאַטראָזען. אָבער זייט מען האָט אָנגעפאַנגען צו בעזאָרגען די סאָלדאַטען אין פעלד און די מאַטראָזען אויף שיפען מיט פרוכטען, גרינצייג און פרישע פלייש איז די קראַנקהייט כמעט אין גאַנצען פערשוואונדען.

דיזער פאַקט פערשטאַרקט די מיינונג, דאָס „סקווירווי” קומט דער-פון, וואָס דער קראַנקער האָט אַ געוויסע צייט ניט געקראָגען געוויסע נאַה-רונגס־שטאָפען, וועלכע געפינען זיך אין פרישע פרוכטען און גרינצייג.

אויסער די שפייז האָבען אויך געוויסע אומשטענדען אַ ווירקונג אויף דער ענטוויקלונג פון דיזער קראַנקהייט. וואוינען אין גדיכט־בעזעצ-טע הייזער און קוואַרטאַלען, וואוינען אין קאַלטע נאַסע וואוינונגען, זיין אויסגעמאַטערט פאַר אַ לענגערע צייט אונטער ענטמוטיגענדע צושטענדע, ווי צום ביישפּיל, ווען אַן אָרמע האַלט זיך אין צוריקציהען פון אַ שונא, און גייסטיגע ענטמוטיגונג העלפען דער ענטוויקלונג פון סקווירווי.

די קראַנקהייט גרייפט אָן מענשען פון יעדען עלטער. אַלטע שוואַ-כע מענשען פאַלען לייכטער אַ קרבן, ווי יונגע געזונדע מענשען. פרויען ליידען פון סקווירווי גלייך מיט מענער.

די קראַנקהייט „סקווירווי” גרייפט אויך אָן גאָר קליינע קינדער, זויג־לינגע. אין דיזע פעלע איז די קראַנקהייט עטוואָס פערשיידען ווי די פע־לע פון ערוואַקסענע מענשען, און מיר וועלען די פאָרמע פון דער קראַנק־הייט ביי קליינע קינדער בעשרייבען בעזונדער.

# די סימנים פון סקווירווי.

„סקווירווי” גרייפט אָן איהר קרבן ניט פּלוצלינג, נאָר לאַנגזאַם. דער קראַנקער מענש פאַנגט אָן צו פערלירען געוויכט און ווערט וואָס אמאָל שוואַכער און בלאַסער.

אין גיכען פאַנגען אָן זיינע יאַסלעס (צאָהן־פלייש) צו ווערען גע־שוואָלען, זיי ווערען ווייך און בלוטען זעהר לייכט. אין מאַנכע פעלע ווע־רען די יאַסלעס אַזוי ווייך, דאָס די צייהן פאַלען ארויס און פון קראַנקען׳ס מויל הערט זיך דאַן אַ זעהר אונאַנגענעהמער און שלעכטער גערוך, די צונג ווערט געשוואָלען, די הויט ווערט טרוקען און ניט גלאַטיג און אויף פערשיידענע טיילען פון קערפּער פּאַסירען קליינע בלוט־שטורצען, ספּעציעל ארום די האָר־וואָרצלען. די לייכסטע וואונד פערוּרזאַכט די אָנזאַמלונג פון בלוט אין דעם פערוואונדעטען פּלאַץ, די פיס ווערען געשוואָלען, בלו־טען פון נאָז איז אַן אָפטע ערשיינונג אין אַזעלכע קראַנקע פעלע און אין גאַנץ ערנסטע קראַנקען פעלע בלוטעט דער קראַנקער אויך דורך די נירען און די קישקעס.

פון אַזוי פיעל בלוט־פערלוסט ווערט דער קראַנקער זעהר אָפּגעשוואַכט און אַן אונטערזוכונג פון זיין בלוט צייגט, דאָס ער ליידעט פון בלוט־אָרמוט. זיין הארץ ארבייט שוואַך און ניט רעגעלמעסיג.

דעם קראַנקען׳ס אַפּעטיט איז שטאַרק פערקלענערט און צוליב זיינע ווייכע, געשוואָלענע יאַסלעס קען ער ניט קייען קיין שפּייז. ער ליידעט דארום אין די מעהרסטע פעלע פון פערשטאָפּונג. אויב די קראַנקהייט פּראָגרעסירט ווערט דער קראַנקער גייסטיג נידערגעשלאָגען און וויכטיגע ענדערונגען קומען אויך פאָר אין זיינעביינער און אין די שלעסער פון זיינע גלידער.

דיזע קראַנקהייט, טראָטץ איהר ערנסטקייט, קען לייכט פערהיט ווערען, און וואו זי האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען קען זי לייכט קורירט ווע־רען, אויב זי איז נאָר ניט צו ווייט פערגאַנגען.

# די אויסזיכטען פון סקוירווי־קראנקען.

די אויסזיכטען פון דעם, וואָס ליידעט פון סקוירווי, זיינען גאנץ גו-
טע, אויב די קראנקהייט איז נאָר ניט צו ווייט געגאנגען און אויב די אומ-
שטענדען, וועלכע האָבען געפיהרט צו דער ענטוויקלונג פון דער קראנקהייט
קענען בעזייטיגט ווערען.

די צאָהל קראנקע, וואָס שטאַרבען פון סקוירווי, איז יעצט זעהר קליין.
דער טויט אין אזא פאַל קומט געוועהנליך פון הארץ־פעהלער אָדער פון א
בלוט־שטורץ אין מארך. אויב אין דער צייט, ווען דער קראנקער איז זעהר
אָפגעשוואכט פון סקוירווי, ווארפט זיך אונטער אן אנדער ערנסטע קראנק-
הייט, זיינען זיינע אויסזיכטען געזונד צו ווערען גאנץ שוואכע. אין פיעלע
פעלע שטאַרבט דער סקוירווי־ליידענדער פון דער צווייטער קראנקהייט.

# ווי זיך אויסצוהיטען פון סקוירווי.

סקוירווי, ווי מיר האָבען פריהער געזעהן, קומט פון ניט עסען א
לענגערע צייט געוויסע נאהרונגס־שטאָפען, וואָס געפינען זיך הויפּטזעכ-
ליך אין פרישע פרוכט און אין גרינצייג. עסען א געניגענדע מאָס פון
דיזע שפּייז־ארטיקלען איז דארום א גוטע פערזיכערונג געגען דער קראנקהייט.

אמאָליגע יאָהרען פלעגט א רייזע אויף'ן ים געדויערען א לאנגע צייט.
די שפּייז אויף'ן שיף פלעגט בעשטעהן מעהרסטענס פון געזאלצענע פלייש
און פערטריקענטע ברויט. די פלעצער, וואו די מאטראָזען זיינען געשלאָ-
פען, זיינען געווען ענגע, שמוציגע, אונגעזונדע. די ארבייט אויף'ן שיף
איז געווען א שווערע, בעהאנדעלט האָט מען די מאטראָזען ווי שקלאפען
אָדער אויסוואורפען. קיין וואונדער ניט, וואָס אזוי פיעל מאטראָזען פלע-
גען ליידען פון סקוירווי.

א רייזע אויף'ן ים היינטיגע צייטען דויערט פיעל קירצער ווי אמאָל.
יעדע שיף מוז אויך, לויט די געזעצען פון לאנד, פון וואנען די שיף פאָהרט
אָפּ, מיטנעהמען א געניגענדע מאָס פרישע פלייש, א געוויסע מאָס פרוכ-
טען און גרינצייג. די פלעצער, וואו די מאטראָזען שלאָפען, זיינען פיעל
ריינער, לופטיגער און געזינטער, ווי אין אמאָליגע שיפען, און אונטער אזעל-
כע אומשטענדען קען סקוירווי ניט עקזיסטירען.

אום זיך אויסצוהיטען פון סקוירווי מוז מען דארום עסען א געני־גענדע מאָס פרוכטען און גרינצייג אויסער פרישע פלייש און אַנדערע שפייז, צו וועלכע דער מענש איז געוואוינט. מען דארף אויך לעבען אונטער ריינע היגיענישע צושטענדע און טרייען אויפצוהאַלטען דאָס געזונד אין אַלע אנדערע הינזיכטען. סקוירווי גרייפט גיכער אָן שוואכע אָדער אויסגעמאָ־טערטע מענשען, ווי געזונדע און שטאַרקע.

## וואס צו טאן ווען מען האט שוין די קראנקהייט.

די בעסטע בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט איז צו געבען דעם קער־פער יענע נאַהרונגס=שטאָפען, וועמענס אַבוועזענהייט עס האָט פערוּר־זאַכט די קראַנקהייט.

די זאַפט פון צוויי דריי לעמאָנס (ציטראָנען) יעדען טאָג, צוזאַמען מיט פרישע פלייש און גענוג פרישע גרינצייג (וועדזשעטייבעלס) ווי קאַר־טאָפעל, (פּאָטייטאָס), לעטוס, קרויט און ציבעלעס, וועלען אויסהיילען כמעט אַלע קראַנקען פעלע פון סקוירווי, אויסער אין די פעלע, וואו די קראַנקהייט איז שוין צו ווייט פערגאַנגען.

די שפייז, וואָס דער קראַנקער דאַרף עסען, ווענדעט זיך אָן דעם צו דער קראַנקער קען עסען און צו זיין פערדייאונגס=מעכאַניזם איז אויסער אָרדנונג. דער דאָקטאָר אונטער וועמענס אויפזיכט דער קראַנקער דאַרף זיך געפינען, וועט שוין אכטונג געבען אויף די בעהאַנדלונג פון די יאַסלעס, אום דער קראַנקער זאָל קענען עסען זיין שפייז. אין אָנפאַנג וועט פּי־לייכט נויטיג זיין צו האָדעווען דעם קראַנקען מיט מילך, אָנגעשאָבענע פלייש, אָדער פלייש=זאַפט און לעמאָן=זאַפט. אין דער זעלבער צייט וועט דער קראַנקער דארפען אָפט שווענקען דאָס מויל מיט געוויסע מעדיצינען צו שטאַרקען זיינע יאַסלעס. אזוי שנעל, ווי דיזע וועלען אויפהערען אזוי לייכט צו בלוטען און וועלען ווערען עטוואָס פעסטער און האַרטער, קען די שפייז פון קראַנקען געענדערט ווערען ביז ער וועט קענען עסען אַלעס, וואָס ער וויל מיט א צוגאָב פון לעמאָן=זאַפט און פרישע גרינצייג (ווע־דזשעטייבעלס).

אין דער זעלבער צייט מוז דער קראַנקער אויך פיהרען א מעהר היגיעניש לעבען ווי פריהער, געניסען פרישע לופט און מעהר אכטונג גע־בען אויף די אינערליכע און אויסערליכע ריינליכקייט פון זיין קערפּער.

# סקווירווי ביי קינדער.

סקווירווי ביי קינדער, פונקט ווי ביי ערוואקסענע מענשען, קומט אלס רעזולטאט דערפון, וואָס דאָס קינד קריגט ניט געוויסע נאהרונגס־שטאָפען אין זיין שפייז. אין די מעהרסטע פעלע טרעפט מען דיזע קראנק־הייט אין פערלויף פון ערשטען יאָהר פון קינד'ס לעבען און הויפּטזעכליך ביי אזעלכע קינדער, וועלכע ווערען געהאָדעוועט בלויז מיט „קאָנדענסד" מילך אָדער „מאָלטעד" מילך. צייטענווייז קען מען אויך טרעפען א פאל פון סקווירווי ביי א קינד, וואָס ווערט געהאָדעוועט מיט דער מילך פון דער מוטער'ס ברוסט, אָבער אזא פאל איז אַן אויסנאהמע.

די סימנים פון סקווירווי ביי א קינד זיינען ניט שווער צו דערקענען. דאָס קינד איז בלאַס, און אין אָנפאנג, אויב מען לאָזט עס נאָר רוהיג ליגען, ליגט עס גאנץ שטיל מיט די פיסלאך איינגעצויגען. קוים אָבער ריהרט מען זיך צו צו דעם, ספּעציעל ווען מען ריהרט זיך צו צו די פיסלאך, פאנגט דאָס קינד אָן צו וויינען. עס וויינט, ווען מען נעהמט עס אויף די הענד, עס וויינט ווען מען „דייפּערט" עס אָדער מען וויקעלט עס, עס וויינט ווען מען באָדט עס, עס וויינט יעדעס מאָל ווען מען ריהרט זיך צו צו דעם.

עטוואָס שפּעטער בעמערקט מען, דאָס די ביינער ארום די קנעכעל ווערען עטוואָס געשוואָלען און דיק און די פיס ווערען ווי פּאראליזירט. עטוואָס שפּעטער קען מען אויך בעמערקען ווי דער ברוסט־ביין פון קינד ווערט ווי איינגעזונקען, גלייך ווי עמיצער וואָלט געגעבען דעם קינד א שטארקען שטויס אין ברוסט־ביין און איהם איינגעבראָכען.

אין זעהר ערנסטע פעלע קריגט די הויט אַן ערד־קאָליר, אָדער דעם קאָליר, וואָס די הויט קריגט א קורצע צייט נאָך א שטארקען קלאַפּ. אין ביידע פעלע קומט דער קאָליר דערפון, וואָס געוויסע קליינינקע בלוט־רעה־רען פּלאַצען הינטער דער הויט און דאָס בלוט פערשפּרייט זיך אויסער די בלוט־רעהרען.

די געשווילאכץ אין די ביינער פון די פיס, די שמערצען און דער האלב פּאראליזירטער צושטאנד פון די אונטערשטע גלידער קומט אויך דערפון, וואָס קליינע בלוט־רעהרען פּלאַצען אונטער דער הויט, וואָס רינגעלט ארום די ביינער. די יאַסלעס ווערען אָנגעגריפען בלויז אין אזעלכע פעלע, וואו דאָס קינד האָט שוין ציינדלאך.

## ווי צו פערהיטען א קינד פון סקוירווי.

צו פערהיטען אַ קינד פון סקוירווי איז אין די מעהרסטע פעלע ניט זעהר שווער. דאָס בעסטע מיטעל איז צו האָדעווען דאָס קינד מיט דער מוטער׳ס מילך. זויגען אַ קינד אָנשטאָט עס צו האָדעווען מיט פרעמדע מילך פערהיט דאָס קינד ניט נאָר פון סקוירווי, נאָר אויך פון פיעלע אַנדערע קראַנקהייטען. אויב מען קען דאָס קינד ניט זויגען דאַרף מען דאָס האָדעווען מיט מאָדיפיצירטע קוה־מילך, אָבער ניט מיט די פערשיידענע פאַטענטירטע צוגעפּראַוועטע שפּייזען, ווי „קאָנדענסד" מילך, „מאָלטעד" מילך און ז. וו. ווען אַ קינד ווערט אַלט אַרום זעקס מאָנאַטען דאַרף עס קריגען יעדען טאָג אַ טעע־לעפעלע זיסע אָרענדזש (אַפּעלסינען) זאַפט. די מאָס זאַפט דאַרף ביסלאַכווייז פערגרעסערט ווערען ביז דאָס קינד קען אויסטרינקען די זאַפט פון אַ גאַנצען אָרענדזש.

## וואס צו טאן ווען א קינד ליידעט פון סקוירווי.

ווען אַ קינד ליידעט שוין פון סקוירווי דאַרף מען גלייך אויפהערען דעם קינד צו געבען די שפּייז, צו וועלכע עס איז געוואוינט. אָנשטאָט דעם דאַרף מען דעם קינד געבען פרישע קוה־מילך, מאָדיפיצירט לויט דעם עלטער פון׳ם קינד. אין דער זעלבער צייט דאַרף מען דעם קינד געבען איינינגע מאָל אין טאָג אַ טעע־לעפעלע פלייש־זאַפט און אָרענדזש־ אָדער לעמאָן־זאַפט. מען מעג דעם קינד אויך געבען עטוואָס גוט־צוריבענע געקאָכטע קאַרטאָפעל (פּאָטייטאָס).

## די אויסזיכטען פון קראנקען קינד.

איז סקוירווי אַ געפעהרליכע קראַנקהייט? קען אַ קינד געזונד ווערען ווען עס ליידעט פון סקוירווי? וואָס זיינען די אויסזיכטען פון אַזאַ קראַנקען קינד? דאָס זיינען ענגסטליכע פראַגען פאַר יעדע מוטער, וועמענס קינד ליידעט פון סקוירווי.

דער ענטפער איז דאָס סקוירווי איז אַן ערנסטע קראַנקהייט און אויב מען פערנאַכלעסיגט דאָס קינד איז די קראַנקהייט לעבענס־געפעהרליך. אויב מען פאַנגט אָבער אָן בעצייטענס צו געבען דעם קינד פרישע מילך, פלייש־זאַפט און די זאַפט פון אָרענדזשעס (אַפּעלסינען) ערהאַלט

זיך דאָס קינד זעהר שנעל. די קראַנקהייט פערשווינדעט און דאָס קינד ווערט געזונד. אָרענדזש-זאַפט שיינט צו ענטהאַלטען דעם ספּעציעלען נאַהרונגס-שטאָף, וועמענס אבוועזענהייט פעראורזאַכט סקווירווי ביי די קינדער. און צו דאָס קינד ליידעט פון דער קראַנקהייט אָדער ניט דאַרף מען דעם קינד געבען די זאַפט פון אָרענדזשעס יעדען טאָג.



# פאַדאַגראַ — גאָוט.

וואָס פאַר אַ סאָרט קראַנקהייט דאָס איז — די פערשיידענע פאָרמען פון דער קראַנק-
הייט — פון וואָס זי ווערט פעראורזאַכט — וואָס מען קען טאָן פאַר'ן
קראַנקען — ווי זיך אויסצוהיטען פון דיזער קראַנקהייט.

פאַדאַגראַ איז דער נאָמען פון אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט געלעבט מיט העכער דריי הונדערט יאָהר צוריק, און די קראַנקהייט „גאָוט" ווערט אָפט אָנגערופען אויף זיין נאָמען, דערפאַר וואָס ער האָט גענוי שטודירט און בעשריבען דיזע קראַנקהייט לויט דעם, וואָס מען האָט אין יענער צייט געוואוסט פון איהר.

די קראַנקהייט איז שוין זעהר אַן אַלטע און איז פערשפרייט אויף דער גאַנצער וועלט. אויף ווי ווייט מען ווייס יעצט ווערט זי פעראורזאַכט ניט פון מיקראָבען, נאָר פון אַ געוויסע אונאָרדענונג אין דער קערפער-מאַשינערי, וואָס האָט צו טאָן מיט פערברויכען געוויסע נאַהרונגס-שטאָפען און מיט פטור ווערען פון געוויסע כעמישע אָבפאַל-מאַטעריאַלען פון אונזער שפייז ווי אויך פון די צעלען פון קערפער.

פאַדאַגראַ איז אַ קראַנקהייט פון די מיטעלע יאָהרען. זי גרייפט זעלטען אָן אַ מענשען, וועלכער איז אינגער פון דרייסיג יאָהר. עס זיי-נען אָבער דאָ איינינגע אויסנאַהמען צו דיזען כלל. עס האָבען שוין פאַ-סירט פעלע, אָבוואָהל זעהר זעלטענע, וואו גאַנץ יונגע מענשען האָבען געליטען פון דיזער קראַנקהייט.

פאַדאַגראַ געהט אָפט איבער בירושה. ארום פופציג אָדער זעכציג פראָצענט פון אַלע פעלע פון דיזער קראַנקהייט האָט דעם קראַנקען'ס פאָ-טער אָדער זיידע אויך געליטען פון דער זעלבער קראַנקהייט. פרויען ליי-דען פון איהר פיעל ווייניגער ווי מענער. מיר בעגעגענען אָפט אַ פאַל פון

פּאָדאגרא, וואו איינער האָט גע׳ירשנ׳ט די קראַנקהייט פון זיין מוטער׳ס פאָטער, אָבוואָהל זיין מוטער איז פריי פון אירגענד וועלכע סימנים פון דער קראנקהייט.

דער גרעסטער פאַקטאָר אין פעראורזאכען פּאָדאגרא איז אַלקאָהאָל, הויפּטזעכליך אין דער פאָרמע פון וויין און ביער און אַלע אנדערע גע-איהרטע אַלקאָהאָלישע געטרענקע. די קראנקהייט איז דארום מעהר פער-שפּרייט אין די לענדער, וואו דער פערברויך פון ביער איז זעהר גרויס.

דער צווייטער פאַקטאָר אין פעראורזאכען פּאָדאגרא איז שפּייז. עסען צופיעל און האָבען צו וועניג קערפּערליכע איבונגען (עקסערסייזעס) פיהרט אָפט צו דיזער קראנקהייט. מען טרעפט דארום דיזע קראנקהייט אָפט צווישען רייכע מענשען, וועלכע עסען צו פיעל, טרינקען צו פיעל וויין און טוען צו וועניג פיזישע ארבייט. פּאָדאגרא שוינט אָבער אויך ניט קיין קבצנים. א קאָמבינאציע פון שלעכטע שפּייז, אונהיגיעניש עס לעבען און טרינקען צופיעל ביער איז די אורזאכע פון אָרעמענ׳ס פּאָדאגרא.

מענשען, וועלכע ארבייטען ביים שאַפען און צופיהרען ביער און אזעלכע, וועלכע האנדלען מיט אַלקאָהאָלישע געטרענקע, זיינען מעהר אויס-געזעצט דער געפאהר צו קריגען פּאָדאגרא. די קראנקהייט קומט אויך אָפט אַלס א פאָלגע פון כראָנישע בליי-פערגיפטונג אין מענשען, וועלכע זיינען בעשעפטיגט ארום בליי.

דיזע אויסגערעכענטע אורזאכען גרייטען צו דעם באָדען פאר דער קראנקהייט. זיי מאַכען דעם מענשען עמפּפינדליך צו אן אטאקע פון פּאָ-דאגרא. די אטאקע זעלבסט קען ארויסגערופען ווערען דורך עסען א צו רייכען מאָהלצייט און פערטרינקען מיט פיעל וויין אָדער ביער, דורך א פּלוצלינגע גייסטיגע ערשיטערונג, דורך צופיעל זאָרג, אָדער דורך א לייכטע וואונד און דורך אַן עקסידענט (אונגליקספאַל).

## די סימנים פון פּאדאגרא.

פּאָדאגרא ערשיינט אין דריי פערשיידענע פאָרמען: אין דער פאָר-מע פון א שארפע אטאקע, אין א כראָנישע פאָרמע און אין אן אונרעגעל-מעסיגע. די סימנים פון א שארפע אטאקע זיינען ווי פאָלגט:

אין מאַנכע פעלע, איידער די אטאקע זעלבסט פאנגט זיך אָן, פיהלט זיך דער קראנקער אונרוהיג ביינאַכט און האָט לייכטע שמערצען אין די שלעסער פון די הענד און פיס. ער ליידעט אויך פון מאָגען טראָבעלס

און איז נערוועז און נידערגעשלאָגען. אָבער אין פיעלע פעלע זיינען דיזע סימנים ניטאָ און די קראַנקהייט קומט פּלוצלינג. דער מענש געהט שלאָפען א געזונטער אָהן א שום סימן פון אירגענד וועלכער קראַנקהייט. פּאַרטאָג כאַפּט ער זיך אויף פּיהלענדיג א שאַרפען שמערץ אין גראָבען פינגער פון רעכטען פוס (אמאָל אין לינקען פוס). די שמערצען זיינען שרעקליכע און וָוען עס ווערט עטוואס ליכטיגער בעמערקט דער קראַנקער, דאס דער שלאס פון גראָבען פינגער פון רעכטען פוס איז עטוואס געשוואָלען און אזוי שמערצליך, דאָס מען קען זיך צו איהם ניט צוריהרען. די הויט איז רויט און גלאַנציג.

מיט דער פערשווינדען פון דער נאַכט ווערען אויך די שמערצען לייכטער און א גאַנצען טאָג פיהלט זיך דער קראַנקער בלויז עטוואס אונ-וואויל. ביינאַכט קעהרען זיך צוריק די זעלבע שמערצען ווי אין דער פער-גאַנגענע נאַכט. די שמערצען זיינען אזוי שטאַרק, גלייך ווי עמיצער וואָלט מיט א צוואַנג געדריקט דעם קראַנקען פּלאַץ פון קערפּער.

אזוי ווידערהאָלען זיך די נאַכט-אַטאַקעס פון אכט ביז צעהן טעג צייט ביז זיי הערען אויף. מאַנכעס מאָל ווערט אויך דער צווייטער פוס אָנגעגריפען אָבער אין די מעהרסטע פעלע בענוגענט זיך די ערשטע אטאַקע מיט אָנגרייפען בלויז איין פוס.

ווען די אַטאַקע פון פּאָדאַגראַ געהט פּאַריבער ערהאָלט זיך דער קראַנקער זעהר שנעל און זיין געזונדהייטס-צושטאַנד פערבעסערט זיך. א צווייטע אַטאַקע קען אָפטמאָל ניט קומען פאַר פיעלע יאָהרען, אָבער אין די מעהרסטע פעלע דויערט עס בלויז אייניגע מאָנאַטען פון דער ערשטער אַטאַקע ביז צו דער צווייטער און אין פיעלע פעלע ליידעט דער קראַנקער יעדען הערבסט און פריהלינג פון א נייעם אָנגריף.

## די כראָנישע פאָרמע פון פּאָדאַגראַ.

די כראָנישע פאָרמע פון פּאָדאַגראַ קומט געוועהנליך אלס א פאָל-גע פון דער אַקיוטער, שאַרפער, פאָרמע פון דער קראַנקהייט. די אַטאַקעס ווידערהאָלט זיך און ווערען אָפטער. די קנעכעל, קניה און האַנד-געלענקע ווערען אָנגעגריפען. די עלנבויגען, שולטערען און דיכען ווערען זעלטע-נער אָנגעגריפען. יעדער פּלאַץ אין קערפּער, וואָס ווערט אָנגעגריפען, ווערט רויט, געשוואָלען און שמערצליך, און הארטע „שטיינדלאַך" פאָרמירען זיך ארום די פלעצער און טוען שרעקליך וועה, ווען מען ריהרט זיך צו צו זיי.

אין מאַנכע פעלע קומען דיזע „שטיינדלאַך" אַרויף צו דער הויט. די הויט איבער זיי ווערט רויט און ענטצונדען און אָפטמאָל ווערט די הויט צו-שפּאָלטען און פערוואונדעט אויף דיזע פּלעצער.

עהנליכע „שטיינדלאַך" טרעפט מען אויך ביי אַזעלכע קראַנקע אין די אויערען. אין אָנפאַנג צייגען זיך עטוואָס רויטליכע פלעקען אין די אויערען. מיט דער צייט ווערען זיי ווייס ווי קרייד און ווען מען טאַפּט זיי אָן פיהלט מען ווי קרייד וואָלט זיך געפינען אין די קאַרטילעדזש (ווייך ביינדעל, כראָמשקע) פון די אויערען.

דער אונגליקליכער קרבן פון כראָנישער פאָדאַגראַ איז כמעט קיין מאָל ניט פריי פון שמערצען. און פון צייט צו צייט „צושפּילט" זיך די קראַנקהייט און ער ליידעט פון אַ שאַרפער אַטאַקע. קרעמפּפען אין דיקען פלייש פון די פיס, נאָך די דיכען (די פּאָלקעס), שמערצען אין בויך אָדער אין ברוסט־קאַסטען פעראורזאַכען איהם זעהר פיעל אונאַנגענעהמליכקיי-טען. מאָגען טראָבעלס זיינען אַן אָפטע ערשיינונג אין אַזעלכע קראַנקע.

עס איז אויך דאָ אַ דריטע קלאַסע פון פאָדאַגראַ ליידענדע. די סמנים פון דיזער פיעל־פאָרמיגער קראַנקהייט זיינען פערשיידענע. זיי ערשיינען אָבער אָם מעהרסטען אין מיטגלידער פון פאָדאַגראַ־פאַמיליעס אָדער אין אַ זעלכע, וואָס עסען צו גוט, טרינקען צופיעל און האָבען צו וועניג פיזישע איבונגען, און זיינען דאָך געוועזען גליקליך גענוג אויסצומיידען די שאַרפע (אַקיוטע) פאָרמע פון דער קראַנקהייט.

מאַנכע פון דיזע קראַנקע ליידען פון הויט־קראַנקהייטען, מאַנכע פון מאָגען־קראַנקהייטען, מאַנכע פון „נערוועז", ניוראַלדזשיעס", קאָפּשמערצען, אויגען־וועהטאָג, האַרץ־קראַנקהייט און אַלערליי אַנדערע שמערצען.

# די אורזאַכע פון דער קראַנקהייט.

ווי שוין פריהער געזאָגט איז די גענויע אורזאַכע פון דער קראַנקהייט ניט גענוי בעקאַנט. וואָס מען ווייס יע איז, דאָס אין'ם בלוט פון די קראַנ-קע, וועלכע ליידען פון פאָדאַגראַ, געפינט מען צופיעל פון אַ געוויסע זאַלץ, וואָס הייסט יוריק עסיד. דיזע עקסטראַ מאָס זאַלץ זעצט זיך אָפּ אין די ווייכע ביינדלאַך (קאַרטילעדזש) אַרום די שלעסער און עס שאַפט די „שטיינדלאַך", וועלכע מיר האָבען פריהער דערמאָהנט. דיזע זאַלצען בע-שעדיגען די שלעסער פון די גלידער, אַרום וועלכע זיי ווערען אָפּגעזעצט.

זיי העלפען פערהארטעווען די בלוט־רעהרען און בעשעדיגען מיט דער צייט דאָס הארץ און די נירען.

## די אויסזיכטען פון קראנקען.

פּאָדאגרא זעלבסט איז ניט לעבענס־געפעהרליך. אָבער זעלטען קומט דער קראנקער אָפּ מיט איין אטאקע פון דער קראנקהייט. אין די מעהרסטע פעלע ווידערהאָלען זיך די אטאקעס, און דער קראנקער ליידעט פיעל פון שמערצען אין די גלידער־שלעסער. אין מאנכע פעלע ענטוויקעלט זיך די קראנקהייט אזוי ווייט, דאָס דער מענש ווערט טיילווייז א קאליקע.

פּאָדאגרא פערקירצט ניט דאָס לעבען פון איהרע קרבנות אין די מעהר־סטע פעלע. אָבער אין מאנכע פעלע ברייננגט זי מיט זיך ערנסטע קאָמפּ־ליקאציעס, ווי נירען־קראנקהייט, הארץ־קראנקהייט, פערהארטונג פון די בלוט־רעהרען (ארטעריאָסקלעראָזיס), וואָס קען פיהרען צו אן אפּאָפּלעק־ציע. אזעלכע קראנקע ליידען אויך אָפט פון כראָנישע בראָנקיטיס און פערשיידענע הויט־קראנקהייטען.

## די בעהאנדלונג פון דער קראנקהייט.

די בעהאנדלונג פון דער קראנקהייט איז נאָך פאָרלויפיג ניט אין גאנצען א צופרידענשטעלענדע אפילו אין די הענד פון געניטע דאָקטוירים. פון פּרובירען אליין בעהאנדלען די קראנקהייט אָהן א דאָקטאָר איז דארום אָפּגערעדט. אין צייט פון דעם שארפען אָנגריף פון דער קראנקהייט דארף דער קראנקער בלייבען צו בעט, האלטען זיין מאָגען אָפען, טרינקען פיעל וואסער און האלטען דעם אָנגעגריפענעם פוס עטוואָס אויפגעהויבען, ארומ־געוויקעלט מיט קאטען־וואָהל און גאנץ ווארעם. עס זיינען אויך דאָ גע־וויסע מעדיצינען, וואָס מען גיט צו פערלייכטערען די שמערצען פון פוס און פערקלענערען די אָנזאמלונג פון די זאלצען (יוריק עסיד) אין'ם בלוט. אָבער דיזע מעדיצינען דארף מען נעהמען בלויז אונטער דער אויפזיכט פון א דאָקטאָר.

די בעהאנדלונג פון דער כראָנישער פאָרמע פון פּאָדאגרא בעשטעהט מעהרסטענס אין רעגולירען די שפּייז און די געוואוינהייטען פון'ם קראנקען.

מעסיגקייט און איינפאַכקייט פון די שפּייז, וואָס דער קראַנקער עסט, איז זעהר וויכטיג פאַר איהם. אין אַלגעמיין דאַרף די שפּייז פון אַזאַ מענ-שען בעשטעהן מעהרסטענס פון מילך, גרויפּענס, זאַפטיגע גרינצייג, (וועג-דזשעטייבעלס) און אייער. ער דאַרף אויסמיידען צו עסען קאַלב־פלייש, לעבער, זיס־פלייש (סוויטהברעד), געהאַקטע פלייש, קאָטלעטען, קניידלאַך פון פלייש (קראָקעטס), שטאַרק קאָנצענטרירטע זופּען, אַזעלכע גרינצייג ווי בעבלאַך און אַרבעס, פּאַשטעטען געבעקס (ווי פּיראָגען, געפּילטע קו-כען א. ז. וו.), און אַלערליי צוקער־געבעקס. ער דאַרף אויך אויסמיידען צו טרינקען קאַפע, מאַלץ געטרענקע און שטאַרקע ווײַנען.

עסען דאַרף אַזאַ פּערזאָן בלויז אַזוי פיעל, וויפיעל עס איז גענוג צו שטילען זיין הונגער, דערפאַר אָבער מעג ער און זאָל טרינקען אַזוי פיעל וואַסער וויפיעל נאָר ער קען. ער דאַרף געהן וואַרעם אָנגעטאָן און זיך היטען געגען צוקיהלונג אין דער צייט פון פּלוצלינגע ענדערונגען אין וועטער. פיזישע איבונגען אויף דער פרייער לופט זיינען זעהר נוצליך און ווען דאָס איז אונמעגליך האָט מאַסאַזשירען אַ גוטע ווירקונג.

דער קראַנקער דאַרף זיך אויך היטען פון צופיעל אָנשטריינגונג, גייסטיגע אַזוי גוט ווי פיזישע. האַלטען דעם פערדייאונגס־מעכאַניזם אין אָרדנונג און אויסמיידען פערשטאָפּונג איז וויכטיג אין יעדען פאַל און נאָך מעהר איז עס וויכטיג אין אַ פאַל פון פּאָדאַגראַ. עס זיינען אויך דאָ געוויסע מעדיצינען, וועלכע מען גיט אין מאַנכע פעלע פון כראָנישע פּאָדאַגראַ, אָבער די נויטווענדיגקייט פון געבען אַזעלכע מעדיצינען דאַרף איבערגע-לאָזען ווערען פאַר'ן דאָקטאָר צו ענטשיידען אין יעדען פאַל בעזונדער.

## ווי זיך אויסצוהיטען פון פּאָדאַגראַ.

ווי אַזוי מען קען זיך אויסהיטען פון פּאָדאַגראַ איז ניט אַזוי לייכט צו זאָגען, ספּעציעל אין די פעלע, וואו די קראַנקהייט קומט בירושה. מיט-גלידער פון פאַמיליעס, אין וועלכע די קראַנקהייט איז אַ ירושה־זאַך, קע-נען אָבער פיעל פערקלענערען די געפאַהר פון קריגען די קראַנקהייט דורך פיהרען אַ רעגולאַרען מעסיגען לעבען, אויסמיידען אַלקאָהאָל אַלס געטראַנק אין אירגענד וועלכע פאָרמע, עסען ניט צו פיעל און ניט פיעל פון די שפּייז־אַרטיקלען, וואָס מיר האָבען פריהער אויסגערעכענט אַלס שעדליכע פאַר פּאָדאַגראַ־ליידענדע.

אזעלכע פערזאָנען דארפען אויך פערברייננגען וויפיעל צייט נאָר מעג-
ליך אויף דער פרייער לופט און מאכען געווס פיזישע איבונגען (עקסערסייז).

דיזע אלע מיטלען וועלען אין פיעלע פעלע פערקלענערען די גע-
פאהר פון קריגען די קראנקהייט, אָבוואָהל אין מאנכע פעלע וועט די קראנק-
הייט זיך אָפרופען בירושה טראָטץ אלע פאָרזיכטס-מיטלען.



# רהומאטיזם.

וואָס פאַר אַ קראַנקהייט דאָס איז — פערשיידענע קראַנקהייטען, וואָס ווערען גע-
רופען מיט דיזען נאָמען — איין בעשטימטע פאָרמע פון רהומאַטיזם.

דער מענשליכער קערפּער איז נאָך אַלץ אַ בוך מיט זיבען זיגלען אַפילו פאַר די דאָקטוירים, ווען מ'ען'ס אויפגאַבע עס איז צו קענען דעם קערפּער ווי מאַשיניסטען קענען זייערע מאַשינען. פאַרהאַן נאָך געבנוג ווינקעלאַך אין מענשליכען קערפּער, וואָס מען האָט נאָך ניט אויסגעפאָרשט. פאַראַן נאָך גענוג שמערצען און וועהטאָגען, וואָס מען קען ניט ערקלערען. עס זיינען דאָ גענוג קראַנקהייטען, פון וועלכע דער קערפּער ליידעט, וואָס מיר ווייסען ניט ווי אַזוי זיי ווערען געשאַפען, וואָרום זיי עקזיסטירען און ווי אַזוי זיי צו היילען.

דער דורכשניטליכער מענש וויל אָבער דערפון ניט ווייסען. ווען ער בעצאָהלט אַ דאָקטאָר פאַר אַ וויזיט וויל ער, אַז דער דאָקטאָר זאָל גלייך צונעהמען די קראַנקהייט, פערלייכטערען די שמערצען, אָדער אַם ווענינּ-סטענס בעשטימען פון וואָס פאַר אַ קראַנקהייט ער ליידעט. דער דאָקטאָר, וואָס קען דאָס ניט טאָן, איז ניט ווערט דאָס געלד, וואָס מען צאָהלט איהם, און אונזער חולה וועט זיכער געהן צו אַ צווייטען דאָקטאָר און יענער וועט אויסגעפינען, אַז די קראַנקהייט הייסט כ'ווייסניט'יטים. אַ דאַגה וואָס דער נאָמען איז, אַבי ער קלינגט שעהן, און דער קראַנקער פיהלט, דאָס ער האָט זיין געלד ניט ארויסגעוואָרפען. ער ווייס כאָטש יעצט פון וואָס ער ליידעט.

אַ דאַנק דיזען דורשט נאָך ווייסענשאַפט, וואָס די קראַנקע צייגען ארויס, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען די נעמען פון זייערע קראַנקהייטען, בליהט יעצט די קראַנקהייט „רהומאַטיזם".

ביי די דייטשען איז דאָ אַ ווערטעל: „אויב איהר ווייסט ניט פון וואָס איינער ליידעט רופט די קראַנקהייט 'רהומאַטיזם'", און פיעלע דאָק-

טוירים אין אלע ציוויליזירטע לענדער זיינען פון צייט צו צייט געצוואונ-
גען אזוי צו האנדלען.

אין דער אמת'ן איז רהומאטיזם גאר קיין קראנקהייט ניט. מיר ווייסען, דאס יעדער „רהומאטיזניק" וועט פראטעסטירען געגען דיזער בעהויפּטונג און ער וועט זיין גערעכט. וואס מיר מיינען מיט דער בעהויפּטונג, אז רהומאטיזם איז גאר קיין קראנקהייט ניט איז, דאס עס איז ניט איין קראנקהייט, נאר א גאנצער רעגימענט פון קראנקהייטען, וואס זעגלען אונטער דיזען נאמען. יעדער שמערץ, וואס קען ניט ערקלערט ווערען, ווערט גערופען רהומאטיזם, יעדער אונערקלערליכער וועהטאג ווערט בעצייכענט מיט'ן לייבעל רהומאטיזם, און דער קראנקער איז צופרידען צו ליידען און שווייגען. ער ערווארטעט שוין גאר ניט קיין רפואה פון דאקטאר, ווייל ער ווייס, דאס ער ליידעט פון „רהומאטעס"

ניט צופרידען זיינען אבער די דאקטוירים זעלבסט. דער פאקט, דאס אזוי פיעל מענשען ליידען פון די קראנקהייטען, וואס מען רופט פון בעקוועמליכקייט וועגען רהומאטיזם און עס איז קיין רפואה ניטא פאר זיי, שטעהט ניט אן די דאקטוירים, ווען'ס לעבענס-אויפגאבע עס איז צו קורירען קראנקהייטען אדער זיי אין גאנצען צו פערהיטען און וועהרענד אונזערע רהומאטיזניקעס געהען ארום צופרידענע און שטאלצירען מיט זייער פעהיגקייט פאראויסצוזאגען אן ענדערונג אין וועטער, פערווענדען פיעלע דאקטוירים זייער צייט אין האספיטאלס און אין לאבאראטאריומס שטודירענדיג די פערשיידענע פעלע פון רהומאטיזם, זוכענדיג די אורזאכע פון דיזע קראנקהייטען און וואס מען קען טאן פאר זיי.

אויף אזא ארט איז געלונגען צו קלאסיפיצירען די פערשיידענע מינים רהומאטיזם ליידענדע און מען האט אויסגעפונען, דאס מאנכע פון דיזע ליידען גאר פון גאנץ בעזונדערע קראנקהייטען, פאר וועלכע עס איז יע דא א רפואה.

איינע פון דיזע קראנקהייטען ווערט בעצייכענט מיט'ן נאמען „אקיוט ארטיקיולאר רהומאטיזם". דאס הייסט א שארפע (אקיוט איז דער געגענזאץ פון כראניש) אטאקע פון רהומאטיזם, וואס גרייפט אן די שלעסער אדער געלענקע פון קערפער, ווי, צום ביישפיל, די קניה, עלענבויגען, שולטער שלאס און ז. וו.

ווען דיזע קראנקהייט גרייפט אן דעם מענשען איז ער ערנסט קראנק, ער ליגט צו בעט, האט א הויכען פיבער, שוויצט זעהר פיעל מיט א זויערען

עסיד שוויס, און איינער אדער מעהרערע שלעסער פון די הענד און פיס זיינען געשוואלען, רויט און גלאנציג און אזוי שמערצליך און דאס בלויזע אנריהרען זיך אן זיי פעראורזאכט שרעקליכע שמערצען.

דיזע קראנקהייט איז א גאנץ בעשטימטע און עס לוינט זיך וועגען איהר מעהר צו וויסען.

# די אקיוטע פארמע פון רהומאטיזם.

די אקיוטע פארמע פון רהומאטיזם ווערט פעראורזאכט פון א בע-שטימטען סארט מיקראבען. אמאל האט מען געגלויבט, אז די קראנקהייט ווערט פעראורזאכט פון עסען צופיעל פלייש, אבער גענויע נאכפארשונגען און עקספערימענטען האבען בעוויזען, אז דאס איז ניט אמת. דאס עסען פלייש האט פיליכט א ווירקונג אויף'ן גאנג פון דער קראנקהייט און עס איז איבערהויפט בעסער צו עסען וועניגער פלייש אום ניט צו פיעל אנ-לאדען דעם קערפער מיט געוויסע אבפאל מאטעריאלען פון'ם פלייש. עס איז אבער ניט אמת, אז דאס פלייש עסען איז די אורזאכע פון דער קראנק-הייט, און אויך וועגעטאריאנער זיינען ניט בעווארענט געגען רהומאטיזם.

עס איז זעהר זעלטען צו טרעפען דיזע קראנקהייט ביי קינדער, וואס זיינען אינגער פון פינף יאהר. אבער פון פינף יאהר אן און ווייטער ביז ארום דרייסיג יאהר טרעפט מען דיזע פארמע פון רהומאטיזם גאנץ אפט, ספעציעל אין די געגענדען פון א מיטעלמעסיגען קלימאט און מעהרסטענס אין די מאנאטען ווען דאס וועטער ענדערט זיך.

מעהרסטענס טרעפט דארום רהומאטיזם פעלע אין פריהלינג און אין הערבסט, אבער איינצעלנע פעלע פאסירען א גאנצען יאהר, אפילו אום זומער.

רהומאטיזם פערשפרייט זיך אפט אין עפידעמיעס און דאס צייגט, אז עס איז פיליכט אן אנשטעקענדע קראנקהייט, אבוואהל עס איז נאך ניט זיכער אויף וועלכער ארט און וויזע די קראנקהייט פערשפרייט זיך.

געהט רהומאטיזם איבער בירושה? פיעלע דאקטוירים זיינען גע-נויגט צו גלויבען אז יע. די מעהרסטע דאקטוירים גלויבען, אז קינדער פון עלטערען, וואס ליידען פון רהומאטיזם, ירשנ'ען א נייגונג צו דיזער קראנקהייט און ווערען גיכער אנגעגריפען פון די רהומאטיזם מיקראבען, ווי קינדער פון נארמאלע עלטערען. א זעהר, זעהר גרויסע צאהל מענשען,

וואָס ליידען פון רהומאַטיזם, זיינען קינדער פון עלטערען, וועלכע האָבען געליטען פון דער זעלבער קראַנקהייט.

די אקיוטע פאָרמע פון רהומאַטיזם איז געוועהנליך א נאָכפאָלגע פון אזעלכע קראַנקהייטען, ווי אן ענטצינדונג אין האַלז טאַנסיליטיס (מאַנד־לען) אָדער שלעכטע פערפוילטע צייהן (און דאָס איז אויך א קראַנקהייט). הויפּטזעכליך ווען דער פּערזאָן, וואָס ליידעט פון די אויבענדערמאָהנטע קראַנקהייטען, קיהלט זיך צו אָדער ווערט שטאַרק אויסגעמאַטערט פון א וועלכע עס איז אורזאַכע.

די מיקראָבען פון די טאָנסילס, האַלז־ענטצינדונג אָדער שלעכטע צייהן שווימען אַרום אין'ם בלוט און ווען די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון'ם קערפּער איז אָפּגעשוואַכט גרייפען דיזע מיקראָבען אָן דעם קערפּער און דער מענש ווערט קראַנק.

דער קראַנקער האָט פיבער, עס קלאַפּט איהם א צאָהן אָן א צאָהן פאַר קעלט און דאַן ווערט איהם שטאַרק הייס און ער בעגיסט זיך מיט שוויים. דער שוויים האָט א זויערען טעם און גערוך, דאָס זאָגאַר אָן שוויים קען מען דערקאָנען די קראַנקהייט. דער קראַנקער פיהלט זיך זעהר אָפּ־געשוואַכט. אין האַלז טוט איהם וועה, דער גאַנצער קערפּער איז איהם שוואַך, גלייך ווי ער וואָלט שוין געהאַט דורכגעמאַכט א שווערע קראַנק־הייט און די גרעסערע שלעסער פון קערפּער, ווי די קנעכעל, קניה, עלענ־בויגען, אַקסעל, שלעסער און געלענקע ווערען איינע נאָך די אַנדערע אָנגע־גריפען. די שלעסער, ווי שוין פריהער ערקלערט, ווערען געשוואָלען, רויט און גלאַנציג און אזוי שמערצליך, דאָס מען קען זיך צו זיי ניט צוריהרען. דער קראַנקער ליגט אין בעט ווי פערגליווערט און האָט מורא זיך א ריהר צו טאָן. אָבוואָהל ער פיהלט זיך שרעקליך אָפּגעשוואַכט ציטערט ער איינ־צושלאָפען, טאָמער וועט ער פון שלאָף זיך א ריהר טאָן, ווייל דאַן כאַפּט ער זיך אויף פון די העלישע שמערצען, וואָס דאָס פערשאַפט איהם.

דער אָנגריף פון איין שלאָס אָדער געלענק געדויערט ניט לאַנג. אין א קורצע צייט אַרום געהט אָפּ די געשווילאַכץ און די שמערצען פערשוויג־דען אָדער ווערען אַם ווענינסטען לייכטער. אָבער וועהרענד דער קראַנ־קער גראַטולירט זיך שוין און האָפט, דאָס ער איז פּטור געוואָרען פון די שמערצען, ווערט א צווייטער געלענק אָדער שלאָס אָנגעגריפען, און אזוי שנעל ווי דער ניי־אָנגעגריפענער שלאָס ווערט לייכטער גרייפט די קראַנק־הייט אָן א דריטען שלאָס.

און אזוי וואנדערט די קראנקהייט ארום פון איין פלאץ פון קער-פער צום אנדערען ביז עס דאכט זיך דעם קראנקען, דאס עס וועט גאר קיין סוף ניט נעהמען צו זיינע העלישע שמערצען.

אין דיזער שטופע פון דער קראנקהייט האט דער אונגליקליכער קיין אפעטיט ניט און וויל גאר ניט עסען. די צונג איז איהם טרוקען, פון מויל הערט זיך א שלעכטער גערוך, פיעלע רויטע קייקעלאך אין זיין בלוט ווע-רען פערניכטעט און דער קראנקער ווערט שנעל בלוט-ארעם. דער קראנ-קער איז אין דיזער צייט אין א יאמערליכען צושטאנד און עס דאכט זיך, דאס דער אונגליקליכער שפרייזט מיט שנעלע טריט צום קבר.

גליקליכערווייזע איז די קראנקהייט ניט אזוי לעבענס-געפעהרליך ווי זי שיינט. זעהר ווייניג מענשען שטארבען דירעקט פון רהומאטיזם און נאך דעם, ווי די קראנקהייט מוטשעט אפ איהר קרבן פון צוויי ביז זעקס וואכען צייט, אפטמאל לענגער, פערשווינדעט זי.

דערמיט אבער וואס די קראנקהייט זעלבסט פערשווינדעט איז דער קראנקער נאך ניט גערעטעט. אין גאר פיעלע פעלע לאזט דיזע קראנק-הייט געוויסע נאכוועהעגישע נאך זיך, — נאכוועהעגישע, וואס זיינען אפטמאל ערגער פון דער קראנקהייט זעלבסט.

ווארום די מיקראבען פון רהומאטיזם קלייבען גראדע אויס די שלע-סער אדער געלענקע פון קערפער צו אטאקירען איז נאך ניט גענוי בעקאנט, פונקט ווי עס איז ניט בעקאנט ווארום אין מאנכע פעלע, ווען די אקיוטע פארמע פון דער קראנקהייט געהט פאראיבער, ווערט דער קראנקער צוריק געזונד, וועהרענד אין אנדערע פעלע בעשעדיגען די מיקראבען דעם מעכא-ניזם פון'ם קראנקען'ס הארץ אדער די מוסקולען פון הארץ. אין העכער א העלפט פון אלע פעלע פון רהומאטיזם ווערט דאס הארץ אנגעגריפען און אין פיעלע פעלע איז דיזער אנגריף פון הארץ א גאנץ ערנסטער.

דאס הארץ איז אבער ניט דער איינציגער וויכטיגער טייל פון קער-פער, וועלכע די רהומאטיזם מיקראבען גלייכען צו אטאקירען. דער מארך און די נערוועןן ווערען אויך אנגעגריפען אין א געוויסע צאהל פעלע. פליורעסי (וואסער אויף די לונגען) און לונגען-ענטצינדונג זיינען מאנכעס מאל פאלגען פון רהומאטיזם און טאנסיליטיס, אן ענטצינדונג אין די טאנ-סילס איז כמעט א שטענדיגע בעגלייטערין פון רהומאטיזם.

ווי איהר זעהט איז רהומאטיזם א זעהר ערנסטע קראַנקהייט. די סימנים, דורך וועלכע מען קען דיזע קראַנקהייט אונטערשיידען פון אלע אַנדערע קראַנקהייטען, וואָס גרייפען אָן די געלענקע, זיינען:

די אַנוועזענהייט פון אַן ענטצינדונג אין האַלז אָדער אין די טאָנ־סילס. דער עסיד־זויערער שוויים און דאָס ארומשפּרינגען פון דער קראַנק־הייט פון איין געלענק צום אַנדערען. צוליב דער ערנסטקייט פון דער קראַנק־הייט זעלבסט און הויפּטזעכליך פון איהרע פאָלגען אָדער נאָכוועהעניִשע מוז יעדער איינער זיך גלייך שטעלען אונטער דער אויפזיכט פון א דאָק־טאָר אַזוי שנעל ווי ער ווערט קראַנק. דיזע פאָרמע פון רהומאַטיזם איז מעגליך צו קורירען דורך רוה און מעדיצינס.

איין אַטאַקע פון רהומאַטיזם בעשיצט ניט געגען א צווייטע אַטאַקע, ווי אין׳ם פאַל פון מאָזלען אָדער פּאָקען, נאָר פאַרקעהרט איין אַטאַקע אַר־בייט אויס א גוטען באָדען אין׳ם קערפּער פאַר א צווייטע אַטאַקע און אויב דער קראַנקער האָט ניט קיין נאָכוועהעניִשע פון דער אַטאַקע וועט ער זיי שוין קריגען פון דער צווייטער, דריטער אָדער פערטער אַטאַקע.

## ווי זיך אויסצוהיטען פון רהומאטיזם.

אום זיך אויסצוהיטען פון א געוויסער קראַנקהייט מוזען מיר אויס־מיידען די זאַכען, וואָס העלפען דער בעשטימטער קראַנקהייט זיך פער־שפּרייטען און אָנגרייפען דעם קערפּער. אין׳ם פאַל פון דער אַקיוטער פאָר־מע פון רהומאַטיזם האָבען מיר געזעהן, דאָס די קראַנקהייט פאַנגט זיך געוועהנליך אָן פון דעם, וואָס מיקראָבען פון רהומאַטיזם, וואָס געפינען זיך אין א קראַנקען האַלז אָדער ענטצינדונג אין די טאָנסילס, פערשפּרייטען זיך דורך׳ן קערפּער און ווען דער קערפּער ווערט דורך אירגענד וועלכע אורזאַכע אָפּגעשוואַכט איז מעגליך פאַר די מיקראָבען אָנצופאַנגען זייער ארבייט.

פון דעם איז לייכט איינצוזעהן, דאָס אויב מיר ווילען אויסמיידען דיזע קראַנקהייט טאָרען מיר ניט פערנאַכלעסיגען אַזעלכע לייכטע קראַנק־הייטען ווי א קליינע ענטצינדונג אין האַלז אָדער א „פערקעלטונג״.

מיר ווייסען שוין יעצט, דאָס די אויבענדערמאָהנטע, לייכטע קראַנק־הייטען ווערען פעראורזאַכט פון מיקראָבען, און צווישען דיזע מיקראָבען געפינען זיך וואַהרשיינליך אויך די, וואָס פעראורזאַכען רהומאַטיזם. אויב מיר פערנאַכלעסיגען ניט די לייכטע קראַנקהייטען קענען מיר פערניכטען

די מעהרסטע שעדליכע מיקראָבען איידער זיי האָבען פעראורזאַכט פיעל שאָדען. אויב אָבער מיר קוקען זיך ניט אום אזעלכע קלייניגקייטען, ווי „קאָלדס" אָדער א לייכטע האלז־ענטצינדונג, האָבען די מיקראָבען צייט צו פערמעהרען זיך, ארייַנכאַפּען אין אונזער בלוט און פיהרען צו רהומאטיזם אָדער אנדערע ערנסטע קראַנקהייטען.

דער ערשטער כלל דאַרף דארום זיין ניט צו פערנאַכלעסיגען קיינע קראַנקהייטען, ווי לייכט זיי זאָלען ניט זיין. ספעציעל קראַנקהייטען פון האלז, נאָז און מויל.

דער צווייטער כלל איז אויפצוהאַלטען דאָס געזונד אום דער קערפּער זאָל קענען אויסהאַלטען דעם קאַמף מיט זיינע קליינינקע שונאים. ווי אויפצוהאַלטען דאָס געזונד איז שוין ניט אזוי לייכט צו ערקלערען אין איינינע ווערטער. מיר בעמערקען אָבער אין די מעהרסטע פעלע פון רהומאַטיזם, דאָס די קראַנקהייט קומט, ווען דער מענש איז שטארק אויס־געמאטערט און אָפּגעשוואַכט אָדער נאָך דעם, ווי ער געפינט זיך א לענ־גערע צייט אין א גרויסע היץ אָדער א שטאַרקע קעלט און נעץ און אין די מעהרסטע פעלע קומט די קראַנקהייט אין פריהלינג און אין הערבסט, ווען דאָס וועטער בייט זיך.

מענשען, וואָס זיינען שוואכע, דארפען זיך דארום היטען אין דיזע צייטען פון יאָהר ניט צו טאָן צופיעל פיזישע ארבייט אום ניט פערמאטערט צו ווערען אָדער ניט צו ארבייטען מיט איינמאָהל אזוי שווער, דאָס זיי זאָלען „פאלען פון די פיס" אוים שוואכקייט. זיי דארפען זיך אויך הי־טען ניט צו זיין צו לאַנג אין קעלט און נעץ. ווינטער־צייט דארפען זיי טראָגען ווארעמע קליידער, אויב מעגליך, וואָלענע אונטערוועש און זומער לייוועגדענע. זיי דארפען זיך היטען ניט צו עסען צופיעל קראָכמאל־שפייז און ניט צו טרינקען קיינע אלקאָהאָלישע געטרענקע.

האלטען דעם פערדייאונגס־מעכאַניזם אין אָרדענונג אום מען זאָל ניט ליידען פון פערשטאָפּונג איז א זעהר וויכטיגער מיטעל צו פערהיטען דעם קערפּער ניט נאָר פון רהומאַטיזם, נאָר אויך פון פיעלע אנדערע קראַנק־הייטען.

די הויט מוז געהאַלטען ווערען ריין און אקטיוו, דאָס הייסט, אז די שוויים־קאנאלען פון דער הויט זאָלען ניט זיין פערשטאָפּט און זאָלען קע־נען ארויסברייננען פון קערפּער געוויסע אונריינע מאטעריאלען, וואָס דאר־פען געוועהנליך ארויסגעהן דורך דער הויט. דאָס קען דורכגעפיהרט ווע־

רען דורך באָדען זיך טעגליך און דורך איינגעוואוינען די הויט צו קאַלטע וואַסער. דאָס לעצטע העלפט אויך צו פערמיידען אָפטע פערקעלטונג.

זיין אויף דער פרישער לופט אַזוי פיעל ווי גאָר מעגליך, אַטעמען טיף און מאַכען פיזישע איבונגען העלפט אויפהאַלטען דאָס געזונד און עס העלפט דעם קערפער בייצוקומען די מיקראָבען, ווען די לעצטע גרייפען איהם אָן.

דער וואָס האָט שוין געליטען פון איין אַטאַקע פון רהומאַטיזם מוז זיין בעזונדערס שטאַרק פאָרזיכטיג, ווייל, ווי שוין פריהער ערקלערט, איז אַזאַ פערזאָן מעהר אויסגעזעצט דער געפאַהר פון אַ נייע אַטאַקע, ווי דער פערזאָן, וואָס האָט נאָך ניט געליטען פון קיין אַטאַקע. די לייכטסטע פערקעלטונג קען צוריקברייינגען אַן אַטאַקע פון רהומאַטיזם צו אַ פערזאָן, וואָס האָט שוין געהאַט איינע אָדער מעהרערע אַטאַקעס.

## וואס צו טאָן ווען איינער ווערט שוין קראַנק.

געגען דיזער אַקיוטער פאָרמע פון רהומאַטיזם האָבען די דאָקטוירים ווירקזאַמע רפואות. מאַנכע מעדיצינס ווירקען ווי אַ גיפט געגען די רהומאַטיזם מיקראָבען און געברויכענדיג דיזע מעדיצינס ווערט די קראַנקהייט גיכער גענענדיגט. דער פיבער קען פערקלענערט ווערען, די שמערצען אין די געלענקע קען מען לינדערען און מאַנכע פון די שלעכטע פאָלגען פון אַזאַ אַטאַקע פון רהומאַטיזם קענען פערהיט ווערען, אויב דער קראַנקער קומט באַלד אין אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר.

דאָס ערשטע, וואָס מען דאַרף טאָן פאַר אַזאַ קראַנקען, איז גלייך רופען אַ דאָקטאָר. דער קראַנקער זעלבסט איז הילפלאָז און קען פאַר זיך גאָר ניט טאָן. די קראַנקהייט איז צו ערנסט, די פאָלגען פון דער קראַנקהייט איז צו געפעהרליך, דאָס מען זאָל זיך קענען בעגעהן אָהן די אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר, און וואָס פריהער דער דאָקטאָר ווערט גערופען אַלץ בעסער איז עס פאַר'ן קראַנקען.

מיר וועלען דארום אין גאַנצען דאָ אויסלאָזען די בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט זעלבסט, ווייל אויף דעם וועט שוין דער דאָקטאָר אין יעדען פאַל אַכטונג געבען.

# כראָנישע רהומאַטיזם.

**וועהרענד** די קראַנקהייט, וואָס מיר האָבען אויבען בעשריבען, די אַקיוטע פאָרמע פון רהומאַטיזם, האָט אַ געוויסע פיזיאָנאָמיע און איז די זעלבע סאָרט קראַנקהייט ביי די מעהרסטע קראַנקע, וואָס ליידען פון איהר, איז אָבער די כראָנישע פאָרמע פון רהומאַטיזם אַ מיש־מאַש פון פערשיי־דענע קראַנקהייטען.

דאָס וואָרט „כראָנישע רהומאַטיזם" איז דער גאַרבעדזש פעיל (שמוץ־עמער) פון דאָקטאָר'ס ווערטערבוך. אַלע קראַנקהייטען, וואָס פעראורזאַ־כען שמערצען אין די געלענקען, הענד, פיס, פּלייצע, מוסקולען,ביינער, ווערען פעררעכענט אַלס רהומאַטיזם, אַלע אונבעקוועמליכקייטען, וואָס אונ־זער קערפּער ליידעט, אָנפאַנגענדיג פון פלאַכע פיס ביז ערנסטע נערוועז־ענטצינדונגען אָדער די גאַנץ שפּעטע סימנים פון דער ווייסער פעסט, ווע־רען בעצייכענט מיט'ן נאָמען רהומאַטיזם.

דיזע סאָרט קראַנקהייט אָדער קראַנקהייטען בעגעגענט מען געוועהנ־ליך ביי מיטעליעהריגע און עלטערע מענשען. קיינע בעווייזע, אַז כראָ־נישע רהומאַטיזם ווערט פעראורזאַכט פון מיקראָבען זיינען ניטאָ, און די אַלגעמיין אָנגענומענע מיינונג איז, דאָס דיזער צושטאַנד, וואָס מיר בע־צייכענען אַלס רהומאַטיזם, ווערט פעראורזאַכט פון דעם, וואָס אין'ם בלוט פון'ם מענשען שווימען ארום געוויסע שעדליכע מאַטעריאַלען. דיזע שעד־ליכע מאַטעריאַלען זעצען זיך אָפּ אין די געלענקע אָדער שלעסער פון קער־פּער, זיי פעראורזאַכען אויך אַ לייכטע ענטצינדונג אין די נערוועז און דאָס פעראורזאַכט די שמערצען, פון וועלכע די קראַנקע ליידען.

אַלע רהומאַטיזניקעס צייכענען זיך אוים מיט זייער פעהיגקייט צו קענען פאָראויסזאָגען ענדערונגען אין וועטער. אין די מעהרסטע פעלע טרעפען דיזע רהומאַטיזניקעס פיעל אָפטער ווי דער וועטער־נביא. דיזע באַראָמעטער־פעהיגקייט איז אַזוי וויית פערשפּרייט צווישען די, וואָס ליי־דען פון כראָנישע רהומאַטיזם, דאָס די מעהרסטע מענשען נעהמען עס אָן אַלס אַ זיכערען צייכען פון דער קראַנקהייט.

פון וואַנען נעהמט זיך דיזע פעהיגקייט צו פּראָפעצייען ענדערונגען אין וועטער? אַ לאַנגע צייט האָט מען דאָס ניט געקענט ערקלערען, ביז מען האָט אָנגענומען די טעאָריע, דאָס די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט דערפון וואָס עס צירקולירען אין'ם בלוט געוויסע שטאָפען, וואָס זיינען

גיפטיג פאַר׳ן קערפּער. זייט דאַן ערקלערט מען די פעהיגקייט פון די רהו־מאַטיזניקעס פּראָוויסצוזאָגען ענדערונגען אין וועטער אויף פאָלגענדען אופן:

די שעדליכע שטאָפען, וואָס שווימען ארום אין׳ם בלוט, שעדיגען די נערוועז און פעראורזאַכען אַ לייכטע נערוועז־ענטציגדונג. די אָנגע־גריפענע נערוועז ווערען עמפּפינדליך און ווערען גיכער בעאיינפלוסט פון ענדערונג אין׳ם וועטער ווי נאָרמאַלע נערוועז.

שלינגען, צום ביישפּיל, קאַלטעס וואַסער ביי אַ נאָרמאַלען מענשען, וועמען׳ס האַלז איז ניט ענטצונדען, איז ניט שמערצליך, וועהרענד אין פאַל דער האַלז איז ענטצונדען איז עס זעהר שמערצליך. דאָס איז דערפאַר, וואָס דער האַלז אין דעם קראַנקען צושטאַנד איז מעהר עמפּפינדליך ווי דער נאָרמאַלער האַלז. דאָס זעלבע איז דער פאַל מיט די נערוועז פון דעם, וואָס ליידעט פון רהומאַטיזם. לייכטע ענדערונגען אין׳ם וועטער, וואָס זיינען צו שוואַך צו מאַכען אַ ווירקונג אויף געזונדע נערוועז פון קערפּער, ווערען גלייך דערפיהלט פון קראַנקע „נערוועזע״ נערוועז, וואָס זיינען ענטצונדען דורך די שעדליכע שטאָפען, וואָס געפינען זיך אין׳ם קערפּער פון דעם, וואָס ליידעט פון רהומאַטיזם. און דערפאַר קען אַזאַ פּערזאָן שנעלער דער־פיהלען ווען עס קומען פאַר ענדערונגען אין׳ם וועטער.

# רהומאַטיזם און פליישׁ עסען.

ווי מיר האָבען שוין פריהער געזעהן גלויבען די מעהרסטע דאָקטוי־רים, דאָס „רהומאַטיזם״ קומט דערפון, וואָס עס שווימען ארום אין׳ם בלוט און עס געפינען זיך אין׳ם קערפּער געוויסע שעדליכע שטאָפען. דיזע שעד־ליכע שטאָפען קומען ניט דערפון, וואָס אין קערפּער געפינען זיך געוויסע באַצילען, ווייל טראָץ גענויע און זאָרגפעלטיגע אונטערזוכונגען איז ביז יעצט ניט געלונגען צו ענטדעקען אַזעלכע באַצילען. די שעדליכע שטאָפען מו־זען אַלזאָ קומען דערפון, וואָס דער קערפּער פערנוצט ניט געוויסע טיילען פון אונזער שפּייז און דיזע ניט פערנוצטע שטאָפען, בלייבענדיג אין קער־פער, פעראורזאַכען די קראַנקהייט.

אין׳ם בלוט און אין די אורין פון פיעלע מענשען, וואָס ליידען פון רהומאַטיזם, געפינט מען מעהר פון אַ געוויסען מאַטעריאַל, וואָס הייסט „יוריק עסיד״ ווי ביי מענשען, וועלכע ליידען ניט פון רהומאַטיזם. „יוריק עסיד״ ווערט געשאַפען אין׳ם קערפּער פון אַזעלכע שפּייזען, וואָס ענט־

האַלטען פיעל „נייטראַדזשען”, ווי פלייש, צום ביישפּיל, און דערפאַר איז מען געקומען צום שלוס, אַז דאָס עסען פיעל פלייש ברייננט רהומאַטיזם, און אַז די רפואה צו רהומאַטיזם איז אויפצוהערען עסען פלייש.

אין דער אמת'ן זיינען ניטאָ קיין שום וויסענשאַפטליכע בעווייזע פאַר דיזער בעהויפּטונג. פאַר יעדען רהומאַטיזם־לײדענדען, וואָס האָט גע־געסען אָדער עסט צופיעל פלייש, זיינען דאָ צעהנדליגע, אויב ניט הונדערטע לײדענדע, וואָס פערזוכען פלייש ניט אָפטער ווי איינמאָל אַ וואָך. רהו־מאַטיזם איז גרעסטענטיילס אַן אָרעמאַן'ס קראַנקהייט און אָרעמע לייט עסען זיך ניט איבער מיט פלייש.

מאַנכע וואָס לײדען פון רהומאַטיזם היטען זיך פון עסען רויטע פלייש און עסען די פיעל טייערערע ווייסע פלייש אָדער הינער־פלייש. איהר הערט אָפטמאָל איינעם זאָגען, דאָס ער האָט שוין אַ לאַנגע צייט ניט גע־געסען קיין פלייש. ער עסט בלויז הינער־פלייש, גלייך ווי הינער־פלייש וואָלט קיין פלייש ניט געווען.

דער אמת איז, דאָס עס איז אַ גאַנץ קליינער אונטערשייד צווישען הינער־פלייש און אָקסען־פלייש, דער איינציגער גרויסער אונטערשייד איז אין פרייז. אויב איינער בעשליסט ניט צו עסען קיין פלייש איז עס נאַ־ריש צו קויפען און עסען הינער־פלייש, אָדער, אויב עס איז זיכער, דאָס הינער־פלייש שאַדעט איהם ניט, מעג ער גאַנץ דרייסט אויך עסען אַנדערע פלייש.

די מעהרסטע רהומאַטיקער לײדען פון צו וועניג עסען אַנשטאָט פון איבערעסען זיך און עסען מעהר וואָלט פערלייכטערט זייערע שמערצען אַנשטאָט זיי צו פערגרעסערען.

## וואָס רהומאַטיזניקעס מעגען עסען.

ווי שוין פריהער בעמערקט וואָלטען די, וואָס לײדען פון רהומאַטיזם, ספּעציעל ווען זיי זיינען ניט פעט אָדער זיינען אָפּגעצעהרט, געדאַרפט עסען מעהר ווי זיי עסען. אַלעס וואָס זיי דאַרפען אויסמײדען איז ניט צו עסען פיעל פון אַזעלכע שפּייז, וואָס ענטהאַלטען אַ סך צוקער אָדער קראָכ־מאָל און ניט טרינקען קיין ביער, ווײן אָדער שנאַפּס. געפּרעגעלטע שפּיי־זען זיינען צו פעט און הויפּטזעכליך זיינען זיי צו שווער צו פערדייען. מילך, אייער, פּוטער, רייז, מאַקאַראָני, ספּאַגעטי, אַלע סאָרטען פרוכט, גרינצייג, די מעהרסטע סאָרטען ניס (אויסער פינאָטס) זיינען זעהר גוטע

מאכלים פאר די, וואס ליידען פון רהומאטיזם, און די קראנקע דארפען עסען פון דיזע מאכלים צו זאט.

טרינקען אלקאהאלישע געטרענקע זיינען שעדליך פאר די, וואס ליי-דען פון רהומאטיזם, אבער וואסער, פשוט'ע ריינע וואסער, דארפען דיזע קראנקע טרינקען וויפיעל עס קען נאר אריין אין זיי. דאס וואסער העלפט אויסשוויינקען זייער קערפער און אויב די אורזאכע פון דער קראנקהייט איז ווירקליך וואס עס שווימען ארום אין'ם בלוט געוויסע שעדליכע שטא-פען, העלפט דאס וואסער אויסשווענקען פון קערפער אזוי פיעל פון דיזע שטאפען ווי נאר מעגליך.

אויס דעם זעלבען גרונד דארף מען זיך באדען אפט און זיין פיעל אויף דער פרישער לופט, אום די הויט זאל קענען ערפיהלען איהר אויפגאבע ארויסצוברייגנען געוויסע אבפאל מאטעריאלען פון קערפער.

ווען איינער ליידעט פון רהומאטיזם דארף ער זיך לאזען אונטער-זוכען פון א דאקטאר ניט איין מאל, נאר אייניגע מאל. א פערזוך דארף געמאכט ווערען אויסצוגעפינען די אורזאכע פון די שמערצען. לעצטענס האבען די דאקטוירים אנגעפאנגען צו לעגען פיעל געוויכט אויף'ן צושטאנד פון'ם פאציענט'ס צייהן. אין פיעלע פעלע האט מען געפונען מאטעריע (פאס) ארום די ווארצלען פון מאנכע צייהן און אין אייניגע פעלע האט דאס פעררריכטען די צייהן קורירט דעם רהומאטיזם.

אין יעדען פאל דארף מען פרובירען צו האלטען דעם קערפער אי-נערליך אזוי גוט ווי אויסערליך ריין און אין די פעלע, וואו מען קען קיין אורזאכע פאר'ן רהומאטיזם ניט געפינען, איז די אינערליכע און אויסער-ליכע ריינליכקייט די איינציגע מעדיצין פאר רהומאטיזניקעס.

דיזע ריינליכקייט קען מען קריגען דורך רעגעלמעסיגען שטולגאנג, דורך עסען פיעל פרוכט און גרינצייג, דורך טרינקען פיעל וואסער אבער קיין אנדערע געטרענקע, דורך באדען זיך אפט און דורך זיין פיעל אויף דער פרישער לופט.



# אפּענדיסיטיס.

וואָס דאָס איז פאַר אַ קראַנקהייט — וואָס דער אַפּענדיקס איז — וואו ער געפינט זיך — צו וואָס מען דאַרף איהם — וואָס הייסט אַפּענדיסיטיס.

אויף קראַנקהייט, פּונקט ווי אויף אַנדערע זאכען, איז דאָ אַ מאָ־דע. מיט אַ צעהן פופצעהן יאָהר צוריק איז די מאָדע געווען אַפּענדיסי־טיס. יעדער, וואָס האָט געליטען עטוואָס שמערצען אין בויך, יעדער, וואָס האָט געליטען עטוואָס פיבער, האָט געהאט אַפּענדיסיטיס, און פיעלע זיי־נען אָפּערירט געוואָרען, פיעלע געזונדע און ניט געזונדע אַפּענדיקסעס זיינען אויסגעשניטען געוואָרען און אין פיעלע פעלע האָט מען זיך איבער־צייגט, דאָס דער אַפּענדיקס איז גאָר ניט געווען די אמת׳ע אורזאַכע פון דער קראַנקהייט.

אין די לעצטע יאָהרען איז די אַפּענדיקס מאָדע שוין עטוואָס שוואַ־כער געוואָרען. ווענינער אומזיסטע אָפּעריישאָנס ווערען יעצט געמאַכט דערפאַר, וואָס מיר זיינען יעצט בעסער בעקאַנט מיט דיזער קראַנקהייט און קענען גיכער דערקענען איהרע סימפּטאָמען און בעסער אָפּשעצען ווען אַן אָפּעריישאָן איז נויטיג און ווען מען קען זיך ערלויבען צו וואַרטען.

אָבער זייט מיר האָבען אויסגעפונען, דאָס עס איז דאָ אַזאַ קראַנק־הייט ווי אַפּענדיסיטיס האָבען מיר אָנגעפאַנגען אויסצוגעפינען מעהר און מעהר פעלע פון אַפּענדיסיטיס. דאָס מיינט ניט, אַז מעהר מענשען ליי־דען יעצט פון דער קראַנקהייט, ווי עס פלעגען פריהער ליידען, נאָר פריהער פלעגט מען ניט וויסען פון וועלכער קראַנקהייט די מענשען ליידען אָדער שטאַרבען און מען האָט צוגעשריבען זייערע קראַנקהייטען צו מאַגען־טראַ־בעל, ענטצינדונג אין די קישקעס און אַנדערע עהנליכע קראַנקהייטען. יעצט אָבער געפינט מען אין דיזע פעלע אויס די אמת׳ע אורזאַכע פון דיזע קראַנק־הייטען און דארום צייגט זיך אויס, דאָס די צאָהל אַפּענדיסיטיס־ליידענדע ווערט גרעסער.

וואָס פאַר אַ קראַנקהייט איז אַפּענדיסיטיס? ווי אַזוי ווערט זי פּעראורזאַכט? און ווי אַזוי קען מען פון איהר פּטור ווערען? אום צו קענען ענטפערען אויף דיזע פראַגען מוזען מיר פריהער בעקענען מיט אונ־זער אַפּענדיקס, זיך צוקוקען וואָס פאַר אַ סאָרט בעשעפעניש דאָס איז און וואָרום ער פערשאַפט אונז אָפטמאָל אַזוי פיעל טראָבעל.

דער אַפּענדיקס איז אַ טייל פון אונזער שפּייז־קאַנאַל, וואָס האָט דוכט זיך קיין שום אַרבייט ניט צו טאָן און איז נאָר אַ שטערונג פאַר אונזער קערפּער. די וויסענשאַפט־לייטע, וואָס האַלטען פון דעם כּלל, דאָס יעדע זאַך, וואָס געפינט זיך אין אונזער קערפּער, האָט עטוואָס צו טאָן און איז ניט איבעריג, בעהויפּטען, דאָס אויך דער אַפּענדיקס האָט אַ געוויסע פליכט צו ערפילען און איז נויטיג פאַר די האַרמאָנישע אַרבייט פון אונזער קערפּער. אָבער ביז יעצט איז אונז נאָך ניט געלונגען צו ענטדעקען אין וואָס די אַר־בייט פון דעם אַפּענדיקס בעשטעהט.

וואו געפינט זיך דער אַפּענדיקס? ביים אָנפאַנג פון דער גרויסער קישקע. אונזער שפּייז־קאַנאַל בעשטעהט פון אַ לאַנגער רעהר, וואָס איז אָפען פון ביידע עקען. דיזע רעהר ציהט זיך פון'ם מויל צו די הינטער־שטע טייל פון אונזער קערפּער.

די שפּייז, וואָס מיר עסען, געהט דורך דיזען קאַנאַל און אויף'ן וועג ווערען די נוצליכע און פערברויכליכע טיילען פון דער שפּייז פערדייעט און איינגעזאַפּט אין דעם קערפּער ווערהענד די אונפערדייליכע און נוצ־לאָזע טיילען פון די שפּייז ווערען אַרויסגעשיקט דורך דער צווייטער עפענונג.

אונזער שפּייז־קאַנאַל איז עטליכע און צוואַנציג פוס לאַנג און איז אין איינינגע פּלעצער עטוואָס מאָדיפיצירט.

דער מאָגען איז בלויז אַן עטוואָס ברייטערער טייל פון דיזען שפּייז־קאַנאַל, און דיזע אויסגעברייטעטע טייל דינט אַלס „שפּייכלער" פאַר שפּייז. מיט דער צייט האָבען זיך אין דיזען טייל פון קאַנאַל אויך ענטוויקעלט גע־וויסע ספּעציעלע דריזען (גלענדס), וואָס העלפען פערדייען געוויסע טיי־לען פון די שפּייז. דורך די אַרבייט פון די מאָגען־מוסקולען ווערט די שפּייז אויך צומאָהלען און צוריבען און דאָס העלפט, אַז די פערדייאונגס־זאַפטען זאָלען קענען צוקומען צו אַלע טיילען פון די שפּייז. דאָס איז די ערשטע טייל פון שפּייז־קאַנאַל.

באַלד נאָך'ן מאָגען ציהט זיך אַ גרויסע שטרעקע (פיעלע פוס לאַנג) קישקעס. ווערהענד די שפּייז געהט דורך דיזע לאַנגע און שמאָלע טייל

פון שפייז־קאנאל, ווערען אלע נוצליכע טיילען פון די שפייז פערדייעט און איינגעזאפט דורך די ווענד פון די קישקעס אין׳ם בלוט. דאס איז די צווייטע טייל פון שפייז־קאנאל.

ווען די שפייז גרייכט די ענדע פון דיזער רייזע זיינען שוין כמעט אלע איהרע נוצליכע טיילען ארויסגענומען און די אויפגאבע פון פטור ווערען פון דעם איבערבלייבעכץ פאנגט זיך יעצט אן. דער קערפער איז אבער עקאנאמיש מיט זיין שפייז, ער זוכט פטור צו ווערען בלויז פון דאס סאמע אונגוטיגסטע און אלעס, וואס קען נאך געברויכט ווערען, זוכט ער צו פערהאלטען. פאר דיזער אויפגאבע איז בעשטימט די לעצטע טייל פון שפייז־קאנאל, די טייל וואס מיר רופען די גרויסע קישקע.

דיזער טייל פון שפייז־קאנאל זאפט איין דאס וואסער און דאס לעצטע ביסעל שפייז, וואס איז נאך פערבליבען אין דער מאסע, וואס איז דורכגעגאנגען דעם שפייז־קאנאל ביז צו דיזען פונקט. עס איז די דריטע טייל פון שפייז־קאנאל.

ביים אנפאנג פון דער גרויסער קישקע אויף דעם וועג צווישען דער צווייטער און דריטער טייל פון שפייז־קאנאל געפינט זיך א קליינע דינע רעהר. דיזע רעהר איז אין גאנצען א דריי־פיר אינטשעס לאנג. ניט גרעבער ווי א געוועהנליכער ווארעם. דאס ערשטע דריטעל פון דיזער רעהר איז אפען פונקט ווי די אנדערע טיילען פון שפייז־קאנאל. די לעצטע צוויי דריטעל זיינען פערשטאפט .

דיזע ווארעם־עהנליכע רעהר איז דער אפענדיקס, אדער ווי ער הייסט אויף דער וויסענשאפטליכער שפראך „ווערמיפארם אפענדיקס״ (ווארעם־עהנליכער אפענדיקס).

צו וואס מיר דארפען דיזען ווארעם־עהנליכען אפענדיקס (אדער ווערימדיגען אפענדיקס, ווי מאנכע רופען עס) איז ניט גענוי בעקאנט. מאנכע בעהויפטען, דאס אמאל, ווען מענשען זיינען נאך געגאנגען „אויף אלע פיער״ און האבען געפיהרט א זעהר פרימיטיווען לעבען, האט דער אפענדיקס געדינט אלס א טייל פון אונזער גרויסער קישקע.

צו דאס איז אזוי אדער ניט איז יעצט שווער צו זאגען. איין זאך איז זיכער, דאס אין אונזער יעצטיגען צושטאנד וויסען מיר ניט צו וואס מיר דארפען דעם אפענדיקס און די, ביי וועמען ער ווערט אויסגעשניטען, בעגעהען זיך גאנץ גוט אהן איהם.

אין די טייל פון אפּענדיקס, וואָס איז נאָך אָפען, געהט פ.. צייט צו צייט אריין א טייל פון די שפּייז, וואָס געפינט זיך אין דער אָנפאנג טייל פון דער גרויסער קישקע. געוועהנליך געלינגט עס דעם אפּענדיקס ארויסצוטרייבען דיזע שפּייז דורך צוזאמענציהען זיך, פּונקט ווי עס טוען די אנדערע טיילען פון אונזער שפּייז־קאנאל. מאנכעס מאָל פערבלייבט א טייל פון דיזען מאטעריאל אין אפּענדיקס און קען ניט ארויס. עס פּאסירט אויך א מאָל, דאָס א שטיקעל פערטריקענט שפּייז־אָבפּאל, א קערעל פון א פרוכט, אָדער א שטיינדעל כאפּט זיך אריין אין אפּענדיקס און קען ניט ארויס.

אין דער גרויסער קישקע געפינען זיך פיעלע מיקראָבען. אויב דער מאטעריאל, וואָס געפינט זיך אין אפּענדיקס פערבלייבט צו לאנג, אָדער קען ניט ארויס, פאנגט ער אָן צו פוילען. די מיקראָבען אטאקירען דיזען מאטעריאל, ווי אויך די ווענד פון אפּענדיקס און פעראורזאכען אן ענטצינדונג. אפּענדיסיטיס מיינט אן ענטצינדונג פון אפּענדיקס.

ניט אלע ענטצינדונגען זיינען גלייך. מאנכע זיינען לייכטע און געהען שנעל פאָראיבער. אנדערע זיינען זעהר ערנסטע און פעראורזאכען דעם טויט פון'ם מענשען, אויב מען מאכט איהם ניט גלייך אן אָפּעראציאָן און מען שניידט ניט גלייך אויס דעם אפּענדיקס.

# די געפאהר פון אפּענדיסיטיס.

וואָס עס פּאסירט אין'ם אפּענדיקס ווען ער ווערט ענטצונדען — די פערשיידענע גראַדען פון דער קראַנקהייט — ווי אזוי דער קערפּער בעשיצט זיך אין פאַל דער אפּענדיקס ווערט ענטצונדען.

וואָס פּאסירט ווען איינער קריגט אן אטאקע פון אפּענדיסיטיס?

מיר האָבען שוין אויבען געזעהן, דאָס דער אפּענדיקס איז אייגענטליך אן איבערבלייבעכץ פון אן אמאָליגע אקטיווע טייל פון די קישקעס. דער אָנפאנג טייל פון אפּענדיקס, — די טייל, וואָס איז צוגעטשעפּעט צו די קישקעס, איז אָפען, וועהרענד די לעצטע טייל, די ענדע פון אפּענדיקס, איז פערמאכט, פּונקט ווי די פערשטאָפּטע רעהר.

די שפּייז, וואָס געפינט זיך אין אָנפאנג טייל פון דער דיקער קישקע, קען דארום פריי אריינגעהן אין אָנפאנג טייל פון דעם אפּענדיקס. ארויסגעהן צוריק איז שוין ניט אזוי לייכט. מיר האָבען שוין אויך געזעהן, דאָס

אין דער דיקער קישקע געפינען זיך פיעלע באצילען, וואס פרעסען די שפייז, וואס געפינט זיך אין דיזער טייל פון די קישקעס און פראָדוצירען מאנכע שעדליכע און זעהר ניט פיין־שמעקענדע פראָדוקטען.

יעדע טייל פון די קישקעס איז רייך אין בלוט־רעהרען, ווייל די שפייז, וואס ווערט פערדייעט אין די קישקעס, דארף איינגעזאפט ווערען אין׳ם בלוט. דער אפענדיקס איז אָבער אן איבעריגע, אונטעטיגע טייל פון די קישקעס. קיין שפייז ווערט דאָרטען ניט פערדייעט און דארום איז ער זעהר אָרעם אין בלוט־צירקולאציאָן.

דער רעזולטאט איז פאָלגענדער: אויב דער אפענדיקס ווערט אויף אירגענד וועלכער ארט און וויזע פערוואונדעט קען די ביסעל שפייז, וואס געפינט זיך אין איהם, ניט אַרויס. די באצילען אטאקירען דיזע שפייז און זי פאנגט אַן צו פוילען. דער רעזולטאט איז — אַן ענטצינדונג אין די ווענט פון אפענדיקס.

אַן ענטצינדונג קען אויך פאָרקומען אויף פערשיידענע אנדערע אופנים און ניט אַלע מאָל איז דער אָנפאנג פון דער ענטצינדונג פוילענדע שפייז.

דערפאַר וואס דער אפענדיקס איז אָרעם אין בלוט־רעהרען קען דאס בלוט ניט צוברייגנען צום פּלאַץ פון דער ענטצינדונג גענוג פון אונזערע ווייסע בלוט־צעלען, די „בלוט־סאָלדאטען", צו העלפען „לעשען" די ענט-צינדונג. דער רעזולטאט איז, דאס וועהרענד אין אַן אנדער טייל פון קער-פער וואָלט אזא לייכטע ענטצינדונג קיין ווערט ניט געהאט, קען זי אָפט ווערען גאנץ ערנסט אין אונזער אפענדיקס.

הונדערט און איין אורזאכען ווערען אָנגעגעבען אַלס פעראורזאכער פון אפענדיסיטיס. מאנכע גלויבען, דאס די ענטצינדונג אין אפענדיקס קומט פון עסען געוויסע שפייז־ארטיקלען, אנדערע גלויבען דאס עס קומט פון ניט עסען געוויסע אנדערע שפייז־ארטיקלען. אמאָל האָט מען גע-גלויבט, דאס עסען ווייגטרויבען (גרייפּס) אָדער פערשיידענע אנדערע פרוכ-טען, וואס האָבען קליינע קערענדלאך, פעראורזאכען די קראנקהייט דורך דעם, וואס איינע פון די קערענדלאך, וואס מען שלינגט ארונטער, כאפּט זיך אריין אין׳ם אפענדיקס און פעראורזאכט די ענטצינדונג. דער אמת איז, דאס מיר ווייסען נאָך עד היום ניט די אמת׳ע אורזאכע אָדער אור-זאכען פון אפענדיסיטיס און מיר קענען ניט ערקלערען וואָרום איין מענ-שען׳ס אפענדיקס ווערט ענטצונדען וועהרענד א צווייטען מענשען׳ס אפענ-דיקס לעבט זיך אָפּ אַלע זיינע יאָהרען און לאָזט פון זיך ניט הערען.

ווען די ענטציגדונג קומט שוין פאַר, קען זי אָפטמאָל זיין אין אַ זעהר לייכטע פאָרמע. די ענטציגדונג דויערט אַ קורצע צייט און געהט פאָרי-איבער. דער קראַנקער פיהלט בלויז לייכטע שמערצען פאַר אייניגע טעג צייט און די שמערצען פאַרשווינדען. דאָס פּאַסירט דאַן, ווען עס געלינגט דעם בלוט פון אַפּענדיקס צו בעקעמפען די אורזאַכע פון דער ענטציגדונג, און דער אַפּענדיקס ערהאָלט זיך פון דער קראַנקהייט.

דאָס איז אַ „לייכטע אטאַקע" פון אַפּענדיסיטיס, און זעהר אָפט ווייס דער מענש ניט, דאָס ער האָט געהאַט די קראַנקהייט. זעהר אָפט פּאַסירט עס, דאָס אַזאַ מענש לעבט אָפּ אַלע זיינע יאָהרען און האָט ניט קיין צווייטען פּאַל פון אַפּענדיסיטיס. אין פיעלע פעלע ווידערהאָלען זיך די אַטאַקעס און וואָס אַמאָל אַלץ אָפטער און שטאַרקער.

דער אַפּענדיקס איז דאַן ווי אַ „געשלאָגענער הונט, פאַר וועלכען מען טאָר קיין שטעקען ניט ציינען". נאָך איין אַטאַקע בלייבט דער אַפּענ-דיקס אָפּגעשוואַכט און מעהר עמפּפינדליך צו ווייטערע אַטאַקעס. ער ווערט לייכטער ענטצונדען ווי אַ נאָרמאַלער געזונדער אַפּענדיקס.

אין דיזע לייכטע אַטאַקעס ווערט בלויז די אינערליכע טייל פון די אַפּענדיקס וועגד ענטצונדען. ווען די ענטציגדונג נעהמט דורך די גאַנצע וואַנד און גרייפט אויך אָן די אויסערליכע הויט („פּעריטאָניום"), וואָס דינט אַלס אַ „ליינינג" פאַר אַלע אברים, וואָס געפינען זיך אין בויך און אויך פאַר די אינערליכע וועגד פון בויך, איז די קראַנקהייט פיעל ערנ-סטער, די שמערצען זיינען שטאַרקער און די לאַגע פון'ם קראַנקען איז פיעל ערגער.

די קישקעס, וואָס געפינען זיך אין די נידעריגע טייל פון בויך, אין דער נאַכבאַרשאַפט פון'ם אַפּענדיקס, זיינען ענג צוזאַמענגעדריקט און האָבען קוים פּלאַץ זיך צו בעוועגען. ווען די אויסערליכע ליינינג פון אַפּענדיקס ווערט ענטצונדען גיט זי אַרויס פון זיך אַ קלעפּיגע פליסיג-קייט, פון וועלכע די קישקעס אין דער נאַכבאַרשאַפט ווערען צוזאַמענ-געקלעפּט, קענען זיך ניט בעוועגען און פאַראורזאַכען גרויס אונאַנגענעהמ-ליכקייט.

אין בויך געפינט זיך אַ דיקער פאַרטוך, וואָס איז זעהר רייך אין בלוט-רעהרען. דיזער פאַרטוך ציהט זיך פון מאָגען און דעקט איבער די קישקעס, וואָס פילען אויס כמעט דעם גאַנצען פּלאַץ אין בויך. דיזער פאַר-טוך האָט אַ מערקווירדיגע אייגענשאַפט. וואו נאָר עס פּאַסירט אַן ענט-

צינדונג אין בויך ציהט דער פארטוך אויס א ברעג אהינצו, וויקעלט זיך ארום דעם קראנקען פלאץ און דערלאזט ניט, דאס די ענטצינדונג זאל זיך פערשפרייטען ווייטער.

אן אלגעמיינער ענטצינדונג פון דער גאנצער אינערליכער לייניגג פון בויך מיינט כמעט א זיכערער טויט. אן ענטצינדונג פון דעם „פערי-טאניום" (די ליינינג), וואס רינגעלט ארום דעם אפענדיקס, קען זיך לייכט פערשפרייטען איבער אלע טיילען פון בויך. עס איז דארום לייכט איינ-צוזעהן, וואס פאר א וויכטיגע ראלע דיזער „פארטוך" שפילט אין אזא פאל פון אפענדיסיטיס.

אזוי שנעל ווי די ענטצינדונג אין'ם אפענדיקס דערגרייכט די אוי-סערליכע וואנד פון'ם אפענדיקס שטרעקט דאס „פארטוך" גלייך אויס א ברעג צום אפענדיקס, וויקעלט ארום דעם קראנקען פלאץ און זוכט צו פער-האלטען די ענטצינדונג זי זאל זיך ניט פערשפרייטען צו די אנדערע טיילען פון בויך.

עס פאסירט אבער אמאל, דאס די ענטצינדונג איז אזא גרויסע, די אטאקע אויף'ן אפענדיקס איז אזא ערנסטע, דאס דער אפענדיקס פלאצט און דאס מאטעריאל פון די קישקעס רינט ארויס דורך דער אפענער וואונד אין די אונטערשטע טייל פון בויך.

דאס „פארטוך" פון בויך האט קיין צייט ניט צו פערשטאפען די עפענונג אין'ם אפענדיקס. א פערזוך ווערט געמאכט פון דיזען פארטוך אין גאנצען אפצושפארען דעם קראנקען פלאץ אין בויך, אבער ניט אלע מאל געלינגט עס. די ענטצינדונג פערשפרייט זיך איבער דער גאנצער אי-נערליכער הויט פון בויך און דער מענש שטארבט, סיידען ער ווערט בע-צייטענס אפערירט איידער די ענטצינדונג פערשפרייט זיך.

עס פאסירט אויך אמאל, דאס די ענטצינדונג אין אפענדיקס איז ניט אזא ערנסטע, אבער זי פערארזאכט א געשווילאכץ און די בלוט-ציר-קולאציאן צום אפענדיקס ווערט אין גאנצען אפגעשניטען דורך דעם, וואס די געשווילאכץ דריקט צוזאמען די בלוט-רעהרען. דער אפענדיקס פאנגט דאן אן צו פוילען, און אן אפענדיקס, וואס פוילט איז פונקט אזוי לעבענס-געפעהרליך, ווי דער אפענדיקס, וואס פלאצט. א שנעלע אפעריישאן איז די איינציגע האפנונג פאר אזא מענשען צו בלייבען לעבען.

ניט אלע שמערצען אין דער רעכטער זייט פון בויך זיינען סימנים פון אפענדיסיטיס. עס זיינען דא געוויסע סמנים, וואס ערשיינען אין א גע-

וויסער אָרדענונג און ווען אַלע אָדער די מעהרסטע פון זיי זיינען אַנווע-זענד צייגט עס, דאָס דער אַפּענדיקס איז ענטצונדען. אָבער ניט אַלע מאָל איז עס לייכט צו ענטשיידען. עס האָט שוין פיעלע מאָל פּאַסירט, דאָס אָפּעראַציאָנען פאַר אַפּענדיסיטיס זיינען געמאַכט געוואָרען און מען האָט נאָכהער אויסגעפונען, דאָס דער אַפּענדיקס איז גאָר ניט געווען די אורזאַכע פון די שמערצען, און די אַלע סמנים פון אַפּענדיסיטיס זיינען פעראורזאַכט געוואָרען פון עפּעס אַנדערש.

אין די מעהרסטע פעלע אָבער, פון אַן אַקיוטער אַטאַקע פון אַפּענדי-סיטיס זיינען די סימפּטאָמען אַזוי דייטליך, דאָס עס איז כמעט אונמעגליך זיי צו פערזעהן און עס איז יעצט פערהעלטניסמעסיג גאַנץ לייכט צו מא-כען אַ ריכטיגע דייאַגנאָזיס אין אַ פאַל פון אַפּענדיסיטיס.

---

די סימנים פון דער קראַנקהייט — דער אָרדענונג, אין וועלכען דיזע סימנים בע-ווייזען זיך — וואָס צו טאָן אין פאַל איינער ליידעט פון דיזער קראַנקהייט — די אויסזיכטען פון קראַנקען.

שרייבען וועגען סימנים פון אַ געוויסער קראַנקהייט איז אָפטמאָל אַ געפעהרליכע אויפגאַבע. עס זיינען פאַראַן מענשען, ווען עס דאַכט זיך, דאָס זיי האָבען יעדע קראַנקהייט, וועגען וועלכע זיי הערען אָדער לעזען, און אויב זיי דערוויסען זיך וועגען אַ געוויסען סימפּטאָם פון אַ קראַנקהייט פיהלען זיי שוין דעם זעלבען סימן אויך ביי זיך און זיי זיינען איבערצייגט, דאָס זיי ליידען פון דער זעלבער קראַנקהייט.

פאַר די, וואָס ווילען, איבערלעזענדיג דיזע צייל̈ען, זיך גלייך „אי-בערצייגען", דאָס זיי ליידען פון אַפּענדיסיטיס, וויל איך דאָ גלייך אין אָנ-פאַנג ערקלערען, דאָס טראָץ דעם, וואָס מיר האָבען שוין יעצט אַ גענויען בעגריף וועגען דיזער קראַנקהייט און ווייסען וועלכע סימנים דיזע קראַנק-הייט צייגט און אין וועלכער אָרדענונג דיזע סימנים ערשיינען, פּאַסירען נאָך יעצט פעלע, ווען עס איז אונמעגליך צו אונטערשיידען אַפּענדיסי-טיס פון אַנדערע קראַנקהייטען, און זאָגאַר גאַנץ פּראַקטישע און ערפאַה-רענע דאָקטוירים כירורגען האָבען אַ טעות. עס איז דאַרום לייכט איינ-צוזעהען ווי אונמעגליך עס איז פאַר אַ געוועהנליכען מענשען, וועלכער איז ניט קיין דאָקטאָר, צו בעשליסען, דאָס ער ליידעט פון אַפּענדיסיטיס בלויז

דערפאר, ווייל איהם דאכט זיך דאס ער האט איינעם אדער איינינע פון די סימנים, וואס זיינען אויך אנוועזענד אין אפענדיסיטיס.

די קראנקהייט אפענדיסיטיס פאסירט זעהר זעלטען ביי בייבים, אפטער ביי יונגע קינדער און נאך אפטער ביי ערוואקסענע מענשען. די מעהרסטע פעלע פון אפענדיסיטיס פאסירען ביי מענשען צווישען צוואנציג און פופציג יאהר אלט.

ביי מענשען, וואס זיינען עלטער פון פופציג יאהר פאסירט אפענדי-סיטיס זעלטען, נאך זעלטענער אין אלטע לייט. אנפאנגענדיג מיט יונגע קינדער בעגעגענען מיר אפענדיסיטיס אלץ אפטער, וואס עלטער די מענשען ווערען. דיזע צאהל איז אם גרעסטען ביי דרייסיג יעהריגע מענשען. פון דאן אן ווערט די צאהל פון אפענדיסיטיס פעלע אלץ זעלטענער וואס על-טער די מענשען ווערען.

די סימנים פון אפענדיסיטיס קומען אין א געוויסער אָרדענונג איינע נאך די אנדערע. עס זיינען דא נאטירליך אויסנאהמס-פעלע ווען איינער אדער איינינע סימנים זיינען אין גאנצען אבוועזענד, אדער זיי זיינען אין אזא שוואכער פארמע, דאס מען בעמערקט זיי ניט. אבער אין די מעהרסטע פעלע קומען די סימנים רעגעלמעסיג אין זייער בעשטימטער אָרדענונג. דער פערשטארבענער בעריהמטער אמעריקאנער כירורג דר. דזשאהן ב. מורפי האט אמאל געזאגט, דאס אויב די סימפטאמען ערשיינען ניט אין דער בע-שטימטער אָרדענונג אפילו ווען אלע סימנים זיינען דא צווייפעלט ער צו די קראנקהייט איז אפענדיסיטיס.

דיזע סימפטאמען זיינען: 1) שמערצען, 2) איבעלקייט און ברע-כען, 3) עמפפינדליכקייט (אזוי שמערצליך אין א געוויסען פלאץ פון קער-פער, דאס מען קען זיך צו דיזען פלאץ ניט צוריהרען), 4) שטייפקייט פון די מוסקולען אין א געוויסען טייל פון בויך, 5) היץ און א שנעלער פולס, 6) א פערמעהרונג פון די ווייסע בלוט-צעלען אין'ם בלוט און 7) די הארטע מאסע, וואס מען קען אנטאפען אין די אונטערשטע טייל פון בויך, אין דער רעכטער זייט.

1) די שמערצען קומען צוערשט. דער מענש איז דאכט זיך גאנץ געזונד, און פלוצלינג דערפיהלט ער א שמערץ אין בויך. דער שמערץ איז אין אנפאנג פערשפרייט איבערן גאנצען בויך. נאר אין איינינע שטונדען ארום „זעצט ער זיך אפ" אין דער אונטערשטער טייל פון בויך אויף דער רעכ-

טער זייט. דער כאראקטער פון די שמערצען איז ווי עטוואס וואלט גע-
עגבערט, געשלעפט און געריסען אויף יענעם פלאץ אין בויך.

אויב די שמערצען הערען פלוצלינג אויף ווערענד די אנדערע סימנים,
וואס מיר ווילען שפעטער אויסרעכענען, האלטען נאך אָן איז די געפאהר
זעהר גרויס. דאס פאסירט געוועהנליך, ווען דאס גאנצע בלוט צום אפענ-
דיקס סטאפט און דער אפענדיקס פאנגט אָן צו פוילען. אין אזא פאל איז
א באלדיגע אָפעראציאָן די איינציגע האפנונג צו רעטען דאס לעבען פון
קראנקען.

פערבייגעהענדיג ווילען מיר דאָ בעמערקען, אז דאס איז אויך די
אורזאכע וואָרום א גוטער דאָקטאָר אכטעט ניט אויף די ביטעם פון קראנ-
קען און גיט איהם ניט עטוואס צו שטילען די שמערצען, אויב דער דאָקטאָר
פערדעכטיגט, דאס דער קראנקער ליידעט פון אפענדיסיטיס.

2) איבעלקייט און ברעכען קומען גאנץ שנעל נאָך דעם, ווי די
שמערצען פאנגען זיך אָן. דאס ברעכען און די איבעלקייט איז געוועהנ-
ליך אין א לייכטע פאָרמע און ווידערהאָלט זיך ניט פיעלע מאָל. אויב דאס
ברעכען האלט אָן א לענגערע צייט צייגט עס, דאס די אינערליכע „ליינינג״
פון בויך איז ענטצונדען. די לאגע פון׳ם קראנקען איז דאן א פיעל ערנ-
סטערע. דאס אָפטע ברעכען איז א נויט־רוף פון׳ם קראנקען׳ס קערפער.
עס איז א סימן, דאס די קראנקהייט פערשפרייט זיך און דער קערפער
זעלבסט איז ניט אימשטאנדע זי אָפצושטעלען. עס איז דער נויט־סיגנאל
פון קערפער, ווען ער נויטיגט זיך אין הילף. אָפטמאָל אָבער איז ברעכען
אין גאנצען אבוועזענד און דער קראנקער ליידעט בלויז פון איבעלקייט.

3) עמפפינדליכקייט. דער קראנקער פיהלט אין אָנפאנג זעהר
גרויסע שמערצען, ווען מען ריהרט זיך צו צו אירגענד וועלכען פלאץ פון
זיין בויך. אין א קורצע צייט ארום ווערט דיזע עמפפינדליכקייט לאָקא-
ליזירט צו דער רעכטער זייט פון דער אונטערשטער טייל פון בויך; דער
קראנקער פיהלט שרעקליכע שמערצען יעדעס מאָל ווען מען ריהרט זיך
צו צו דיזער טייל פון זיין בויך.

4) שטייפקייט פון די מוסקולען. אין דער זעלבער צייט, וואס די
שמערצען ווערען לאָקאליזירט צו דער רעכטער זייט פון דער אונטערשטער
טייל פון בויך ווערען די בויך־מוסקולען איבער דעם עמפפינדליכען פלאץ
שטייף אָנגעצויגען. דאס איז א פערזוך פון קערפער צו בעשיצען דעם
קראנקען פלאץ ער זאָל זיך ניט בעוועגען. די מוסקולען דינען אין דיזער

הינזיכט דעם זעלבען צוועק ווי א הילצערנער „ספּלינט" (דינע ברעטעל), מען בינדט צו צו א האנד אָדער א פוס אין פאל א ביין ווערט איבערגע-בראָכען אום צו פערזיכערען, דאָס די האנד אָדער דער פוס זאָלען זיך ניט בעוועגען ביז דער צובראָכענער ביין וועט פערוואקסען ווערען.

5) טעמפּעראַטור. די טעמפּעראַטור (היץ) ביים קראנקען שטייגט אזוי שנעל ווי די ערשטע שמערצען פאנגען זיך אָן. אין די מעהרסטע דורכשניטליכע פעלע, איז די טעמפּעראַטור ניט זעהר הויך, אונגעפעהר 100 אָדער 101 פארענהייט. א פלוצלינגער פאל אין די טעמפּעראַטור פון קראנקע, אויב די אנדערע סימנים פון דער קראנקהייט בלייבען אונפער-ענדערט איז א שלעכטער סימן. עס איז פונקט ווי אין דעם פאל, ווען די שמערצען הערען פלוצלינג אויף, ווי מיר האָבען שוין פריהער דערמאָנט.

6) אין דער זעלבער צייט, וואָס די היץ שטייגט, ווערט אויך דער פּולס שנעלער, דאָס הארץ קלאפּט האסטיגער, ווי עס איז דער פאל כמעט יעדען מאָל, וואָס די טעמפּעראַטור ביי א מענשען שטייגט. פאר יעדען גראַד היץ שטייגט דער פּולס מיט צעהן שלעג יעדע מינוט.

7) ווען מען עקזאמענירט דאָס בלוט פון א קראנקען אין דיזען צו-שטאנד געפינט מען, דאָס די צאָהל ווייסע בלוט-קייקעלאך אין זיין בלוט איז פיעל גרעסער ווי ביי א נאָרמאלען מענשען. ספּעציעל ווערט גרעסער די צאָהל פון א געוויסען סאָרט ווייסע בלוט-קייקעלאך, וואָס דינען אלס סאָלדאַטען פון קערפּער צו בעקעמפען דעם שונא אין יעדען פאל פון אן ענטצינדונג.

8) דער לעצטער און אָפטמאָל דער זיכערסטער סימן, וואָס צייגט זיך אין א פאל פון אפּענדיסיטיס, איז א געשווילאכץ אין דער רעכטער זייט פון דער אונטערשטער טייל פון בויך. ווען מען טאפּט אָן דעם פּלאַץ פיהלט מען ווי עטוואָס דיקעס וואָלט זיך דאָרטען געפונען. דיזער סימן ערשיינט זעלטען ווען פריהער, ווי זעכציג שטונדען נאָך דעם, ווי די ערשטע סימנים פון דער קראנקהייט בעווייזען זיך.

דיזע געשווילאכץ צייגט, דאָס דער גאנצער אפּענדיקס איז אָנגע-גריפען. דער אפּענדיקס איז געשוואָלען און א טייל פון'ם בויך-פארטוך („אמענטום") און די קישקעס אין דער נאָכבארשאפט פון אפּענדיקס זיי-נען אויך פערוויקעלט אין דער ענטצינדונג. דיזער סימן איז געוועהנליך א גאנץ שפּעטערדיגער און ווען ער בעווייזט זיך זיינען די אנדערע סימנים

אזוי דייטליך, דאָס עס קען מעהר קיין צווייפעל ניט זיין, דאָס דער קראַנ-קער ליידעט פון אפּענדיסיטיס.

דיזע אויסגערעכענטע סימנים קומען אין דער אויבענאויסגערעכענ-טער אָרדנונג. די שמערצען קומען אַלע מאָל צוערשט און דאָס נודנעקייט און ברעכען נאָכהער. אויב די שמערצען קומען ניט צוערשט נאָר נאָך דעם, ווי די אַנדערע סימנים האָבען זיך שוין בעוויזען, צווייפלען פיעלע דאָק-טוירים צו דאָס איז אַ פאַל פון אפּענדיסיטיס.

מיר האָבען פריהער געזעהן וואָס עס קומט פאָר אין'ם אפּענדיקס, ווען ער ווערט ענטצונדען. אויב די ענטציגדונג איז אַ לייכטע ווערט בלוי די אינערליכע לייגינג פון'ם אפּענדיקס אָנגעגריפען. דיזער צושטאַנד איז דאַן עהנליך צו דער ענטציגדונג, וואָס קומט פאָר אין אונזער נאָז און האַלז ווען מיר ליידען פון קאַטאַר, און די קראַנקהייט ווערט טאַקע בעצייכענט אַלס „קאַטאַרהאַל אפּענדיסיטיס". אַזאַ פאַל איז געוועהנליך ניט ערנסט און געהט פאַראיבער אין אייניגע טעג צייט.

עס קען אָבער אויך פּאַסירען, דאָס די ענטציגדונג איז בלויז אויף איין קליינעם פּלאַץ אין'ם אפּענדיקס און עס ווערט אַ טיפע וואונד אויף'ן פּונקט, וואו די ענטציגדונג איז. אין אַזאַ פאַל קען די וואונד „דורכעסען" די וואַנד פון אפּענדיקס און די אונרייגע פליסיגקייטען פון קראַנקען אפּענ-דיקס קומען אריין אין די אונטערשטע טייל פון בויך.

אָדער עס קען פּאַסירען, דאָס דער גאַנצער אפּענדיקס ווערט אָנגע-גריפען. די אינערליכע „לייגינג" פון בויך (פּעריטאָניום) ווערט אויך אָנ-געגריפען און דער קראַנקער ליידעט דאַן פון אַן אַלגעמיינע ענטציגדונג אין בויך. ביידע לעצטע פעלע זיינען ערנסטע.

## וואָס צו טאָן אין פאַל פון אפּענדיסיטיס.

וואָס זשע דאַרף מען טאָן אין פאַל פון אַן אַטאַקע פון אפּענדיסיטיס?

אין יעדען פאַל דאַרף דער פּערזאָן זיך גלייך לעגען אין בעט און פערבלייבען אזוי רוהיג ווי נאָר מעגליך. ער דאַרף אויך גלייך שיקען רו-פען אַ דאָקטאָר. איידער דער דאָקטאָר קומט און אין פערלויף פון ערשטען טאָג פון דער קראַנקהייט, איז גלייכער ניט צו עסען. אויב די אַטאַקע איז אַ לייכטע, אויב דער קראַנקער ליידעט בלויז פון „קאַטאַרהאַל אפּענדיסי-טיס", וועט די קראַנקהייט איבערגעהן אין אַ פּאָר טעג צייט. רוה אין בעט, קאַלטע אָדער הייסע קאָמפּרעסען (עס ווענדעט זיך וועלכע קאָמפּרעסען

עם לינדערען אדער מאכען לייכטער דעם קראנקען׳ם שמערצען) איז אלעס וואס איז נויטיג. אויב די קראנקהייט דויערט לענגער און די שמערצען האלטען אן איינינע טעג צייט איז גלייכער פטור צו ווערען פון׳ם אפענ־דיקס דורך אן אפעראציאן.

אן אפעראציאן פאר אפענדיסיטיס איז נויטיג:

1) אין יעדען פאל, ווען די קראנקהייט פאנגט זיך אן מיט זעהר שארפע סימנים, שטארקע שמערצען, פיעל ברעכען און פיעל געז אין בויך און דערצו נאך, ווען דער קראנקער האט קיין פיבער.

2) אין יעדען ניט זעהר ערנסטען פאל פון אפענדיסיטיס, ווען די סימנים צייגען ניט קיין פערבעסערונג אין פערלויף פון 48 שטונדען צייט.

3) אין אלע פעלע, ווען די קראנקהייט קומט צוריק נאך דעם, ווי דער קראנקער האט זיך שוין געבעסערט.

4) אן אפעראציאן אויסצושניידען דעם אפענדיקס איז אויך ראטזאם אין פאל דער קראנקער האט שוין געליטען פון צוויי מילדע אטאקעס, ווייל מען קען קיין מאל ניט זיכער זיין ווען די דריטע אטאקע וועט קומען און צו זי וועט ניט זיין פיעל ערנסטער ווי די ערשטע צוויי. אן אפעראציאן איז אויך ראטזאם אין פעלע, וואו דער קראנקער ליידעט אפט פון מילדע אטאקעס פון אפענדיסיטיס.

## די אויסזיכטען פון קראנקען.

די אויסזיכטען פון קראנקען געזונד צו ווערען ווענדען זיך אן דער פארמע פון דער קראנקהייט, און אין פעלע, וואו אן אפעראציאן איז נוי־טיג, ווענדען זיי זיך אן דעם, ווי שנעל די אפעראציאן ווערט געמאכט.

דורכשניטליך שטארבען יעצט פערצעהן פון יעדע הונדערט מענשען, וואס ליידען פון אן אטאקע פון אפענדיסיטיס. אויב איינער האט שוין געליטען פון איין אטאקע איז דארום גלייכער זיך צו לאזען אויסשניידען דעם אפענדיקס צו זיין זיכער געגען א צווייטע אטאקע. אן אפעראציאן אין דער צייט, ווען דער קראנקער ליידעט ניט קיין שמערצען, דאס הייסט ווען דער אפענדיקס איז ניט שטארק ענטצונדען אדער די ענטציגדונג איז פאריבער, איז פיעל לייכטער און ווייניגער געפעהרליך, ווי אין דער צייט, ווען דער אפענדיקס איז שטארק ענטצונדען.



# מערידען.

וואס פאר א שייכות דיזע קראנקהייט האט מיט אידען — וואס די קראנקהייט איז — ווי אזוי זי ווערט פעראורזאכט און וואס צו טאן געגען מערידען.

אמאליגע יאהרען פלעגט יעדעס פאלק האבען זיין אייגען לאנד, זיין בעזונדערע שפראך, זיינע אייגענע מנהגים, זיינע נאציאנאלע קליידער, זיין נאציאנאלע שפייז און געטראנק און אויך זיינע בעזונדערע קראנקהייטען. אזוי אם ווענגיסטען האט מען געגלויבט. אבער יענע צייטען זיינען שוין לאנג פאראיבער. ענגליש איז די שפראך פון ענגלאנד, אמעריקא, א טייל פון קענעדע, אויסטראליען און פיעלע אנדערע לענדער. שפאניש איז די אפיציעלע שפראך אין שפאניען און אין כמעט אלע זיד־אמעריקאנער רע־פובליקען. דייטש און פראנצויזיש ווערט געשפראכען אין אנדערע לענדער אויסער דייטשלאנד און פראנקרייך.

דאס זעלבע איז מיט קליידער. כמעט אין אלע ציוויליזירטע לענדער טראגט מען יעצט די זעלבע קליידער. עסען ווערט אימפארטירט פון איין לאנד צום אנדערען און אין זייער געטראנק אונטערשיידען זיך מעהר די מענשען פון פערשיידענע קלאסען אין זעלבען פאלק, ווי די זעלבע קלאסען פון פערשיידענע פעלקער.

דאס זעלבע איז דער פאל מיט קראנקהייטען. ביז מיט א צייט צו־ריק האט מען געגלויבט, דאס געוויסע פעלקער אדער ראסען זיינען אויסגע־זעצט דער געפאהר פון קריגען געוויסע קראנקהייטען אדער זיינען בעשיצט געגען געוויסע אנדערע קראנקהייטען. אזוי, צום ביישפיל, גלויבען נאך פיעלע, דאס איירישע זיינען זעהר עמפפינדליך צו טובערקולאזיס, וועה־רענד אידען זיינען פערקעהרט בעשיצט געגען טובערקולאזיס. דערפאר זיינען אידען מעהר גענייגט צו געוויסע אנדערע קראנקהייטען, ווי די צו־קער־קראנקהייט צום ביישפיל.

דער פאקט איז אבער, דאס קראנקהייטען ווייסען ניט פון נאציא־נאלע גרענעצען. זיי גרייפען אן געוויסע פערזאנען אונטער געוויסע אומ־שטענדען אונגעאכטעט דערויף צו וועלכער נאציאן דיזע פערזאנען בעלאנ־

נען. איירישע, וואָס ווערען ערצויגען אין די פעראייניגטע שטאאטען אונ-טער גוטע און סאניטארע אומשטענדען ליידען פונקט אזוי ווייניג פון טו-בערקולאָזיס, ווי מענשען פון אַנדערע נאַציאָנען, וואָס לעבען אונטער די זעלבע אומשטענדען, און אז צווישען אידען, וואָס לעבען אין דחקות, גע-פינען זיך פיעלע, וואָס ליידען פון טובערקולאָזיס, איז אונזערע לעזער זי-כער בעוואוסט.

די פיעלע סטאטיסטיקס, וואָס זיינען געזאַמעלט געוואָרען וועגען קראַנקהייטען ביי פערשיידענע פעלקער, צייגען, דאָס געוויסע קלאַסען מענ-שען, וואָס לעבען אונטער געוויסע אומשטענדען, ליידען פון געוויסע קראַנק-הייטען מעהר אָדער ווייניגער, ווי אַנדערע קלאַסען מענשען, וואָס לעבען אונטער אַנדערע אומשטענדען.

עס זיינען דארום ניטאָ קיין ספּעציעלע אידישע קראַנקהייטען, פּונקט ווי עס זיינען ניטאָ קיין ספּעציעל איטאַליענישע קראַנקהייטען, ענגלישע, פראַנצויזישע אָדער דייטשע קראַנקהייטען. מאַנכע קרענק האָבען אָבער א גרויסע צאָהל קרבנות צווישען אידען און זיי האָבען א רעפּוטאַציע אַלס „אי-דישע קראַנקהייטען" און מיט דיזע וועלען מיר יעצט בעקענען אונזערע לעזער.

מערידען איז ניט קיין ספּעציעל אידישע קראַנקהייט, פּונקט ווי זי איז ניט ספּעציעל קיין גוי'אישע קראַנקהייט. מערידען איז איבערהויפּט קיין קראַנקהייט ניט, נאָר א סימן פון א געוויסער אונאָרדנונג אין קערפּער, וואָס מיר וועלען באַלד בעטראַכטען.

אין מיין אייגענער ערפאַהרונג האָב איך געזעהן פּונקט אזוי פיעל פּע-לע ביי גוים ווי ביי אידען. דאָך איז אָנגענומען ביי אידען א כלל, דאָס מערידען איז א אידישע קראַנקהייט און איינער פון אונזערע אידישע פּאָ-עטען האָט שוין לאַנג געגראַמט „מערידען" מיט „מיר־אידען", אַלס בע-ווייז, דאָס מערידען איז א אידישע קראַנקהייט.

## וואס מערידען זיינען.

אין די װענד פון אונזערע קישקעס, דורך וועלכע אונזער גאַנצע שפּייז מוז דורכגעהן איידער זי ווערט פערדייעט און איינגעזאַפּט אין קערפּער, געפינען זיך פיעלע בלוט־רעהרען. דיזע בלוט־רעהרען נעהמען אויף פון די קישקעס די פערדייעטע טיילען פון די שפּייז און ברייגגען זיי צום לעבער.

אין די גאַנצע לענג פון די קישקעס געפינען זיך אַזעלכע בלוט־רעה-רען. די, וואָס געפינען זיך אין די לעצטע צוויי־דריי אינטשעס פון אונ-

זער שפּייז־קאַנאַל, ווערען אַנגערופען „העמאָראָידעל וועינס“. דורך גע־וויסע אורזאַכען, וואָס מיר וועלען באַלד דערמאָהנען, ווערען דיזע „העמאָ־ראָידעל“ בלוט־רעהרען צוצויגען, און די צוצויגענע בלוט־רעהרען רופט מען „העמאָראָידס“ אָדער אויף אידיש „מערידען“.

די מעהרסטע לעזער פון דיזע צייל̇ען האָבען זיכער שוין אַמאָל גע־זעהן די „בלויע אָנגעשוואָלענע“ בלוט־אָדערען אויף די פיס פון מאַנכע מיטעל־יעהריגע און עלטערע מענשען, ספּעציעל פרויען, וואָס האָבען שוין געהאַט אייניגע קינדער. די „בלויע אָנגעשוואָלענע“ אָדערען זיינען צו־צויגענע בלוט־רעהרען (וועינס) פון די פיס. מערידען זיינען עהנליכע צוצויגענע בלוט־רעהרען, וואָס געפינען זיך ביי די ענדע פון שפּייז־קאַנאַל.

## די אורזאַכע פון מערידען.

מערידען טרעפט מען אַם מעהרסטען ביי מענשען, וועמען'ס בע־שעפטיגונג איז אַזאַ, דאָס זיי בעוועגען זיך זעהר וועניג, די וואָס זיצען שטענדיג ביי דער אַרבייט אָדער אפילו די, וואָס שטעהען ביי דער אַרבייט, אויב זיי מוזען שטעהן אַ גרויסע טייל פון יעדען טאָג אויף איין פּלאַץ, זיי־נען קאַנדידאַטען פאַר מערידען. אַזעלכע מענשען, וואָס בעוועגען זיך ווע־ניג אויף דער פרישער לופט, ליידען געוועהנליך אויך פון מאָגען־פערשטאָ־פונג, און דאָס לעצטע האָט אויך אַ גרויסען חלק אין פעראורזאַכען מערידען. יעדע זאַך, וואָס שטערט דער פרייער צירקולאַציאָן פון'ם בלוט אויף'ן וועג פון די קישקעס צום לעבער און פון לעבער צום הארץ, פעראורזאַכט מע־רידען. דאָס בלוט אין די „העמאָראָידעל“ בלוט־רעהרען פליסט צום לע־בער צוזאַמען מיט'ן בלום פון אַלע אַנדערע בלוט־רעהרען, וואָס געפינען זיך אין די קישקעס. אויב אירגענד וואָס שטערט דער פרייער צירקולאַ־ציאָן פון דיזען בלוט ווערען די בלוט־רעהרען איבערגעפילט מיט בלוט און די שוואַכערע בלוט־רעהרען, וואָס קענען ניט אויסהאַלטען דעם שטאַרקען דרוק פון די צופיעל־אָנגעזאַמעלטע בלוט, ווערען צוצויגען. דער רעזול־טאַט איז — מערידען.

צופיעל שנאַפּס טרינקען אָדער צו אָפטעס נעהמען „קאַפּעטשקעס“ פייער־וואַסער, ווי די אינדיאַנער רופען אַלקאָהאָלישע געטרענקע, רואינירט דעם פיינעם מעכאַניזם פון לעבער. דער רעזולטאַט איז, דאָס די פרייע בלוט־צירקולאַציאָן דורך'ן לעבער ווערט געשטערט, דאָס בלוט זאַמעלט זיך אָן אין די בלוט־רעהרען, וואָס געפינען זיך אין די קישקעס, און דאָס פער־אורזאַכט מערידען.

א שוואכעס הארץ, וואָס קען ניט פּאָמפּען גענוג בלוט, פעראורזאכט אַן אַנזאַמלונג פון בלוט אי'ם לעבער און אין אַלע בלוט־רעהרען (וועינס), וואָס ברייגגען בלוט צום הארץ, און דאָס פעראורזאכט צווישען אַנדערע אונאַנגענעהמליכקייטען אויך מערידען.

מערידען טרעפט מען אָפט ביי יונגע מענשען, ספּעציעל ביי מענער ארום 20 יאָהר אַלט, וועלכע זיינען געצוואונגען צו פערברייגגען די גרעס־טע טייל פון טאָג צווישען פיער וואנד ביי א זיצענדער אָדער שטעהענדער בעשעפטיגונג און האָבען אויך נאָך דער ארבייט ווענינ פיזישע איבונגען (עקסעסייז). פון דיזען עלטער פון ארום 35 אָדער 40 יאָהר בעגעגענט מען וועניגער פעלע פון מערידען, דערפאַר אָבער ווערט די צאָהל מרעידאַל־ניקעס גרעסער צווישען עלטערע מענשען.

צווישען יונגע פרויען זיינען דאָ זעהר וועניג פעלע פון מערידען אין פערגלייך מיט מענער פון זעלבער עלטער. דאָס איז ניט דערפאַר, וואָס דיזער צושטאַנד האָט אָבשיי פאַר'ן שוואכערען געשלעכט, נאָר צוליב דעם, וואָס פרויען לעבען ניט אונטער די זעלבע אומשטענדען, וואָס די מענער לעבען. זיי זיינען אין די מעהרסטע פעלע ניט געצוואונגען צו טאָן די זעלבע סאָרט ארבייט ווי די מענער, און אויך פיליכט צוליב דעם, וואָס זייער פעריאָדישע בלוטונג העלפט צו פערמיידען די צו פיעל אַנזאַמלונג פון בלוט אין די „העמראָידעל" בלוט־רעהרען.

דערפאַר אָבער זיינען פרויען, מוטערס נאָך דעם, ווי זיי האָבען איי־ניגע קינדער, מעהר אויסגעזעצט דער געפאַהר פון האָבען צוצויגענע בלוט־רעהרען אין די פיס און אויך מערידען. דאָס איז דערפאַר, וואָס די גע־בעהר־מוטער, אונטער געוויסע צושטענדע, דריקט זעהר אויף די בלוט־רעה־רען פון איהר נאכבארשאפט און פעראורזאכט אַן אַנזאַמלונג פון צופיעל בלוט אין די בלוט־רעהרען (וועינס), וואָס געפינען זיך נידעריגער אין קערפּער.

## פערשיידענע פאָרמען פון מערידען.

עס זיינען דאָ פערשיידענע סאָרטען מערידען, אינערליכע און אוי־סערליכע, טרוקענע און נאַסע.

אינערליכע מערידען הייסען אַזעלכע, וואָס קומען ניט ארויס פון דער ענדע עפענונג פון שפּייז־קאַנאַל. אין דיזען פאַל זיינען אַנגעגריפען די

בלוט־רעהרען (וועינס), וואָס געפינען זיך עטוואָס העכער פון דער עפענונג,

אויסערליכע מערידען הייסען די, וואָס גרייפען אָן די בלוט־רעהרען (וועינס), וואָס געפינען זיך ביים סאמע ענדע פון שפייז־קאנאל, און די צוציגענע בלוט־רעהרען הייגגען נאָך פון די ענדע פון שפייז־קאנאל.

טרוקענע מערידען הייסען אזעלכע, וואָס בלוטען ניט; נאסע מערידען הייסען יענע, וואָס בלוטען יע פון צייט צו צייט.

# די סימנים פון מערידען.

טרוקענע מערידען, ספּעציעל אינערליכע, קענען עקזיסטירען א לאַנ-גע צייט און מען זאָל גאָר ניט וויסען פון זיי. בלויז פון צייט צו צייט, ווען זיי ווערען ענטצונדען, פערשאַפען זיי אונאַנגענעהמליכקייטען און שמערצען.

אין אָנפאַנג פיהלט דער מענש בלויז א לייכטע אונאַנגענעהמליכקייט און רייצונג אין די לעצטע טייל פון זיין שפייז־קאנאל. ער פיהלט ווי עט-וואָס וואָלט זיך דאָרט געפינען און ער קען דערפון ניט פטור ווערען. אָפט-מאָל ליידעט ער אויך שמערצען פאר און נאָך שטולגאַנג. פון די שטענדי-גע רייצונג און רייבונג, וואָס דיזע צוציגענע בלוט־רעהרען האָבען אויס-צושטעהן, פאנגען זיי אָן פריהער אָדער שפּעטער צו בלוטען.

אין אָנפאַנג איז דאָס בלוטען ניט פיעל, בלויז א טראָפּען אָדער צוויי נאָך יעדען שטולגאַנג. דאָס בלוטען פערגרעסערט זיך אָבער מיט דער צייט און אויב עס האלט לאַנג אָן קען דער מענש פערלירען אזוי פיעל בלוט, דאָס ער זאָל ליידען פון בלוט־ארמוט.

אויב דיזער צושטאַנד ווערט נאָך אַלץ פערנאַכלעסיגט, ווערען די שמערצען און די אונאַנגענעהמליכקייט פערשטאַרקט. דער קראַנקער פאַנגט אָן צו פיהלען שמערצען אויך אין אנדערע טיילען פון קערפּער און ווערט ערנסט קראַנק.

אויסערליכע מערידען זיינען געוועהנליך בעדעקט מיט א דיקע הויט, און ווען זיי זיינען ניט ענטצונדען פערוּרזאכען זיי ניט פיעל אונאַנגע-נעהמליכקייטען, אויסער פיליכט עטוואָס בייסונג אין דעם פּלאַץ, וואו אונזער שפּייז־קאנאל ענדיגט זיך, און א געפיהל פון „פולקייט" און לייכטע רייצונג פאר און נאָך שטולגאַנג.

אזעלכע מערידען ווערען אָבער לייכט ענטצונדען.

דער געברויך פון צופיעל שטארקע אבפיהר־מיטעל, א פערקעלטונג דורך זיצען אין נעץ און קעלט, אדער נעהמען א צו גרויסען קידוש־בעכער, אדער דאס צו שטארקע רייבען זיי פעראורזאכט אן ענטצינדונג אין די מערידען. זיי ווערען דאן „אנגעגאסען מיט בלוט", זעהר שמערצליך און אזוי עמפפינדליך צו שמערצען, דאס זיי שטערען דעם קראנקען צו געהן אדער אפילו צו זיצען בעקוועם. אזא צושטאנד רופט מען אן „אטאקע פון מערידען".

# וואס צו טאן געגען מערידען.

אויסערליכע מערידען, וואס פעראורזאכען ניט קיין אונאנגענעהמ־ליכקייטען, נויטיגען זיך ניט אין קיין אפעראציאן. אלעס וואס דער פער־זאן, וואס האט אזעלכע מערידען, דארף טאן איז צו האלטען זיי פערדויי־אונגס־מעכאניזם אין ארדענונג, אויסמיידען פערשטאפונג, אבער ניט דורך שארפע אבפיהרונגס־מיטלען. פאר ריינליכקייט'ס צוועקען דארף ער גע־ברויכען ווייכע פאפיר, ניט קיין ארטע צייטונגס־פאפיר. ווען די אויסער־ליכע מערידען ווערען ענטצונדען דארף דער קראנקער פערבלייבען אין בעט. די שמערצען קענען געשטילט ווערען דורך א געוויסען דראג, וואס דער קראנ־קער זעלבסט קען ניט נעהמען, א דאקטאר מוז עס פערשרייבען. אויב די מערידען זיינען אנגעפילט מיט פערגליווערטעם בלוט און זיינען זעהר שמערצליך ווערט דער דאקטאר מוזען עפענען דיזע צוצויגענע בלוט־רעהרען און ארויסנעהמען דאס פערגליווערטע בלוט.

די בעהאנדלונג פון אינערליכע מערידען איז א גאנץ אנדערע. אין דיזען פאל איז די לאגע א פיעל ערנסטערע. דער שטענדיגער בלוט־פער־לוסט קען פיהרען צו ערנסטע רעזולטאטען און עס איז דארום גלייכער פאר'ן קראנקען זיך צו בעראטען מיט א דאקטאר.

דער דאקטאר ווערט אזא קראנקען געבען א גענויע פיזישע אונטער־זוכונג, אום אויסצוגעפינען, וואס עס שטערט דער פרייער בלוט־צירקולא־ציאן דורך די „העמאראידעל" בלוט־רעהרען (וועינס). אין פאל פון א גע־וויסער אבנארמאליטעט פון לעבער איז גאר גלייכער צו לאזען די מערידען בלוטען. אין אלע אנדערע פעלע אבער איז אן אפעראציאן דאס איינציגע מיטעל ווי צו קורירען אינערליכע מערידען. אלע אנדערע זאגענאנטע „מע־דיצינישע" מיטלען קענען בלויז אויף א קורצע ווילע שטילען די שמער־צען אבער פאלקאם קורירען מערידען קענען זיי ניט.

די אָפּעראַציאָן פאַר מערידען איז ניט קיין זעהר ערנסטע. צוויי דריי טעג צו בעט און אַ וואָך אונאַנגענעהמליכקייט איז אַלעס, וואָס דער קראַנקער דאַרף דורכמאַכען. נאַטירליך מוזען אין דער זעלבער צייט אויך געענדערט ווערען די אומשטענדען (וואָס מיר האָבען פריהער אויסגערעכענט), וואָס האָבען פעראורזאַכט די מערידען. זאָנסט איז יעדער פער־זוך זיי צו קורירען אַרויסגעוואָרפען.



# צוקער־קראנקהייט — „דייעביטיז".

א צווייטע קראנקהייט, וואָס איז פערוויגט אַלס א אידישע קראנקהייט איז די צוקער־קראנקהייט, אָדער „דייעביטיז", ווי די קראנקהייט הייסט אויף דער ענגלישער שפראך. עס איז אמת, דאָס צווישען אידען געפינען זיך פיעלע קרבנות פון דיזער קראנקהייט, עס זיינען אָבער אויך דאָ פיעלע ליידענדע פון „דייעביטיז" אויך צווישען ניט אידען. יעדענפאַלס איז ניטאָ קיין שום בעוויז, דאָס אידען זיינען מעהר עמפפינדליך צו דער צוקער־קראנקהייט, אָדער דאָס אידישקייט האָט אירגענד וועלכע שייכות אין פער-אורזאכען די קראנקהייט.

## וואס די קראנקהייט איז.

אום צו פערשטעהן וואָס די קראנקהייט „דייעביטיז" איז, דארפען מיר פריהער וויסען, אז די גרעסטע טייל פון די שפייז, וואָס אונזערע קיש-קעס פערדייען, ווערט פערוואַנדעלט אין א געוויסען סאָרט צוקער (ניט דער סאָרט צוקער, וואָס מיר געברויכען צו פערזיסען אונזער עסענוואַרג). די-זער שפייז-צוקער ווערט געבראַכט דורך די בלוט־רעהרען, וואָס געפינען זיך אין די קישקעס, צום לעבער. אין'ם לעבער ווערט דער גאַנצער צוקער „פרע-זערווירט", געענדערט אין א נייער פאָרמע, וואָס מען רופט „גלייקאָדזשען" און ווערט געהאַלטען אין סטאָק.

די צעלען פון אונזער קערפער נויטיגען זיך אין א געוויסע מאָס פון דיזען צוקער אַלס זייער שפייז. זיי מוזען דיזען שפייז קריגען אין קליינע פּאָרציעס, ווייל זיי האָבען ניט קיין פּלאַץ, וואו צו בעהאַלטען שפייז אויף שפּעטער. דיזע קליינע פּאָרציעס מוזען די צעלען פון קערפער קריגען די גאַנצע צייט, טאָג ווי נאַכט, אום צו קענען אָנגעהן מיט זייער ארבייט.

אום צו בעזאָרגען אונזערע צעלען פון קערפער מיט א שטענדיגען שטראָם פון פרישע שפייז וואָלט דארום נויטיג געווען פאַר אונז צו האַלטען אין איין עסען אַלע פיער און צוואַנציג שטונדען פון מעת לעת. דאָס וואָלט

נאטירליך געשטערט אַלע אַנדערע טעטיגקייטען אונזערע און אויך אונזער שלאָף, עס וואָלט אויך געווען אַ גרויסע פערשווענדעריי פון צייט און ענערגיע.

אום אויסצומיידען די אונאַנגענעהמליקייט, וואָס דאָס שטענדיגע עסען וואָלט אונז פעראורזאכט, האָט דער לעבער אַ ספּעציעלען מעכאַניזם, וואָס דינט אַלס סקלאַד פאַר שפּייז. די גאַנצע צוקער, וואָס ווערט גע-שאַפען פון אונזער פערדייעטע שפּייז, ווערט פערהאַלטען אין לעבער, און דער לעבער שיקט אַרויס אין'ם אַלגעמיינעם בלוט-שטראָם בלויז אַ קליינע פּאָרציע פון דיזע שפּייז. דאָס בלוט צופיהרט דיזע שפּייז צו אַלע צעלען פון קערפּער און ווען די צעלען פון קערפּער פערברויכען די געגעבענע פּאָר-ציע צוקער, שיקט דער לעבער אַרויס נאָך אַ פּאָרציע. אַזוי האַלט דער לע-בער אין איין צושטעלען קליינע פּאָרציעס שפּייז דורך דעם בלוט צו די צעלען פון קערפּער.

עקזאַמענירענדיג דאָס בלוט פון נאָרמאַלע מענשען האָט מען אויס-געפונען, דאָס די מאָס צוקער אין'ם בלוט איז אונטער געוועהנליכע אומ-שטענדען איין טויזענד טייל פון דער מאָס בלוט (איין צעהנטעל פון איין פּראָצענט). דיזע מאָס ווערט שטענדיג אויפגעהאַלטען. אויב די צעלען פערברויכען אַ ביסעל צוקער שיקט דער לעבער אַרויס פּונקט אַזוי פיעל, וויפיעל די צעלען פון קערפּער האָבען פערברויכט און די מאָס צוקער אין'ם בלוט בלייבט די זעלבע.

די נירען, וואָס דינען אַלס „דורכזייערס" פאַר אונזער קערפּער, זיי-נען אַזוי רעגולירט, דאָס זיי פערהאַלטען דאָס איין צעהנטעל פון איין פּראָ-צענט צוקער אין'ם בלוט. אויב אָבער אין'ם בלוט געפינט זיך מעהר ווי דיזע מאָס צוקער זייט זיך די איבעריגע צוקער דורך די נירען צוזאמען מיט די אורין

אין פאַל פון צוקער-קראַנקהייט געפינט זיך אין'ם בלוט צופיעל צו-קער און אַ טייל פון די צוקער פערלאָזט דעם קערפּער מיט די אורין, וואו מען קען דעם צוקער אויסגעפינען דורך געוויסע כעמישע פּראָבעס.

## די אורזאַכען פון צוקער-קראַנקהייט.

צופיעל צוקער אין'ם בלוט און אַ פערלוסט פון צוקער דורך די נירען קען קומען דורך פיעלע אורזאַכען. אויב איינער עסט צופיעל קראָכמאַל-שפּייז, צוקער-געבעקס, קענדי (צוקערקעס), טשאָקאָלאַד אָדער עהנליכע

שפייז, וואָס ווערט פערוואַנדעלט אין צוקער, קען דער לעבער פשוט ניט פערהאַלטען די מאַסע צוקער, וואָס דאָס בלוט ברייננט פון די קישקעס. די שפּייכלער אין'ם לעבער ווערען איבערפילט און דער איבערשוס פון'ם צוקער שווימט אַרום פריי אין'ם בלוט. די פילטער (דורכזייערס) אין די נירען זיינען אַזוי רעגולירט, דאָס זיי פערהאַלטען בלויז איין צעהנטעל פון איין פּראָצענט צוקער אין'ם בלוט. אויב דאָס בלוט ענטהאַלט מעהר צוקער לאָזען די נירען דורך דעם איבערשוס און דער רעזולטאַט איז, דאָס דיזער פערזאָן האָט צוקער אין זיין אורין.

אַזאַ צושטאַנד איז ניט געפעהרליך און דאַרף איבערהויפּט ניט בעטראַכט ווערען פאַר צוקער־קראַנקהייט. אַלעס וואָס אַזאַ פערזאָן דאַרף טאָן איז עסען ווייניגער פון די אויבענדערמאָהנטע שפּייז און די צוקער וועט פערשווינדען פון זיין אורין.

עס קען אויך פּאַסירען, דאָס דער מעכאַניזם פון לעבער, וואָס דאַרף פערוואַנדלען די שפּייז, וואָס קומט פון די קישקעס, אין דער פאָרמע פון „גלייקאָדזשען", אָדער פּרעזערווירטע צוקער, אַרבייט ניט ווי געהעריג איז. די מאַשינערי איז אויסער אָרדענונג און אַ גרויסע טייל פון די שפּייז־צוקער, אַנשטאָט צו געהן צו די שפּייכלער פון לעבער, געהען פריי דורך דעם לעבער צום אַלגעמיינעם בלוט־שטראָם.

דער רעזולטאַט איז, דאָס עס געפינט זיך אין'ם בלוט צופיעל צוקער און מיר האָבען שוין פריהער געזעהן ווי אַזוי צו פיעל צוקער אין'ם בלוט גיט אונז צוקער אין דער אורין, דעם זיכערסטען סימן פון דער צוקער־קראַנקהייט.

עס קען אויך פּאַסירען, דאָס דער טייל פון'ם לעבער־מעכאַניזם, וואָס דאַרף צוריק פערוואַנדלען דעם „גלייקאָדזשען" אין צוקער און עס אַרויסשיקען אין'ם בלוט אין קליינע דאָזעס, בלויז אַזוי פיעל וויפיעל די צעלען פון קערפּער פערברויכען, ווערט אויסער אָרדנונג. דיזער מעכאַניזם פאַנגט אָן צו אַרבייטען צו שנעל און, ניט וואַרטענדיג ביז די צעלען פון קערפּער וועלען פערברויכען דעם צוקער, האַלט דיזער מעכאַניזם אין איין אַרויסשיקען צוקער צו דעם בלוט. דער רעזולטאַט איז, אַז דאָס בלוט ענטהאַלט צופיעל צוקער און דער איבערשוס פון צוקער פערלאָזט דעם קערפּער דורך די נירען.

ווי אַזוי און דורך וועמען דיזער וויכטיגער מעכאַניזם פון לעבער ווערט רעגולירט ווייסען מיר נאָך ניט. און דערום טאַקע ווייסען מיר אויך

ניט די אמת'ע אורזאַכע פון „דייעביטיז" (צוקער=קראַנקהייט). ביי מאַנ-כע מענשען און חיות, וואָס זיינען געשטאָרבען פון צוקער=קראַנקהייט, האָט מען בעמערקט, דאָס געוויסע טיילען פון זייערע „פּענקריעס" (אַ דריזע, וואָס געפינט זיך הינטער דעם מאָגען און פּראָדוצירט געוויסע זאַפטען, וואָס העלפען פערדייען די שפּייז אין די קישקעס) זיינען אויסער אָרדנונג, און מען דענקט דאַרום, דאָס דיזע טיילען פון דער „פּענקריעס" רעגולירען דעם צוקער=קאָנטראָלירענדען מעכאַניזם פון לעבער און זיי האָבען אויך צו טאָן מיט פעראורזאַכען די צוקער=קראַנקהייט. אָבער ניט אין אַלע פע-לע פון צוקער=קראַנקהייט האָט מען בעמערקט דיזע ענדערונגען אין דער „פּענקריעס" און מען קען דאַרום ניט אָננעהמען דיזע ענדערונגען אַלס די אורזאַכע פון צוקער=קראַנקהייט.

עקספּערימענטירענדיג מיט פערשיידענע חיות האָט מען בעמערקט, דאָס, ווען מען פעראורזאַכט אַ וואונד אויף אַ געוויסען פּלאַץ אין מאַרך, בעוויזט זיך צוקער אין דער אורין פון דיזער חיה. עס איז דאַרום גאַנץ מעגליך, דאָס דיזע טייל פון מאַרך קאָנטראָלירט דעם לעבער=מעכאַניזם, וואָס רעגולירט די מאָס צוקער אין'ם בלוט.

ניט ווייסענדיג גענוי ווי אַזוי דער צוקער=רעגולירענדער מעכאַניזם פון לעבער ווערט קאָנטראָלירט איז אונז אונמעגליך צו זאָגען וואָס פער-אורזאַכט די צוקער=קראַנקהייט. עס איז מעגליך, דאָס אין יעדען פאַל פון דער קראַנקהייט איז די אונאָרדנונג אין קערפּער די זעלבע, עס איז אויך מעגליך, דאָס זי איז אין יעדען פאַל אַ גאַנץ אַנדערע.

עס איז דאָ נאָך איין פאָרמע פון צוקער=קראַנקהייט און דיזע איז די ערנסטסטע און אויך די געפעהרליכסטע.

אין דיזער פאָרמע פון דער קראַנקהייט זיינען די צעלען פון קערפּער ניט אימשטאַנדע צו פערברויכען די צוקער, וואָס דאָס בלוט ברייננט צו זיי. די קערפּער=צעלען האָבען דורך אַ געוויסער אורזאַכע פערלאָרען די פעהיגקייט צו פערברויכען די צוקער. די צוקער פערבלייבט אין בלוט און פערלאָזט נאָכהער דעם קערפּער דורך די אורין.

די גרויסע געפאַהר פון דיזער פאָרמע פון די צוקער=קראַנקהייט בע-שטעהט אין דעם, וואָס די צעלען ווערען פשוט פערהונגערט פון ניט קריי-גען זייער נויטיגע שפּייז און דאָס געזונד פון דעם „דייעבעטיקער" געהט שנעל צו גרונדע.

# די סימנים פון דער קראנקהייט.

מיר האבען שוין איינינע מאל אויפמערקזאם געמאכט אויף דעם, דאס עס איז א געפאהר צו שרייבען וועגען סימנים פון געוויסע קראנקהיי-טען. עס זיינען דא געוויסע מענשען, רופט זיי שוואכזיניגע, אויב איהר ווילט, וואס לאזען זיך לייכט בעאיינפלוסען פון דעם, וואס זיי לעזען, און אויב זיי פיהלען זיך עטוואס ניט מיט אלעמען וועלען זיי זיכער ענטדע-קען אין זיך כמעט יעדען סימפטאם פון יעדע קראנקהייט, וועגען וועלכע זיי הערען.

אין דיזען פאל איז אבער די געפאהר ניט אזוי גרויס. די צוקער=קראנקהייט ניט אזעלכע דייטליכע, אונצווייפעלהאפטע סימנים, דאס עס איז זעהר לייכט אין איינינע מינוטען צייט אויסצוגעפינען צו דער מענש ליידעט פון דיזער קראנקהייט אדער ניט. אויב עמיצער דענקט, דאס ער ליידעט פון „דייעביטיז" דארף ער בלויז לאזען זיין אורין עקזאמענירען און ער קען זיך גאנץ שנעל איבערצייגען צו זיין פערדאכט איז א ריכטי-גער אדער ניט.

מיר פיהלען זיך דארום גאנץ פריי צו בעשרייבען די סימנים פון דער צוקער=קראנקהייט ניט מורא האבענדיג, דאס מיר וועלען מיט דיזער בעשרייבונג העלפען עמיצען זיך איינרעדען, דאס ער ליידעט פון דיזער קראנקהייט.

די צוקער=קראנקהייט איז אין די מעהרסטע פעלע א כראנישע קראנק-הייט. עס זיינען אבער אויך דא איינינע פעלע, וואו די קראנקהייט פרא-גרעסירט גאנץ שנעל, ספעציעל איז עס דער פאל, ווען די קראנקהייט גרייפט אן יונגע מענשען. דער גאנג פון דער קראנקהייט איז דאן זעהר א שנעלע און איז אין די מעהרסטע פעלע טויטליך פאר איהרע קרבנות.

די צוקער=קראנקהייט פאנגט זיך געוועהנליך אן מיט אזו וועניג סימנים, דאס דער פערזאן בעמערקט גאר ניט, דאס ער איז קראנק. זי פער'גנב'עט זיך אזוי שטיל און שאפט די ערשטע צייט אזוי וועניג שאדען דעם קערפער, דאס אפטמאל ענטדעקט מען בלויז דורך א צופאל, דאס דער פערזאן ליידעט פון דער צוקער=קראנקהייט.

דאס ערשטע, וואס דער קראנקער בעמערקט, איז, דאס עס דורשט איהם. ער טרינקט דאכט זיך מעהר וואסער ווי געוועהנליך. אבער טראץ

דעם, וואָס ער טרינקט אָפּט און פּיעל, פּיהלט ער דאָך שטענדיג דורשטיג, און די מאָס וואסער, וואָס ער טרינקט אויס אין אַ טאָג, איז זעהר גרויס.

אין דער זעלבער צייט בעמערקט ער, דאָס זיין קערפּער גיט אויך ארויס זעהר פּיעל וואסער דורך זיינע נירען. וואָס מעהר ער טרינקט אַלץ מעהר אורין גיט ער ארויס פון זיך. פאר די מעהרסטע מענשען איז עס אָבער ניט זעהר אויפפאלענד. עס שיינט צו זיין נאַטירליך דאָס וואָס מעהר איינער טרינקט אַלץ מעהר אורין זאָל פערלאָזען זיין קערפּער.

אויב דער קראַנקער איז אַ פּערזאָן, וואָס בעאָבאכט זיך זעלבסט, בעמערקט ער, דאָס טראָץ דעם, וואָס ער טרינקט פּיעל וואסער איז איהם אין מויל שטענדיג טרוקען, רויט און ווי פערגלעזט און אין זיין מויל געפינט זיך װעניג סלינע. אזא פּערזאָן וועט אויך בעמערקען, דאָס זיין הויט איז טרוקען און ניט גלאַט און דאָס זיין הויט שוויצט זעהר זעלטען.

צוזאמען מיט'ן דורשט ענטוויקעלט זיך אויך ביי דעם, וואָס ליידעט פון דער צוקער־קראַנקהייט, אַ וואָלפישער אפּעטיט. ער עסט מעהר ווי גע-וועהנליך און טראָץ דעם, וואָס ער עסט אַ סך איז ער שטענדיג הונגעריג.

נאָרמאַלע מענשען ווערען פעט ווען זיי עסען אַ סך. אָבער די, וואָס ליידען פון צוקער־קראַנקהייט, פערלירען געוויכט און ווערען אויסגעדארט, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס זיי עסען פּיעל.

די מעהרסטע דייעבעטיקער פערדייען גוט זייער שפּייז און אין אָנ-פאנג פון זייער קראַנקהייט ליידען זיי ניט פון פערשטאָפּונג. ערשט שפּע-טער, ווען די קראַנקהייט האָט זיך שוין גאַנץ שטארק ענטוויקעלט, פאַנ-גען מאַנכע פון זיי אָן צו ליידען פון פערשטאָפּונג.

אָפּטמאָל ליידען די, וואָס האָבען די צוקער־קראַנקהייט, פון אַ שטאַר-קע הויט־בייסעניש און אין מאַנכע פעלע איז די הויט־בייסעניש די ערשטע אָנצוהערעניש, וואָס דער קראַנקער קריגט, דאָס עטוואָס אין זיין קערפּער איז ניט ווי עס דאַרף צו זיין.

דער זיכערסטער סימן פון דער צוקער־קראַנקהייט איז אָבער דאָס געפינען פון צוקער אין דער אורין פון'ם קראַנקען. דורך אַ כעמישער פּראָ-בע קען מען גאַנץ לייכט און שנעל אויסגעפינען צו עס געפינט זיך צוקער אין דער אורין אָדער ניט. אויב עס געפינט זיך ניט קיין צוקער אין דער אורין פון אַ מענשען, וועלכער עסט קראָכמאַל־שפּייז און ד. גל., ליידעט די-זער פּערזאָן ניט פון דער צוקער־קראַנקהייט, ניט אַכטענדיג אויף דעם וועל-כע פון די אויבענאויסגערעכענטע סימנים ער זאָל ניט האָבען.

# די אויסזיכטען פון קראַנקען.

**וואָס אינגער** עס איז דער קראַנקער, ווען ער פאַנגט אָן צו ליידען פון דיזער קראַנקהייט, אַלץ שוואַכער זיינען זיינע אויסזיכטען געזונד צו ווערען. ביי יונגע קינדער פּראָגרעסירט די קראַנקהייט זעהר שנעל און איז זעהר געפעהרליך. דאָס קינד שטאַרבט אין אייניגע וואָכען אָדער מאָנאַטען נאָך דעם, ווי עס איז קראַנק געוואָרען. ביי עלטערע מענשען, ספּעציעל די, וואָס זיינען שוין אַריבער מיטעלע יאָהרען, קען די קראַנקהייט דויערען פיעלע יאָהרען און ניט פעראורזאַכען קיין ערנסטע אונאַנגענעהמליכקייטען.

פאַר מאָגערע מענשען איז די קראַנקהייט פיעל ערנסטער ווי פאַר פעטע, ווייל די מאָגערע קענען זיך ניט ערלויבען צו רעדוצירען זייער קערפער דורך וועניגער שפּייז, ווי פעטע מענשען קענען עס טאָן. די פעטע מענשען האָבען אַ גרויסען רעזערוו־סטאָק שפּייז אין זייער אייגענעם קערפער אויף צו פערברויכען אין זייער נויטפאַל, וועהרענד מאָגערע מענשען האָבען עס ניט און זיי ווערען דאַרום שנעלער אויסגעצערט.

די גרעסטע געפאַהר פאַר דעם, וואָס ליידעט פון דער צוקער־קראַנקהייט, איז צו קריגען „דייעבעטיז קאָמאַ״, אַ סאָרט לעטאַרגיע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דיזער קראַנקהייט. דער פערדייאונגס־מעכאַניזם פון דעם, וואָס ליידעט אַ לאַנגע צייט פון דער צוקער־קראַנקהייט, קען ניט גוט פערדייען די פעטס פון די שפּייז, וואָס ער עסט. געוויסע עסידס פאָרמירען זיך דאַן אין זיין קערפּער און, ווען דיזע האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אין אַ גענוגענדע מאָס, ווערט דער קראַנקער פּלוצלינג אַטאַקירט. ער פאַלט אריין ווי אין אַ לעטאַרגישען שלאָף, עס פעהלט איהם אוים אַטעם און דער קראַנקער געהט אויס, אָפטמאָל, אין 24 שטונדען צייט.

דיזע אַטאַקע קען פּאָרקומען אויף פערשיידענע אופנים. אין מאַנכע פעלע קומט דיזע אַטאַקע פּלוצלינג. דער קראַנקער קען זיך אַמאָל אויפכאַפּען אין מיטען נאַכט און דערפיהלען ווי עס שטיקט איהם. ער קען קוים דעם אָטעם אָפּכאַפּען. ביסלאַכווייז פערליהרט ער זיין בעוואוסטזיין, זיין פּולס ווערט שוואַכער און דער מענש געהט לאַנגזאַם אויס.
אין אַנדערע פעלע ליידעט דער קראַנקער פריהער פון אַ שטאַרקען קאָפּוועהטאָג. ער פיהלט זיך ווי בעטרונקען, ער וואַקעלט זיך ביים געהן און לאַנגזאַם פערזינקט ער ווי אין אַ לעטאַרגישען שלאָף, פון וועלכען זעהר וועניג מענשען כאַפּען זיך אויף.

עס זיינען אויך דאָ פעלע, וואו דיזע אטאקע קומט נאָך אַ שטארקע אָנשטרענגונג. דער קראַנקער דערפיהלט זיך פּלוצלינג זעהר שוואַך, פאַר די אויגען פאַנגט איהם אָן צו שווינדלען און ער פיהלט ווי צו חלש'ען. די הענד און פיס ווערען איהם קאַלט און בלוי. ער פאַנגט אָן צו אָטעמען זעהר שנעל, און אין אייניגע שטונדען ארום איז ער טויט.

ווען דער דאָקטאָר, וואָס בעהאַנדעלט אַ קראַנקען פון דער צוקער־קראַנקהייט, דערקענט, אַז דיזע אַטאַקע האַלט אין אָנקומען, ווענדעט ער אָן פערצווייפעלטע מיטלען צו פערהיטען, אַז זי זאָל זיך ניט ענטוויקלען (מיר וועלען שפּעטער זעהן ווי אַזוי ער טוט דאָס), אָבער ניט אַלע מאָל געלינגט עס איהם.

דער קערפּער פון איינעם, וואָס ליידעט פון דער צוקער־קראַנקהייט, ווערט זעהר שלעכט גענעהרט און דער רעזולטאַט איז, דאָס די ווידער־שטאַנדס־קראַפט פון דיזען קערפּער איז זעהר אַ שוואַכע.

דאָס פיהרט דערצו, דאָס וואונדען, וואָס פערהיילען זיך זעהר שנעל ביי אַ נאָרמאַלען מענשען, פערהיילען זיך זעהר לאַנגזאַם ביי דייעבעטיקער. צוליב דעם שוואַכען ווידערשטאַנד פון זייער קערפּער ליידען אויך דיזע קראַנקע זעהר פיעל פון געשווירען. עקזימאַ טרעפט מען ביי פיעלע דייע־בעטיקער און מאַנכע פון זיי ליידען פון אַ שטאַרקע בייסעניש אין פער־שיידענע טיילען פון זייער קערפּער. „געגרין” (דאָס אָבפוילען פון אַ גליד פון קערפּער) איז אַ ניט זעלטענע ערשיינונג ביי די, וואָס ליידען פון דער צוקער־קראַנקהייט.

ווען ערנסטע קאָמפּליקאַציעס טרעטען איין אין דער קראַנקהייט קען דער קערפּער פון קראַנקען אויפנעהמען פיל מעהר קראַכמאַל־שפּייז ווי פריהער און אין פיעלע פעלע פאַנגט ער דאַן אָן זעהר פיעל צו שוויצען.

דייעבעטיקער האָבען אויך אַ זעהר שוואַכע ווידערשטאַנדס־קראַפט צו קראַנקהייטען. מאַנכע פון זיי שטאַרבען פון לונגען־ענטצינדונג, אַנ־דערע פון אַנדערע ערנסטע קראַנקהייטען, וועלכע זיינען ביי דייעבעטי־קער פיעל ערנסטער, ווי ביי אַנדערע מענשען. ביי פיעלע, וואָס ליידען פון דער צוקער־קראַנקהייט, ווערען די אויגען אָדער די אויערען אָנגע־גריפען און זייער זעהע־קראַפט אָדער געהער ווערט שטאַרק פערקלענערט, אויב ניט אין גאַנצען צושטערט.

סעקסועלע אימפּאָטענץ איז אַ געוועהנליכע ערשיינונג צווישען דיי־עבעטיקער און עס קען אויך זיין איינער פון די ערשטע סימנים פון דער

קראַנקהייט. פרויען, וואָס ליידען פון דער צוקער=קראַנקהייט, ווערען זעל-
טען שוואַנגער, און אין די מעהרסטע פעלע, וואו דאָס פּאַסירט יע, איז די
פרוי מפּיל. עס איז אָבער אויך מעגליך, דאָס אַ פרוי, וואָס ליידעט פון דער
צוקער=קראַנקהייט, זאָל האָבען אַ נאָרמאַלעס קינד. איהר צושטאַנד ווערט
פערערגערט נאָך דער קינדבעט.

## די רפואה געגען דער צוקער־קראַנקהייט.

ניט וויסענדיג די אורזאַכע פון דער צוקער=קראַנקהייט איז נאַטיר-
ליך אונמעגליך צו זאָגען ווי אַזוי מען קען זיך פון איהר אויסהיטען. אין
מאַנכע פעלע האָט מען בעמערקט, דאָס די קראַנקהייט געהט איבער בירושה.
קינדער פון עלטערען, וואָס ליידען פון דער קראַנקהייט, זיינען אין פיעלע
פעלע מעהר עמפּפינדליך צו „דייעביטיז“, ווי קינדער פון נאָרמאַלע על-
טערען. עס איז דאַרום ראַטזאַם, דאָס די, וועמען'ס עלטערען עס זיינען
דייעבעטיקער, זאָלען זיין מעהר פּאָרזיכטיג מיט זייער עסען און פון צייט
צו צייט זיך לאָזען אונטערזוכען פון אַ דאָקטאָר.

אַזוי ווי די קראַנקהייט קען לייכט ענטדעקט ווערען דורך אַן אורין=
עקזאַמענײשאָן איז ראַטזאַם פאַר יעדען מענשען צו לאָזען אונטערזוכען
זיין אורין פון צייט צו צייט. די אורין=עקזאַמענײשאָן צייגט ווי דער ני-
רען=מעכאַניזם אַרבייט, און עס האָט שוין פיעלע מאָל פּאַסירט, דאָס ערנ-
סטע נירען=קראַנקהייטען און פעלע פון דער צוקער=קראַנקהייט זיינען ענט-
דעקט געוואָרען דורך אַ צופאַל, ווען מען האָט עקזאַמענירט די אורין פון
אַ פּערזאָן, וועלכער האָט זיך געפיהלט ניט קראַנק.

די בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט איז מעהרסטענס אַ „סימפּטאָ-
מאַטישע“, דאָס די בעהאַנדלונג ווערט אָנגעפיהרט לויט די סימפּטאָמען,
וואָס די קראַנקהייט צייגט. אין אַנדערע קראַנקהייטען, וואו מען ווייס
די אורזאַכע פון דער קראַנקהייט, ווענדעט דער דאָקטאָר אָן פערשיידענע
מיטלען צו בעזייטיגען דיזע אורזאַכע און, אויב דאָס געלינגט איהם, פער-
שווינדען שוין ממילא די סימנים פון דער קראַנקהייט. אַנדערש איז עס
אין דיזען פאַל. די אורזאַכע פון דער צוקער=קראַנקהייט קענען מיר ניט
בעזייטיגען, וויל עס איז נאָך ניט גענוי בעוואוסט, וואָס דיזע אורזאַכע
איז. מיר מוזען זיך דאַרום בענוגענען מיט בעהאַנדלען די סימנים פון
דער קראַנקהייט.

מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, דאָס דער הויפּט=סימן פון דיזער קראַנקהייט איז די אַנוועזענהייט פון צוקער אין די אורין און, אַז דאָס קומט דערפון, וואָס עס געפינט זיך מעהר ווי איין צעהנטעל פון איין פּראָצענט צוקער אין׳ם בלוט. די הויפּט=בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט ווערט געריכטעט אויף צו פערקלענערען די מאָס צוקער אין׳ם בלוט. אזוי ווי דיזע צוקער קומט פון די שפּייז, וואָס מיר עסען און אַם מעהרסטענס פון די שפּייז=אַרטיקלען, וואָס ענטהאַלטען פיעל קראָכמאַל אָדער צוקער, דאַרף מען פערקלענערען די מאָס פון דיזע שפּייז=אַרטיקלען, וואָס דער מענש עסט.

צוערשט אָבער דאַרף דער קראַנקער פּטור ווערען פון די צופיעל צוקער, וואָס געפינט זיך שוין אין זיין קערפּער. דאָס ווערט געטהאָן דורך אויסהונגערען דעם קראַנקען. א תענית אויף א טאָג אָדער אויב נויטיג אויף אייניגע טעג צייט וועט דעם קראַנקען בעפרייען פון די איבריגע צוקער, וואָס געפינט זיך אין זיין בלוט. די אורזאַכע דערפון איז א גאַנץ פּשוט׳ע. זיין קערפּער וועט פּאָרטזעצען צו פערברויכען פּונקט אזוי פיעל צוקער ווי פריהער און אזוי ווי ער עסט ניט וועט דער סטאָק צוקער זיך ניט פערגרעסערען. פריהער אָדער שפּעטער וועט די עקסטראַ צוקער, וואָס האָט זיך פריהער געפונען אין זיין קערפּער, פערברויכט ווערען און זיין אורין וועט זיין פריי פון צוקער.

מאַנכע דאָקטוירים גיבען דעם קראַנקען קליינע דאָזעס שנאַפּס אין צייט פון זיין תענית אַנדערע לאָזען אויך אוים דעם שנאַפּס און גיבען דעם קראַנקען בלויז וואַסער צו טרינקען.

דער נעכסטער שריט נאָך דעם, ווי די אורין פון קראַנקען איז פריי פון צוקער, איז אויסצוגעפינען וויפיעל קראָכמאַל=שפּייז און צוקער דער קראַנקער קען פערנעהמען, דאָס הייס וויפיעל זיין קערפּער קען פערברויכען. מאַנכע דאָקטוירים פּרובירען פריהער דאָס בלוט פון קראַנקען אום אויסצוגעפינען צו עס ענטהאַלט ניט צופיעל צוקער איידער זיי ערלויבען דעם קראַנקען ווידער צו עסען.

צוערשט זוכט מען אויסצוגעפינען וויפיעל קראָכמאַל=שפּייז דער קראַנקער קען פערנעהמען. דאָס ווערט געטהאָן דורך געבען דעם קראַנקען צו עסען א געוויסע מאָס „וועדזשעטייבעלס” (גרינצייג), וואָס ענטהאַלטען פון פינף ביז זעקס פּראָצענט קראָכמאַל. אזעלכע גרינצייג זיינען ליעטוס, ספּינעדזש, זויערקרויט, סעלערי, אַספּאַראַגוס (שפּאַרגעל) און אוגערקעס. אויב דער קראַנקער פערנעהמט דיזע שפּייז און קיין צוקער בעוויזט

זיך ניט אין זיין אורין פערגרעסערט מען די מאָס ווערזשעטייבעלס און מען גיט איהם אויך אַזעלכע, וואָס ענטהאַלטען צעהן פּראָצענט קראָכמאַל, נאָכ־הער אַזעלכע, וואָס ענטהאַלטען 15 און 20 פּראָצענט קראָכמאַל, ווי קאַר־טאָפעל, גרינע קאָרן, רייז און מאַקאַראָני. אויך פרוכטען, ווי עפּעל, באַר־נעס, פלוימען, באַנאַנאַס א. ד. גל.

די מאָס ווערזשעטייבעלס ווערט אויף אַזא אַרט פערגרעסערט ביז עס בעווייזט זיך ווידער צוקער אין דער אורין פון קראַנקען. ער האָט דאַן ווידער אַ תענית אויף איין טאָג צייט אום זיך צו בעפרייען פון דער אי־בעריגער מאָס צוקער. און נאָך'ן תענית גיט מען איהם עטוואָס ווענינער קראָכמאַל־שפּייז, ווי די, וואָס האָט איהם פערשאַפט צוקער אין די אורין.

אויף אַזא אַרט ווערט בעשטימט וויפיעל קראָכמאַל אָדער צוקער זיין קערפּער קען פערברויכען און די שפּייז, וואָס ווערט פאַר איהם פאָרגע־שריבען, דאַרף ענטהאַלטען ניט מעהר ווי דיזע מאָס קראָכמאַל. די שפּייז דאַרף ניט דוקא בעשטעהן בלויז פון ווערזשעטייבעלס. זי מעג בעשטעהן פון ברויט אָדער אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען. אַזוי ווי מיר ווייסען ביי היינ־טיגען טאָג מעהר אָדער ווענינער גענוי וויפיעל קראָכמאַל יעדע פון אונ־זערע שפּייז־אַרטיקלען ענטהאַלטען איז ניט שווער צו בעשטימען וויפיעל פון די שפּייז, וואָס דער קראַנקער עסט, גיט איהם די נויטיגע מאָס קראָכמאַל.

אויף אַ עהנליכען אופן געפינט מען אויס וויפיעל פּראָטעין (איי־ווייס־שטאָף) דער קראַנקער קען פאַרנעהמען און, ווען נויטיג, ווידערהאָלט מען דעם זעלבען פּראָצעס מיט די פעטס פון קראַנקען'ס שפּייז.

דאָס בעשטימען וויפיעל פון יעדען שפּייז־מאַטעריאַל דער קראַנקער דאַרף עסען דויערט אַ לענגערע צייט און עס איז ניט זעהר אַנגענעהם פאַר'ן קראַנקען דורכצומאַכען די גאַנצע פּראָצעדורע. פיעלע, וואָס ליידען פון צוקער־קראַנקהייט, ווילען עס דארום ניט טאָן אַזוי לאַנג זיי פיהלען זיך ניט שטאַרק קראַנק.

אויף זייער פראַגע צו דאָס בעשרענקען פון זייער שפּייז וועט פאַל־שטענדיג קורירען זייער קראַנקהייט מוז דער דאָקטאָר צוגעבען אַז ניין, דאָס וועט בלויז בעשטימען גענוי וויפיעל שפּייז זיין קערפּער קען פער־ברויכען, און אויב דער קראַנקער וועט עסען בלויז די שפּייז, וואָס דער דאָקטאָר וועט איהם פאָרשרייבען נאָך דעם, ווי עס ווען געמאַכט ווע־רען די אויבענדערמאָהנטע פּראָבעס, וועט זיין בלוט זיין פריי פון איבע־

ריגע צוקער און זיין אורין וועט אין גאַנצען זיין פריי פון צוקער. פיעלע דייעבעטיקער דענקען דארום, דאָס אזוי לאַנג, ווי זיי פיהלען ניט קיין שמער-צען און זעהען אויס גאַנץ געזונד, לוינט זיך ניט פרייוויליג צו נעהמען אויף זיך אזא אונאַנגענעהמע אויפגאַבע.

דער אמת איז אָבער, דאָס די מעהרסטע דייעבעטיקער, אויב זיי פאַנגען נאָר אָן פריה געגוג זיך אָפּצוהיטען מיט'ן עסען, קענען אָפּלעבען אַלע זייערע יאָהרען און גאָר ניט וויסען, דאָס זיי זיינען קראַנק, ווערענד די, וואָס היטען זיך ניט אָפּ מיט'ן עסען, גראָבען זייערע קברים מיט זייערע אייגענע צייהן.

צו די בעשרענקטע שפּייז קורירט אָדער ניט איז א פאַקט, דאָס אזוי לאַנג, ווי דער קראַנקער איז פריי פון צוקער אין זיין אורין, איז ער אין מעהרסטע פעלע פריי פון דער קראַנקהייט. קוים אָבער היט ער זיך ניט אָפּ מיט'ן עסען און האָט יע צוקער אין זיין אורין איז ער אויסגעזעצט די אַלע אויבענאויסגערעכענטע געפאַהרען, וואָס די צוקער=קראַנקהייט ברייגגט מיט זיך.

בלויז אין מאַנכע פעלע, ווען דער קראַנקער קריגט ניט א לאַנגע צייט קיין קראָכמאַל=שפּייז און קריגט פיעל איי=ווייס=שפּייז (פּראָטעין) זאמעלט זיך אָן אין זיין בלוט צופיעל עסיד און די געפאַהר פון א דייעבעטישע לע-טארגיע איז זעהר גרויס. אין אזא פאַל גיט דער דאָקטאָר דעם קראַנקען א גרויסע מאָס קראָכמאַל=שפּייז צו עסען. ער גיט דעם קראַנקען אויך פיעל סאָדא (סאָדיום בייקארבאָנייט) דורך'ן מויל, אָדער אין א נויטפאַל, אויך דירעקט אין די בלוט=רעהרען אום אָפּצושוואַכען די ווירקונג פון די עסידס, וואָס האָבען זיך אָנגעזאמעלט אין'ם בלוט פון'ם קראַנקען.

עס איז אונמעגליך אויף דיזען פּלאַץ אויסצושרייבען גענוי, וועלכע שפּייז א ליידענדער פון צוקער=קראַנקהייט דאַרף עסען און וויפיעל ער דאַרף עסען. עס ווענדעט זיך פיעל אָן די שפּייז, צו וועלכע דער קראַנקער איז פריהער געווען צוגעוואוינט און וויפיעל קראָכמאַל און אַנדערע שפּייז זיין קערפּער קען פערברויכען און דאָס מוז בעשטימט ווערען אין יעדען פאַל בעזונדער. אַלס א כלל אָבער מעגען דייעבעטיקער עסען:

אַלערליי פלייש אויסער לעבער, אַלערליי פיש, אייער און זופּען, נאָר אָהן מעהל.

פעטס, פּוטער, אָליוו אָיל, אַלערליי קעז, און צו ביסלאַך קרים.

ווערזשעטייבעלס (גרינצייג) — סעלערי, לעטוס, אוגערקעס, אספּאַ־ראַגוס (שפּאַרגעל), ספּינעדזש, סטרינג בעבלאַך, טאָמייטאָס, קרויט, קיר־בעס און שוועמלאַך.

נאָכשפּייז — אייז־קרים און אַלערליי זיסע זאַכען, וואָס ענטהאַלטען ניט קיין מעהל און זיינען פערזיסט מיט סאַכארין.

געטרענקע — טעע, קאַפּע אָדער לעמאָנאַד פערזיסט מיט סאַכארין.

וואָס דייעבעטיקער דאַרפען ניט עסען:

ברויט, קייקס (לעקעך), ביסקיטס און אַלערליי געבעקס. אַלערליי פרוכט (אויסער די, וואָס דער דאָקטאָר ערלויבט איהם און אין דער מאָס, אין וועלכער ער ערלויבט איהם), אַלערליי „סיריעלס" (געטריידע), מאַקאַ־ראָני, קאַרטאָפעל, מערען, בעבלאַך, בוריקעס, קאָרן, ארבעס און פּאַס־טערנאַק, מילך, קאַקאָ און טשאָקאָלאַד, „מאַלט ליקער" (מאַלץ געטרענקע), סיידער, זיסע וויין, פּרעזערווירטע שפּייז (ווייל זיי זיינען פּרעזערווירט אין צוקער) און אייז קרים.

„דייעביטיז" איז אַן ערנסטע קראַנקהייט מיט זעהר ערנסטע פאָלגען. פאַר אַ מיטעליעהריגען מענשען, וואָס קריגט דיזע קראַנקהייט איז אָבער זעהר לייכט אויסצולעבען זייע יאָהרען אין בעקוועמליכקייט, זיך ניט פיה־לענדיג קראַנק, אויב ער פאָלגט נאָר שטרענג אויס די פאָרשריפטען פון זיין דאָקטאָר אין בעצוג צו דער שפּייז, וואָס ער מעג און וואָס ער טאָר ניט עסען. זאָרג און דאגות וועגען זיין קראַנקהייט וועט ניט פערלייכטערען דעם צושטאַנד פון קראַנקען, נאָר וועט זי מאַכען נאָך ערגער. בלויז עט־וואָס ווילענס־קראַפט איז נויטיג ניט נאָכצוגעבען דעם „גע'שמד'טען האלז" און מען קען גאַנץ לייכט האַלטען די קראַנקהייט אין צוים. פאַר אַ שוואַכלינג, פאַר דעם, וואָס קען זיך ניט קאָנטראָלירען אָדער וויל זיך ניט נעהמען די מיה זיך אָפּצוהיטען ניט צו עסען זאַכען, וועלכע זיין קער־פּער דאַרף ניט און קען ניט פערברויכען, איז קיין האָפענונג ניטאָ. ניט נאָר פערשווענדעט ער זיין געלט אויף שפּייז, פון וועלכע ער האָט קיין נו־צען, נאָר ער גראָבט לאַנגזאַם אָבער זיכער זיין קבר מיט זיינע אייגענע ציינער.



# די אידישע קראנקהייט.

## (היברו דיזיז — „טהראמבא ענדזשיטים אבליטעראנם")

אין א פריהערדיגען קאפיטעל, רעדענדיג וועגען קראנקהייטען, וועל-כע ווערען אנגערופען אידישע קראנקהייטען, האבען מיר ערקלערט, דאס עס זיינען ניטא קיינע ספעציעלע אידישע קראנקהייטען און אויב עס גע-פינען זיך א גרויסע צאהל אידישע קרבנות פון א געוויסער חולאת, איז עס ניט קיין בעוויז, דאס די קראנקהייט, פון וועלכע זיי ליידען, איז א ספע-ציעל אידישע. מענשען פון אנדערע נאציאנען אדער ראסען, ווען זיי וואל-טען געלעבט אונטער די זעלבע בעדינגונגען און וואלטען געווען אויסגע-זעצט די זעלבע געפאהרען, וואלטען זיי געהאט די זעלבע קראנקהייטען, וואס די אידען.

עס איז אבער דא איין קראנקהייט, וואס הייסט „די אידישע קראנק-הייט" (היברו דיזיז) און וועגען דיזער וועלען מיר יעצט רעדען.

די אידישע קראנקהייט ווערט אנגערופען מיט דיזען נאמען דערפאר וואס די מעהרסטען פון איהרע קרבנות זיינען אידען, ספעציעל פוילישע אידען. אבער אויך דיזע קראנקהייט איז קיין ריין אידישע. פון אונזער פערזענליכער ערפאהרונג ווייסען מיר פון אם וועניגסטענס איין פאל פון דער אידישער קראנקהייט אין א עכטען איירישען קאטאליק.

די אידישע קראנקהייט גרייפט אם מעהרסטענס אן יונגע מענשען אדער מענשען אין עלטער פון צוואנציג ביז פערציג יאהר. די קראנקהייט בעשטעהט אין דעם, וואס געוויסע בלוט-רעהרען, ספעציעל די בלוט-רעה-רען פון די פים ווערען פערשטאפט. די בלוט-צירקולאציאן צו די טייל פון קערפער, וואס געפינט זיך נידעריגער פון די פערשטאפטע בלוט-רעה-רען, ווערט אפגעשניטען און דיזער טייל פון קערפער, געוועהנליך א פוס, ווערט אפגעשטארבען. די קראנקהייט ווערט דארום אויך גערופען „טהראמ-בא ענדזשיטים אבליטעראנם".

פון וואָס די קראַנקהייט ווערט פעראורזאַכט איז נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט בעוואוסט, פונקט ווי עס איז ניט בעוואוסט וואָרום די קראַנק-הייט קלייבט אוים גראָדע אידישע קרבנות, אָרעמע לייט, און מענשען אין דער סאַמע בליהונגס-פעריאָדע פון זייער לעבען. אין אָנפאַנג האָט מען גערענקט, אַז דאָס קומט דערפון, וואָס דיזע מענשען רויכערען בילינע סי-גאַרעטען. געפינען זיך אָבער צווישען די קרבנות פון דער אידישער קראַנק-הייט אויך פרויען און אַזעלכע פרויען, וואָס רויכערען ניט קיינע סיגאַרעטען.

# די סימנים פון דער קראַנקהייט.

די ערשטע סימנים פון דער אידישער קראַנקהייט זיינען ניט קיין גאַנץ דייטליכע. געגוי ווען די קראַנקהייט פאַנגט זיך אָן, דאָס הייסט ווען די בלוט-רעהרען פאַנגען אָן פערשטאָפּט צו ווערען, איז כמעט אונמעגליך צו זאָגען. דאָס ערשטע, וואָס דער קראַנקער דערפיהלט איז, דאָס איין פוס טוט איהם עטוואָס וועה און מאַנכעס מאָל ווען ער געהט אין גאַס איז ער געצוואונגען זיך אָפּצושטעלען און זיך אָפּרוהען אויף אייניגע מינוטען איידער ער קען פאָרטזעצען זיין גאַנג. אויב אין דרויסען איז קאַלט דער-פיהלט ער די קעלט פריהער און שטאַרקער אין'ם קראַנקען פוס. ווען מען קוקט זיך צו צום פוס זעהט מען, דאָס ער איז כמעט בלוטלאָז און די הויט פון דיזער פוס איז פיעל קעלטער, ווי די הויט פון געזונדען פוס. אין דער זעלבער צייט קען מען ניט פיהלען דאָס פולסירען פון געוויסע אַרטעריען (בלוט-רעהרען) אין פוס.

ווען מען וואַרעמט אָן דעם פוס קריגט ער צוריק עטוואָס פון זיין גע-וועהנליכען קאָליר און מען קען דאַן פיהלען אַ גאַנץ שוואַכען פולס אין פוס. שפּעטער פערשווינדעט דער פולס אין גאַנצען.

מיט דער צייט קומען די שמערצען וואָס אַמאָל אָפּטער און די שמער-צען זיינען אַזעלכע שרעקליכע, דאָס דער קראַנקער קען קיין נעכט ניט שלאָ-פען. פון געברויכען דעם פוס צו געהן איז שוין אָפּגערעדט. אָדער ווען מען לאָזט אַרונטער דעם פוס פון בעט ווערט ער אַזש דונקעל-רויט און אַזוי שמערצליך אַזש משוגע צו ווערען. אַן אָלסער אָדער אַ וואונד קען זיך מאַ-כען אויף אירגענד וועלכען טייל פון פוס און די וואונד קען זיך ניט פער-היילען. אויב קיין וואונד מאַכט זיך ניט פאַנגען די פינגער פון די פיס אָן צו פוילען. זיי ווערען שוואַרץ איינגעדאַרט און פאַלען אַרונטער איינע

נאָך די אַנדערע (גענגריין) און נאָך די פינגער פאָלגט דער פוס זעלבסט. די גהינום=ליידען, וואָס דער קראַנקער האָט אויסצושטעהן, איז אונבע-שרייבליך.

אָפטמאָל בעשרענקט זיך די קראַנקהייט בלויז צו איין פוס פון קער-פער. אין מאַנכע פעלע ווערט אויך דער צווייטער פוס אָנגעגריפען און די לאַגע פון'ם קראַנקען איז דאַן נאָך אַ שרעקליכערע.

## די אויסזיכטען פון קראַנקען.

ווען אַ געוויסע בלוט=רעהר ווערט פערשטאָפּט זוכט דער קערפּער גוט צו מאַכען דעם פערלוסט דורך שיקען דאָס בלוט, וואָס ווערט פערהאַל-טען דורך אַנדערע זייטיגע בלוט=רעהרען. אונזער צירקולאַציאָן=סיסטעם איז פיעל פערצווייגט. און אויף פּלעצער, וואו עס איז ניטאָ קיין צווייג=רעהרען, זוכט דער קערפּער זי צו שאַפען.

די האָפענונג פון איינעם, וואָס ליידעט פון דער אידישער קראַנקהייט איז דאָס נייע בלוט=רעהרען וועלען געשאַפען ווערען אויף דעם פּלאַץ, וואו די פערשטאָפּטע בלוט=רעהר געפינט זיך, און די טייל פון קערפּער, וואָס מוז בערויבט ווערען פון איהר בלוט=צירקולאַציאָן, וועט זי צוריק קריגען דורך די נייע בלוט=רעהרען. אויב דאָס פּאַסירט ווירקליך איז דער קראַנקער גערעטעט און ער ווערט געזונד. אין מאַנכע פעלע ווערען טאַקע אַזעלכע קראַנקע געזונד גאָר ניט וויסענדיג פון וואָס פאַר אַ קראַנקהייט ער האָט געליטען. אויב אָבער דאָס פּאַסירט ניט נעהמט אָן די קראַנקהייט די ווענ-דונג, וואָס מיר האָבען אויבען בעשריבען.

## וואָס צו טאָן פאַר אַזאַ קראַנקען.

אין אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט, ווען עס איז נאָך דאָ אַ שוואַכער פּולס, איז נאָך צייט צו טאָן עטוואָס פאַר'ן קראַנקען. הייסע בעדער, באַ-קען דעם פוס מיט טרוקענע היץ און עהנליכע בעהאַנדלונג צו סטימולירען דאָס שאַפען פון נייע בלוט=רעהרען ווערט אָנגעווענדעט. אין דער זעל-בער צייט דאַרף דער פוס געהאַלטען ווערען וואַרעם און אויף אַ גלייכער ליניע מיט'ן קערפּער, ניט אַרונטערגעלאָזען, ווייל דאָס מאַכט די לאַגע ער-גער און פערשאַרפט די שמערצען.

אויב דיזע בעהאַנדלונג העלפט ניט איז די איינציגע רעטונג פאַר׳ן קראַנקען ארונטערצושניידען דעם פוס העכער פון׳ם פלאַץ, וואו די בלוט־רעהרען זיינען פערשטאָפט. דאָס איז דער איינציגער וועג, ווי צו פער־היטען, אז די קראַנקהייט זאָל זיך ניט פערשפּרייטען ווייטער, און מאַנכעס מאָל העלפט אפילו דיזע אָפּעראַציאָן אויך ניט.



# אסטמא.

די פערשיידענע קראנקהייטען, וואס ווערען בעצייכענט מיט דיזען נאמען — וואס די קראנקהייט איז — ווי אזוי זי ווערט פעראורזאכט — די סימנים פון אסטמא.

מיט דעם נאמען אסטמא בעצייכענט מען פערשיידענע קראנקהייטען, אין וועלכע דער חולה ליידעט פון א קורצען אטעם. אזוי, צום ביישפיל, ווען איינער ליידעט פון א קורצען אטעם צוליב דעם, וואס ער האט א שוואך הארץ רופט מען עס הארץ־אסטמא, ווען איינער ליידעט פון א קור-צען אטעם צוליב נירען־קראנקהייט רופט מען עס נירען־אסטמא.

דאס ווארט אסטמא דארף אין דער אמת'ן געברויכט ווערען בלויז צו בעצייכענען א קראנקהייט, וואס ווערט פעראורזאכט פון א ספאזמא-טישעם צוזאמענציהען זיך פון די לופט־רעהרען (בראנקיי) און דורך דעם, וואס דיזע רעהרען ווערען צוזאמענגעצויגען, קען די לופט ניט דורכגעהן דורך זיי און דער קראנקער ליידעט פון ניט קענען אפכאפען דעם אטעם.

גענוי וואס עס פאסירט אין די לופט־רעהרען אין דער צייט פון דער אטאקע פון אסטמא איז ניט בעקאנט. מאנכע גלויבען דאס די מוסקו-לען, וואס קאנטראלירען די לופט־רעהרען, ליידען פון א ספאזמאטישעם צוזאמענציהען זיך. אנדערע גלויבען, דאס די אינערליכע הויט פון די לופט־רעהרען ווערען אנגעשוואלען פון א פלוצלינגען צופלוס פון בלוט, ווידער אנדערע גלויבען, אז דאס קומט פון אן ענטצינדונג אין דער אינער-ליכער הויט פון די לופט־רעהרען.

די מעהרסטע דאקטוירים זיינען אבער איינשטימיג, דאס אין די מעהרסטע פעלע פון אסטמא ווערען די נערוועז, וואס געפינען זיך אין די וועגד פון די לופט־רעהרען, גערייצט און דיזע רייצונג פעראורזאכט א פער-שמעלערונג פון די לופט־רעהרען.

אסטמא איז אָפטמאָל א פאמיליען קראנקהייט און געהט איבער בירושה פון עלטערען צו קינדער. ספּעציעל פאסירט דאָס אין פאמיליעס, וואו עלטערען ליידען פון נערוועזיטעט און א „צושרויפטער נערווען סיס-טעם" איז א פאמיליען ירושה.

אסטמא פאנגט זיך אָפטמאָל אָן אין יונגע קינדער נאָך איינע פון די קראנקהייטען, וועלכע גרייפען אָן דעם האלז אָדער לונגען פון קינד, און די קראנקהייט דויערט ביז הויכען עלטער. די קראנקהייט קען אָבער אויך אָנפאנגען פון אירגענד וועלכער צייט און קיין פערזאָן, ווי יונג אָדער אַלט ער זאָל ניט זיין, איז ניט בעוואָרענט געגען אסטמא.

פרויען ליידען אויך פון דיזער קראנקהייט, אָבער מעהר מענער ווי פרויען ליידען פון אסטמא.

די אטאקע זעלבסט, דער „פּאראקסיזם" פון קורץ-אָטעמדיגקייט, ווערט ארויסגערופען פון אזוי פיעל פערשיידענע אורזאכען, דאָס עס איז אונ-מעגליך זיי דאָ אַלע אויסצורעכענען. דער קלימאט און די אטמאָספערע, אין וועלכע דער קראנקער לעבט, שפּילען די הויפּט-ראָלע אין די מעהרסטע פעלע אין ארויסרופען אַן אָנגריף פון אסטמא. מאנכע ליידען אם מעהר-סטען אין א פייכטען קלימאט, וועהרענד אנדערע קענען ניט פערליידען קיין טרוקענעם קלימאט. מאנכע מענשען ליידען פון אסטמא, ווען זיי געפי-נען זיך אין שטאָדט און אטעמען די מיט שטויב-בעלאָדענע לופט, און זיי פיהלען זיך פריי פון דער קראנקהייט, ווען זיי געפינען זיך אויסער דער שטאָדט, אין דער פּראָווינץ. אנדערע ליידענדע פון אסטמא פיהלען זיך בעסער אין שטאָדט ווי אין דער פּראָווינץ.

מאנכע קראנקע קריגען אַן אָנפאל פון אסטמא, ווען זיי דערפיהלען א געוויסען ריח, ספּעציעל דעם גערוך פון בלומען אָדער געוויסע הען. דער גערוך פון די בלומען רייצט די נערווען פון דער נאָז און דיזע סטימולירען די נערווען, וואָס קאָנטראָלירען די נערווען פון די לופט-רעהרען.

א געוויסע צאָהל ליידענדע פון אסטמא קענען ניט פערליידען דעם גערוך פון געוויסע חיות און ווען זיי געפינען זיך אין דער נאכבארשאפט פון אזעלכע חיות קריגען זיי אַן אָנפאל פון אסטמא. מאנכע פערזאָנען קענען ניט פערליידען דעם גערוך פון א פערד, אנדערע קענען ניט פערליי-דען דעם גערוך פון א הונט אָדער א קאַץ און זיי קענען דעם אטעם ניט אָפּכאפּען ווען זיי דערפיהלען א הינטישען אָדער א קעצישען גערוך.

אַן אַנפאַל פון אַסטמאַ קען אויך קומען אַלס רעזולטאַט פון אַ גרוי-סען שרעק אָדער פון אַ שטאַרקע אויפרעגונג. דער אַנפאַל קען אויך קו-מען פון אַ צופיעל אָנגעפילטען מאָגען, ווען דער קראַנקער פערגעסט ווי ער האַלט אין דער וועלט און עסט „ווי ניט אין זיך". מאַנכע ליידענדע פון אַסטמאַ קריגען אַן אַטאַקע יעדעס מאָל, ווען זיי עסען געוויסע שפּייז-אַרטיקלען און זיינען פריי פון דער קראַנקהייט, ווען זיי מיידען אויס צו עסען די שפּייז, וועלכע זייער קערפּער קען ניט פערליידען.

דיזע אַלע אויסגערעכענטע אורזאַכען, וואָס רופען אַרויס דעם אַנפאַל פון די קראַנקהייט, זיינען ניט די פּעראורזאַכער פון דער קראַנקהייט. זיי רופען אַרויס די קראַנקהייט בלויז אין אַזעלכע מענשען, וועלכע ליידען שוין פון אַסטמאַ.

וואָרום זיי זאָלען אַזוי ווירקען אויף דיזע מענשען, וועהרענד זיי האָ-בען ניט די זעלבע ווירקונג אויף אַנדערע מענשען, איז ניט בעקאַנט. די איינציגע ערקלערונג איז, דאָס ביי די אַסטמאַ-ליידענדע זיינען די נערוועןן, וועלכע קאָנטראָלירען די לופט-רעהרען, אַזוי עמפּפינדליך, דאָס אַ לייכטע רייצונג רעגט שטאַרק אויף דיזע נערוועןן און פעראורזאַכען אַ ספּאַזם פון די מוסקולען, וועלכע דיזע נערוועןן קאָנטראָלירען. די רייצונג קען קומען אויף אַ דירעקטען אופן דורך איינאַטעמען שטויב, אָדער אויף אַן אונדי-רעקטען אופן דורך אַ רייצונג פון די נערוועןן אין דער נאָז, מאָגען, קישקעס אָדער געשלעכטס-אָרגאַנען.

## די סימנים פון אַסטמאַ.

ליידענדע פון אַסטמאַ קריגען זייער „פּאַראָקסיזם" פון קורצאָטעמ-דיגקייט מעהרסטענס ביינאַכט. אין פיעלע פעלע קומט דער אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט גאַנץ פּלוצלינג. אין אַנדערע פעלע קריגט דער קראַנקער פריהער אַ וואָרנונג, דאָס די אַטאַקע קומט און ער ווייס שוין, וואָס איהם ערוואַרטעט. אָפטמאָל קומט די וואָרנונג אין דער פאָרמע פון אַ קעלט, וואָס נעהמט איהם דורך ביז צו די ביינער, אין מאַנכע פעלע פאַנגט אָן דער קראַנקער צו ניסען פיעל, און אַנדערע קראַנקע לאָזען פיעל וואַסער.

ווען די אַטאַקע זעלבסט פאַנגט זיך אָן פיהלט דער קראַנקער זיך זעהר געדריקט און ענגסטליך, דאַן פערכאַפּט איהם דער אָטעם. ער פיהלט ווי ער ווערט דערשטיקט און ער לויפט צו אַ פענסטער צו קריגען עטוואָס פרישע לופט. אויב ער ליגט אין בעט זעצט ער זיך אויף אין אַזאַ פּאָזי-

ציע, דאָס ער זאָל קענען געברויכען אַלע מוסקולען פון ברוסט־קאַסטען צו קענען בעסער אָטעמען. אָבער אויך דאָס העלפט איהם ווענינ.

די ליידען פון אַזא קראַנקען אין צייט פון דער אַטאַקע זיינען שווי־דערליכע. זיין פנים איז בלאַס און בעדעקט מיט גרויסע טראָפּענס שוויים. זיין אויסדרוק איז ענגסטליך, גלייך ווי ער וואָלט ערוואַרטעט עטוואָס שרעק־ליכעס און וואָלט מורא געהאַט, דאָס ער וועט דערשטיקט ווערען. זיינע ליפּען זיינען בלוי, אָפטמאָל נעהמען זיי אָן אַ אַש־קאָליר, ווייל זיין בלוט קריגט ניט גענוג פרישע לופט. דער קראַנקער אָטעמט לאַנגזאַם און מיט גרויס שווערינקייטען. ער געברויכט אַלע מוסקולען פון זיין האַלז און ברוסט־קאַסטען צו קענען אָטעמען און זיין שווערעס אָטעמען קען מען הע־רען פון וויימען.

די גרעסטע שוועריגקייט שיינט דער קראַנקער צו האָבען מיט ארויס־אָטעמען די לופט פון זיינע לונגען. איינאָטעמען שיינט צו זיין ניט שווער, אָבער די לונגען שיינען צו זיין פול מיט לופט, וואָס קען ניט ארויסגע־אָטעמט ווערען, דער ברוסט־קאַסטען נעהמט אָן די פאָרמע, ווי אין דער צייט, ווען מען אָטעמט איין לופט און די מוסקולען שיינען צו זיין אונפע־היג צוזאַמענצודריקען די לונגען און ארויספּרעסען די לופט, וואָס געפינט זיך אין זיי. קיין נייע פרישע לופט קען דאַרום ניט צו קומען צו די לונגען און דערפאַר פיהלט זיך דער קראַנקער ווי ער ווערט דערשטיקט.

די מעהרסטע קראַנקע ליידען אויך פון אַ שטאַרקען הוסט אין צייט, ווען זיי ליידען פון דער אַטאַקע פון אַסטמא. דאָס הוסטען איז אין אָנ־פאַנג אַ טרוקענעס, עס איז זיי שווער ארויסצוברייננען די ליחות, און ווען דאָס געלינגט זיי שוין יאָ מיט גרויס שוועריגקייט, קען מען אין די ליחות געפינען געוויסע געגענשטענדע, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דיזער קראַנקהייט. מען טרעפט אויך אָפטמאָל אין די ליחות אַ „שליים־פאָרמע" פון די קליינע לופט־רעהרען. דאָס צייגט, אַז מאַנכע קליינע לופט־רעה־רען זיינען געוועזען פול מיט שליים, זיי זיינען געוועזען פשוט פערשטאָפּט מיט שליים און דורך אַ שטאַרקען הוסטען איז געלונגען זיי אויסצוּרייניגען.

די אַטאַקע פון קורצאָטעמדיגקייט האַלט אָן פון צוויי ביז דריי שטונ־דען און דער קראַנקער פיהלט זיך דאַן ערלייכטערט. ער פאַנגט אָן צו אָטעמען פרייער און פיהלט זיך ווידער מיט מענשען גלייך, נאָר עטוואָס אויסגעמאַטערט.

אין מאַנכע פעלע ווידערהאָלען זיך די אַטאַקעס פון אַסטמאַ אייניגע נעכט נאָכאַנאַנד, אָדער זאָגאַר יעדע נאַכט. אין אַנדערע פעלע פערשווינדעט די קראַנקהייט נאָך איין אַטאַקע און דער קראַנקער איז פאַר וואָכען אָדער מאָנאַטען פריי פון אַסטמאַ. מאַנכע מענשען ליידען פון דיזע אַטאַקעס בלויז אין געוויסע צייטען פון יאָהר. מאַנכע ליידען פון זיי בלויז ווינטער, אַנדערע ליידען שוין פון דיזע אַנגריפע סיי זומער סיי ווינטער.

## די אויסזיכטען פון קראַנקען.

די אויסזיכטען פון'ם קראַנקען, וועלכער ליידעט פון אַסטמאַ, ווענדען זיך אָן פערשיידענע אומשטענדען. אויב די קראַנקהייט פאַנגט זיך אָן ווען דער פערזאָן איז נאָך יונג, אויב די אַטאַקעס קומען וואָס אַמאָל זעלטענער און אויב דער קראַנקער לעבט אונטער גינסטיגע אומשטענדען זיינען זיינע אויסזיכטען אויף אין גאַנצען פּטור צו ווערען פון דער קראַנקהייט גאַנץ גוטע. אויב דער קראַנקער איז אַ מענש אין די מיטעלע יאָהרען, זיינען זיינע אויסזיכטען אין גאַנצען געזונד צו ווערען ניט קיין גלענצענדע.

אַסטמאַ איז ניט קיין לעבענס=געפעהרליכע קראַנקהייט און דער קראַנקער שטאַרבט ניט ווען די קראַנקהייט גרייפט איהם אָן, אָבוואָל איהם דוכט זיך, דאָס ער ווערט דערשטיקט. פאַראַן אַסטמאַטיקער, וועלכע דערלעבען אַ הויכען עלטער און שטאַרבען פון אַן אַנדער קראַנקהייט, וואָס „פאַלט זיי צו".

דער צושטאַנד פון קראַנקען ווענדעט זיך זעהר פיעל אָן דעם ווי ווייט זיינע לונגען ווערען צוציינגען פון'ם שטענדיגען הוסטען און פון די אָפטע אַטאַקעס פון קורצען אָטעם און אויך אָן דעם צושטאַנד פון זיין האַרץ. אין פעלע, וואו די קראַנקהייט דויערט אַ לאַנגע צייט, פערלירען די לונגען זייער עלאַסטיציטעט. זיי ווערען דאַרום צוצויגען און קענען ניט אַזוי גוט אַרויספּרעסען די לופט פון די לופט=זעקעלאַך אין די לונגען. דאָס האַרץ, ספּעציעל די רעכטע זייט פון האַרץ, וואָס פּאָמפּעט לופט דורך די לונגען, ווערט אָפּגעשוואַכט פון צו שווערע אַרבייט און דאַן איז די האָפנונג פון אַסטמאַטיקער אין גאַנצען געזונד צו ווערען אַ גאַנץ שוואַכע.

## די בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט.

די בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט דאַרף בעשטימט ווערען אין יעדען פאַל בעזונדער. עס זיינען דאָ צעהנדליגע דראָגס (מעדיצינען), וואָס ווערען געברויכט אויף איינצושפּריצען אונטער דער הויט פון קראַנקען,

אָדער וואָס דער קראַנקער קען איינאַטעמען, אום עטוואָס צו פערלייכטערן זיין קורצען אטעם. ניט אַלע דאָקטוירים געברויכען די זעלבע דראָגס אין אַלע פעלע און ניט אין אַלע פעלע ווירקען די זעלבע דראָגס. עס איז דארום איבעריג דאָ אויסצורעכנען דיזע דראָגס, ווייל יעדענפאַלס קענען זיי געברויכט ווערען בלויז אונטער דער אויפזיכט פון א דאָקטאָר.

מאַנכע קראַנקע דערפיהלען א פערלייכטערונג אין זייער אָנגריף פון אסטמאַ, ווען זיי אטעמען איין דעם דאַמפף פון זודיגע וואַסער, אַנדערע פיהלען א קורצע פערלייכטערונג, ווען זיי באָדען זייערע הענד און פיס אין הייסע וואַסער.

צווישען איין אטאַקע און דער אַנדערער דאַרף געמאַכט ווערען א גענויע אונטערזוכונג פון קראַנקען'ס קערפער אין דער האָפענונג, דאָס די אורזאַכע פון דער קראַנקהייט וועט ענטדעקט און בעזייטיגט ווערען.

א פערזוך דאַרף אויך געמאַכט ווערען אויסצוגעפינען, אויב די קראַנקהייט קומט ניט דערפון, וואָס דער קראַנקער עסט געוויסע שפייז־ארטיקלען, וועלכע זיין קערפער קען ניט פערליידען. אויב עס איז דאָ א פערדאַכט, אַז דאָס איז דער פאַל, דאַרף דער אַסטמאַטיקער אויסמיידען צו עסען די בע־טרעפענדע שפייזען.

א גענויע אונטערזוכונג דאַרף אויך געמאַכט ווערען וועגען דעם, וואו דער קראַנקער איז געווען, וואָס ער האָט געטאָן, אין וועלכער נאַכבאַרשאַפט ער האָט זיך געפונען, אָדער וואָס פאַר א ריחות ער האָט געפיהלט פאַר דער אטאַקע. דאָס דאַרף געטאָן ווערען אום דער קראַנקער זאָל קענען אויס־מיידען דיזע געגענשטענדע אין פאַל זיי זיינען פעראַנטוואָרטליך פאַר'ן אָנגריף פון דער קראַנקהייט.

אויב עס געלינגט אויסצוגעפינען די אורזאַכע, וואָס פערשאַפט די קראַנקהייט אין א געוויסען פערזאָן און דיזע אורזאַכע קען בעזייטיגט ווע־רען, איז די האָפענונג פאָלשטענדיג צו קורירען די קראַנקהייט א גאַנץ גוטע. זאָנסט איז די בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט בלויז א סימפּטאָמאַטישע, דאָס הייסט דער דאָקטאָר זוכט בלויז צו פערלייכטערן די סימנים פון'ם קראַנקען, אָבער די קראַנקהייט זעלבסט קען ער ניט היילען.



# נירען־קראנקהייט — נעפּריימיס.

צווישען די קראַנקהייטען, וואָס פאָדערען א היבשע צאָהל מענשען־לעבענס און פעראורזאַכען אָהן א שיער ליידען, פערנעהמט נירען־קראַנקהייט א גאַנץ בכבוד'ן פּלאַץ. אָבער וועהרענד מיט די נעמען פון אנדערע קראַנקהייטען איז דער גרויסער עולם בעקאַנט און שרעקט זיך פאר זיי, איז נירען־קראַנקהייט פאר'ן געוועהנליכען מענשען עטוואָס זעהר אונבעשטימטעס, אונקלאָרעס, עטוואָס, וועגען וואָס ער האָט א גאַנץ שוואַכען בעגריף.

פון „אַפּענדיסיטיס" האָבען די מעהרסטע מענשען געהערט. „האַרץ־קראַנקהייט" איז א בעקאַנטער נאָמען, ווייל יעדער מענש ווייס, דאָס ער האָט א האַרץ, וואָס האַלט אין איין פּאָמפּען בלוט דורך זיין קערפּער. אָבער מיט די נירען זיינען זעהר ווייניג מענשען בעקאַנט. די נירען ליגען בעהאַלטען גאַנץ טיף אין קערפּער און א קליינע אונאָרדענונג אין זייער ארבייט איז ניט אזוי אויגענשיינליך, דאָס יעדער איינער זאָל קענען בעמערקען. די נירען שפּילען אָבער א זעהר וויכטיגע ראָלע אין דעם מעכאַניזם פון אונזער קערפּער. זייער אַרבייט איז צווישען די וויכטיגסטע פאר אונזער געזונד. נירען־קראַנקהייט איז א זעהר ערנסטע קראַנקהייט, אָדער בעסער געזאָגט קראַנקהייטען, ווייל עס גיבען איינינע סאָרטען נירען־קראַנקהייטען, וואָס אונטערשיידען זיך זעהר פיעל איינע פון די אַנדערע.

## די ראָלע פון די נירען:

די ראָלע, וואָס די נירען שפּילען אין אונזער קערפּער, קען מען אַם בעסטען פערשטעהן, ווען מען פערגלייכט זיי מיט „פילטערס" (דורכזייערס).

דאָס בלוט, וואָס צירקולירט דורך'ן קערפּער, ברייננט צו די צעלען פון קערפּער שפּייז און פרישע לופט. עס נעהמט אוועק פון די צעלען געוויסע אָפּפאַל־מאַטעריאַלען און די אונריינע לופט.

**די אונריינע** לופט ברייננט דאָס בלוט צו די לונגען און מיר אטעמען **דאָס אויס.** די אַנדערע מאַטעריאַלען ווערען אויפגעלעזט אין די וואסער־דיגע טייל פון׳ם בלוט.

**דיזע אָפּפאַל־מאַטעריאַלען** פון די צעלען זיינען שעדליך פאַר׳ן קער־**פּער.** און ווען דאָס בלוט שטראָמט דורך די נירען ווערען דיזע אויפגעלעז־**טע** שעדליכע אוננוטיגע מאַטריאַלען דורכגעזייעט דורך די נירען און **פערלאָזט** דעם קערפּער אַלס אורין.

דער מעכאַניזם פון די נירען איז איינער פון די פיינסטע און מערק־**ווירדיגסטע** אין דער וועלט. די נירען בעשטעהן פון א צווייפאַכע סיסטעם **פון** רעהרען, בלוט־רעהרען און אורין־רעהרען.

דאָס בלוט פון גאַנצען קערפּער קומט צו די נירען דורך איין גרוי־**סער** בלוט־רעהר. דיזע איינציגע בלוט־רעהר צוטיילט זיך אויף קלענערע **בלוט־רעהרען** און דיזע צוטיילען זיך אין נאָך קלענערע ביז זיי ענדיגען זיך **אין** קנוילען בלוט־רעהרען. פון דיזע שטראָמט דאָס בלוט צוריק דורך קלע־**נערע** און גרעסערע בלוט־רעהרען ביז עס פערלאָזט די נירען און זעצט פאָרט **צו** שטראָמען דורך די אַנדערע טיילען פון קערפּער.

ווערענד דאָס בלוט שטראָמט דורך דעם קנויל פון דינינקע בלוט־**רעהרען** אין די נירען קומט פאָר א וויכטיגע ענדערונג אין׳ם בלוט. מאַנ־**כע** שטאָפען, וואָס געפינען זיך אין׳ם בלוט, רינען דורך די דינינקע ווענד **פון** די בלוט־רעהרען און ווערען אויפגענומען אין ספּעציעלע „קאָפּס", פון **דיזע** ציהען זיך רעהרען, אין אָנפאַנג דינינקע, נאָכהער פעראייניגען זיך **די** דינינקע רעהרען אין אַלע דיקערע און דיקערע ביז זיי גיסען זיך אַלע **צוזאַמען** אין איין רעהר, וואָס פערלאָזט די נירען און ציהט זיך צום „וואַ־**סער־זאַק"** (אורין־בלאַדער). דורך דיזע רעהרען פליסט אַרויס די אורין, **וואָס** איז אַרויסגעקומען פון׳ם בלוט. די נירען זיינען אָבער ניט קיין איינ־**פאַכע** „פילטערס", דורך וועלכע אַלעס קען זיך דורכזייען. אַלע נוצליכע **טיילען** אין׳ם בלוט, אַלעס וואָס דער קערפּער קען געברויכען, ווערען פער־**האַלטען** אין׳ם בלוט. די ווענד און די קנוילען דינינקע בלוט־רעהרען לאָ־**זען** ניט דיזע נוצליכע שטאָפען זיך דורכזייען. בלויז די נוצלאָזע טיילען **פון** דעם בלוט קריגען ערלויבניש דורכצוגעהן די נירען.

**די** גרעסטע טייל שפּייז, וואָס מיר עסען, ווערט פערוואַנדעלט אין **א** געוויסען סאָרט צוקער איידער די צעלען קענען עס געברויכען. די

צוקער־פעקטאָרי געפינט זיך אין לעבער און דאָס בלוט איז דער צופיהרער פון'ם צוקער צו אלע צעלען פון קערפּער.

ווען מען זאָל בעמיש עקזאמענירען דאָס בלוט פון א נאָרמאלען מענשען וועט מען אויסגעפינען דאָס איין טויזענד טייל פון'ם בלוט איז צוקער. ניט מעהר און ניט ווייניגער. דאָס בלוט ענטהאלט צו יעדער צייט פונקט אזוי פיעל צוקער. מיר עסען דאָך אָבער ניט אלע מאָל די זעלבע מאָס שפּייז, און ניט אלע מאָל די זעלבע סאָרט שפּייז, ווי אזוי זשע ווערט עס רעגולירט דאָס אונזער בלוט זאָל שטענדיג האָבען די זעלבע מאָס צוקער? דאפיר זאָרגט שוין אונזער לעבער. דער לעבער נעהמט אויף די גאנצע שפּייז, פערוואנדעלט עס אין צוקער און האלט ביי זיך דעם גאנצען סטאָק צוקער. צום בלוט שיקט דער לעבער ארויס בלויז אזוי פיעל עס זאָל זיין איין טויזענד טייל פון דער גאנצער מאָס בלוט. ווען די צעלען פון'ם קערפּער פערברויכען א טייל פון'ם צוקער שיקט דער לעבער ארויס פונקט אזוי פיעל צוקער, ווי פיעל די צעלען האָבען פערברויכט.

אויף אזא אופן רעגולירט דער לעבער די מאָס צוקער אין אונזער בלוט. אויב איינער עסט אָבער צופיעל נאשערייען, קייקס, קענדי, טשאָקאָלאַד און אלע אנדערע שפּייז־ארטיקלען, וואָס זיינען רייך אין צוקער, ווערען די שפּייכלערס אין'ם לעבער איבערגעפּאקט, ניטאָ מעהר קיין פּלאץ פאַר דעם נייעם סטאָק און דער לעבער איז געצוואונגען ארויסצושיקען דעם גאנצען סטאָק צוקער אין'ם בלוט־שטראָם.

דאָס בלוט ענטהאלט דאן פיעל מעהר ווי איין צעהנטעל פּראָצענט צוקער און אין אזא פאל נעהמען זיך די נירען צו פעררייכטען דעם פעהלער. די דורכזייערס אין די נירען זיינען אזוי רעגולירט, דאָס זיי פערהאלטען פונקט איין צעהנטעל פון איין פּראָצענט צוקער אין'ם בלוט. אויב דאָס בלוט ענטהאלט מעהר ווי דיזע מאָס צוקער זייעט זיך דער צוקער דורך די נירען און קומט ארויס אין די אורין.

פיעלע טיילען פון די שפּייז זיינען העכסט שעדליך און אָפטמאָל זעהר גיפטיג פאר'ן קערפּער. ווען דיזע גיפטען ווערען איינגעזאפּט אין'ם בלוט ווערען זיי געבראַכט צום לעבער, דאָרטען ווערען זיי פעראייניגט מיט אנדערע כעמישע שטאָפען אום די גיפטען זאָלען ווערען אונשעדליך. דיזע אונשעדליך געמאכטע גיפטען שווימען ארום אין'ם בלוט און ווען זיי קומען צו די נירען ווערען זיי ארויסגעצויגען פון'ם בלוט און פערלאָזען דעם קערפּער אין די אורין.

דער קערפּער נוויטיגט זיך אויך אין פיעל וואַסער. אַ גרויסע טייל פון די וואַסער, וואָס מיר טרינקען, דינט אויף אויסצושווענקען די אָפּפאַל-מאַטעריאַל פון די צעלען פון קערפּער. דיזע אונריינע וואַסער געפינט זיך אין'ם בלוט און פערלאָזט דעם קערפּער דורך די נירען.

די נירען שפּילען דאַרום אַ זעהר וויכטיגע ראָלע אין רעגולירען די אַרבייט פון קערפּער און דער מעכאַניזם פון די נירען איז אַ זעהר פיינער און העכסט קאָמפּליצירטער. אַזאַ מעכאַניזם קען אויך זעהר לייכט קאַליע ווערען.

ווי אַזוי די נירען ווערען קאַליע און דער רעזולטאַט, וואָס קראַנקע נירען ברייננען דעם קערפּער וועלען מיר יעצט בעטראַכטען.

## ווארום די נירען ווערען קראַנק.

אום צו פערשטעהן וואָרום אַזוי פיעל מענשען ליידען פון נירען־קראַנק-הייט, לאָמיר אָננעהמען פאָלגענדען ביישפּיל:

שטעלט זיך פאָר, דאָס איהר קויפט אַ זיפּ אויף צו זיפּען מעהל. די זיפּ איז געמאַכט געוואָרען אַזוי, דאָס די פיינע צומאָהלענע מעהל־קערנדליך לאָזט זי דורך און די עטוואָס גרעסערע קלייען פערהאַלט זי. אויב די זיפּ איז אַ גוטע קען זי דינען אַ לאַנגע צייט, אויב איהר געברויכט זי בלויז אויף צו זיפּען מעהל און ניט אויף קיין אַנדער זאַך.

אין פאַל אָבער אויב איהר הויבט אָן צו געברויכען אייער זיפּ אויף צו זיפּען זאַמד און קליינע, צומאָהלענע שטיינער, אָדער איהר געברויכט זי גאָר אַלס אַ זייער דורכצווייען זויערען וויין, אָדער עסידס, וועט די זיפּ גאַנץ שנעל קאַליע ווערען. די זאַמד קערנדליך וועלען פערשטאָפּען די קליי-נע עפענונגען אין דער זיפּ, דער עסיד אָדער זויערער וויין וועט פערניכטען די פעדים, פון וועלכע די זיפּ איז געפלאָכטען, און דער רעזולטאַט וועט זיין, דאָס איהר וועט גאַנץ שנעל פערלירען אייער זיפּ.

דאָס זעלבע פּאַסירט אין דעם פאַל פון אונזערע נירען. אין אַ גע-וויסען זין זיינען אונזערע נירען אויך זיפּען אָדער זייערס. מיר האָבען שוין געזעהן ווי דורך די זיפּען פון די נירען קומט אַרויס פון'ם בלוט פיעלע אונ-ריינע שטאָפען, — שטאָפען, וואָס וואָלטען געוואָרען שעדליך פאַר'ן קער-פּער, אויב זיי וואָלטען דאָרטען פערבליבען. דורך די נירען שיקט דאָס בלוט אויך אַרויס פיעלע גיפטיגע מאַטעריאַלען, וואָס פערלאָזען דעם קער-פּער צוזאַמען מיט אונזער אורין.

אזוי לאַנג ווי די נירען זיפּען דורך בלויז די נאַטירליכע שטאָפען, פאַר וועלכע זיי זיינען געשאַפען געוואָרען, ערפילען זיי זייער ארבייט ווי עס געהער צו זיין. זיי זיינען דאַן פונקט ווי די זיפּען פון אונזער ביישפּיל, וואָס ווערען געברויכט בלויז צו זיפּען מעהל.

אויב דער מענש ליידעט אָבער פון דער קראַנקהייט, וואָס ווערען פער-אורזאַכט פון מיקראָבען און די גיפטען פון דיזע מיקראָבען געפינען זיך אין'ם בלוט און געהען דורך די נירען ווערען די נירען פערגיפטעט און בע-שעדיגט, פונקט ווי די זיפּען אין אונזער ביישפּיל ווערען בעשעדיגט. אויב מען געברויכט זיי אויף צו זייען דורך זיי עסידס.

דאָס זעלבע פּאַסירט אין פאַל דער מענש ליידעט פון זעלבסט-פער-גיפטונג דורך עסען צופיל אָדער ניט ריינע שפּייז, דורך ליידען פון פער-שטאָפּונג און דורך טרינקען אַלקאָהאָלישע געטרענקע. אַלקאָהאָלישע גע-טרענקע שאַדען ניט נאָר דעם מאַרך, נאָר אויך די נירען. די ווירקונג פון'ם אַלקאָהאָל אויפ'ן מאַרך קען מען לייכט דערקענען: „וואָס ביי א ניכטערען אויפ'ן לונג איז ביי א שכור'ן אויפ'ן צונג", די צונג פון דעם טרינקער זאָגט אויס, דאָס דער מאַרך ליידעט פון אַלקאָהאָל, און יעדער קען עס דערקענען. אָבער אויך די נירען ליידען פון'ם אַלקאָהאָל און אפשר נאָך מעהר ווי דער מאַרך. נאָר דיזען שאַדען זעהט מען ניט אָן אזוי שנעל און אזוי לייכט. טיעף בעהאַלטען אין זייערע נאַרעם ליגען די נירען און דולדען שווייגענ-דערהייד ביז זיי קען עס מעהר ניט אויסהאַלטען און דאַן... א שאָדען אין די נירען קען ניט פעררעכט ווערען. קיין מאַכט אין דער וועלט קען ניט צוריק גוטמאַכען די פערניכטעטע טיילען פון די נירען.

ניט אַלע נירען-קראַנקהייטען זיינען גלייך. עס זיינען פאַראַן פער-שיידענע פאָרמען פון דיזער קראַנקהייט און יעדע פאָרמע פעראורזאַכט א בעשטימטען סעט סימנים, לויט וועלכע עס איז מעגליך צו דערקענען דעם צושטאַנד פון די נירען.

## פערשיידענע פאָרמען פון נירען-קראַנקהייט.

די נירען, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, בעשטעהען פון א פיינעם, העכסט קאָמפּליצירטען מעכאַניזם. די אויפגאַבע פון דיזען מעכאַניזם איז ארויסצונעהמען פון'ם בלוט און ארויסשיקען פון קערפּער דורך די אורין גע-וויסע שעדליכע און אוננוטיגע שטאָפען, און אין דער זעלבער צייט פער-האַלטען אַנדערע, נוצליכע שטאָפען אין'ם בלוט.

דיזער פיינער מעכאַניזם קען אָנגעגריפען ווערען אויף פערשיידענע אופנים. ניט אַלע טיילען פון די נירען ווערען אָנגעגריפען מיט אמאָל און ניט אין יעדען פאַל ווערט די גאַנצע טעטיגקייט פון די נירען אָפּגעשטעלט. נירען־קראַנקהייט איז דארום ניט איין קראַנקהייט, עס זיינען דאָ פערשיידענע סאָרטען נירען־קראַנקהייטען, וואָס ווענדען זיך אָן די טייל פון'ם נירען־מעכאַניזם, וואָס ווערט אָנגעגריפען אָדער די טייל פון די נירען־מאַשינערי, וואָס ווערט קאַליע.

א פּראָסטער ביישפּיל, וואָס זאָל קלערער מאַכען די בעהויפּטונג, דאָס עס זיינען דאָ פערשיידענע סאָרטען נירען־קראַנקהייטען, קענען מיר האָבען ווען מיר האָבען אין זינען אונזער פערגלייך פון די נירען צו א „פּיל־טער פּלענט" (א פּלאַץ, וואו עטוואָס ווערט גערייניגט דורך זייערס אָדער זיפּען) . אויב די „פּילטערס" פון די נירען ווערען קאַליע אויף אזא אופן, דאָס זיי לאָזען דורך געוויסע שטאָפען, וואָס דארפען פערהאַלטען ווערען אין'ם בלוט, ליידעט דער מענש פון איין סאָרט קראַנקהייט, ווערענד, אויב דער מעכאַניזם פון די נירען ווערט קאַליע אויף אזא אופן, דאָס עס פערהאַלט אין'ם בלוט געוויסע שעדליכע שטאָפען, וואָס דארפען געוועהנליך פערלאָזען דיעם קערפּער, ליידעט דער מענש פון א גאַנץ אַנדער קראַנקהייט.

## פערשיידענע סאָרטען נירען־קראַנקהייטען.

עס איז דארום לייכט איינצוזעהן, דאָס עס זיינען דאָ פערשיידענע סאָרטען נירען־קראַנקהייטען. יעדע פון זיי מיט איהרע בעזונדערע סימנים און איהר בעזונדערער וויכטיגקייט פאַר'ן קערפּער.

עס איז דאָ איין סאָרט נירען־קראַנקהייט, וואָס אַטאַקירט דעם מענשען פּלוצלינג. דיזע פאָרמע פון דער קראַנקהייט אַטאַקירט מעהרסטענס יונגע מענשען, מענער מעהר ווי פרויען. די הויפּט אורזאַכען פון דיזער פאָרמע פון נירען־קראַנקהייט זיינען:

1. א שטאַרקע צוקיהלונג, ספּעציעל ווען די צוקיהלונג קומט נאָך א גאַנצע נאַכט שכרות.
2. די גיפטען (טאָקסינס), וואָס קומען פון אזעלכע קראַנקהייטען ווי שאַרלאַך, פּאָקען, מאַלעריא, געלען פיבער, מאָזלען און דיפ־טעריא. די קראַנקהייט קען אויך קומען אַלס א פאָלגע פון סיפילים און טובערקולאָזיס.

3. מאַנכע דראָגס, ווי טוירפּענטיין, פּעראורזאַכען אָפט דיזע קראַנקהייט.

4. שוואַנגערשאַפט איז אין מאַנכע פּעלע אַן אורזאַכע פון ני-רען־קראַנקהייט.

5. די אַקיוטע, שאַרפע, פאָרמע פון נירען־קראַנקהייט קען אויך קומען אַלס פאָלגע פון בראַנד־וואונדען, ספּעציעל ווען אַ גרויסע טייל פון דער הויט ווערט צוברענט.

אויף׳ן ערשטען בליק קען זיך דאַכטען, אַז דאָס זיינען פערשיידענע אורזאַכען,וואָס האָבען קיין שייכות ניט צווישען זיך. אין דער אמת׳ן איז די אורזאַכע פון נירען־קראַנקהייט די זעלבע אין אַלע פעלע: געוויסע גיפ-טען, וואָס ווערען געשאַפען אין קערפּער פון׳ם קראַנקען, שווימען ארום אין׳ם בלוט. דאָס בלוט צירקולירט דורך די נירען און די גיפטען, קומענדיג אין בעריהרונג מיט די נירען, בעשעדיגען דעם נירען־מעכאַניזם און שאַפען דאָר-טען אַן אונאָרדענונג.

דאָס זעלבע פּאַסירט אויך אין׳ם פאַל ווען אַ גרויסע טייל פון דער הויט ווערט צוברענט. דורך די שוויים־קאַנאַלען, וועלכע געפינען זיך אין אונזער הויט, שיקט דער קערפּער ארויס פון זיך געוויסע שטאָפען, וועלכע זיינען שעדליך פאַר איהם. אויב אַ גרויסע שטיק הויט ווערט צוברענט און די שוויים־קאַנאַלען פון דיזער טייל פון דער הויט ווערען פערניכטעט, ווערען דיזע שעדליכע אָדער גיפטיגע שטאָפען ארויסגעשיקט דורך די נירען, און, קומענדיג אין בעריהרונג מיט דעם מעכאַניזם פון די נירען, בעשעדיגען דיזע גיפטען אונזערע נירען. אויב מען זאָל פערזיגלען אַלע שוויים־קאַ-נאַלען פון אַ מענשליכען קערפּער, וועט דיזער מענש זיכער שטאַרבען, און אויב אַ גרויסער טייל פון זיין הויט זאָל אָפּגעברענט ווערען, אפילו בלויז פון זונען־שטראַהלען, איז דיזער מענש אין געפאַהר צו קריגען ני-רען־קראַנקהייט.

דאָס זעלבע איז דער פאַל מיט שוואַנגערשאַפט. אין מאַנכע פעלע פון שוואַנגערשאַפט שווימען ארום אין דער פרוי׳ס בלוט געוויסע שעדליכע שטאָפען, וואָס ווערען פּראָדוצירט פון דעם עופּה׳לע, וואָס האַלט זיך אין ענטוויקלען, און דיזע שעדליכע שטאָפען גרייפען אָן די נירען און פעראור-זאַכען די אַקיוטע פאָרמע פון נירען־קראַנקהייט.

# די סימנים פון דיזער קראַנקהייט.

דיזע פאָרמע פון נירען־קראַנקהייט גרייפט אָן איהר קרבן פּלוצלינג. אין פאַל די קראַנקהייט קומט אָן נאָך א צוקיהלונג בעמערקט מען א גע־שװילאכץ אויף'ן קראַנקען'ס געזיכט אין פערלויף פון פיר־און־צװאַנציג שטונ־דען נאָך דעם אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט. אויב די נירען װערען אָנגע־גריפען אין פערלויף פון איינע פון די אויבענאויסגערעכענטע קראַנקהייטען, פאַנגען זיך אָן די סימנים ניט אַזוי פּלוצלינג. דער קראַנקער װערט ביסלעכ־װייז בלאַס אָדער געלב־בלאַס און זיין געזיכט און זיינע קנעכעל װערען גע־שװאָלען. אין קינדער קען די קראַנקהייט זיך אָנפאַנגען מיט קאָנװאולסיעס. אין מאַנכע פעלע פאַנגט די קראַנקהייט זיך אָן מיט דעם, װאָס דעם קראַנקען פאַנגט אָן װאַרפען פון קעלט און נאָכהער באַדט ער זיך אין שװייס פון היץ.

די נירען קענען ניט דורכלאָזען די געװעהנליכע מאָס אורין. די מאָס אורין, װאָס דער קראַנקער גיט ארויס פון זיך, איז דאַרום שטאַרק פאַר־קלענערט, דערפאַר איז זי געדיכט און ענטהאַלט „אַלביומין” (קערפּער־בוי מאַטעריאַל, װאָס די נירען דאַרפען געװעהנליך פערהאַלטען אין בלוט), און די צעלען פון די נירען־קאַנאַלען, דורך װעלכע די אורין געהט דורך דאָס װאַסער, װאָס װערט פערהאַלטען פון די נירען פילט אָן געװיסע טיילען פון קערפּער און דער מענש װערט געשװאָלען. די געשװילאַכץ זעהט זיך אָן מעהרסטענס אויף'ן געזיכט און אין די פיס, אָבער אויך די „פּליורע”, די לייבינג פון די לונגען, און די לייבינג פון בויך קענען אָפט מאָל אָנגעגאָסען װערען מיט די פערהאַלטענע װאַסער און דער קראַנקער װערט דאַן געשװאָ־לען אויף'ן גאַנצען קערפּער.

ניט אין אַלע פעלע פון דיזער פאָרמע פון נירען־קראַנקהייט זיינען די סימנים גלייך. די ערנסטקייט פון דער קראַנקהייט װענדעט זיך װי שטאַרק די נירען זיינען אָנגעגריפען און װאָס פאַר א טייל פון די נירען עס איז גע־בליבען נאָך אונבעריהרט און קען ערפילען די אויפגאַבע פון די נירען. אין מאַנכע פעלע איז דער אָנגריף ניט קיין ערנסטער, די געשװילאַכץ איז א לייכ־טע און די קראַנקהייט געהט שנעל פאַראיבער. א טייל פון די נירען, די טייל, װאָס איז געװען ענטצונדען, װערט אָן איהר פעהיגקייט צו טאָן די ארבייט, פאַר װעלכע זי איז געשאַפען, דער מעכאַניזם פון אונזערע נירען איז אָבער א גאַנץ גרויסער און קען דינען דעם קערפּער אפילו װען א טייל פון די נירען װערט קאַליע.

פאַראַן אָבער אַנדערע פעלע פון דיזער אַקיוטע פאָרמע פון נירען-קראַנקהייט, וואָס זיינען פיעל ערנסטער. אַ גרויסער טייל פון דעם נירען-מעכאַניזם ווערט אָנגעגריפען און די נירען הערען אין גאַנצען אויף צו פונקציאָנירען. דאָס גאַנצע וואַסער צוזאַמען מיט אַלע שעדליכע און גיפטיגע מאַטעריאַלען, וואָס פערלאָזען געוועהנליך דעם קערפער דורך די נירען, פערבלייבען אין דעם בלוט און דער גאַנצער קערפער ווערט פערגיפטעט.

## די אויסזיכטען פון קראַנקען.

די אויסזיכטען פון'ם קראַנקען געזונד צו ווערען ווענדען זיך זעהר פיעל אָן דעם, וואָס עס האָט פעראורזאַכט זיין נירען-קראַנקהייט. אויב די קראַנקהייט איז איהם געקומען פון אַ צוקיהלונג, זיינען זיינע נירען ווענינער בעשעדיגט און זיינע אויסזיכטען געזונד צו ווערען זיינען דאַרום פיעל בעסער, ווי אין פאַל ווען זיין נירען-קראַנקהייט איז געקומען אַלס פאָלגע פון שאַרלאַך (סקאַרלעט פיבער). פאַר קליינע קינדער איז דיזע פאָרמע פון נירען-קראַנקהייט זעהר געפעהרליך. ניט ווענינער ווי אַ דריטעל פון אַלע, וואָס ווערען קראַנק, שטאַרבען. אויב די געשווילאַכץ בלייבט לענגער ווי פיר וואָכען צייט און דער קראַנקער איז אַלץ זעהר בלאַס, און אויב זיין אורין ענטהאַלט פיעל „אַלבומין" (איי-ווייס, קערפער-בוי מאַטעריאַל), צייגט עס, אַז די קראַנקהייט ווערט כראָניש.

## וואָס צו טאָן פאַר'ן קראַנקען.

מיר האָבען געזעהן ווי ערנסט די קראַנקהייט איז, און עס איז דאַרום לייכט איינצוזעהן, דאָס דער קראַנקער מוז זיך גלייך שטעלען אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר. אויב די קראַנקהייט קומט אַלס רעזולטאַט פון איינע פון די קראַנקהייטען, וואָס מיר האָבען פריהער אויסגערעכענט, איז דער קראַנקער שוין געוועהנליך אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר פאַר דער פריהערדיגער קראַנקהייט. אויב אָבער עס קומט אַלס רעזולטאַט פון אַ שטאַרקע פערקיהלונג מוז דער קראַנקער גלייך שיקען נאָך אַ דאָקטאָר.

ליידער איז פאַר'ן דאָקטאָר אונמעגליך צו פערריכטען דעם שאָדען, וואָס די נירען האָבען שוין געליטען, ער קען אָבער אויף ווי ווייט נאָר מעגליך פערהיטען די נירען פון ווייטערען שאָדען און זיי העלפען, דורך פערקלענערען די ארבייט, וואָס זיי דאַרפען טאָן, צו זיך קומען פון דער אַטאַקע.

די גאַנצע צייט פון דער קראַנקהייט, פון פיר ביז זעקס וואָכען צייט, מוז דער קראַנקער בלייבען אין בעט. דער פּרינציפּ, אויף וועלכען די בע-האַנדלונג פון דער קראַנקהייט שטיצט זיך, איז צו טרייען אַוועקנעהמען פון די נירען די גרעסטע טייל פון זייער אַרבייט.

די נירען דאַרפען בעפרייען דעם קערפּער פון וואַסער און פון געוויסע שעדליכע שטאָפען. די אַרויסהעלפער פון די נירען אין דיזער אַרבייט, זיי-נען די הויט און די קישקעס. אַזוי ווי די נירען זעלבסט קענען אין אַזאַ פאַל ניט ערפילען זייער אויפגאַבע, דאַרף מען זעהן, דאָס די הויט און די קישקעס זאָלען טאָן מעהר אַרבייט.

און דאָס טאָקע טוט דער דאָקטאָר, ער פּרובירט דורך פערשיידענע מיטלען צו מאַכען דעם קראַנקען וואָס מעהר שוויצען, אום אַרויסצושוויצען אַ טייל פון די פערהאַלטענע אורין דורך דער הויט, ער פּרובירט אויך דורך געבען דעם קראַנקען אָבפיהר-מיטעל, צו מאַכען די קישקעס טאָן אַ טייל פון דער אַרבייט, וואָס די נירען דאַרפען טאָן.

די פראַגע וואָס דער קראַנקער זאָל עסען אין דער צייט, ווען ער איז ערנסט קראַנק, איז זעהר אַ וויכטיגע. די מעהרסטע דאָקטוירים זיינען איינ-שטימיג, דאָס אַזוי לאַנג ווי די „אַקיוטע" שטופע פון נירען-קראַנקהייט האַלט אָן, איז גלייכער, דאָס דער קראַנקער זאָל לעבען בלויז אויף מילך, און ערשט דאַן, ווען ער פאַנגט זיך צו ערהאָלען עטוואָס פון דער קראַנקהייט, מעג מען איהם אָנפאַנגען געבען ברויט מיט פּוטער, לעטוס (סאַלאַטע), וויינטרויבען, אַראַנדזשעס (אַפּעלסינען) און אַנדערע פרוכטען.

די איבעריגע טיילען פון דעם דאָקטאָר'ס בעהאַנדלונג פון דיזער קראַנקהייט בעשטעהט אין פערלייכטערען דעם קראַנקען'ס שמערצען און אין בעהאַנדלען יעדען שלעכטען סימפּטאָם בעזונדער ווען ער בעוויזט זיך. עס איז דאַרום אונמעגליך פאָרצושרייבען איין סאָרט בעהאַנדלונג פאַר אַלע קראַנקע. די בעהאַנדלונג פון קראַנקען ווענדעט זיך אָן דעם גאַנג פון דער קראַנקהייט און אָן איהר ערנסטקייט. עס איז דאַרום העכסט וויכטיג, דאָס יעדער קראַנקער זאָל שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר און זיך ניט פערלאָזען אויף די עצות פון די, וואָס האָבען „אויך געליטען פון דיזער קראַנקהייט און זיינען קורירט געוואָרען מיט געוויסע מעדיצינען".

ווען דער קראַנקער פאַנגט זיך שוין אָן צו ערהאָלען פון דער קראַנקהייט דאַרף ער נאָך אַלץ זיין זעהר פאָרזיכטיג. ער דאַרף זיך שטאַרק היטען גע-גען אַ פערקעלטונג. זיין שפּייז דאַרף נאָך אַלץ בעשטעהן מעהרסטענס פון

מילך און דאָס צוריקקעהרען זיך צו זיינע געוועהנליכע מאכלים דארף צו-געהן זעהר לאַנגזאַם און מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט. אויב ער קען אויס-פיהרען איז זעהר ראַטזאַם אָפּצופאָהרען אין אַ וואַרעמען קלימאַט. אָבער ליידער קען עס די מעהרסטע קראַנקע ניט אויספיהרען.

דיזע פאָרמע פון נירען-קראַנקהייט, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס בע-שריבען, ווערט בעצייכענט אַלס אַן „אַקיוטע" פאָרמע פון דער קראַנקהייט. זי קומט פּלוצלינג. דער קראַנקער ווייס גלייך, דאָס ער איז קראַנק און גע-וועהנליך געדויערט די קראַנקהייט בלויז אייניגע וואָכען צייט. דער קראַנ-קער ווערט געזונד אָדער ער שטאַרבט.

עס זיינען אָבער פאַראַן אויך כראָנישע פאָרמען פון נירען-קראַנקהייט. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע פאָרמען פון דער קראַנקהייט, וואָס פאַר'גנב'ענען זיך שטיל און אונבעמערקט צו זייער קרבן, פיהרען אָן זייער צושטערונגס-ארבייט אין אָנפאַנג אַזוי לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג, דאָס יאָהרען נאָכאַנאַנד ווייסט גאָר דער פּערזאָן נישט, דאָס ער איז קראַנק, און ווען ער דערפיהלט עס שוין יע, איז ער געוועהנליך שוין גאַנץ ערנסט קראַנק.

## די כראַנישע פאָרמען פון דיזער קראַנקהייט.

עס זיינען דאָ אַם וועניגסטענס צוויי גאַנץ דייטליך בעזונדערע פאָר-מען פון כראָנישע נירען-קראַנקהייט.

איין פאָרמע פון כראָנישע נירען-קראַנקהייט בעגעגענט מען מעהר-סטענס ביי יונגע מענשען. די קראַנקהייט קען קומען אַלס אַ פאָלגע פון דער אַקיוטער אַטאַקע פון נירען-קראַנקהייט, וועלכע איז געקומען פון אַ שטאַרקע פערקעלטונג, אַלס אַ רעזולטאַט פון שוואַנגערשאַפט, אָדער אַלס אַ נאָכוועהעניש פון סקאַרלעט פיבער (שאַרלאַך). ביי יונגע קינדער קומט דיזע פאָרמע פון כראָנישע נירען-קראַנקהייט מעהרסטענס אַלס אַ פאָלגע פון דער אַקיוטער פאָרמע נאָך סקאַרלעט פיבער.

די קראַנקהייט קען אויך קומען אַלס אַ פאָלגע פון טרינקען צופיעל אַלקאָהאָלישע געטרענקע, אַלס אַ פאָלגע פון מאַלעריא, פון סיפילים אָדער פון טובערקולאָזיס. אין מאַנכע פעלע קען זיך די קראַנקהייט ענטוויקלען אָהן שום אורזאַכע, דאָס הייסט די אורזאַכע איז זיכער פאַראַן, נאָר מען קען זי ניט ענטדעקען, און מיר פערשטעהען ניט וואָרום די נירען זאָלען אין אַזאַ פאַל קראַנק ווערען.

# די סימנים פון דער קראַנקהייט.

די סימנים פון דער קראַנקהייט בעווייזען זיך זעהר לאַנגזאַם. אויב די כראָנישע קראַנקהייט פון די נירען קומט אַלס אַ פאָלגע פון דער „אַקיוּ-טער" פאָרמע פון דיזער קראַנקהייט, פערשווינדען די סימנים, וועלכע מיר האָבען אויסגערעכענט, ווען מיר האָבען בעשריבען יענע פאָרמע פון ני-רען־קראַנקהייט. דער קראַנקער בלייבט אָבער בלייך, אַ געלע בלאַסקייט בעדעקט זיין פּנים און אונטער די אויגען איז איהם אָנגעשוואָלען. די געלענקע פון די פיס און די הענד זיינען איהם געשוואָלען, ספּעציעל אין דער פריה, ווען ער שטעהט אויף פון בעט און זיין גאַנצער אויסזעהן איז ווי פון אַ מיעדען, פערשלאָפענעם מענשען. עקזאַמענירענדיג די אורין פון אַזאַ פּערזאָן, געפינט מען דאָרטען געוויסע זאַכען, וועלכע ציינען דעם געניטען דאָקטאָר, דאָס די נירען פון דיזען פּערזאָן זיינען קראַנק.

אויב די קראַנקהייט קומט ניט אַלס אַ פאָלגע פון אַן „אַקיוּטער" אַטאַקע, ענטוויקלען זיך די זעלבע סימנים לאַנגזאַמער. דער קראַנקער בע-מערקט ווי אונטער די אויגען און נעבען זיינע געלענקע איז איהם אָנגע-שוואָלען יעדען אין דער פריה, און ווען ער געהט צו אַ דאָקטאָר און יענער עקזאַמענירט די אורין פון קראַנקען איז לייכט צו בעשטימען די נאַטור פון דער קראַנקהייט.

שפּעטער, ווען די קראַנקהייט ענטוויקעלט זיך, ווערט די געשווי-לאַכץ גרעסער און מעהר פערשפּרייט. דעם קראַנקען ווערט שווער צו אָטעמען, ווייל אויך אין דעם ברוסט־קאַסטען און בויך בעווייזט זיך די געשווילאַכץ. אָפטמאָל ליידעט דער קראַנקער שטאַרק פון ברעכען און פון לאַקסירען. עס איז זעהר אָפט צו בעגעגענען ביי אַזעלכע קראַנקע „אַר-טעריאָ־סקלעראָסיס", פערהאַרטעוועטע בלוט־רעהרען און אַ קראַנקעס האַרץ. דאָס האַרץ איז געצוואונגען צו פּאָמפּען בלוט דורך קראַנקע נירען. די אַרבייט איז אַ שווערע און דאָס האַרץ איז געצוואונגען צו אַרבייטען שווערער.

דער קראַנקער ליידעט זעהר אָפט פון קאָפּ־שמערצען און ניט איין מאָל ענדיגט זיך די קראַנקהייט אין אַ ספּעציעלע סאָרט לעטאַרגיע, וואָס מיר וועלען שפּעטער בעשרייבען.

די אויסזיכטען פון קראַנקען, וואָס ליידעט פון דיזער פאָרמע פון כראָנישע - נירען־קראַנקהייט, זיינען זעהר שוואַכע. יונגע קינדער קענען

נאָך פיליכט געזונד ווערען. אין עלטערע מענשען ענטוויקעלט זיך די קראַנקהייט וואָס ווייטער אַלץ ערנסטער און ענדיגט זיך צוזאַמען מיט'ן קראַנקען'ס לעבען.

א צווייטע פאָרמע פון כראָנישע נירען־קראַנקהייט בעגעגענט מען מעהרסטענס ביי עלטערע מענשען, די וואָס זיינען שוין אריבער פערציג, ספּעציעל ביי אַזעלכע, וועלכע ארבייטען צו שווער, עסען צו פיעל אָדער דינען צו געטריי דעם גאָט באַככוס (גריכישער גאָט פון שיכרות).

דיזע פערזאָנען זיינען אָבער ניט די איינציגע, וואָס ליידען פון דער פאָרמע פון כראָנישע נירען־קראַנקהייט, וועלכע מיר ווילען באַלד בע־שרייבען. די קראַנקהייט קען אטאַקירען אינגערע פערזאָנען. זי קען קו־מען בירושה, אָדער אַלס א געשאַנק צו די, וואָס ליידען פון סיפילים, שווע־רע טרינקער פון אַלקאָהאָלישע משקאות. גלייכט דיזע קראַנקהייט זעהר שטאַרק. כראָנישע בליי־פערגיפטונג, פון וועלכע פיעלע פיינטערס (פאַר־בערס) און ארבייטער אין בליי־פעקטאָרים (פאַבריקען) ליידען, פיהרט אָפט צו דיזער קראַנקהייט. ביי די, וואָס ליידען פון „ארטעריאָ־סקלעראָסיס" (פערהאַרטעוועטע בלוט־רעהרען) קען קומען דיזע פאָרמע פון כראָנישע ני־רען־קראַנקהייט אַלס איינע פון די נאָכוועהעניש.

אָבער, ווי שוין פריהער געזאָגט, בעגעגענט מען דיזע פאָרמע פון נירען־קראַנקהייט אַם מעהרסטען אין מיטעליעהריגע מענשען, וואָס עסען צו פיעל, ארבייטען צו פיעל אָדער טרינקען צו פיעל.

דיזע קראַנקהייט, אָבוואָהל ניט אַזוי לעבענס־געפעהרליך, ווי די פאָרמע פון כראָנישע נירען־קראַנקהייט, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס בע־שריבען, איז אָבער זעהר געפעהרליך שוין דערמיט, וואָס זי פער'גנב'עט זיך צום קראַנקען אַזוי שטיל און אונבעמערקט, דאָס ער ווייס גאָר ניט, אַז ער איז קראַנק. אין מאַנכע פעלע קען די קראַנקהייט זיך אָנגעהן מיט איהר ענטוויקלונג פאַר יאָהרען לאַנג איידער זי גיט גענוגענדע סימנים, דורך וועלכע מען קען זי דערקענען. און אפילו ווען דורך א צופאַל גע־לינגט עס יע א דאָקטאָר צו דערקענען בעצייטענס, דאָס איינער ליידעט פון אַזא פאָרמע פון נירען־קראַנקהייט, איז איהם זעהר שווער צו איבער־צייגען דעם קראַנקען, דאָס ער ליידעט פון אַן ערנסטער נירען־קראַנקהייט. יענער פיהלט זיך ניט קראַנק און נעהמט דארום ווענינ אין אכט דעם דאָק־טאָר'ס וואָרנונג.

ווען די קראַנקהייט לאָזט יע פון זיך הערען, ליידעט דער פּערזאָן פון אַפּעטיטלאָזיגקייט, „דיספּעפּסיא", קאָפּ־שמערצען, און אָפטמאָל פון איבעלקייט און ברעכען. דיזע סימנים דייטען ניט אָן ספּעציעל אויף איר־גענד וועלכע קראַנקהייט. פיעלע, זעהר פיעלע קראַנקהייטען קענען זיך אָנפאַנגען מיט די אויבענדערמאָהנטע סימנים, און אין א דורכשניטליכען פאַל ווערט דער קראַנקער בעהאַנדעלט פאַר מאָגען־קראַנקהייט.

א מאָדערנער דאָקטאָר, וועלכער עקזאַמענירט די אורין פון יעדען פון זיינע פּאַציענטען, קען אין מאַנכע פון אַזעלכע פעלע זיך אָנשטויסען אויף דער קראַנקהייט דורך געוויסע זאַכען, וואָס ער געפינט אין דער או־רין פון זיין פּאַציענט. אין פיעלע פעלע אָבער צייגט די אורין אין אָנ־פאַנג קיין זאַך, וואָס זאָל זיין כאַראַקטעריסטיש פאַר דיזער קראַנקהייט.

א געוויסע פיזישע אונטערזוכונג פון קראַנקען וועט צייגען, דאָס זיין הארץ איז עטוואָס גרעסער ווי נאָרמאַל. די וואַנד פון זיינע בלוט־רעהרען זיינען עטוואָס דיקער ווי זיי וואָלטען געדאַרפט זיין און זיין הויט איז טרוקען. אָפטמאָל ליידעט אַזא פּערזאָן זעהר פיעל פון עקזימאַ.

ווען די קראַנקהייט ענטוויקעלט זיך ווייטער ווערט דער פּערזאָן קורץ־אָטעמדיג. אין מאַנכע פעלע ליידעט ער אויף די אויגען, און פּלוצ־לינגע בלינדהייט אויף איינע אָדער אויף ביידע אויגען איז אָפטמאָל א פאָלגע פון דיזער פאָרמע פון כראָנישע נירען־קראַנקהייט.

אין מאַנכע פעלע איז אויגען-וועהטאָג דער איינציגער סימפּטאָם, אויף וועלכען דער קראַנקער בעקלאָגט זיך און א געניטער דאָקטאָר, עק־זאַמענירענדיג די אויגען פון אַזא פּערזאָן, קען דערקענען די קראַנקהייט לויט די ענדערונגען, וואָס זי פעראורזאַכט אין די אויגען (פערבייגעהענדיג איז ווערט צו בעמערקען, דאָס עלטערע מענשען, וועלכע ליידען פון אוי־גענוועהטאָג, דאַרפען זיך לאָזען עקזאַמענירען זייערע אויגען פון א מעדי־קאַל דאָקטאָר. וועלכער האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף אויגען־קראַנקהייטען און ניט פון איינעם, וואָס קען בלויז צופּאַסען ברילען).

פריהער אָדער שפּעטער ווערט אויך דער קראַנקער קורץ־אָטעמדיג און אין פאַל פון האַרץ־פעהלער בעווייזט זיך אויך א געשווילאַכץ אין מאַנכע טיילען פון קערפּער.

אין דער פאָרמע פון כראָנישע נירען־קראַנקהייט, וועלכע מיר האָבען פריהער בעשריבען, איז געשווילאַכץ איינע פון די פּראָמינענטסטע סימנים.

אין דיזען פאַל אָבער איז געשווילאַכץ אַן אויפנאַהמע און קומט בלויז אין פאַל פון האַרץ=פעהלער.

בראַנקייטים און לונגען=ענטצינדונג זיינען אָפטע קאָמפּליקאַציעס פון דיזער פאָרמע פון נירען=קראַנקהייט. אָבער די געפעהרליכסטע קאָמפּליקאַציע איז דאָס פּלאַצען פון אַ קליינע בלוט=רעהר אין מאַרך (אַפּאָפּלעקציע), וועלכע פעראורזאַכט אָפט דעם טויט פון אַזא קראַנקען. האַרץ=פעהלער און אַ געוויסע פאָרמע פון לעטאַרגיאַ, וועלכע מיר וועלען באַלד בעשרייבען, זיינען די שלוחים פון טויט פאַר דיזע קראַנקע.

## די אויסזיכטען פון קראַנקען.

דיזע פאָרמע פון כראָנישע נירען=קראַנקהייט איז אונקורירבאַר. דער שאָדען, וואָס די נירען ליידען אין פערלויף פון די פיעלע יאָהרען, וואָס די קראַנקהייט ענטוויקעלט זיך, קען ניט פעררייכט ווערען, אָבער דאָס לעבען פון דעם קראַנקען קען פערלענגערט ווערען ספּעציעל ווען ער פאָלגט אויס געוויסע פאָרשריפטען פון דעם דאָקטאָר, אונטער וועמעס אויפזיכט ער געפינט זיך.

די בעהאַנדלונג פון דער קראַנקהייט איז גרעסטענטיילס אַ „סימפּטאָמאַטישע”, דאָס הייסט די בעהאַנדלונג ווענדעט זיך לויט די סימנים, וואָס די קראַנקהייט ציינט, און זי מוז זיך דאַרום צופּאַסען צו יעדען פאַל בעזונדער. אַ געוויסע בעהאַנדלונג, וואָס איז גוט פאַר איין קראַנקען פון דיזער פאָרמע פון כראָנישע נירען=קראַנקהייט איז שעדליך פאַר אַ צווייטען, וואָס ליידעט פון דער זעלבער קראַנקהייט, אויב יענעם'ס סימנים פון דער קראַנקהייט זיינען אַנדערע.

אַלס אַ כלל איז אָבער וויכטיג פאַר יעדען, וואָס ליידעט פון דיזער קראַנקהייט, ניט צו אַרבייטען צו שווער, ניט צו עסען צופיעל, ניט צו טרינקען אַלקאָהאָלישע געטרענקע און אויפגעבען רויכערען. זאָרג און דאגות מאַכען זיין לאַגע נאָך ערגער און עס איז דאַרום פיעל בעסער צו דענקען וואָס ווייניגער וועגען דער קראַנקהייט. דאָס לעבען איז קורץ און די טעג ווען מען קען געניסען עטוואָס פערגעניגען זיינען געצעהלטע. עס איז דאַרום גלייכער אויסצומייעדן זאָרגען און טרייען זיין וואָס פרעהליכער און לעבעדיגער.

אויב די פינאַנצען ערלויבען איז זעהר גוט אוועקצופאָהרען אין א געגענד, וואו דער קלימאַט איז שטענדיג מילד, אָבער ניט אַלע קענען זיך דאָס ערלויבען. אָפּטע בעדער העלפּט דער הויט צו קענען טאָן איהר אַר־בייט ווי געהעריג איז און דאָס נעהמט ארונטער א גרויסע טייל ארבייט פון די קראַנקע נירען. האַלטען דעם פערדייאונגס־מעכאַניזם אין אָרדע־נונג און טרינקען פיעל וואַסער העלפּט צו האַלטען דעם קערפּער אינערליך ריין און אויך דאָס פערקלענערט די ארבייט פון די נירען, וועלכע זיינען צו קראַנק צו טאָן צו פיעל ארבייט.



# יורימיא (אורעמישע לעטארגיע).

איינע פון די גרעסטע געפאהרען פאר'ן קראנקען, וואס ליידעט פון נירען־קראנקהייט איז „יורימיא" אדער אורעמישע לעטארגיע. די אורין, וואס די נירען נעהמען ארויס פון אונזער בלוט, ענטהאלט געוויסע שטאפען, וואס זיינען שעדליך פאר אונזער קערפער, אויב זיי פערבלייבען דארטען. אזוי לאנג ווי די נירען ארבייטען ווי עס געהער צו זיין איז אונזער קערפער פריי פון דיזע גיפטען. אבער ווען אונזערע נירען ווערען קאליע, ווערען מאנכע פון דיזע גיפטיגע מאטעריאלען פערהאלטען אין אונזער בלוט און דער רעזולטאט איז, דאס אונזער קערפער ווערט לאנגזאם פערגיפטעט.

אין מאנכע פעלע פון „ארטעריא סקלעראסיס" (פערהארטעוועטע בלוט־רעהרען) אדער אין דער צווייטער פארמע פון כראנישע נירען־קראנקהייט, וואס מיר האבען אין דיזען ארטיקעל בעשריבען, ענטוויקעלט זיך די אורעמישע אטאקע לאנגזאם. דער קערפער פון קראנקען ווערט ביסלאכוויין אנגעפילט מיט גיפטיגע מאטעריאלען, וואס ווערען ניט ארויסגעשיקט דורך די אורין. דער קראנקער פאנגט אן ליידען פון שטארקע קאפ־שמערצען, אפטמאל אויך פון איבעלקייט און ברעכען. די צונג איז טרוקען און ברוין. דער פערדייאונגס־מעכאניזם איז אויסער ארדענונג. דער קראנקער ליידעט פון שלאפלאזיגקייט און איז קורץ־אטעמדיג. ער פיהלט קרעמפפס אין די פיס, און אפטמאל ליידעט ער פון א בייסעניש. מיט דער צייט פאנגט ער אן צו ליידען פון האלוצינאציעס, משוגע'נע איינרעדענישען אדער ער פאלט אריין אין א לעטארגישען שלאף.

דער טויט קען קומען אין פערלויף פון איינע פון דיזע לעטארגישע אטאקעס, פון אן ענטצינדונג אין הארצען, אין דער אינערליכער הויט, וואס דעקט צו דעם מארך „מעניגזשיטיס" אדער אין דער אינערליכער הויט, וואס געפינט זיך ארום אונזערע לונגען (פליורעסי).

אין אנדערע פעלע קען די אורעמישע אטאקע קומען פלוצלינג. דער קראנקער דערפילט א שרעקליכען קאָפּ=וועהטאָג, איבעלקייט, ברעכען, לאַקסירען הערט גאָר ניט אויף. עס פערכאַפּט איהם דער אטעם, ספּעציעל ביינאכט און ער ליידעט דערפון פּונקט ווי איינער, וועלכער ליידעט פון אסטמא. דער קראנקער קריגט היץ, וועלכע שטייגט זעהר הויך קורץ פאר'ן טויט. מאנכע מוסקולען פאנגען איהם אָן צו ציטערען, ער קריגט קאָנוואולסיעס. מאנכעס מאָל ווערט דער קראנקער צייטווייליג פּאראליזירט אויף איין גליד אָדער אויף א העלפט פון קערפּער, מאנכעס מאָל ווערט ער פּלוצלינג בלינד. אין פיעלע פעלע פאלט דער קראנקער אריין אין א בעוואוסטלאָזען צושטאנד. מאנכעס מאָל ווערט ער ווילד און זוכט צו בעגעהן זעלבסמאָרד.

די אויסזיכטען פון אזא קראנקען זיינען ניט זעהר גינסטיגע. אין מאנכע פעלע ערהאָלט זיך דער קראנקער און ווערט געזונד און אין מאנכע פעלע ערהאָלט ער זיך פון דער פּלוצלינגער אטאקע און ליידעט פון כראָנישער יורימע פאר יאָהרען נאָכאנאנד, אין פיעלע, פיעלע פעלע ענדיגט זיך די אטאקע מיט'ן טויט.

די לאגע איז זעהר אַן ערנסטע און דער קראנקער מוז די גאנצע צייט פון זיין קראנקהייט זיין אונטער דער אויפזיכט פון דאָקטאָר. מיר וועלען דארום קיין פערזוך ניט מאכען צו בעשרייבען ווי אזוי אזא קראנקער דארף בעהאנדעלט ווערען.



# האַרץ קראַנקהייטען.

## דאָס האַרץ.

אונזער האַרץ און ווי אַזוי זי אַרבייט. די פערגרעסערונג אין דער צאָהל פון האַרץ קראַנקע. דאָס האַרץ — אַ וואונדערבאַרע מאַשין. ווען דאָס האַרץ פאַנגט אָן צו פּאָמפּען בלוט. די ענטוויקלונג פון האַרץ, די אַרכיטעקטור פון האַרץ, ווי אַזוי דאָס האַרץ זעהט אויס. ווי אַזוי דאָס האַרץ אַרבייט.

איינע פון די מערקווירדיגסטע און וואונדערבארסטע מאַשינען אין דער וועלט איז דאָס מענשליכע האַרץ. דער מענשליכער מוח און די מענשליכע הענט האָבען שוין געשאַפען גענוג וואונדערבארע מאַשינען, אָבער קיינע פון זיי קען זיך אפילו ניט אָנפאַנגען צו פערגלייכען צו דיעזער קליינער, טאָג ווי נאַכט ארבייטענדער, מענשליכער מאַשין — דאָס האַרץ.

נאָך לאַנג איידער דער מענש ווערט געבוירען, נאָך איידער זיין קערפּער איז פאָלשטענדיג פאָרמירט אין זיין מוטער'ס בויך, פאַנגט אָן זיין האַרץ צו פּאָמפּען בלוט דורך זיין אונצייטיגען קערפּער, און ביז זיין לעצטען אָטעם־צוג הערט דאָס האַרץ ניט אויף צו אַרבייטען. יעדע מינוט, יעדע סעקונדע פון מענשען'ס לעבען האַלט דאָס האַרץ אין איין ארבייטען און צוזאַמען מיט דעם לעצטען האַרץ־שלאָג ענדיגט זיך אויך דער לעצטער פונק לעבען פון מענשען. דאָס האַרץ דאַרף דארום מיט רעכט בעטראַכט ווערען אַלס דער אמת'ער קוואַל פון לעבען.

אַזא סאָרט אונערמידליכע מאַשין מוז נויטווענדיגערווייז האָבען אַ גרויסען סטאָק „רעזערווו"־ענערגיע צו קענען ווידערשטעהן די פיעלע מיס־ברויכונגען, וואָס דער מענש מאַכט פון זיין האַרץ. אָבער טראָטץ דיעזען אונגעהייערען סטאָק רעזערווו־ענערגיע, וואָס דאָס האַרץ פערמאָגט, פּאַסירט עס פיעל מאָל און ביי פיעלע מענשען, אַז דאָס האַרץ באַנקראָטירט, דער גאַנצער סטאָק ענערגיע ווערט פערברויכט און דאָס האַרץ ווערט קראַנק.

קראַנקע, שוואַכע הערצער האַלטען זיך אין איין פאַרמעהרען און, פון דער ראָלע, וואָס דאָס האַרץ שפּיעלט אין קערפּער, איז לייכט איינצוזעהן, דאָס אַ באַנקראָטירטעס האַרץ מיינט דער באַנקראָט פון גאַנצען קערפּער.

איידער מיר וועלען זיך בעקענען מיט די פערשיידענע קראַנקהייטען, פון וועלכע דאָס האַרץ קען ליידען און ליידעט, וועלען מיר פריהער בקיצור בעטראַכטען די אַרכיטעקטור און מאַשינעריי פון האַרץ זעלבסט. דאָס וועט

אונז העלפען בעסער צו פערשטעהן ווי אזוי די פערשיידענע טיילען פון הארץ קענען אנגעגריפען ווערען פון פערשיידענע קראנקהייטען.

ווען דאס הארץ פאנגט זיך אן צו ענטוויקלען איז עס בלויז אן איינ-פאכע, עטוואס דיקערע בלוט-רעהר. די צעלען פון דיזער רעהר האבען די אייגענשאפט זיך צוזאמענצוציהען און זיך צוריק אויסגלייכען. זיי טוען דאס רעגעלמעסיג און ריטמיש, און דורך דעם ווערט דיזע הארץ-רעהר דיקער און דינער. די עפענונג (חלל) אין דיזער רעהר ווערט שמעלער און ברייטער און דאס בלוט, וואס געהט דורך דיזער רעהר ווערט דארום גע-שטופט, אדער געפאמפט פאראוים.

פון דיזער איינפאכער בלוט-רעהר ענטוויקעלט זיך נאכהער די העכסט קאמפליצירטע מאשין — דאס פאלשטענדיג ענטוויקעלטע מענשליכע הארץ.

דאס פאלשטענדיג ענטוויקעלטע מענשליכע הארץ בעשטעהט פון פיר בעזונדערע קעמערלאך. א ווענטעל אין דער לענג פון הארץ צוטיילט עס אויף א רעכטע און א לינקע זייט. יעדע פון דיזע זייטען בעשטעהט פון אן אויבערשטען און אן אונטערשטען עטאזש. די אויבערשטע קעמער-לאך זיינען אפגעטיילט פון די אונטערשטע דורך „וואלווס" (קלאפענס) טירלאך, וואס קענען זיך עפענען און פערמאכען. דיזע טירלאך דינען אלס דירעקטע פערבינדונג צווישען די אויבערשטע און אונטערשטע קעמער-לאך פון רעכטען און פון לינקען העלפט פון הארץ. צווישען דיזע צוויי העלפטען איז אבער ניטא קיין שום דירעקטע פערבינדונג.

דאס בלוט פון גאנצען קערפער קומט דורך צוויי גרויסע בלוט רעה-רען אריין אין דעם אויבערשטען קעמערעל פון רעכטען זייט הארץ. פון דארטען, ווען דאס הארץ פאנגט זיך אן צוזאמענצוציהען, געהט דאס בלוט אריין אין אונטערשטען קעמערעל פון דער זעלבער, רעכטער, זייט הארץ. אזוי שנעל ווי דיזעס קעמערעל ווערט פול פערמאכט זיך דאס טירעל, דורך וועלכען דאס בלוט איז אריינגעקומען צו פערהיטען, אז דאס בלוט זאל ניט קענען צוריק ארויס, פון וואנען עס איז געקומען.

פון דיזען אונטערשטען קעמערעל, פון דער רעכטער זייט הארץ, ציהען זיך פיר בלוט-רעהרען צו די לונגען, צוויי פאר יעדען לונג. אויך ביי דיזע בלוט-רעהרען געפינען זיך טירען, אבער ווען דאס הארץ ציהט זיך פאלשטענדיג צוזאמען, עפענען זיך דיזע טירען און דאס גאנצע בלוט, וואס געפינט זיך אין אונטערשטען רעכטען קעמערעל פון הארץ, ווערט ארויסגעשיקט אין די לונגען אריין.

פון די לונגען קעהרט זיך דאָס בלוט צוריק דורך פיעל בלוט־רעה־רען צום הארצען און עס קומט אריין אין אויבערשטען קעמערעל פון דער לינקער העלפט פון הארץ. פון דאָרטען געהט דאָס בלוט אריין דורך א טירעל אין אונטערשטען קעמערעל פון דער לינקער זייט פון הארץ און ווען דאָס הארץ ציהט זיך נאָך אמאל צוזאמען ווערט דאָס גאנצע בלוט פון דיזען קעמערעל ארויסגעשיקט צום קערפער דורך דער ערשטער גרויסער בלוט־רעהר, וואָס הייסט „אאָרטאַ".

איידער דאָס קינד ווערט געבאָרען פונקציאָנירען נאָך ניט זיינע לונגען. עס געפינט זיך דארום אן עפענונג צווישען די צוויי אויבערשטע קעמערלאך פון הארץ, און דאָס בלוט פון רעכטען אויבערשטען קעמערעל געהט דירעקט צו דער לינקער זייט פון הארץ, אויסמיידענדיג די לונגען. דיזע עפענונג דארף זיך צומאכען ווען דאָס קינד ווערט געבאָרען. אין מאנכע פעלע בלייבט עס אָבער אָפען, און דאָס איז איינע פון די זעהר ערנסטע הארץ־קראנקהייטען, צו וועלכע אונזער הארץ איז ארויסגעזעצט.

## ווי אזוי דאָס הארץ זעהט אויס.

דאָס ראָמאנטישע הארץ, וואָס איז אונז אזוי גוט בעקאנט אלס די ציל־ברעט פאר קיופיד'ס פיילען, האָט קיין שום עהנליכקייט צום אמת'ען הארץ. דאָס מענשליכע הארץ איז גיכער עהנליך צו א בארנע אָדער פשוט צו א פויסט (קולאק).

וואו געפינט זיך דאָס הארץ? די מעהרסטע מענשען דענקען, אז דאָס הארץ געפינט זיך אין דער לינקער זייט פון ברוסט, און פערשיידענע גלייכווערטלאך זיינען שוין פערפאסט געוואָרען, געשטיצט אויף דיזען גלויבען. אזוי, צום ביישפיל, זאָגט מען, אז „די לינקע האנט איז נעהענטער צום הארץ", און „א געלינקטער האָט א בעסערע הארץ ווי איינער, וואָס איז ניט קיין געלינקטער". דאָס זיינען אָבער בלויז ווערטלאך, וואָס האָבען קיין ממשות ניט. דאָס הארץ געפינט זיך אין מיטען ברוסט־קאסטען, הינטער דעם ברוסט־ביין, און בלויז עטוואָס נעהנטער צו דער לינקער ווי צו דער רעכטער זייט. א ספּעציעלער פּלאץ אין די לונגען איז געמאכט געוואָרען פאר'ן הארץ און כמעט פון אלע זייטען, אויסער אויף א קורצער שטרעקע פון פאָרענט איז דאָס הארץ ארומגערינגעלט מיט לונג.

דאָס הארץ ווערט געהאלטען אין פּלאץ פון די לונגען, וואָס רינגלען עס ארום און פון די גרויסע בלוט־רעהרען, וואָס ציהען זיך פון'ם הארץ

צו די לונגען און די גרויסע בלוט־רעהרען, וואס פיהרען דאס בלוט פון הארץ צום קערפער און פון קערפער צום הארץ.

ארומגעוויקעלט איז דאס הארץ פון א דאפעלטען (צווייפאכען) זאק. דער אינערליכער זאק איז צוגעקלעפט צו די מוסקולען פון הארץ און דער אויסערליכער איז צוגעאנקערט צו די גרויסע בלוט־רעהרען און צו דער „דיאפרעם" (די מוסקול־וואנד, וואס טיילט אפ דעם ברוסט־קאסטען פון בויך) און העלפט האלטען דאס הארץ אין א בעשטימטען פלאץ.

צווישען די צוויי זעק פון הארץ געפינט זיך א קליינע מאס פון א געוויסע פליסיגקייט, וואס דינט פונקט ווי אויל צווישען צוויי פלאכען, וואס האלטען זיך אין איין רייבען איינע אן די אנדערע. דיזע פליסיג-קייט פערהיט פון אן ענטצינדונג אין'ם הארץ־זאר

## ווי אזוי דאס הארץ ארבייט.

די מוסקולען פון הארץ זיינען ארגאנזשירט אין א קרייז־פארמע אזוי, דאס ווען די מוסקולען ציהען זיך צוזאמען ווערט דער לעדיגער פלאץ אין יעדען קעמערעל פון הארץ קלענער.

,די אויבערשטע צוויי קעמערלאך פון הארץ ארבייטען צוזאמען. זיי-ערע מוסקולען־פעדים ציהען זיך צוזאמען אין דער זעלבער צייט און ציהען זיך צוריק אויס אין דער זעלבער צייט. דאס זעלבע פאסירט מיט די מוס-קול־פעדים פון די אונטערשטע צוויי קעמערלאך.

ביים דורכשניטליך ערוואקסענעם מענשען ציהט זיך דאס הארץ צו-זאמען דורכשניטליך צוויי און זיבעציג מאל יעדע מינוט. און יעדעס מאל, וואס עס ציהט זיך צוזאמען ווערט א נייער שטראם בלוט ארויסגעשיקט פון הארץ דורך די בלוט־רעהרען פון קערפער.

דאס הארץ ארבייט ניט אלע מאל מיט דער זעלבער שנעלקייט. ווען מיר ארבייטען שווער, מיר לויפען, צום ביישפיל, פערשווענדען מיר מעהר ענערגיע און אונזערע מוסקולען נויטיגען זיך אין מעהר בלוט, אום צו קע-נען קריגען מעהר שפייז און פרישע לופט. דאס הארץ פאנגט דאן אן צו ארבייטען שנעלער אום צו קענען פאמפען מעהר בלוט דורך די בלוט־רעהרען.

ווען דער מענש ליידעט פון פיבער, ווען זיין טעמפעראטור איז א הויכע, פערצעהרט ער מעהר און נויטיגט זיך דארום אין מעהר שפייז. מיר זעהען דארום, אז וואס העכער עס איז דער פיבער, פון וועלכען דער

מענש ליידעט, אלץ שנעלער ארבייט זיין הארץ, אום צו קענען פּאָמפּען מעהר בלוט און ברייננען מעהר שפּייז צו די פערשיידענע טיילען פון קערפּער.

דאָס הארץ זעלבסט בעשטעהט פון דריי טיילען. די הויפּט טייל פון הארץ בעשטעהט פון מוסקולען, ארום די מוסקולען איז ארומגעוויקעלט דער אויסערליכער הארץ־זאק, און אינערליך געפינט זיך א „ליינינג" פון א ספּעציעלער הארץ־הויט. אלע טירען, וואָס טיילען אָפּ איין הארץ קע־מערעל פון צווייטען און רעגולירען דעם שטראָם פון בלוט, זיינען געמאכט פון דיזער אינערליכער הויט.

די קראַנקהייטען, פון וועלכע דאָס הארץ ליידעט, זיינען פילע און פערשיידענע. זייער ערנסטקייט ווענדעט זיך אָפּט אין דעם, וואָס פאר א טייל פון הארץ עס ווערט אָנגעגריפען.

---

די פערשיידענע טיילען פון הארץ און די קראַנקהייטען, צו וועלכע זיי זיינען אויסגעזעצט. — די טירלאַך פון הארץ און די הארץ־„מורמערס". — וואָס אזעלכע „מורמערס" בעדייטען. — וועלכע קראַנקהייטען עס פיהרען צו הארץ־פעהלער.

אין אונזער בעשרייבונג פון הארץ האָבען מיר געזעהן, דאָס עס בע־שטעהט פון מוסקולען, בעדעקט אינערליך און אויסערליך מיט א הויט. די קראַנקהייטען, צו וועלכע דאָס הארץ איז אויסגעזעצט גרייפען געוועהנ־ליך אָן דאָס גאַנצע הארץ, אָבער עס זיינען פאראן אזעלכע, וואָס גרייפען אָן מעהרסטענס די אויסערליכע הויט, אנדערע, וואָס גרייפען אָן מעהרסטענס די אינערליכע הויט און ווידער אנדערע גרייפען אָן מעהרסטענס די מוס־קולען.

פאר'ן דורכשניטליכען מענשען איז פיליכט דיזעס צוטיילען פון הארץ־קראַנקהייטען אין דריי אפּטיילונגען ניט פיעל וויכטיג. א שוואכעס הארץ איז א שוואכעס הארץ, דענקט פיליכט דער דורכשניטליכער מענש, און עס איז קיין אונטערשייד ניט וועלכע טייל פון הארץ עס ליידעט אם מעהרסטען. דיזער שטאַנדפּונקט איז אָבער א פאלשער. עס איז יע א אונ־טערשייד וועלכע טייל פון הארץ עס איז אם מעהרסטען אָנגעגריפען. די סימנים פון דער קראַנקהייט זיינען אין יעדען פאל אנדערע. די בעהאַנד־

לונג איז פערשיידען אין יעדען פאל, און די אויסזיכטען פון קראנקען גע-זונד צו ווערען זיינען גאנץ פערשיידענע אין די פערשיידענע קראנקהייטען.

אן ענטצינדונג אין דער הויט, וואס רינגעלט ארום דאס הארץ קען פעראורזאכט ווערען אין יעדען פאל, ווען אין קערפער געפינען זיך מיקרא-בען און דיזע מיקראבען אדער זייער גיפט שווימט ארום אין דעם בלוט. אין דער אקיוטער פארמע פון רהומאטיזם ווען די שלעסער (געלענקע) זיי-נען רויט, געשוואלען און שמערצליך געפינען זיך די מיקראבען פון דיזער קראנקהייט אדער זייערע גיפטען אין דעם בלוט. אין אזא פאל קען די ענטצינדונג ארום הארץ קומען נאך דעם, ווי די שמערצען אין די שלעסער (געלענקע) פערשווינדען, אדער אמאל קען די הארץ=קראנקהייט זיך ארוים-צייגען נאך איידער די סימנים און די אנדערע טיילען פון קערפער זיינען מערקבאר.

דיזע הארץ=קראנקהייט קען אויך קומען אלס רעזולטאט אלס טובער-קולאזיס, לונגען=ענטצינדונג, מאזלען, סקארלעט פיבער (שארלאך), פאקען, טייפויד פיבער און דיפטעריא. אלערליי כראנישע קראנקהייטען, ווי גאוט (פאדאגרא), כראנישע נירען=קראנקהייט, צוקער=קראנקהייט און ז. וו. ענ-דיגען זיך אפטמאל מיט אן ענטצינדונג אין דער הויט ארום הארץ.

דיזע פארמע פון הארץ=קראנקהייט שוינט ניט קיין עלטער. מען האט שוין זאגאר געטראפען פעלע פון דיזער קראנקהייט אין נאך ניט געבארע-נע קינדער. אין יונגע קינדער בעגלייטעט די קראנקהייט אזעלכע שלעק, ווי רהומאטיזם און סקארלעט פיבער; אין עלטערע מענשען בעגלייטעט זי טובערקולאזיס, נירען=קראנקהייט, „גאוט” (פאדאגרא) און עהנליכע קראנקהייטען. פון פאר דער געבורט ביז צום קבר איז דער מענש שטענ-דיג אויסגעזעצט דער געפאהר פון קריגען דיזע קראנקהייט. אין קיין צייט פון זיין לעבען קען ער זאגען, דאס ער איז פערזיכערט געגען איהר.

געוועהנליך געפינען זיך איניגע טראפען פון א פליסיגקייט צווישען די ווענד פון זאק, אין וועלכע דאס הארץ געפינט זיך. ווען די הויט פון דיזען זאק ווערט ענטצונדען, ווערט דער זאק אנגעפילט מיט א פיעל גרע-סערע מאס פון דיזער פליסיגקייט, אין מאנכע פעלע ביז צוויי ליטערס. דיזע פליסיגקייט דריקט אויף'ן הארצען און שטערט די ארבייט פון הארץ. אין אנדערע פעלע ווערען די ווענד פון זאק צוגעקלעפט צום הארץ און אויך אין אזא פאל איז זעהר שווער פאר'ן הארץ צו ארבייטען נארמאל. דאס הארץ מוז זיך דארום שווערער אנשטרענגען.

אין די גרעסטע צאָהל הארץ־קראַנקהייטען איז בלויז די אינערליכע הויט פון הארץ אָנגעגריפען און הויפטזעכליך איז עס די הויט, וואָס פאַר־מירט די טירלאַך, אָדער „וואַלווס" צווישען איין אָפּטיילונג פון הארץ און אנדערען (ענדקאָרדיטיס).

עס זיינען דאָ מילדע און זעהר ערנסטע פאָרמען פון דיזע הארץ־קראַנקהייט.

די איינפאַכע מילדע פאָרמען פון דער קראַנקהייט קומען געוועהנ־ליך אַלס רעזולטאַט פון אַן אַקיוטער (שאַרפער) אַטאַקע פון רהומאַטיזם, אַן ענטצינדונג פון די טאַונסילס (מאַנדלען), קאָריאַ (סעינט וויטוס טאַנץ), שאַרלאַך אָדער לונגען־ענטצינדונג. דאָס מיינט ניט, אַז אין יעדען פאַל פון דיזע אויסגערעכענטע קראַנקהייטען, ווערט אויך דאָס הארץ אָנגעגריפען, נאָר אין אַ גרויסע צאָהל פון אַזעלכע קראַנקען־פעלע קומט דיזע הארץ־קראַנקהייט אַלס אַ נאָכוועהעניש. אין זעלטענערע פעלע קומט אַזאַ הארץ־קראַנקהייט אויך צוזאַמען מיט, אָדער אַלס אַ פאָלגע פון אנדערע אַנשטע־קענדע קראַנקהייטען, אויך פון קאַנסער, גאָוט (פּאָדאַגראַ), צוקער־קראַנק־הייט, טובערקולאָזיס און כראָנישע נירען־קראַנקהייט.

וואָס עס פאַסירט אין הארץ איז פאָלגענדעס: אויף די טירלאַך, וואָס געפינען זיך צווישען די פערשיידענע אָפּטיילונגען פון הארץ, ספּע־ציעל אין דער לינקער זייט פון הארץ, ווערט די הויט רויט און געשוואָלען, קליינינקע בערגעלאַך פון צעלען און פערטריקענטעס בלוט בעווייזען זיך אויף די טירלאַך און דאָס שטערט זיי פאָלקאָם צו פערמאַכען ווען דאָס הארץ ציהט זיך צוזאַמען. דורך די שפּאַרונעס, וואָס ווערען דורך דעם געשאַפען, רינט עטוואָס בלוט דורך צוריק צו די טייל פון הארצען, פון וואַנען עס קומט. דאָס הארץ פונקציאָנירט (ארבייט) ניט ווי עס דאַרף זיין.

דער קראַנקער פיהלט קיין עקסטראַ אונאַנגענעהמליכקייט. אויב דאָס פאַסירט אין פערלויף פון דער צייט, וואָס זיינע גלעלענקע זיינען געשוואָ־לען (אין'ם פאַל פון רהומאַטיזם) שטייגט זיין טעמפּעראַטור, ער האָט עט־וואָס מעהר פיבער, אָבער קיינע שמערצען פיהלט ער ניט. דאָס הארץ פאַנגט אָן צו אַרבייטען שווערער אום גוט צו מאַכען דעם פערלוסט, וואָס דער בלוט־שטראָם ליידעט דורך דער אונפאָלקאָמענהייט פון איינע פון די טירלאַך, און פאַר דעם קראַנקען זעלבסט איז אונמעגליך צו וויסען, דאָס זיין הארץ איז אָנגעגריפען. בלויז ווען דער דאָקטאָר הערט זיך צו צום הארץ, געפינט ער אויס, דאָס ניט אַלעס איז אין אָרדענונג. דאָס בלוט,

וואס רינט ארויס דורך די ניט פאלקאם פערמאכטע טירלאך פון הארץ, פעראורזאכט א געוויסען גערויש און לויט דעם כאראקטער פון דיזען גע-רויש און לויט דעם פלאץ פון וואנען עס שיינט צו קומען קען דער דאקטאר פערשטעהן וועלכע טייל פון הארץ עס איז אנגעגריפען.

איז אזא פאל פון הארץ-קראנקהייט געפעהרליך? יע, עס קען פאס-סירען, דאס א טייל פון די אנגעשוואלענע, אנגעוואקסענע בערגלאך אויף די טירלאך פון הארץ זאלען זיך אפרייסען, אין אזא פאל איז די געפאהר זעהר גרויס. דאס אפגעריסענע געוויקס ווערט געטריבען דורך דעם בלוט-שטראם ביז עס בלייבט שטעקען ערגעץ אין א שמאלער בלוט-רעהר און קען ווייטער ניט געהן. די בלוט-רעהר ווערט פערשטאפט, דער בלוט-שטראם צו יענער טייל פון קערפער, וואס פלעגט קריגען בלוט דורך דיזער רעהר, ווערט אפגעשניטען און דער רעזולטאט איז, דאס א קליינע טייל פון קער-פער ווערט פערהונגערט און שטארבט אפ. דאס קען פאסירען אין די לונ-גען, אין די נירען און אויך אין מארך. דער קראנקער קען אויך פון אזא פאל פלוצלינג שטארבען, ניט וויסענדיג אפילו פון וואנען דער שלאק האט איהם געטראפען.

אבער ניט אין אלע פעלע נעהמט אן די קראנקהייט אזא ערנסטע ווענ-דונג. אין די מעהרסטע פעלע ערהאלט זיך דער קראנקער, ניט וויסענדיג אפילו, דאס זיין הארץ איז אנגעגריפען. דאס טירעל פון הארץ, וואס איז אנגעגריפען געווארען פון דער קראנקהייט, בלייבט אונפאלקאם און דער פער-זאן ליידעט פון א כראנישע אונפאלקאמענהייט פון זיין הארץ. דער איינ-ציגער סימן, דאס ער ליידעט פון אזא צושטאנד איז דער הארץ-„מוירמער”, וואס מען קען הערען ווען מען עקזאמענירט זיין הארץ.

## וואס זיינען די אויסזיכטען פון אזא קראנקען?

אויב ער טוט נאר ניט קיין שווערע ארבייט און ער היט זיך אויס פון ערנסטע קראנקהייטען קען ער אזוי אפלעבען אלע זיינע יאהרען און ניט ליידען קיין שום אונאנגענעהמליכקייט פון זיין הארץ. די געפאהר פאר איהם בעשטעהט אבער אין דעם, דאס אונטער געוויסע אומשטענדען, ספע-ציעל ווען אזא פערזאן קריגט אן ערנסטע קראנקהייט, פלאקערט ווידער אויף די ענטצינדונג אין זיין הארץ און די געפאהר איז דאן פיעל גרעסער ווי פריהער.

## קען מען זיך אויסהיטען פון אזא האַרץ־קראַנקהייט?

עס איז ניטאָ קיין שום מיטעל, מיט וועלכען אויף זיכער צו פערהי-
טען איינעם, וואָס ליידעט פון די אויבענאויסגערעכענטע קראַנקהייטען,
ער זאָל ניט קריגען קיין האַרץ־קראַנקהייט. דאָס איז פשוט דערפאַר, ווייל
מיר ווייסען נאָך ניט ווי אַזוי צו קאָנטראָלירען אין'ם קראַנקען'ס קערפער
די מיקראָבען אָדער די גיפטען פון דיזע מיקראָבען, וואָס פעראורזאַכען
רהומאַטיזם, „גאָוט" (פּאָדאַגרא), קאַריא (סעינט וויטוס טאַנץ), שאַרלאַך,
לונגען־ענטצינדונג און ענליכע קראַנקהייטען. מיר ווייסען אָבער דאָס פאָל-
שטענדיגע רוה פון אַ פּערזאָן פערקלענערט די מאָס ארבייט, וואָס דאָס האַרץ
פון אַזאַ פּערזאָן מוז טאָן, און מיט דער פערקלענערטער מאָס ארבייט פון
האַרץ ווערט די געפאַהר, צו וועלכע דאָס האַרץ איז אויסגעזעצט, אויך
קלענער.

אַזאַ פאָרמע פון האַרץ־קראַנקהייט (ענדאָקארדיטיס) קען קומען אין
מענשען פון יעדען עלטער — יונגע און אַלטע, קליינע קינדער און זקנים.
אָבער אַם מערסטען ליידען דערפון יונגע ערוואַקסענע מענשען. אַזעלכע
מענשען זיינען געוועהנליך „וואָיל־יונגעריש" געשטימט, זיי וועלען זיך
אַזוי לייכט ניט אונטערגעבען צו אַ קראַנקהייט, און אַזוי לאַנג ווי זיי פיה-
לען זיך נאָך קרעפטיג גענוג, געהען זיי אַרום בעזאָרגען זייער טעגליכע
אַרבייט און ענטזאַגען זיך צו ליגען אין בעט. זיי בעטראַכטען עס פאַר
אונטער זייער ווירדע צו זיין קראַנק. אָט דערפאַר טאַקע ענטוויקעלט זיך
האַרץ־קראַנקהייט אין אַזאַ גרויסע צאָהל פון דיזע „לייכטע קראַנקהייטען".

יעדער איינער, וואָס ליידעט פון אַ קראַנקהייט, פון וועלכע עס קען
זיך ענטוויקלען האַרץ־קראַנקהייט (און אַזעלכע קראַנקהייטען זיינען כמעט
אַלע, וואָס ווערען פעראורזאַכט פון מיקראָבען), ניט אַכטענדיג ווי און וואָס
פאַר אַ מילדע פאָרמע די קראַנקהייט זאָל ניט זיין, מוזען פערבלייבען צו
בעט פאַר דער צייט, וואָס די קראַנקהייט האַלט אָן און זיך אָנשטרייינגען
אַזוי ווייניג ווי מעגליך. ער דאַרף אויך די גאַנצע צייט שטעהן אונטער
די אויפזיכט פון דאָקטאָר, און אַזוי שנעל ווי דער דאָקטאָר ענטדעקט, אַז
דאָס האַרץ פון קראַנקען איז אָנגעגריפען, אונגעאַכטעט אויף דעם ווי גוט
דער קראַנקער זאָל ניט פיהלען, מוז ער פערבלייבען צו בעט אונטער דער
אויפזיכט פון דאָקטאָר ביז יענער דענקט, דאָס די געפאַהר איז פאַראיבער.

דער זעלבער שטרענגער רעזשים מוז אויך דורכגעפיהרט ווערען אין, א לייכטע ענטצינדונג פון מאנדלען (טאָנסעליטים), וואָס די מעהרסטע מענשען בעטראכטען פאר אזא לייכטע קראנקהייט, וועגען וועלכע עס לוינט זיך גאָר ניט פיעל צייט צו פערלירען. די אָפטע, לייכטע ענטצינדונגען פון די טאונסילס זיינען פעראנטוואָרטליך פאר א גרויסע צאָהל פעלע פון רהומאטיזם און פון הארץ־קראנקהייטען.

די צווייטע פאָרמע פון דיזען סאָרט הארץ־קראנקהייט (ענדאָקאר־דיטים) איז א פיעל ערנסטערע. אויך דיזע קראנקהייט קומט געוועהנליך אין פעלע, וואו מיקראָבען אָדער זייערע גיפטען שווימען ארום אין בלוט. די קראנקהייט איז אויך אָפט א פאָלגע פון עריסיפעלאס (רויז) און גאָנאָריע (א וועגערישע קראנקהייט).

אויך אין אזא פאל ווערען אָפגעזעצט געוויסע בערגלאך (פראָדוקטען פון דער ענטצינדונג פון דער אינערליכער הויט פון הארץ), אויף די טירלאך פון הארץ אָבער אין דיזען פאל זיינען די בערגלאך פיעל גרעסערע און זיי ענטהאלטען אויך מיקראָבען. דיזע בערגלאך רייסען זיך אָפ פיעל אָפטער ווי אין דעם פאל פון דער איינפאכער מילדער פאָרמע פון הארץ־קראנקהייט, וואָס מיר האָבען פריהער בעשריבען, און אויף יעדען פלאץ, וואו דיזע בערגעלאך שטעלען זיך אָפ, ווערען וואונדען. די וואונדען אין הארץ זעלבסט זיינען אויך פיעל טיפער און ערנסטער, ווי אין ערשטען פאל.

, די סימנים פון אזא הארץ־קראנקהייט זיינען זעהר ערנסטע, אָבוואָהל זיי דייטען ניט אָן דירעקט צום הארץ, נאָר צו אן אלגעמיינעם צושטאנד, אין וועלכע, באצילען שווימען ארום אין'ם בלוט און פעראורזאכען פיעל שאָדען.

דיזע הארץ־קראנקהייט איז זעהר געפעהרליך פון צוויי ביז אכט וואָכען צייט און ענדיגט זיך צוזאמען מיט'ן לעבען פון'ם קראנקען. אין מאנכע פעלע קען די קראנקהייט אָנהאלטען איינינע מאָנאטען צייט, אָבער בלויז אין אויסנאהמספעלע בלייבט דער קראנקער לעבען.

וועגען דעם ווי זיך אויסצוהיטען פון דיזער פאָרמע פון דער קראנקהייט קענען מיר ווידער דאָ בלויז ווידערהאָלען וואָס מיר האָבען פריהער געזאָגט וועגען אנדערע פאָרמעם פון הארץ־קראנקהייט.

# כראָנישע האַרץ־קראַנקהייט.

כראָנישע האַרץ=קראַנקהייט קומט געוועהנליך אַלס א פאָלגע פון אַן אַקיוטער, שאַרפער, פאָרמע פון האַרץ=קראַנקהייט. נאָר ווי מיר האָבען שוין פריהער געזעהן קען דיזע שאַרפע אַטאַקע זיין אַזוי מילד, דאָס דער קראַנקער זעלבסט זאָל דערפון ניט וויסען.

אונזער האַרץ האָט אַ גרויסען רעזערוו (סטאָק) ענערגיע, פון וועלכען עס קען מאַכען אַ געברויך ווען נויטיג, און דער קראַנקער געהט ווייטער אָן מיט זיין פריהערדיגען אַרט לעבען, ניט וויסענדיג פון די פערצווייפעלטע אַנשטרענגונגען, וואָס זיין האַרץ מאַכט, ניט צו באַנקראָטירען.

ערשט אין די מיטעלע יאָהרען נאָך אַ לאַנגע צייט פון אַ זעהר אָנגעשטרענגטען לעבען, דערפיהלט אַזאַ מענש, דאָס זיין האַרץ איז צו שוואַך פאַר אַזאַ אָנגעשרענגטען לעבען. ער געהט דאַרום צו אַ דאָקטאָר און וואונדערט זיך, ווען דער דאָקטאָר זאָגט, דאָס דער קראַנקער ליידעט שוין פאַר פיעלע יאָהרען פון אַ קראַנקעס האַרץ, אָדער ווי מען רופט דאָס כראָנישע האַרץ=קראַנקהייט.

די ערשטע און וויכטיגסטע פראַגען, וואָס אַזעלכע פּערזאָנען פרעגען, זיינען: איז דיזע קראַנקהייט לעבענס=געפעהרליך? קען דיזער צושטאַנד קורירט ווערען? וואָס זיינען מיינע אויסזיכטען אויף געזונד צו ווערען?

דיזע פראַגען ווי אויך די אַנדערע פאָרמען פון האַרץ=קראַנקהייט וועלען מיר באַלד בעשפּרעכען.

מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, וואָס פאַר אַ וויכטיגע ראָלע דאָס האַרץ שפּילט אין אונזער קערפּער און וואָס פאַר אַ גרויסער שאָדען עס איז פאַר'ן קערפּער, ווען דאָס האַרץ ווערט קראַנק. מיר האָבען זיך אויך בעקאַנט מיט מאַנכע פון די אַקיוטע פאָרמען פון האַרץ=קראַנקהייטען און מיט די סימנים, וואָס אַזעלכע קראַנקהייטען צייגען.

עס טרעפט אָבער אָפט אַמאָל, דאָס איינער לאָזט זיך אונטערזוכען פון אַ דאָקטאָר פאַר אינשורענס (לעבענס=פערזיכערונג) אָדער צוליב אַן אַנדער אורזאַכע, און צו זיין גרעסטען ערשטוינונג זאָגט איהם דער דאָקטאָר, דאָס ער ליידעט פון אַ כראָנישען האַרץ=קראַנקהייט. סטייטש, וואונדערט זיך דיזער פּערזאָן, איך האָב קיין מאָל ניט געליטען פון האַרץ=וועהטאָג און בין, דאַכט זיך, קיין מאָל קראַנק ניט געוועזן, ווי אַזוי קען זיין, דאָס איך זאָל ליידען פון אַ כראָנישע האַרץ=קראַנקהייט?

א זארגפעליגע נאכפראגע פון דאקטאר צייגט, דאס דער בעטרעפענ-דער פערזאן האט מיט יאהרען צוריק געליטען פון א קראנקהייט, וואס האט דאן אנגעגריפען זיין הארץ, נאר ער האט דאס ביז יעצט ניט געוואוסט. בלויז א דאקטאר דורך אונטערזוכען דעם קראנקען'ס הארץ און הערען ווי אזוי דאס הארץ ארבייט קען אויסגעפינען דעם אמת'ען צושטאנד פון'ם פאציענט'ס הארץ.

איז כראנישע הארץ-קראנקהייט געפעהרליך?

דער ענטפער אויף דיזער פראגע ווענדעט זיך אן דעם פון וואס פאר א סארט קראנקהייט דער פערזאן ליידעט. מיר האבען שוין פריהער גע-זעהן, אז דאס הארץ בעשטעהט פון פיר אפטיילונגען מיט ווענטלאך צווי-שען איין אפטיילונג און דער צווייטער. אן אנגריף פון איין טייל פון הארץ איז ניט גלייך אין ערנסטקייט צו אן אנגריף פון א צווייטען קעמערל פון הארץ.

די הויפט פראגע אין בעשטימען ווי ווייט ערנסט א געוויסער פאל פון הארץ-קראנקהייט איז, איז צו בעשטימען וויפיעל רעזערוו סטאק (זא-פאס) ענערגיע דאס הארץ האט נאך. אונטער נארמאלע צושטענדע האט אונזער הארץ א גרויסען סטאק ענערגיע צו קענען נאכקומען די עקסטרא פאדערונגען פאר בלוט, ווען מיר ארבייטען שווער. ווען א טייל פון'ם הארץ-מעכאניזם ווערט בעשעדיגט און דאס הארץ מוז ארבייטען שווערער אום גוט צו מאכען דעם שאדען, געברויכט דאס הארץ די רעזערוו-ענער-גיע, וואס עס פערמאגט. די הארץ-מוסקולען ווערען גרעסער, דאס גאנצע הארץ ווערט דיקער און גרעסער און ארבייט שווערער.

אויב די פאדערונגען פון קערפער זיינען קליינע און דאס הארץ ווערט ניט געצוואונגען צו מאכען עקסטרא אנשטרענגונגען קען עס אזוי אנגעהן פיעלע יאהרען מיט דער ארבייט און דער פערזאן זאל קיין שום אונאנגע-נעהמליכקייט ניט פיהלען. אויב אבער אזא מענש ארבייט שווער, אדער ער פיהרט זיך אויף אזוי, דאס די הארץ איז געצוואונגען צו פאמפען מעהר בלוט דורך זיינע בלוט-רעהרען און איז דארום געצוואונגען צו ארבייטען שווערער, וועט דער סטאק רעזערוו-ענערגיע זיך שנעל אויסשעפען און דאס הארץ וועט פריהער אדער שפעטער ניט קענען ערפילען די אויפגאבע פון פאמפען בלוט דורך'ן קערפער. אזא פאל פון הארץ-צוזאמענברוך איז זעהר אן ערנסטער.

די ארבייט, וואָס דער מענש טוט, און דאָס ארט לעבען, וואָס ער פיהרט, שפּילט דארום א גרויסע ראָלע אין דער ענטשיידונג פון זיין צו־שטאנד.

א גרויסע ראָלע אין׳ם גאנג פון דער קראנקהייט שפּילט אויך די על־טער פון קראנקען. קינדער קענען וועניגער אויסהאלטען הארץ־קראנקהייט, ווי ערוואקסענע מענשען, ווייל זייער הארץ האָט נאָך ניט אזא גרויסען רעזערוו סטאָק ענערגיע, און אויך ווייל קינדער זיינען מעהר אונטערוואָר־פען דער געפאהר פון קריגען פערשיידענע קראנקהייטען, אין וועלכע דאָס הארץ איז געצוואונגען צו ארבייטען שווערער.

פרויען קענען, ווי עס שיינט, לייכטער אויסהאלטען כראָנישע הארץ־קראנקהייטען, ווי מענער. דאָס איז פילייכט דערפאר, וואָס פרויען פיה־רען אין אלגעמיין א רוהיגערען לעבען ווי מענער און שטרענגען זיך ניט פיעל אָן. שוואנגערשאפט און האָבען קינדער פערשלימערט עטוואָס די לאגע פון דער פרוי, וועלכע ליידעט פון הארץ־קראנקהייט, אָבער אונטער א זאָרגפעלטיגע אויפפּאסונג איז דאָס לעבען פון אזא פרוי אין קיין געפאהר.

עס איז אונמעגליך צו מאכען א פעסטען כלל פאר הארץ־ליידענדע און זאָגען אונטער וועלכע בעדינגונגען די אויסזיכטען פון קראנקען זיינען גוט און אונטער וועלכע בעדינגונגען זיי זיינען ניט אזוי גוט. יעדער קראנ־קער איז א געזעץ פאר זיך, און יעדער קראנקער מוז בעזונדער שטודירט ווערען און בעזונדער בעהאנדעלט ווערען.

איין זאך איז זיכער: דער שאָדען וואָס דאָס הארץ האָט שוין גע־ליטען קען מעהר ניט פערריכט ווערען. וואָס מען קען יע טאָן, איז פער־היטען, דאָס דער שאָדען זאָל זיך ניט פערשפּרייטען און אז דאָס הארץ זאָל ניט אויסשעפּען דאָס לעצטע ביסעל ענערגיע, וואָס עס פערמאָגט און זאָל ניט מוזען באנקראָטירען.

## די בעהאנדלונג פון דער קראנקהייט.

אין דער צייט ווען דאָס הארץ איז נאָך פעהיג גוט צו מאכען דעם שאָדען, וואָס עס האָט געליטען און דער מענש פיהלט נאָך ניט קיינע אונ־אנגענעהמליכקייטען, נויטיגט ער זיך ניט אין קיין שום מעדיצין פאר זיין הארץ.

דיזער פּונקט איז ווערט צו בעטאָנען, ווייל אזוי שנעל ווי א מענש געפינט אויס, דאָס ער ליידעט פון א שוואך הארץ, פאנגט ער אָן ארום־

צוגעהן פון איין דאָקטאָר צום אנדערען, פערלאנגענדיג, בעטענדיג, פאָדערנ-דיג מעדיצין פאר זיין הארץ. פריהער אָדער שפּעטער טרעפט פיליייכט אזא קראנקער א דאָקטאָר, וועלכער לאָזט זיך איבעררעדען פון דעם קראנקען און גיט איהם א מעדיציין און אָפטמאָל ברייננגט אזא מעדיצין מעהר שאָ-דען ווי נוצען.

עס איז דארום ווערט צו ווידערהאָלען, דאָס אין אזא פאָל נויטיגט זיך ניט דער קראנקער אין קיין מעדיצין. אין וואָס ער נויטיגט זיך יע, איז: א שטיל, רוהיג, געלאסען לעבען אָהן אויפרעגונגען, אָהן זאָרג און אָהן פיעל אָנשטרענגונגען. ער טאָר ניט טרינקען קיין שארפע משקאות און טאָר ניט טאָן קיין זאך, וואָס רעגט איהם אויף. עקסערסייז, פיזישע איבונגען מעג ער נעהמען מיט א מאָס, אָבער אזוי שנעל ווי ער דערפיהלט זיך מיד מוז ער זיך אָפּרוהען. טערקישע בעדער און הייסע בעדער אין אַלגעמיין זיינען שעדליך, לעבליכע בעדער דארפען גענומען ווערען יעדען טאָג צו האלטען די הויט ריין און אקטיוו.

ווען דאָס הארץ באנקראָטירט און קען מעהר ניט ארבייטען ווי עס געהער צו זיין, איז די לאגע א גאנץ ערנסטע. אין מאנכע פעלע קומט דער באנקראָט אזוי פּלוצלינג, דאָס דער קראנקער שטארבט שנעל. אין אנדערע פעלע קומט די אטאקע ניט אזוי פּלוצלינג, דער קראנקער ליידעט פון א קורצען אטעם, ספּעציעל ביינאכט און ווען ער מאכט די קלענסטע אָנשטרענ-גונג. ער איז אויך זעהר בלייך און אָפּגעמאָרעט און צייגט אַלע סימנים פון א מענש, וועמעס געזונד עס האלט שנעל אין פערשווינדען. אין א קורצע צייט ארום מוז זיך דער קראנקער לייגען צו בעט און ער קען מעהר ניט אויפשטעהן. אין אזא פאָל ווענדען דאָקטוירים אָן פערשיידענע מע-דיצינען צו שטארקען דאָס הארץ. אין מאנכע פעלע, אָבער ניט אין אַלע, געלינגט עס.

די הארץ־קראנקהייטען, וועלכע מיר האָבען דא בעשריבען, זיינען נאָך ווייט ניט אַלע קראנקהייטען, פון וועלכע דאָס הארץ ליידעט. עס זיינען נאָך דאָ פיעלע אָנשיקענישען, פון וועלכע אונזער אָרים הארץ האָט אויסצושטעהן, אָבער די קראנקהייטען, וועלכע מיר האָבען דערמאָהנט, זיינען די, וואָס פאָדערן די גרעסטע צאָהל קרבנות.

אונזער הארץ ארבייט פיליייכט שווערער ווי אירגענד וועלכער אנדע-רער אָרגאן אין אונזער קערפּער. טאָג ווי נאכט פון דער צייט נאָך איידער מיר ווערען געבאָרען ביז מיר שטארבען האלט דאָס הארץ אין איין ארביי-

טען און איין פּאָמפּען בלוט דורך אונזערע בלוט-רעהרען אום אויפצו-האַלטען אונזער קערפּער-מאַשין אין גוטער אָרדענונג. אונזער הארץ פּראָ-טעסטירט ניט, ווען מיר פערלאַנגען אָפט עקסטרא ארבייט. שטיל און גע-דולדיג ערפילט דאָס הארץ די אויפגאַבע, צו וועלכע עס איז בעשאַפען גע-וואָרען. עס איז דער בעסטער, ארבייטסזאַמער און געטרייסטער שקלאַף, וואָס אונזער קערפּער פערמאָגט.

אָבער אין אונזער אונוויסענהייט נוצען מיר אָפטמאָל אויס דאָס הארץ צופיעל און מיר מוזען דערפאַר טייער בעצאָהלען. דאָס הארץ ווארענט אונז. אויף דער שטומער שפּראַך, וועלכע נאָר דאָקטוירים פערשטעהען, האַלט דאָס הארץ אין איין ווארנען אונז, דאָס מיר זאָלען זיין פּאָרזיכטיג. טאָג ווי נאַכט אונאויפהערליך ווארענט אונז דאָס הארץ און ווען מיר פער-נאַכלעסיגען דאָך צו פאָלגען דיזע ווארנונג איז עס אונזער אייגענע שולד, ווען מיר בעצאָהלען נאַכהער זעהר טייער דערפאַר.

וואָס זשע דאַרף מען טאָן אום אויסצומיידען ערנסטע הארץ-קראַנק-הייטען? מען דאַרף זיך פון צייט צו צייט לאָזען אונטערזוכען פון א דאָקטאָר אום אויסצוגעפינען און פערשטעהן די ווארנונג פון הארץ, מען דאַרף אויך אויספאָלגען די פּאָרשריפטען פון דיזען דאָקטאָר אין בעצוג צום אַרט לעבען, וואָס ער דאַרף פיהרען. בלויז אונטער אזעלכע אומשטענ-דען איז מעגליך בעצייטענס צו ענטדעקען לייכטע הארץ-פעהלערן און פערהיטען עס זאָל זיך דערפון ניט ענטוויקלען קיין ערנסטע קראַנקהייט.



# קאנסער (ראק, קרעבס).

אכטציג טויזענד מענשען שטארבען יעדען יאהר אין די פעראייניג־טע שטאאטען פון קאנסער. איינער פון יעדע פערצעהן מענער, פון פערציג יאהר אין עלטער, איינע פון אכט פרויען פון זעלבען עלטער שטארבט פון דיזער מערקווירדיגער אונפערשטענדליכער קראנקהייט.

קאנסער אדער „ראק" אטאקירט מעהרסטענס עלטערע מענשען, און צווישען דיזע פאדערט זי מעהר קרבנות ווי טובערקולאזיס אדער לונגען־ענט־ציננדונג. נאכמער, ווערענד די צאל שווינדזיכטיגע ווערען פערהעלטניסמעסיג קלענער מיט יעדען יאהר, א דאנק דעם, וואס די בעדינגונגען, אונטער וועל־כע מיר לעבען, ווערען כסדר פערבעסערט, וואקסט אין דער זעלבער צייט די צאהל קאנסער־קרבנות און ווערט מיט יעדען יאהר גרעסער.

קאנסער איז איינע פון די שרעקליכסטע קראנקהייטען, פון וועלכע מענשען ליידען. זי עקזיסטירט אין יעדען לאנד, זי גרייפט אן מענשען פון יעדע ראסע, פון יעדער נאציאן, אין יעדען ווינקעלע פון ערד־קוגעל. זי שרעקט זיך ניט אפ פאר רייכע און האט קיין רחמנות ניט אויף ארימע. און אזוי שנעל, ווי זי האט זיך פעסט בעזעצט אין מענשליכען קערפער, זיינען מיר אבסאלוט אונמעכטיג זי צו בעזיגען. די איינציגע האפענונג אויף צו רעטען דעם קרבן פון קאנסער איז אויסצושניידען דעם קראנקען פלאץ צוזאמען מיט א גרויסען טייל פון געזונדען קערפער ארום דעם פלאץ, וואו דער קאנסער האט אנגעפאנגען צו וואקסען.

דאס מוז אבער געטאן ווערען אזוי שנעל ווי די קראנקהייט פאנגט זיך נאר אן צו ענטוויקלען. ווען עס בעווייזען זיך שוין אונצווייפעלהאפטע סימנים, דאס א קאנסער עקזיסטירט איז שוין געוועהנליך צו שפעט פאר אן אפעראציאן.

## וואס פאר א סארט קראנקהייט איז קאנסער?

פערשיידענע קינדישע מיינונגען געהען ארום צווישען עולם וועגען דיזער ווענינ פערשטאנענער קראנקהייט.

מאנכע גלויבען, אז דאס איז א לעבעדיגער ראק (קרעבס), וואס פאנגט אָן וואקסען איין קערפער. אנדערע, ווידער, וואס האבען געהערט, דאס מאנכעס מאל איז א קאנסער ניט זעהר לעבענס=געפעהרליך, ווערענד אַן אנדערש מאל איז די קראנקהייט יע לעבענס=געפעהרליך, האבען זיך אויס-געארבייט א טעאריע, דאס עס זיינען דא מענליכע און ווייבליכע קאנסערס, און בלויז די ווייבליכע קאנסער זיינען געפעהרליך. עס איז דאכט זיך איבעריג צו זאגען, אז דאס זיינען אלץ קינדישע מעשיות, וואס האבען קיין שום פראקטישען ווערט.

## וואס זשע איז א קאנסער?

א קאנסער איז אן אבנארמאלע געוויקס פון צעלען אין א פלאץ פון קערפער, וואו זיי בעלאנגען ניט.

פונקט ווי א געביידע בעשטעהט פון פיעלע ציגעל צוזאמענגעשטעלט אין א געוויסער ארדענונג, אזוי בעשטעהט אונזער קערפער פון אונצעהליגע צעלען. דיזע צעלען אונטערשיידען זיך זעהר פיעל איינע פון די אנדערע לויט דעם טייל פון קערפער, וואס זיי שטעלען צוזאמען און לויט דער פונקציאן, וואס זיי האבען צו ערפילען.

די צעלען, וואס שטעלען צוזאמען אונזערע מוסקולען, האבען א גע-וויסע פארמע, וויל זיי ערפילען א געוויסע אויפגאבע. זייער ארבייט איז צו בעוועגען אונזערע ביינער לויט די ארדערס, וואס זיי קריגען פון די נערוון. די זעלבע אויפגאבע אין עטוואס א געענדערטער פארמע האָ-בען די מוסקולען פון הארץ און די מוסקולען פון מאגען און די קישקעס. אבוואהל דיזע בעוועגען ניט קיין ביינער איז אבער זייער אויפגאבע אויך שטענדיג זיך צוזאמענצוציהען און אויסצוציהען. די פארמע פון די מוס-קול צעלע איז דארום אזא, וואס מאכט מעגליך פאר איהר צו ערפילען איהר אויפגאבע.

א געוויסע גרופע צעלען שטעלען צוזאמען אונזער נערוון סיסטעם. די פונקציאן פון די נערוון קען פערגליכען ווערען מיט דער פונקציאן פון

אַ טעלעגראַפען־סיסטעם. אַ נערוו־צעלע בעשטעהט דארום פון אַ „צענט־ראַלער סטאַנציע" און פיעלע „דראַטען", וואָס פערשפּרייטען זיך אין פער־שיידענע ריכטונגען.

די צעלען פון לעבער האָבען אַ גאַנץ אַנדער אויפגאַבע צו ערפילען. די צעלען פון די ביינער אַן אַנדער אויפגאַבע, די פעט־צעלען, הויט־צעלען, בלוט־צעלען, נירען־צעלען, יעדע פון זיי האָבען אַן אַנדער מיסיאָן צו ערפילען און זייער פאָרמע ווענדעט זיך אָן דיזער אויפגאַבע.

אזוי לאַנג ווי אונזער קערפּער לעבט האָבען די צעלען פון אונזערע פערשיידענע אָרגאַנען צוויי סאָרטען טעטיגקייט: וואקסען אָדער אויפ־האַלטען די גאַנצקייט פון זייערע קליינע קערפּערלאַך און טאָן די בעשטימ־טע אַרבייט, צו וועלכע זיי זיינען בעשאַפען.

ווען דאָס קינד פאַנגט זיך נאָר וואָס אָן צו ענטוויקלען אין דער מו־טער'ס בויך, פאַרשווענדען די צעלען זייער גאַנצע ענערגיע אויף צו וואַק־סען און צו פערמעהרען זיך. שפּעטער, אין פערלויף פון אונזער זעלבסט־שטענדיגעם לעבען, פערשווענדען די צעלען זייער ענערגיע אויף צו וואַקסען און צו ערפילען זייערע פונקציאָנען. און ווען מיר הערען אויף צו וואַק־סען, ווען מיר זיינען אַרום 25 יאָהר אַלט, ווערט בלויז אַ קליינע טייל פון די קערפּער ענערגיע פערשווענדעט אויף צו פעררעכטען די אָפּגענוצטע טיי־לען פון די צעלען, די גאַנצע איבעריגע ענערגיע פערשווענדען די צעלען אויף צו טאָן זייער אַרבייט.

פּאַסירט אָבער, דאָס מאַנכע צעלען פון אַ געוויסען טייל פון קערפּער פאַנגען פּלוצלינג אָן צו וואַקסען „משוגענער־ווייז". זיי פערלירען אין גאַנ־צען די פעהיגקייט צו טאָן אַ געוויסע אַרבייט, ערפילען אַ געוויסע פונק־ציאָן. אַלעס וואָס זיי טוען איז וואַקסען און פערמעהרען זיך זעהר שנעל. אָט דיזער געוויקס ווערט אָנגערופען קאַנסער.

די קאַנסער־צעלען פערניכטען ביסלעכווייז און פרעסען אויף די גע־זונדע טיילען פון קערפּער, אין וועלכע זיי וואַקסען. טיילען פון קאַנסער רייסען זיך אויף אָפּ און ווערען פערטראָגען אין אַנדערע טיילען פון קער־פּער און פאַנגען דאָרטען אָן זיך צו ענטוויקלען. אין אַ גאַנץ קורצע צייט זיינען די וויכטיגסטע אָרגאַנען פון קערפּער אזוי שטאַרק בעשעדיגט, דאָס דער גאַנצער קערפּער־מעכאַניזם געהט צו גרונדע — דער מענש שטאַרבט.

אָבער ניט אזוי לייכט קומט דער טויט אַלס ערלייזער צו דעם קאַנ־סער־קרבן. דער קראַנקער מוטשעט זיך גענוג אָן, ער ליידעט שרעקליכע

שמערצען און ניט נאָר ער אליין, נאָר זיינע נאָהענטסטע און טייערסט'ע בעטען דער טויט זאָל וואָס שנעלער קומען און מאַכען אַן ענדע צו די ליי-דען פון'ם אונגליקליכען.

## פערשיידענע פארמען פון קאנסער?

ניט אַלע קאַנסערס זיינען גלייך. זייער כאַראַקטער און זייער שעד-ליכקייט ווענדעט זיך אָן דעם צו זיי וואַקסען שנעל אָדער לאַנגזאַם, אין וועלכע טייל פון קערפּער זיי געפינען זיך, וועלכע טייל פון קערפּער זיי אַטאַקירען צוערשט און ווי שנעל זיי פערשפּרייטען זיך צו אַנדערע טיילען פון קערפּער.

אַ קאַנסער אויף דער הויט (וואָס ווערט אָנגערופען „עפּיטעליאָמאַ") וואַקסט זעהר לאַנגזאַם. ער פאַנגט זיך אָן געוועהנליך אַלס אַ קליינער „פּימפּעל", אָדער אַ בראָדעוועקע, אויף אַ באַק, פונקט אונטער'ן אויג, אויף אַן אויגען-דעקעל אָדער אויף אַ ליפּ. דיזע בראָדעוועקע, אָדער „פּימפּער", אָדער לייכטע וואונד, פערהיילט זיך ניט אַזוי לייכט און בלוטעט פיעל יע-דעס מאָל ווען מען בעשעדיגט עס. מאַנאַטען און יאָהרען געהען אָפט פאַר-איבער איידער פון דיזע בראָדעוועקע ווערט אַ וואונד, וואָס פערשפּרייט זיך און ווערט וואָס אַמאָל אַלץ גרעסער און גרעסער. דער קראַנקער געפינט דאַן אויס, דאָס ער ליידעט פון אַ קאַנסער.

די גרעסטע צאָהל קרבנות פון קאַנסער, ספּעציעל צווישען מענער, ליידען פון קאַנסער אויף'ן מאָגען. אַזעלכע מענשען זיינען געוועהנליך מי-טעליעהריגע, אָבוואָהל פון צייט צו צייט געפינט מען אויך אַ קרבן פון קאַנ-סער, וואָס איז נאָך גאַנץ יונג. דער קראַנקער צייגט געוויסע סימנים פון מאָגען-קראַנקהייט, „דיספּעפּסיאַ", אָדער ער האָט פריהער געליטען פון אַן „אָלסער" (וואונד) אויף'ן מאָגען.

אַזאַ קראַנקער פערלירט שנעל פיעל געוויכט, ברעכט אָפט און ווען מען פּאָמפּעט אויס זיין מאָגען און מען אונטערזוכט וואָס דאָרטען טוט זיך, געפינט מען געוויסע סימנים, וואָס צייגען אויף דער עקזיסטענץ פון אַ קאַנסער. אַ קאַנסער אויף'ן מאָגען איז זעהר אַ געפעהרליכע פאָרמע פון קאַנסער און עס טויטעט די קרבנות אָפטמאָל אין ווייניגער ווי אַ יאָהר צייט.

קאַנסער אין דער געבעהרמוטער טרעפט מען ביי מיטעליעהריגע פרוי-ען, ספּעציעל ביי אַזעלכע, וועלכע האָבען געהאַט צו אייניגע קינדער. די

קראַנקהייט ציינט זיך געוועהנליך נאָך דער „מענאָפּאָוז" (ווען די פרוי הערט שוין אויף צו האָבען איהר מאָנאַטליכען פלוס). אין אַזאַ צייט, אויב די פרוי בלוטעט אָפט אָדער האָט אַן אונרעגעלמעסיגען פלוס, פון וועלכען עס הערט זיך אַן אואַנגענעהמער גערוך, מוז זי זיך גלייך לאָזען אונטערזוכען פון אַ דאָקטאָר אום אויסצוגעפינען אויב זי ליידעט ניט פון קאַנסער.

אַ קאַנסער אויף דער ברוסט קען פּאַסירען אין מענער פונקט ווי אין פרויען. אָבער מעהרסטענס פּאַסירט עס אין פרויען, וואָס זיינען צווישען פינף און דרייסיג און פערציג יאָהר אַלט. עס פאַנגט זיך אָן ווי אַן איינ־פאַכע גוליע, אָדער פערהאַרטעוועטער פּלאַץ אין איינע פון די בריסט און איז אין אָנפאַנג שמערצלאָז. יעדע מיטעליעהריגע פרוי, וואָס ליידעט פון אַזאַ גוליע, מוז גלייך געהן צו אַ דאָקטאָר.

עס זיינען אויך דאָ אַזעלכע קאַנסערס, וואָס ווערען בעצייכענט מיט'ן נאָמען „סאַרקאָמאַ". דיזע קאַנסער גרייפען אָן מענשען פון יעדען עלטער, פון קליינע קינדער ביז זקנים. זיי גרייפען אָן אירגענד וועלכען טייל פון קערפּער: די ביינער, מוסקולען, הויט, בויך, לונגען און זאָגאַר דעם מאַרך. סאַרקאָמאַס פערשפּרייטען זיך דורך דער בלוט צירקולאַציאָן. שטיקלאַך פון דיזע קאַנסערס פרעסען דורך די ווענד פון די בלוט־רעהרען און דער בלוט־שטראָם פערטראָגט זיי דאַן צו פערשיידענע טיילען פון קערפּער.

פון וואַנען קאַנסער נעהמט זיך, פאַרוואָס געוויסע צעלען פון קער־פּער זאָלען פּלוצלינג אָנפאַנגען צו וואַקסען „משוגענער־ווייז" און זאָלען אַזוי שנעל פערניכטען זייער קרבן, דאָס ווייסען מיר ניט, און טאַקע דאַרום איז אַזוי שווער צו געפינען אַ הייל־מיטעל געגען קאַנסער.

לויט אונזער יעצטיגען וויסען אָבער, ווערט קאַנסער ניט פעראור־זאַכט פון באַצילען, ווי צום ביישפּיל טובערקולאָזיס, ניומאָניאַ, און עהנ־ליכע קראַנקהייטען. קאַנסער איז דאַרום ניט אַנשטעקענד, דאָס הייסט איהר קענט זיך ניט אָננעהמען פון דער קראַנקהייט ווען איהר ריהרט זיך אָן אָן איינעם, וואָס ליידעט פון קאַנסער, און דאַרפט זיך דאַרום ניט היטען פון דיזע אונגליקליכע, ווי עס איז דער פאַל מיט שווינדזיכטיגע.

קאַנסער געהט ניט איבער בירושה, און ווען איין מיטגליד פון אַ פאַמיליע ליידעט פון אַ ראַק איז נאָך קיין סימן ניט, דאָס אויך די אַנ־דערע מיטגלידער פון דער זעלבער פאַמיליע ליידען פון דיזער קראַנקהייט. פיעלע פאָרשער האָבען געזוכט צו בעווייזען, דאָס קאַנסער געהט יע איבער בירושה, אָבער ביז יעצט איז דאָס זיי נאָך ניט געלונגען.

ווען אייניגע מיטגלידער פון דער זעלבער משפחה ליידען פון קאַנסער איז עס בלויז אַ צופאַל, פונקט ווי עס קען אַמאָל פּאַסירען, דאָס צוויי מיטגלידער פון דער זעלבער פאַמיליע זאָלען איבערגעפאָהרען ווערען פון אויטאָמאָבילס, אָדער פאַלען און זיך בעשעדיגען.

וועהרענד די קראַנקהייטען, וואָס ווערען פעראורזאַכט פון באַצילען אַטאַקירען מעהרסטענס בלויז אַזעלכע מענשען, וואָס זיינען קראַנק, אָבגעשוואַכט,ווענענס ווידערשטאַנדסקראַפט עס קען ניט ביישטעהן דעם אָנגריף פון די באַצילען, אַטאַקירט די קאַנסער־קראַנקהייט אויך גאַנץ־געזונדע מענשען. און קיינער קען זיך ניט בעוואָרענען געגען דיזער מערקווירדיגער אונפערשטענדליכער קראַנקהייט.

יעדער, וואָס טרעט אריבער דעם שוועל פון מיטעליעהריגקייט, קען אַטאַקירט ווערען פון קאַנסער און ער מוז דאַרום זעהר פאָרזיכטיג זיין צו שטעלען זיך אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר אַזוי שנעל ווי ער בעמערקט די ערשטע סימנים פון דיזער קראַנקהייט.

## די סימנים פון קאַנסער.

און וואָס זיינען די סימנים פון קאַנסער? ליידער זיינען די ערשטע סימנים פון דיזער קראַנקהייט זעהר אונדייטליך, און דער גאַנג פון איהר ענטוויקלונג איז אַזוי שנעל, דאָס ווען דער פּאַציענט צעגערט צו לאַנג צו געהן צום דאָקטאָר, אָדער דער דאָקטאָר צעגערט צו לאַנג איידער ער בעשליסט, דאָס ער האָט פאַר זיך אַ קאַנסער־קיים איז די קראַנקהייט שוין צו וויט פערגאַנגען.

ווען אַ קאַנסער־געוויקס פאַנגט זיך אָן צו ענטוויקלען אויף דער צונג, ליפּ, אָדער ברוסט איז עס נאָך לייכט צו בעמערקען און די אונאַנגענעהמליכקייט, וואָס דער פּאַציענט ליידעט, טרייבט איהם געוועהנליך שנעל צום דאָקטאָר. ווען די געוויקס איז אויף אַן אויסערליכען טייל פון קערפּער איז אויך פאַר אַ גוטען דאָקטאָר פערהעלטניסמעסיג ניט שווער צו בעשטימען, אויב דאָס איז אַ קאַנסער אָדער ניט.

אַנדערש איז אָבער דער פאַל, ווען דער קאַנסער איז אין מאָגען, אָדער אין איינעם פון די אַנדערע אינערליכע אָרגאַנען פון קערפּער. אויסערליך קען מען דאַן דעם קאַנסער ניט זעהן, און ליידער קומען ניט די שמערצען פריה גענוג צו קענען וואַרנען דעם אונגליקליכען פון דער גרויסער געפאַהר, וואָס איהם שטעהט פאָר.

פון וואַנען זשע זאָל איינער וויסען, דאָס ער איז אין געפאַהר צו קריגען קאַנסער? פון וואַנען זאָל ער וויסען, ווען ער דאַרף געהן צו אַ דאָקטאָר?

יעדער מיטעליעהריגער מענש, פון פערציג יאָהר און עלטער, וועם ליידעט פון זיין מאָגען, פערלירט געוויכט און ליידעט פון בלייכזוכט, מוז גלייך געהן צו אַ קאָמפּעטענטען דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט געוויסע מיטלען, דורך וועלכע ער קען אויסגעפינען, אויב דער קראַנקער ליידעט פון קאַנסער אָדער אַן אַנדער קראַנקהייט. און אין פאַל דער דאָקטאָר האָט אַ שטאַרקען פערדאַכט און קען ניט גענוי בעשטימען פון אַן אויסערליכע אונ־טערזוכונג צו דאָס איז קאַנסער אָדער ניט, מוז דער פּאַציענט צושטימען צו אַן „אונטערזוכונגס־אָפּעראַציאָן”, וואָס איז דאָס איינציגע זיכערע מי־טעל צו בעשטימען אויף זיכער די נאַטור פון דער קראַנקהייט.

יעדע פרוי פון מיטעלען עלטער, וואָס דערפיהלט אַ „גוליע” אין איי־נע פון איהרע בריסט, מוז גלייך געהן צו אַ דאָקטאָר אום אויסצוגעפינען, וואָס דיזע „גוליע” איז. מענער ליידען מעהר פון קאַנסער אין מאָגען. ביי פרויען פאַנגט קאַנסער זיך צוערשט אָן ענטוויקלען אין אַ ברוסט.

יעדע פרוי, וואָס בלוטעט אין צייט פון דער „ענדערונגס־פּעריאָדע אין לעבען”, מוז זיך לאָזען אונטערזוכען פון אַ קאָמפּעטענטען דאָקטאָר. יעדער מיטעליעהריגער פערזאָן מוז פון צייט צו צייט זיך לאָזען אונטערזוכען פון אַ דאָקטאָר. בלויז דורך אַזעלכע רעגעלמעסיגע אונטערזוכונגען קען מען האָפען צו ענטדעקען קאַנסער אין די ערשטע שטופען פון דער ענט־וויקלונג פון דיזער קראַנקהייט.

און פאַרגעסט ניט, אַז דורך אַן אָפּעראַציאָן, וואָס ווערט געמאַכט פריה גע־נוג קען דער קאַנסער פאָלשטענדיג אויסגעשניטען ווערען און דער קערפּער ווערט געראַטעוועט פון אַ שרעקליכער קראַנקהייט. אָהן אַן אָפּעראַציאָן איז קאַנסער אונהיילבאַר, און אַ שפּעטע אָפּעראַציאָן האָט שוין געוועהנליך קיין ווערט ניט, ווייל די קאַנסער־צעלען האָבען זיך שוין פער־שפּרייט איבער אַנדערע טיילען פון קערפּער.

ראַדיום און עקס־שטראַהלען ווערען געברויכט אין מאַנכע פעלע פון קאַנסער, אָבער פאָרלויפיג האָט די ערפאַהרונג געוויזען, אַז דאָס מעסער איז די איינציגע זיכערע רפואה.

וואָס אנבעלאַנגט מעדיצינען זיינען אזעלכע ניטאָ פאַר קאַנסער. **יע-דער**, וואָס פערזיכערט, דאָס ער קען היילען קאַנסער מיט א מעדיצין, **זוכט** בלויז צו מאַכען געלט פון'ם אונגליק פון אַנדערע. פון די **טויזענדע און** טויזענדע עקספערימענטען, וואָס מען האָט געמאַכט מיט **פערשיידענע הייל**-מיטלען, האָט מען נאָך פאַרלויפיג ניט געפונען קיין **איינציגע מעדיצין, וואָס** זאָל קענען בעקעמפען **דיזע אונפערשטענדליכע און העכסט געפעהרליכע** קראַנקהייט.



# שלום.

## דער זיכערסטער וועג ווי זיך אויסצוהיטען פון ערנסטע קראנקהייטען.

דער מענשליכער קערפער איז א וואונדערבארע און אין דער זעלבער צייט א העכסט דעליקאטנע מאשין. פאר יעדען פון אונז איז זיין מאשין די טייערסטע זאך, וואס ער פערמאגט אין זיין לעבען. די מעהרסטע פון אונז ווייסען גאר ניט פון'ם מעכאניזם פון דיזער מאשין אדער פון די גע-זעצע, וואס רעגולירען איהר ארבייט. א גאנץ וועניגע צאהל מענשען ווייסען עטוואס פון דעם.

און יעדער פון אונז, אונוויסענד ווי ער איז אין דיזער הינזיכט, איז פאלשטענדיגער בעל הבית איבער זיין מאשין. ער שפילט די ראלע פון א מאשיניסט און בעגעהט פעהלערן, וואס זיינען זעהר שווער, אויב ניט אונ-מעגליך צו פערריכטען.

מיט א קלייננער צאהל אויסנאהמען ווערען אלע מענשען געבארען גע-זונד. דער מענשליכער קערפער, איידער ער ווערט געבארען אויף דיזער וועלט, ווערט גוט רעגולירט, יעדער טייל פון קערפער ארבייט ווי עס דארף צו זיין און אין הארמאני מיט אלע אנדערע טיילען פון קערפער.

מיר פאנגען דארום אן אונזער לעבען מיט א געזונדען קערפער, און וואלטען מיר נאר געוואוסט ווא אויף איהם אכטונג צו געבען, און וואלטען מיר נאר געטאן וואס פאר דעם קערפער איז נויטיג און ניט געטאן וואס פאר אונזער קערפער איז שעדליך, וואלטען גאנץ וועניג קראנקהייטען עק-זיסטירט אויף דער וועלט.

אבער ליידער ווייסען ניט די מעהרסטע מענשען ווי זיך צו פיהרען און, וואס איז נאך ערגער, זיי אינטערעסירען זיך זאגאר ניט דאס אויסצו-געפינען.

שטעלט זיך פאָר א פאַל, וואו איינער מוז פלוצלינג אוועקוואַרפען זיין בעשעפטיגונג, וואָס דיזע בעשעפטיגונג זאָל ניט זיין, און ווערען אַ געשעפטס-מאַן. וויפיעל ער פערמאָגט נאָר, וויפיעל ער קען נאָר צונויפבאָרגען, וויפיעל ער קען נאָר קריגען פאר דעם ביסעל צירונג, וואָס ער פערמאָגט, זיין גאַנצעס האָב און גוטס לעגט ער אַריין אין זיין געשעפט, און אויב ער זאָל דאָ ניט מאַכען קיין ערפאָלג וועט איהם אויסקומען כאָטש פון הונגער צו שטארבען.

שטעלט זיך אויך פאָר, דאָס מיט די פרייזען פון די איינצעלנע אַרטיקלען אין זיין געשעפט איז אונזער געשעפטסמאַן ניט בעקאַנט. ער פערלאַנגט פאר יעדען ארטיקעל וויפיעל איהם פאַלט איין צו זאָגען און ער פערקויפט פאר וויפיעל די קונים גיבען. אויף אַזא אופן פיהרט ער אָן זיין געשעפט טעג, וואָכען און מאָנאַטען, ניט וויסענדיג צו ער פערדינט אָדער ער דערלעגט געלד צו די סחורה, וואָס ער פערקויפט. ווי לאַנג, דענקט איהר, וואָלט אַזא סוחר געקענט אָנגעהן מיט אַזא סאָרט האַנדלען איידער ער וואָלט באַנקראָטירט?

עס, נאַרישקייטען, וועט איהר זאָגען. קיין מענש, וואָס איז ביים קלאָרען זינען, וועט אַזוי ניט האַנדלען. יעדער מענש, וואָס איז נאָר ניט האָפנונגסלאָז משוגע, וואָלט אין אַזא פאַל זיך צוערשט בעקאַנט מיט די פרייזען פון זיין סחורה, ער וואָלט געפיהרט אַ גענויען רעכענונג פון זיינע איינגאַהמען און אויסגאַבען, און פון צייט צו צייט וואָלט ער געמאַכט אַן „אינוועטאַר” צו וויסען גענוי דעם צושטאַנד פון זיין געשעפט, צו ער פערדינט אָדער דערלעגט געלט. און אויב ער אַליין וואָלט געווען אונפעהיג דאָס צו טאָן, וואָלט ער זיכער געדונגען אַ פעהיגען בוכהאַלטער, וואָס זאָל דאָס טאָן פאר איהם. קיין מענש וואָלט ניט געווען אַזוי משוגע צו פיהרען זיין געשעפט אָהן אַ טאָלק און אָהן אַ רעכענונג.

אמת, דאָרט, וואו עס האַנדעלט זיך אום איניגע דאָלאַרס פערדינסט, וועלען מענשען טאַקע ניט האַנדלען אַזוי נאַריש. אָבער האַנדלען זיי דען ניט פונקט אַזוי נאַריש אין בעצוג צו זייער געזונד?

בעטראַכט אונזער קערפּער אַלס אַ געשעפט. אין דיזעס געשעפטס-אונטערנעהמונג האָבען מיר אַריינגעלעגט ניט נאָר אונזער גאַנצעס פערמעגען, נאָר אויך אונזער לעבען. אויב דיזער געשעפט האָט געוויסע איינגאַהמען און געוויסע אויסגאַבען, און אין דעם ערפאָלג פון דיזער אונטערנעהמונג ווענדעט זיך אונזער געזונד און אונזער לעבען.

און דאָך וויפיעל מענשען אינטערעסירען זיך אויסצוגעפינען, אויב די איינגאַהמען פון זייער קערפער דעקען די אויסגאַבען, אויב זייער קערפער קריגט אַלעס אין וואָס ער נויטיגט זיך און אין אַ ריכטיגע מאָס, אויב זייער געזונד ווערט אויפגעהאַלטען אָדער ווערט לאַנגזאַם אונטערגעגראָבען.

די מעהרסטע מענשען האַנדלען אין בעצוג צו זייער קערפער פונקט, ווי דער געשעפטסמאַן אין אונזער ביישפיל, וועלכער פיהרט זיין געשעפט אָהן אַ טאָלק און אָהן אַ רעכענונג, און ערשט ווען זיי ווערען קראַנק, ווען זייער געזונד באַנקראָטירט, לויפען זיי צו אַ דאָקטאָר ער זאָל זיי געזונד מאַכען.

הונדערטע טויזענדע מענשען ליידען פון כראָנישע האַרץ־קראַנקהייט און נירען־קראַנקהייט און ווייסען גאָר ניט דערפון. זייער געזונד ווערט לאַנגזאַם אונטערגעגראָבען און אַזוי לאַנג ווי זיי דערפיהלען ניט קיין שמערצען האָבען זיי גאָר קיין אָהנונג ניט, דאָס זייער וויכטיגסטער געשעפט געהט צו גרונדע. די צאָהל פון אַזעלכע מענשען פערגרעסערט זיך מיט אַן אונגעהייערע שנעלקייט פון יאָהר צו יאָהר.

ווען איהר זאָלט זאָגען אַ געשעפטסמאַן, ער זאָל ניט פיהרען קיין גענויען רעכענונג וועגען זיינע איינגאַהמען און אויסגאַבען, ער זאָל לאָזען זיין געשעפט געהן אויף „גאָט'ס בעראָט", און ערשט דאַן ווען ער וועט זיך דערוויסען, דאָס עס פעהלט איהם געלד אָדער ווען ער איז אין גאַנצען באַנקראָט, זאָל ער דינגען אַ בוכהאַלטער אויף דורכצוקוקען זיינע געשעפטסביכער, וועט ער אייך זיכער בעטראַכטען פאַר אַ משוגענעם, וועמעס ריכטיגער פלאַץ איז אין אַ משוגעים הויז. און דאָך האַנדעלט דער זעלבער קלוגער געשעפטסמאַן פונקט אַזוי מיט זיין געזונד, און ער בעטראַכט אייך פאַר חסר דעה (משוגע), אויב איהר ראָט זיך צו לאָזען פון צייט צו צייט אונטערזוכען פון אַ דאָקטאָר און ניט וואַרטען ביז זיין געזונד באַנקראָטירט, דאָס הייסט ביז ער ווערט קראַנק.

יעדער פערשטענדיגער געשעפטסמאַן, יעדער מענש מיט עטוואָס שכל, וועט אייך זאָגען, דאָס דער זיכערסטער וועג ווי אַזוי צו פערהיטען אַ געשעפט פון באַנקראָטירען, איז ערשטענס צו פיהרען אַ גענויען רעכענונג פון אַלע איינגאַהמען און אויסגאַבען, און זעהן, דאָס די איינגאַהמען זאָלען אַלע מאָל זיין גענוג צו דעקען די אויסגאַבען, אָדער די אויסגאַבען זאָלען זיין קליין גענוג ניט אַריבערצושטייגען די איינגאַהמען, און צווייטענס דאָה

מען פון צייט צו צייט מאַכען אַן „אינוועטאַר״, איבערקוקען דעם גאַנצען סטאָק סחורה, און זעהן ווי דאָס געשעפט האַלט.

דאָס זעלבע איז אמת אויך וועגען אונזער קערפּער. דער זיכערסטער וועג ווי אויסצומיידען אַ קערפּערליכען באַנקראָט, דאָס הייסט קראַנקהייטען איז, ערשטענס צו ווערען בעקאַנט אויף וויפיעל נאָר מעגליך מיט די פערשיידענע פאָדערונגען פון קערפּער און זעהן, דאָס דיזע פאָדערונגען זאָלען בעפרידיגט ווערען, און צווייטענס צו לאָזען זיך אונטערזוכען פון צייט צו צייט פון אַ דאָקטאָר, אום אויסצוגעפינען צו דער קערפּער איז פאָלקאָם געזונד, אָדער אירגענד וועלכע טייל פון קערפּער איז עטוואָס ניט ווי עס דאַרף זיין.

ניט אַלע מענשען קענען דורכפיהרען די ערשטע אויפגאַבע, אָבער אַלע קענען דורכפיהרען די צווייטע — די פּעריאָדישע אונטערזוכונגען פון אַ דאָקטאָר.

כמעט יעדער מיטעל־יעהריגער מענש האָט עטוואָס אין זיין קערפּער, וואָס איז ניט ווי עס דאַרף צו זיין. און פון לייכטע אונרעגעלמעסיגקייטען ענטוויקלען זיך אָפט ערנסטע קראַנקהייטען. עס איז זעלטען צו געפינען אַ פאָלקאָם געזונדען מענשען אין די מיטעלע יאָהרען, און די מעהרסטע קראַנקהייטען, אפילו די גאַנץ ערנסטע, קענען פערהיט ווערען, ווען מען פערכאַפּט זיי נאָר בעצייטענס. און דורך פּעריאָדישע אונטערזוכונגען פון אַ דאָקטאָר קען מען אָפט מאָל ענטדעקען קראַנקהייטען נאָך איידער זיי זיינען אַזוי ווייט ענטוויקעלט, דאָס דער פּאַציענט זעלבסט קען זיי פיהלען.

דאָס געלד, וואָס אַזעלכע דאָקטאָר־אונטערזוכונגען דאַרף קאָסטען, דאַרף ניט פערעכענט ווערען אַלס איין אויסגאַבע, נאָר אַלס אַן „אינוועסטמענט״. די „דיווידענדס״ פון אַזאַ „אינוועסטמענט״ זיינען וועניגער טעג אָדער וואָכען קראַנק זיין און פיליכט אויך מאָנאַטען אָדער יאָהרען מעהר לעבען.

פאַר די מעהרסטע מענשען קוקט עס אויס ווילד צו צאָהלען אַ דאָקטאָר געלד פאַר אַן אונטערזוכונג, ווען זיי פיהלען זיך ניט קראַנק. זיי זיינען ניט געוואוינט דערצו, אָבער די זעלבע מענשען, אויב זיי האָבען אַ געשעפט, האַלטען זיי אַ בוכהאַלטער און צאָהלען גאַנץ גערן געלד צו מאַכען כאָטש איין מאָל אין יאָהר אַן אינווענטאַר אום צו זעהן ווי דאָס געשעפט האַלט.

דער בוכהאַלטער ברייגגט דאָך קיין זאַך ניט אַריין אין געשעפט, ער העלפט בלויז צו האַלטען די רעכענונגען אין אָרדענונג. און דאָך וועט קיי-

נער, אפילו ניט קיין געשעפטסמאן ניט לייקענען, דאָס פאַר יעדען געשעפטס-מאַן לוינט זיך צו בעשעפטיגען א בוכהאלטער.

איז דאָס געזונד און דאָס לעבען ווענינער וויכטיג ווי א געשעפט, פון וועלכען מען פערדינט אייניגע דאָלאר? פעריאָדישע דאָקטאָר אונ-טערזוכונגען זיינען פאר'ן קערפער דאָס זעלבע, וואָס דעם בוכהאלטער'ס רעכענונגען זיינען פאר'ן געשעפט.

גענוי בוכהאלטעריע און אָפטע אינוועטארען איז דער זיכערסטער וועג ווי צו פערהיטען א געשעפט פון באנקראָט, און א אָפטע דאָקטאָר אונ-טערזוכונג איז דער בעסטער וועג ווי זיך אויסצוהיטען פון ערנסטע קראנקהייטען.



דאָס בעסטע ווערק אַלס פּרעזענט פאַר אידישע קינדער

**פּראָפעסאָר גרעטץ'ס**

# פאָלקסטימליכע אידישע געשיכטע

**אין ענגלישער איבערזעצונג**

# POPULAR HISTORY OF THE JEWS

**By Prof. H. GRAETZ**

**Translated by A. B. RHINE, D. D.**

## אין זעקס גרויסע בענדער אילוסטרירט

באַנד I : פון דעם אָנפאַנג פון דער אידישער נאַציע ביז דעם טויט פון אַנטיגאָנוס'ן (37 פאַר קריסטליכער צייטרעכענונג).

באַנד II : פון דער רעגירונג פון הורדוס דעם 1טען (37 פ. קר.) ביז דעם טויט פון מאַחמעד'ן.

באַנד III : פון דער צייט, וואָס אידען זיינען אַרונטער אונטער דער ממשלה פון די מאַחמעדאַנער (640 נאָך קר.) ביז זייער ערשטען גירוש פון פראַנקרייך (1306 נ. קר.).

באַנד IV : פון דעם ערשטען אידישען גירוש פון פראַנקרייך (1306) ביז דון יוסף נשיא האָט זיך באַזעצט אין טערקיי (1553).

באַנד V : פון דער רעגירונג צייט פון סטעפאַן באַטאָרי פון פוילען (1575—1586) ביז דער געגענווערטיגער צייט (1873).

באַנד VI : צוגעגעבענער באַנד : געשיכטע פון די אידען אין דער נייער צייט (ביז דעם יאָהר 1919) פון דר. מאַקס רייזין.

פּרייז :
גענבונדען אין קלאָטה, גילט טאָפּ $12.00
געבונדען אין האַלב-לעדער, פול גאָלדשניט $22.00

**HEBREW PUBLISHING COMPANY**

**50-52 Eldridge Street** **New York**

דאָס גרעסטע און וויכטיגסטע ווערק אין אידיש

י. ג. פאָגט'ס

# וועלטגעשיכטע

פון אוראַלטע צייטען ביז היינטיגען טאָג

פארמעהרט מיט א

פולשטענדיגע געשיכטע פון אידישען פאָלק

באַארבייט פון

א. ה. ראָזענבערג

אונטער דער רעדאקציע פון

אלכסנדר הארקאַווי

אין צוועלף גרויסע בענדער אילוסטרירט

5,500 זייטען — 850 אילוסטראַציעם

אין צוויי אויסגאַבעם:

פאָלקאויסגאַבע, געבונדען אין פראַכטפולען לייב-רערי-קלאַטה, גילט טאָפּ. פרייז $30.00

דע לוקס-אויסגאַבע, געבונדען אין האַלב-לעדער, פול גאָלדשניט, פרייז $50.00

**HEBREW PUBLISHING COMPANY**

50-52 Eldridge Street — New York